# אַלע ווערק פון שלום-עליכם

## גאַנץ טביה דער מילכיגער

שלום-עליכם פאָלקספאָנד אויסגאַבע — ניו יאָרק, 1927

# אינהאַלט

# קטנתי

א בריוועל פון טביה דעם מילכיגען צום מחבר.

געשריבען אין יאהר 1895.

# קְטֹנְתִּי

**(אַ בריוועל פון טביה דעם מילכיגען צום מחבר).**

---

ל כ ב ו ד צו מיין געליעבטען טהייערעז פריינד רב שלום־עליכם, גאָט זאָל אייך געבען געזונט און פרנסה מיט אייער ווייב און קינדער, איהר זאָלט האָבען גרוים נחת וואו איהר וועט זיך קעהרען און ווענדען, אָמן סלה!

ק ט נ ת י! — באַדאַרף איך אייך זאָגען מיט׳ן לשון, וואָס יעקב אבינו האָט געזאָגט אין דער סדרה „וישלח“, בשעת ער האָט זיך געלאָזט געהן קעגען עשו׳ן, להבדיל... נאָר טאָמער איז דאָס אפשר ניט אַזוי גלייך, בעט איך אייך, פּאַני שלום־עליכם, איהר זאָלט אויף מיר קיין פאַראיבעל נישט האָבען, איך בין אַ פּראָסטער חי־וקיים, איהר ווייסט אודאי מעהר פון מיר — וואָס איז דאָ וואָס צו רעדען? אין אַ דאָרף, משטיינס געזאָגט, מע ווערד פאַרגרעבט, ווער האָט צייט אַריינקוקען אין אַ ספר, צי אָפּלערנען אַ פּרשה חומש מיט רש״י, צי וואָס? אַ שטיקעל גליק, עס קומט דער זומער, פאָהרען זיך צענויף די יעהופּעצער נגידים קיין בויבעריק אויף די דאַטשעס, קאָן מען זיך באַגעגענען אַ מאָל מיט איין איידעלען מענטשען, הערכען אַ גוט וואָרט. איהר מעגט מיר גלויבען, אַז איך דערמאָן מיך אָן יענע טעג, ווען איהר זענט געזעסען נעבען מיר אין וואַלד, אויסגעהערט מיינע נאַרישע מעשיות, איז ביי מיר גלייך, ווי איך זאָל פאַרדיענען מי יודע וויפיעל! איך ווייס ניט מיט וואָס איך האָב ביי אייך אַזוי נושא חן געווען, איהר זאָלט זיך אָפּגעבען מיט אַזאַ קליין מענטשעל, ווי איך, מיר שרייבען בריוולעך גאָר

און לא־כל־שכן ארויסשטעלן מיין נאמען אין א בוך, מאכען פון מיר א גאנצען שלש־סעודות, גלייך ווי איך וואלט דא געווען מי יודע ווער, — מעג איך דאך אודאי זאגען: ק ט נ ת י!... אמת, איך בין אייך טאקי א גוטער פריינד, לאז מיר גאט העלפען א הונדערט־חלק, וואס איך ווינש אייך! איהר האט, דאכט זיך, גוט געזעהען, ווי אזוי איך האב אייך געדיענט נאך אין די גוטע יאהרען, בשעת איהר זענט נאך געזעסען אויף דער גרויסער דאטשע, — געדענקט איהר? — האב איך אייך געקויפט א בהמה פאר א פופ־ציגער, איז זי געווען א מציאה פון א גנב פינף און פופציג. אי, זי איז אויפ'ן דריטען טאג גע'פגר'ט? בין איך נים שולדיג: למאי די אנדערע בהמה, וואס איך האב אייך געגעבען, איז אויך גע'־פגר'ט?... איהר ווייסט אליין גאנץ גוט, ווי אזוי דאס האט מיך געקרענקט; איך בין דעמאלט ארומגעגאנגען אהן א קאפ! איך ווייס? דאכט זיך, פונ'ם שענסטען און פונ'ם בעסטען, גאט זאל מיר אזוי העלפען און אייך אויך, אם ירצה השם, אויפ'ן נייעם יאהר, עס זאל זיין, ווי זאגט איהר, חדש ימינו כקדם... און מיר זאל גאט העלפען אין מיין פרנסה, איך זאל זיין געזונט מיט מיין פערדעל, להבדיל, און מיינע בהמות זאלען זיך מעלקען אזוי פיעל, אז איך זאל אייך קאנען דיענען אויף ווייטער אויך מיט מיין קעז און פוטער על צד היותר טוב, אייך און אלע יעהופעצער נגידים, גאט זאל זיי געבען הצלחה און פרנסה און אלדאס גוטס מיט גרוים נחת. און אייך פאר אייער טרחה, וואס איהר זענט זיך מטריח פון מיינעטוועגען, און פאר דעם כבוד, וואס איהר טהוט מיר אן דורך אייער ביכעל, זאג איך אייך נאך א מאל: ק ט נ ת י! פאר וואס קומט מיר אזא שטריימעל, אז א וועלט מיט מענטשען זאלען פלוצים געוואהרע ווערען, אז אויף יענער זייט בויבעריק, נים ווייט פון אנאטעווקע, געפינט זיך א איד, וואס הייסט ט ב י ה ד ע ר מ י ל כ י ג ע ר? נאר מסתמא ווייסט איהר דאך וואס איהר טהוט, קיין שכל באדארף איך אייך נים לערנען, און ווי אזוי צו שרייבען ווייסט איהר שוין אליין, און ווייטער מיט'ן איבעריגען דארטען

פארלאז איך מיך שוין אויף אייער איידעלען כאראקטער, אז איהר וועט דארטען טהון אין יעהופּעץ פון מיינעטוועגען אלסדינגג, עס זאל מיר פונ'ם ביכעל עפּים ארוים א שטיקעל טובה צו מיין פרנסה. איך באדארף טאקי, כלעבען, איצטערט נויטיג האבען: איך רעכען, אם ירצה השם, אין גיכען אנהויבען טראכטען מכח חתונה מאכען א טאכטער; און אז גאט וועט שענקען, ווי זאגט איהר, דאס לעבען, איז אפשר טאקי צוויי מיט א מאל... דערווייל זייט מיר געזונט און האט א גליקליכען תמיד, ווי עס ווינשט אייך פונ'ם גאנצען הארצען פון מיר אייער בעסטער פריינד

טביה.

יא, עיקר שכחתי! אז דאס ביכעל וועט פארטיג ווערען, און איהר וועט האלטען ביי שיקען מיר עפּים געלט, זאלט איהר מוחל זיין שיקען קיין אנאטעווקע, אויפ'ן שוחט'ס נאמען. איך האב דארטען צוויי מאל אין ווינטער יאהר־צייט: איין מאל אסיען־צייט, פאר „פאקראווע", און דאס אנדערע מאל ארום „נאווע־גאד", — בין איך, הייסט דאס, דעמאלט א שטאדט־איד. און ווייטער, גלאט אזוי בריוועלעך קאנט איהר שיקען צו מיר גלייך קיין בויבעריק, אויף מיין נאמען, בזה הלשון: פערעדאט גאספאדינו טעוועליו מאלאטשנאהא יעווריו.

# דאָס גרויסע געווינס

אַ וואונדערליכע מעשה, ווי אַזוי טביה דער מילכיגער, אַ איד אַיין אָרעמאַן, אַ מטופל מיט קינדער, איז פלוצים מיט אַ מאָל בעגליקט געוואָרען דורך אַ משונה־ווילדען פאַל, וואָס איז כדאי, מע זאָל דאָס בעשרייבען אין אַ ביכעל. — דערצעהלט פון טביה'ן אַליין און איבערגעגעבען וואָרט ביי וואָרט.

געשריבען אין יאהר 1895.

# דאָס גרויסע געווינס

**מקימי מעפר דל,**
**מאַשפות ירים אביון:**
**ער שטעלט אויף פון דער ערד דעם אָרעמאַן,**
**פונ'ם מיסט הויבט ער אויף דעם אביון.**
**(תהלים קי"ג, ז).**

— **אז ס'איז באַשערט** דאָס גרויסע געווינס, הערט איהר, פאַני שלום־עליכם, קומט דאָס גלייך אין שטוב אריין, ווי זאָגט איהר: למנצח על הגתית — אז סע געהט לויפט עס; ס'איז גאָר נישטאָ דערביי קיין שכל מיט קיין בריה'שאַפטען. און טאָמער חלילה פאַרקעהרט, מעגט איהר צעזעצט ווערען רעדענדיג, וועט אייך העלפען, ווי דער פאַר־אַ־יאָהריגער שניי, ווי זאָגט איהר: אין חכמה ואין עצה נגד אַ שלעכט פערד. אַ מענטש האָרעוועט, ווערד אויסגעריסען, האַטש נעם לעג זיך, שונאי ציון, און שטאַרב! פלוצים, מע ווייסט ניט פון וואָס און פון וואַנען — עס פערדעלט פון אַלע זייטען, ווי אין פסוק שטעהט געשריבען: רוח והצלה יעמוד ליהודים; פאַרטייטשען באַדאַרף איך אייך ניט, נאָר דער פשט דערפון איז אזוי, אז אַ איד, כל זמן שהנשמה בקרבי — עס שלאָגט זיך נאָך איין אָדער, טאָר ער נישט פאַרלירען דעם בטחון. איך האָב דאָס ארויסגעזעהען פון זיך אַליין טאַקי, ווי אזוי דער אויבערשטער האָט מיט מיר געפיהרט, מיט מיין איצטיגער פרנסה: וואָרום ווי קום איך גאָר פאַרקויפען קעז און פוטער אין מיטען דרינען,

אז מיין באבע'ס באבע האט קיינמאל נישט געהאנדעלט מיט קיין מילכיגס? ס'איז בנאמנות כדאי, איהר זאלט אויסהארכען די גאנצע מעשה פון אנהויב ביז'ן סוף. איך וועל מיך צוזעצען אויף א ווײלע אט דא נעבען אייך אויפ'ן גראז, לאז זיך דאס פערדעל דערוויײל עפּיס קייען, ווי זאגט איהר: נ ש מ ת כ ל ח י — אויך א באשעפעניש ביי גאט.

בקיצור, דאס איז געווען ארום שבועות־צייט, דאס הייסט, איך זאל אייך ניט זאגען קיין ליגען, א וואך אדער צוויי פאר שבועות; און אפשר, הא? א פאר וואכען נאך שבועות. פארגעסט נישט, ס'איז שוין, פאוואלינקע, איך זאל אייך זאגען אקוראט, אזוי גרויס ווי א יאהר מיט א מיטוואך, דאס הייסט, פונקט נייען יאהר אדער צעהן, און אפשר נאך מיט א סמיטשיק. איך בין דעמאלט געווען, ווי איהר זעהט מיך אטא, גאר נישט דער, וואס איצטער, דאס הייסט, טאקי דער אייגענער ט ב י ה, נאר פארט נישט דער, ווי זאגט איהר: די אייגענע יענטע, נאר אנדערש געשלייערט. דהיינו וואס? איך בין געווען, ניט פאר אייך געדאכט, א קבצן אין זיבען פאלעס, האטש אפילו, אז מע וויל שמועסען דאס איי־גענע ווידער צוריק, בין איך נאך איצט אויך גאנץ ווייט פון א נגיד. וואס מיר פעהלט צו בראצקי'ן — מעגען מיר זיך דאסביידע ווינשען פארדיענען דעם היינטיגען זומער ביז נאך סוכות; נאר וועדליג אמאל, בין איך היינט, הייסט דאס, א איך א נגיד, מיט א פערד־און־וועגעלע אײן אייגענס, מיט, קיין עין־הרע, בהמה'לעך א פאר, וואס מעלקען זיך, מיט נאך איינע, וואס האלט אט־אט ביי אפּקעלבען זיך. ס'איז דא, ניט צו פארזינדיגען, קעז און פּוטער און סמעטענע פרישע אלע טאג, אייגענע הארעוואניע, ווארום מיר אלע ארבייטען, קיינער זיצט ניט לעדיג. מיין ווייב זאל לעבען מעלקט די בהמות, די קינדער טראגען קריגלעך, שלאגען פּוטער, און איך אליין, ווי איהר זעהט אטא, פאהר מיר ארוים אלע פריה־מארגען אויפ'ן מארק, געה דורך אלע דאטשעס אין בויבעריק, מע זעהט זיך מיט דעם, מיט יענעם, אלע גרעסטע בעלי־בתים פון

יעהופּעץ, מע רעדט זיך דורך אַ ביסעל מיט אַ מענטשען, פיהלט מען, אַז מען איז אויך עפּיס אַ שטיקעל מענטש אויף דער וועלט, ווי זאָגט איהר, נישט קיין הינקעדיגער שניידער; און ווער שמועסט שבת — בין איך דאָך גאָר אַ מלך, קוק אַריין אין אַ אידישען ספר, אַ פּרשה חומש, אַ ביסעל תרגום, תהלים, פּרק, דאָס, יענץ, לאָקש, בוידעם — איהר קוקט מיך אַן, פּאַני שלום־עליכם, און טראַכט זיך אודאי בשעת־מעשה אין האַרצען: „ע, אַט דער טביה איז דאָך עפּים טאַקי גאָר אַ איד וואָס קאַטאַרי!"...

בקיצור, וואָס־זשע האָב איך אייך אָנגעהויבען צו דערצעהלען? יאָ, בין איך, הייסט דאָס, דעמאָלט געווען, מיט גאָטס הילף, אַ ביטערער אָרעמאַן, געשטאָרבען, ניט פאַר קיין אידען געדאַכט, מיט ווייב און קינדער דריי מאָל אַ טאָג פון הונגער, אַחוץ וועטשערע. געהאָרעוועט האָב איך ווי איין אייזעל, געשלעפּט קלעצער פון'ם וואַלד צום וואַגזאַל אַ פולען וואָגען, עס זאָל אייך צו קיין חרפּה ניט זיין, פאַר צוויי גילדען אַ טאָג, און דאָס — ניט אַלע טאָג, און דערמיט געה האַלט אויס, קיין עין־הרע, אַזאַ שטוב מיט פּיקערס, זאָלען געזונט זיין, מיט, להבדיל, אַ פערד אויף קעסט, וואָס וויל נישט וויסען וואָס רש"י מאַכט, באַדאַרף קייען אַלע טאָג, גאָר אָהן אַ שום תירוץ. וואָס טהוט גאָט? ער איז דאָך, ווי זאָגט איהר, אַ זן ומפרנס לכל — פיהרט דאָס וועלטעל קלוג, מיט שכל; זעהט ער, ווי איך מוטשע מיך דאָ אַזוי פאַר'ן שטיקעל ברויט, מאַכט ער צו מיר: „דו מיינסט דאָך, טביה, אַז ס'איז שוין אחרי ככלות הכל — עק וועלט, דער הימעל איז אויף דיר געפאַלען? פע, ביזט אַ גרויסער נאַר! אָט וועסט דו זעהן, ווי אַזוי, אַז גאָט וויל נאָר, טהוט זיך דאָס מזל אויף אַ מינוט אַ דרעה נאָ ליעווא קרוגאָם און עס ווערד ליכטיג אין אַלע ווינקעלעך; עס קומט אויס, ווי מיר זאָגען אינ'ם „ונתנה תוקף": מ י י ר ו ם ו מ י י ש פ ל — ווער סע פאָהרט און ווער סע געהט צו פוס. דער עיקר איז — בטחון, אַ איד באַדאַרף האָפען, נאָר האָפען. אי וואָס? טאָמער ווערד מען דערווייל פאַרשוואַרצט? דערויף זענען מיר דאָך עפּים

שטיקלעך אידען אויף דער וועלט, ווי זאגט איהר, אתה בחרתנו — ניט אומזיסט איז אונז די וועלט מקנא... אקעגען וואס שמועס איך דאס? איך שמועס עס אקעגען דעם, ווי אזוי גאט האט מיט מיר געפיהרט, טאקי נאר נסים ונפלאות, איהר מעגט דאס הארכען.

ויהי היום, איין מאל פאר נאכט פאהר איך מיר אזוי זומער־לעבען אין וואלד, שוין צוריק אהיים, אהן די קלעצער; דער קאפ אין דער ערד, אויף'ן הארצען וויסט און פינסטער; דאס פערדעל, נעבאך, קוים וואס עס פלאנטעט מיט די פיס, חאטש האק, חאטש בראק. „קריך, זאג איך, שלים־מזל, אין דער ערד אריין גלייך מיט מיר, וויים אויך וואס באדייט א תענית אין א לאנגען זומער־טאג, אז דו שטעהסט איין ביי טביה'ן פאר א פערד!" שטיל ארום און ארום, יעדער קנאק פון דער בייטש רופט זיך אפ אין וואלד; די זון זעצט זיך, דער טאג — ער גוס'עט; די שאטענס פון די בוימער ציהען זיך אוים לאנג, ווי דער אידישער גלות; עס הויבט אן ווערען פינסטערליך און שטארק סומנע אויף'ן האר־צען. פארשיעדענע געדאנקען, מחשבות'ען קריכען אין קאפ אריין, אלערליי געשטאלטען פון מענטשען, שוין לאנג געשטארבענע, קומען מיר אקעגען; און דא דערמאן איך מיך די היים — אז אך און וועה איז מיר! אין שטוב איז פינסטער, חושך; די קינדערלעך, זאלען געזונט זיין, נאקעט און בארוועס, קוקען ארויס נעבאך אויף'ן טאטען, דעם שלים־מזל, טאמער וועט ער ברענגען א ברויטעל א פריש, און אפשר א בולקע אהיים; און זי, די אלטע מיינע, גע־וויינטליך א אידינע, ווארטשעט: „קינדער באדארף איך איהם האבען, און נאך זיעבען דערצו, חאטש נעם, גאט זאל ניט שטראפען פאר די רעד, ווארף זיי אריין לעבעדיגערהייד אין טייך אריין!" גוט צו הארכען אזעלכע דבורים? מען איז דאך נישט מעהר ווי א מענטש, ווי זאגט איהר, א „בשר ודגים", דעם מאגען קאן מען מיט קיין ווערטער ניט פארשטופען; מע חאפט א שטיקעל הערינג, גלוסט זיך טיי, און צו טיי באדארף מען צוקער, און צוקער, זאגט איהר, איז ביי בראצקי'ן. „פאר'ן שטיקעל ברויט, זאגט מיין ווייב

זאָל לעבען, וועט די קישקע, נישקשה, מוחל זיין, נאָר אהן דעם גלעזעל טיי, זאָגט זי, בין איך אין דערפּריה גאָר אַ טויטע; דאָס קינד, זאָגט זי, אַ גאַנצע נאַכט ציהט פון מיר די קליי!" און דער־ווייל איז מען דאָך עפּיס אַ איד אויף דער וועלט, מנחה איז טאַקי, ווי זאָגט איהר, ניט קיין ציעג, זי וועט ניט אַנטלויפען, נאָר דאַווענען דאַרף מען. מאַהלט אייך, דאָס שענע דאַווענען, וואָס קאָן שוין זיין, אַז פּונקט בשעת שטעלען זיך שמונה־עשרה, צעלאָזט זיך, מעשה־שטן, דאָס פּערדעל משוגענערווייז; באַדאַרף מען לויפען נאָכ'ן וואָגען, איינהאַלטען די לייצעס און זינגען „אלהי אברהם אלהי יצחק ואלהי יעקב" — שען געשטאַנען שמונה־עשרה! און דאַ, ווי אויף־צו־להכעיס, גלוסט זיך דוקא דאַווענען געשמאַק, מיט האַרץ, טאָמער וועט ווערען גרינגער אויף דער נשמה...

בקיצור, איך לויף מיר אַזוי נאָכ'ן וואָגען און זאָג די שמונה־עשרה הויך, מיט אַ ניגון, ווי להבדיל, ביי'ם עמוד: מ כ ל כ ל ח י י ם ב ח ס ד — דער דאַ טהוט טהון שפּייזען אַלע זיינע באַ־שעפּענישען, ו מ ק י י ם א מ ו נ ת ו ל י ש נ י ע פ ר — אַפילו די וואָס ליגען אין דער ערד און באַקען ביינעל. אוי, טראַכט איך מיר, ליגט מען אין דער ערד! אוי ווערד מען אויסגעריסען! ניט אַזוי, ווי יענע, למשל, די יעהופּעצער נגידים מיין איך, וואָס זיצען אַ גאַנץ זומער אין בויבעריק אויף די דאַטשעס, עסען און טרינקען און באָדען זיך אין אַלדאָס גוטס. אוי, רבונו של עולם, פאַר וואָס קומט דאָס מיר? איך בין, דאַכט זיך, אַ איד גלייך מיט אַלע אידען. גוואַלד, גאָטעניו, ר א ה נ א ב ע נ י נ ו — זעה, זאָג איך, באַטראַכט, ווי מיר האָרעווען, און נעם זיך אָן די קריוודע פון די אָרעמע לייט נעבאַך, וואָרום ווער דען וועט זיך אויף זיי אָרומקוקען, ווען ניט דו? ר פ א נ ו ו נ ר פ א — שיק אונז צו די רפואה, די מכה האָבען מיר שוין אַליין... ב ר ך ע ל י נ ו — בענטש אונז מיט אַ גוט יאָהר, עס זאָל זיין אַ גערעט אויף אַלע מינים תבואות, פון קאָרן און פון ווייץ און פון גערשטען; חאָטש אַפילו, צוריק שמועסענדיג, וואָס וועט מיר, שלים־מזל.

ארויסקומען דערפון? אשטייגער, למשל, וואס קומט ארויס מיין פערדעל, להבדיל, צי האבער איז טייער, צי וואלוועל?... נאר, פע, גאט פרעגט מען קיין קשיות נים, ובפרט א איד באדארף דאך אודאי אננעמען אלסדינג פאר גוטען און זאגען „גם זו לטובה", מסתמא הייסט גאט אזוי. ו ל מ ל ש י נ י ם — זינג איך מיר וויטער — ולמלשינים, און די „סטיקראטען", וואס זאגען, אז ס'איז ניטא קיין גאט אויף דער וועלט, וועלען האבען א שען פנים, אז זיי וועלען קומען א ה י ן; זיי וועלען דאס אויסקרענקען מיט פראצענט, ווארום ער איז א ש ו ב ר א ו י ב י ם — א גוטער צאהלער, מיט איהם שפיעלט מען זיך נים, מיט איהם באדארף מען געהן מיט גוטען, בעטען איהם, שרייען צו איהם: א ב ה ר ח מ ן — דערבארעמדיגער, הארציגער פאטער! ש מ ע ק ו ל נ ו — הער צו אונזערע קולות, ח ו ס ו ר ח ם ע ל י נ ו — האב רחמנות אויף מיין ווייב און קינדער, זיי זענען נעבאך הונ־געריג! ר צ ה — זאלסט באוויליגען, זאג איך, דיין ליעב פאלק ישראל, ווי אמאל, אין בית־המקדש, נאך בשעת די כהנים מיט די לויים... פלוצים — סטוי! דאס פערדעל האט זיך אנידערגע־שטעלט. איך חאפ אפ אויף דער גיך דאס שטיקעל שמונה־עשרה, איך הויב אויף די אויגען און טהו א קוק — עס קומען מיר אקעגען גלייך פון וואלד ארויס צוויי משונה־מאדנע נפשות, פארשטעלט און אנגעטהאן נישט ווי געוויינטליך. „גזלנים!" — איז מיר דורכגעפלויגען א געדאנק אין קאפ, און האב מיך אבער באלד פאר־חאפט צוריק: „פע, טביה, ביזט א שוטה! סטייטש, דו פאהרסט אין וואלד שוין אזוי פיעל יאהרען, ביי טאג און ביי נאכט, וואס איז דיר עפים פלוצים היינט איינגעפאלען גזלנים?" — וויא! מאך איך צום פערדעל און נעם זיך אן מיט הארץ און געב דעם א פאר שמיצלעך פון הינטען, גלייך ווי נים מיך מיינט מען.

— רב איד! הערט נאר, רב קרוב! — מאכט צו מיר איינע פון די צוויי נפשות מיט א קול פון א נקבה און ווינקט צו מיר מיט א פאטשיילע. — אנו, שטעלט זיך נאר אפ אויף א רגע'לע,

וואָרט־צו אַ ווײַלעטשקע, אַנטלויפֿט נישט, מע וועט אײַך, חלילה, גאָר נישט טהון!

„אַהאַ, אַ ניטגוטער!“ — קלער איך מיר, און טאַקי באַלד זאָג איך צו זיך אַליין: „בהמה בצורת פערד! וואָס עפּיס פּלוצים איז מיטען דרינען רוחות מיט שדים?“ און שטעל אָפּ דאָס פערדעל. איך הויב אָן גוט אײַנצוקוקען זיך אין די צוויי נפשות: נקבות; איינע איין עלטערע מיט אַ זײַדען טיכעל אויפֿ'ן קאָפּ, די אַנדערע אַ יונגערע מיט אַ פּאַריק; ביידע רויט ווי פֿייער און שטאַרק פֿאַרשוויצט.

— אַ גוטען אָבענד, סקאַצעל קומט! — מאַך איך צו זיי שטאַרק אויף אַ קול, כלומר'שט איך גוטען מוטה. — וואָס איז אײַער באַגעהר? אויב איהר מיינט עפּיס קויפֿען, וועט איהר בײַ מיר נישט געפֿינען גאָר ניט, סײַדען בויכוועהטיג אויף מיינע שונאים'ס קעפּ, אָדער האַרצקלעהמעניש אַ פּולע וואָד, אָדער אַ ביסעל קאָפּדרעהעניש, טרוקענע שמערצען, נאַסע יסורים, סיפּקע צרות?...

— שאַ, שאַ! — מאַכען זיי. — זעה נאָר, ווי ער האָט זיך דאָס אַ ביסעל צעלאָזט! אַ אידען, אַז מע זאַטשעפּעט מיט אַ וואָרט, איז מען ניט זיכער מיט'ן לעבען! מיר דאַרפֿען, זאָגען זיי, נישט קויפֿען גאָר ניט, מיר האָבען נאָר געוואָלט אַ פֿרעג טהון בײַ אײַך, אפשר ווייסט איהר, וואו איז דאָ ערגיץ דער וועג קיין בויבעריק?

— קיין בויבעריק? — מאַך איך און צעלאַך מיך כלומר'שט. — עס האָט בײַ מיר, זאָג איך, אַזאַ פּנים, פּונקט ווי איהר זאָלט מיך, אַשטייגער, פֿרעגען, צי ווייס איך, אַז מע רופֿט מיך טביה.

— אַזוי? מע רופֿט אײַך טביה? אַ גוטען אָבענד אײַך, רב טביה! מיר פֿאַרשטעהען ניט, וואָס איז דאָ — מאַכען זיי — דער געלעכטער? מיר זענען פֿרעמדע, פֿון יעהופּעץ זענען מיר, און וואָהנען דאָ אין בויבעריק אויף אַ דאַטשע, זענען מיר, זאָגען זיי, אַרויסגעגאַנגען אויף אַ מינוטקעלע שפּאַצירען, און דרעהען

זיך ארום אזוי אין דעם דאזיגען וואלד פּאוואלינקע פון גאנץ פריה אן, בלאנזען און בלאנזען און קאנען ניט בשום־אופן זיך ארויפשלאַגען אויפ'ן רעכטען וועג; דערוויילע, זאגען זיי, האבען מיר דערהערט עמיצער זינגט אין וואלד, האבען מיר לכתחילה געמיינט, א קשיא, אפשר איז דאס, חלילה, א גזלן? נאר נאכדעם, זאגען זיי, אז מיר האבען דערזעהען פון דער נאהענט, אז איהר זענט, דאנקען גאט, א איד, איז אונז געווארען א ביסעל גרינגער אויף דער נשמה. היינט פארשטעהט איהר שוין?

— הא־הא־הא, א שענער גזלן! — זאג איך. — איהר האט געהארכט אמאל, זאג איך, א מעשה מיט א אידישען גזלן, וואס איז אנגעפאלען אויף א דורכגעהער און געבעטען ביי איהם א שמעק טאבעקע? אויב איהר ווילט, זאג איך, קאן איך אייך דערצעהלען די מעשה.

— די מעשה — זאגען זיי — לאזט איבער אויף איין אנדערש מאל; איהר ווייזט אונז בעסער אן דעם וועג קיין בויבעריק.

— קיין בויבעריק? — זאג איך. — סטייטש, אט דאס איז דאך דער אמת'ער וועג קיין בויבעריק! איהר זאלט אפילו, זאג איך, נישט וועלען, מוזט איהר מיט דעם שליאך אנקומען גלייך קיין בויבעריק.

— וואס־זשע שווייגט איהר? — מאכען זיי צו מיר.

— וואס־זשע זאל איך, זאג איך, שרייען?

— ווי באלד אזוי, מאכען זיי צו מיר, קעהרט איהר שוין וויסען, איז עס נאך עפּיס ווייט קיין בויבעריק?

— קיין בויבעריק, זאג איך, איז נישט ווייט, עטליכע ווערסט; דאס הייסט, זאג איך, א ווערסט פינף־זעכס אדער זיעבען, און אפשר טאקי אלע אכט.

— אכט ווערסט?! — האבען אויסגעשריגעןביידע ווייבער מיט א מאל, געבראכען די הענט און שיער נישט צעוויינט זיך אזש. — סטייטש, וואס רעדט איהר? איהר ווייסט וואס איהר רעדט? א ווערטעלע אויסצורעדען — אכט ווערסט?!

— נו, וואָס־זשע, זאָג איך, זאָל איך טהון? עס זאָל זיין אין מיר געוועגדט, וואָלט איך דאָס געמאַכט אַ ביסעל קירצער; אַ מענטש באַדאַרף, זאָג איך, אַלסדינג אויספּרובען אויף דער וועלט. אונטערוועגענס טרעפט זיך, אַז מע באַדאַרף, זאָג איך, שלעפּען זיך אין אַ בלאָטע אַרויף אַ באַרג, און נאָך ערב־שבת דערצו, דער רעגען שמייסט אין פּנים, די הענט קליאַנקען, דאָס האַרץ חלש'ט, און דאַ — טראַך! עס לאָפּנעט איין אַקס...

— איהר רעדט עפּיס גאָר ווי אַ דולער, — זאָגען זיי צו מיר, — איהר זענט גאָר נישט ביי די געדאַנקען, כלעבען. וואָס דערצעהלט איהר פּזמונות, בבא־מעשיות פון טויזענד־איין־נאַכט? מיר האָ־בען שוין קיין כח ניט צו פּלאָנטען מיט די פּיס; אַ גאַנצען טאָג האָבען מיר, אַחוץ אַ גלעזעל קאַווע מיט אַ פּוטער־בולקע, נאָך אין מויל נישט געהאַט, קומט איהר צו געהן מיט אייערע מעשיות!

— אויב אַזוי, — זאָג איך — איז עפּיס אַנדערש; ווי זאָגט מען, קיין טאַנץ געהט ניט פאַר'ן עסען. דעם טעם פון הונגער פאַרשטעה איך גאַנץ גוט, איהר באַדאַרפט מיר נישט דערצעהלען. עס קאָן זעהר שען זיין, זאָג איך, אַז איך האָב קיין קאַווע מיט קיין פּוטער־בולקע נישט אַנגעקוקט שוין פון אַ יאָהר... און אַזוי ווי איך רעדע, שטעלט זיך מיר פאַר אַ גלעזעל הייסע קאַווע מיט מילך און מיט אַ פּוטער־בולקע אַ פרישע, מיט נאָך גוטע זאַכען... „שלים־מזל איינער, טראַכט איך מיר, ביזט טאַקי אַנדערש נישט געצויגען געוואָרען, נאָר אויף קאַווע מיט פּוטער־בולקעלעך? און אַ שטיקעל ברויט מיט הערינג ביזט דו קראַנק?“ און ער, דער יצר־הרע, ניט געדאַכט זאָל ער ווערען, אויף־צו־להכעיס קאַווע, אויף־צו־להכעיס פּוטער־בולקע! איך הער דעם ריח פון קאַווע, איך פיהל דעם טעם פון פּוטער־בולקע — פרישע, געשמאַקע, מחיה־נפשות!

— ווייסט איהר גאָר וואָס, רב טביה? — מאַכען צו מיר ביידע ווייבער. — טאָמער וואָלט געווען אַ סברה, אַזוי ווי מיר שטעהען אַט־אַ־דאַ, זאָלען מיר זיך אַרויפכאַפּען צו אייך אויפ'ן וואָגען, און

איהר טאקי אליין זאלט זיך מטריח זיין אונז אפּפיהרען מחילה אהיים, קיין בויבעריק? וואס ועט איהר זאגען דערויף?

— סאַ משל, זאג איך, כחרס הנשבר; איך פאהר פ ו ן בויבעריק, און איהר דארפט ק י י ן בויבעריק! ווי קומט די קאץ איבער'ן וואסער?

— נו, איז וואס? — מאכען זיי. — ווייסט איהר ניט וואס מע טהוט? א איד א למדן גיט זיך איין עצה: ער פארקערעוועט דאס וועגעלע און פאהרט צוריק. האט קיין מורא נישט, רב טביה, זאגען זיי, זייט זיכער, אם ירצה השם, אז גאט וועט אונז ברענגען אהיים בשלום, ווינשען מיר זיך דאס אויסקרענקען, וואס איהר וועט צו אונז דערלעגען.

„עפּיס רעדען זיי מיט מיר תרגום־לשון! — טראכט איך מיר. — פארשטעלט, גאר נישט ווי געוויינטליך!“ — און עס קומען מיר ארויף אויפ'ן זינען: מתים, מכשפות, לצים, פארשלעפּטע קרענק. — „שוטה בן פּיקהאלץ! — טראכט איך מיר. — וואס שטעהסט דו, ווי א פלאקען? חאפּ זיך ארויף אויפ'ן וואגען, ווייז דעם פערדעל א בייטש און מאך א ויברח!“ נאר מעשה־שטן חאפּט זיך ארויס ביי מיר נישט ווילענדיג פונ'ם מויל:

— קריכט אין וואגען!

מיינע האבען דערהערט, זיך דוקא נישט געלאזט לאנג בעטען און מארש אין וואגען אריין; איך נאך זיי אויף דער קעלני, פאר־קערעוועט דעם דישעל, שמיים דאס פערדעל: איינס, צוויי, דריי, פאשאל! — ווער, וואס, ווענען? א נעכטיגער טאג! פונ'ם ארט וויל דאס ניט ריהרען, חאטש נעם צעשנייד דאס אויף צווייען. „נו, טראכט איך מיר, הייגט פארשטעה איך שוין, וואס דאס איז פאר ווייבער... דער גוטער יאהר האט מיך געטראגען זיך אפּשטע־לען אין מיטען דרינען, מאכען א שמועס מיט ווייבער!“... איהר פארשטעהט — פון איין זייט דער וואלד, דאס שטילקייט מיט'ן סומנעקייט, אקעגען נאכט, און דא — די צוויי נפשות, כלומר'שט נקבות... דער כח־הדם ארבייט גאנץ געשמאק אויף אלע סטרונעס.

איך דערמאָן מיך אַ מעשה פון אַ בעל־עגלה, וואָס איז אַמאָל גע־פאָהרען אין וואַלד איינער אַליין און דערזעהען אויפן שליאַך ליגט אַ זעקעל האָבער. מיין בעל־עגלה האָט דערזעהען אַ זעקעל האָבער, האָט ער זיך ניט געפוילט, אַראָפּ פון׳ם וואָגען, געכאַפּט דאָס זעקעל האָבער אויף די פּלייצעס, זיך איינגעריסען דאָס געזונט, קוים אַרויפגעלעגט דאָס זעקעל האָבער אויפ׳ן וואָגען און — הלך לעולמו, פאָשאָל ווייטער. ער פאָהרט אָפּ אַקעגען אַ ווערסט, ער טהוט זיך אַ כאַפּ צום זעקעל האָבער — נישט קיין זעקעל, נישט קיין האָבער; ס׳איז גאָר אַ ציעג ליגט ביי איהם אין וואָגען, אַ ציעג מיט אַ בערדעל; ער וויל זי אָנריהרען מיט דער האַנט, שטעלט זי איהם אַרויס אַ צונג אויף איין אַרשין, לאָזט אַרויס אַ משונה־ווילדען געלעכטער און ווערד פאַרשוואונדען...

— פאַר וואָס פאָהרט איהר שוין ניט? — מאַכען צו מיר די וויבער.

— פאַר וואָס איך פאָהר שוין ניט? איהר זעהט דאָך, זאָג איך, פאַר וואָס: דאָס פערדעל וויל ניט דאַוונען, ס׳איז ניט אויפגעלעגט.

— גיט דעם מיט דער בייטש, מאַכען זיי, איהר האָט דאָך אַ בייטש.

— אַ דאַנק אייך, זאָג איך, פאַר דער עצה, גוט וואָס איהר האָט מיר דערמאָנט. דער חסרון, זאָג איך, וואָס מיין בחור שרעקט זיך ניט איבער פאַר אַזעלכע זאַכען; ער איז שוין אַזוי געוואָהנט מיט דער בייטש, ווי איך מיט׳ן דלות, — זאָג איך צו זיי כלומר׳שט מיט אַ ווערטעל, און עס וואַרפט מיט מיר דאָס נייעניאַהריגע קדחת.

בקיצור, וואָס זאָל איך אייך מאריך זיין — איך האָב אויס־געלאָזט מיין גאַנץ ביטער האַרץ צום פערדעל נעבאַך; אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז גאָט האָט געהאָלפען, עס האָט גערירט פון׳ם אָרט, ו י ס ע ו מ ר פ י ד י ם — און מיר זענען אַוועק מיט׳ן

וואלד גלייך אונזער וועג. פאהרענדיג אזוי, פליהט מיר דורך אין קאפּ גאר א נייע מחשבה: „אוי, טביה, ביזט דו א פערדאטש! ה ח י ל ו ת  ל נ פ ו ל — ביזט געווען א קבצן, און וועסט בלייבען א קבצן. סטייטש, גאט האט דיר צוגעשיקט אזא באגעגעניש, וואס טרעפט איין מאל אין הונדערט יאהר, ווי אזוי באדינגסט דו זיך ניט לכתחילה, דו זאלסט וויסען מה־יקר — וואס וועסט דו האבען דערפאר? ווען מיר זאלען שמועסען הן על־פּי יושר והן על־פּי סאוועסט, הן על־פּי מענשליכקייט והן על־פּי דין און על־פּי זאקאן, און אפילו על־פּי ווייס איך וואס, איז קיין עולה ניט, מע זאל דערביי עפּיס פארדיענען, און פאר וואס טאקי ניט אפּלעקען אביינדעל, אז עס האט זיך שוין יא אזוי געמאכט? שטעל אפּ דאס פערדעל, דו בהמה, זאג זיי אזוי און אזוי, ברחל בתך הנאקעטע: „האב איך ביי אייך אזוי פיעל און אזוי פיעל, איז גוט, אלא ניט, בעטען מיר אייך, מחילה, אראפּ פונ׳ם וואגען!“ נאר צוריק קלער איך מיר: „ביזט טאקי א בהמה, טביה! דו ווייסט ניט, אז די פעל פונ׳ם בער טאר מען אין וואלד ניט פאר־קויפען, ווי זאגט דער גוי: ש ט ש ע נ ע  פ א י מ א ו ו א  ו ו ז ש ע  ס ק ו ב ע“...

— למאי פאהרט איהר נישט א ביסעל גיכער? — זאגען די ווייבער און טארען מיך פון הינטען.

— וואס האט איהר, זאג איך, אזוי קיין צייט ניט? פון איילעניש, זאג איך, קומט קיין גוטס ניט ארויס, — זאג איך און חאפּ א קוק מן־הצד אויף מיינע פארשווינדלער; דאכט זיך, ווייבער, ווי געוויינטליך, ווייבער: איינע מיט א זיידען טיכעל, די אנדערע מיט א פּאריק; זיי זיצען און קוקען איינס אויפ׳ס אנדערע און שושקען זיך.

— נאך עפּיס ווייט? — פרעגען זיי מיך.

— נעהענטער, זאג איך, ווי פון דאנען אודאי ניט; אט באלד, זאג איך, האבען מיר א בארג־אראפּ מיט א בארג־ארויף;

נאָכדעם, זאָג איך, געהט ווידער אַ באַרג־אַראָפּ מיט אַ באַרג־אַרויף, און ערשט נאָכדעם, זאָג איך, האָבען מיר דעם גרויסען באַרג־אַרויף, און פון דאָרטען געהט שוין דער וועג גלייך, גלייך ביז בויבעריק...

— עפּיס אַ שלים־מזל! — רופט זיך אָן איינע צו דער אַנדער־ער.

— אַ פאַרשלעפּטע קרענק! — זאָגט די אַנדערע.

— אַ רעשטעל צו די צרות! — זאָגט ווידער יענע.

— מיר שיינט, אַ משוגע'נער! — זאָגט די אַנדערע.

„אודאי — טראַכט איך מיר — בין איך אַ משוגע'נער, אַז איך לאָז מיך פיהרען ביי דער נאָז!"...

— וואו ווערט איהר זיך, אשטייגער, כדומה למשל, מיינע ליעבע ווייבער, הייסען אָפּוואַרפען? — רוף איך מיך אָן צו זיי.

— וואָס הייסט, זאָגען זיי, אָפּוואַרפען? וואָס איז פאַר איין אָפּוואַרפעכטס?

— עס רעדט זיך אַזוי, זאָג איך, בעל־עגלה־שפּראַך; אויף אונזער לשון הייסט דאָס: וואוהין ווערט איהר זיך הייסען פאַר־פיהרען, אַז מיר וועלען קומען, זאָג איך, קיין בויבעריק, אם ירצה השם, מיט'ן אויבערשטענס הילף, געזונט און שטאַרק, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבען? ווי זאָגט מען: בעסער צוויי מאָל פרעגען איידער איין מאָל בלאָנזען.

— אַ? אָט דאָס מיינט איהר? איהר וועט אונז, זאָגען זיי, מוחל זיין צופיהרען צו דער גרינער דאַטשע, וואָס ביי'ם טייך, פון יענער זייט וואַלד. ווייסט איהר וואו דאָס איז?

— פאַר וואָס זאָל איך ניט ווייסען? — זאָג איך. — איך בין אין בויבעריק ווי ביי זיך אין דערהיים. לאָם איך פאַרמאָגען די אלפים, זאָג איך, וויפיעל קלעצער איך האָב אַהינצו אריינגעפיהרט. אָט ערשט פאַראַיאָהרען זומער, זאָג איך, האָב איך געשטעלט אויף דער גרינער דאַטשע צוויי קלאָפטער האָלץ מיט אַ מאָל; דאָרט איז געזעסען איינער אַ גביר אַ גרויסער, פון יעהופּעץ, אַ מיליאָנ־

שטשיק פון אודאי אַ מאה אלף קאָרבן, און אפשר פון רי״ש אלפים!

— ער זיצט היינט אויך דאָרטן. — רופן זיך אָן צו מיר ביידע ווייבער און קוקן איינס אויפ׳ס אַנדערע און שושקען זיך און לאַכן.

— שאַ, זאָג איך, אַז דער צער פון טראָגן איז יאָ אַזוי גרויס, קאָן דאָך געמאָהלט זיין, אַז איהר האָט מיט איהם עפּיס אַ שטיקעל שייכות, — וואָלט אפשר געווען, זאָג איך, אַ סברא, איהר זאָלט זיך דאָרט מטריח זיין, עפּיס אַ רעד טהון פון מיינעטוועגן, אַ שטיקעל טובה מיר, אַ פּרנסה, אַ שטעלע, צי וויים איך וואָס? איך קען, זאָג איך, איינעם אַ יונגען מאַן, ישראל הייסט ער, ניט וויט פון אונזער שטעדטעל, געווען אַ גאָרנישט מיט אַ נישט; האָט ער זיך דערשלאָגן אַהינצו, מע ווייסט ניט פון וואַנען און ווי אַזוי — בקיצור, ער איז היינט אַ גאַנצער יאַ־טעבי־דאַם, פאַרדיענט אפשר צוואַנציג קאָרבן אַ וואָך, צי אפשר גאָר פערציג, איך וויים? — לייט האָבן גליק! צי, אַשטייגער, וואָס געהט־אָפּ, זאָג איך, אונזער שוחט׳ס איידעם? וואָס וואָלט פון איהם געווען, ווען ער לאָזט זיך ניט אַוועק קיין יעהופּעץ? אמת, די ערשטע עטליכע יאָהר איז ער גוט פאַרשוואַרצט געוואָרען, שיער ניט געשטאָרבן פון הונגער. דערפאַר אַבער אַצינד, חוץ זיין שאָדען, הלואי אויף מיר געזאָגט געוואָרען; ער שיקט שוין געלט אַהיים. ער האָט שוין חשק אַרויסנעמען אַהין זיין ווייב און קינדער, לאָזט מען איהם דאָרט ניט זיצען. אַי איז דאָך די קשיא: ווי אַזוי זיצט ע ר? מוטשעט ער זיך טאַקי... שאַט, זאָג איך, אַז מע לעבט, דערלעבט מען זיך; אָט האָט איהר, זאָג איך, דעם טייך, און אָט איז די גרויסע דאַטשע, — זאָג איך און פאָהר מיר אַריין ברייטליך, מיט אַ ירגזון, גלייך מיט׳ן דישעל אין גאַניק אַריין. מע האָט אונז נאָר דערזעהען, איז געוואָרען ששון ושמחה, אַ געשריי, אַ געפילדער: „אוי, די באָבע! די מאַמע! די מוהמע!... זיך געפונען דער שאָדען! מזל־טוב!... גוואַלד, וואו זענט איהר

געווען?... אַ גאַנצען טאָג אַהין קעפּ... צעשיקט פּאַטשט אויף אַלע וועגען... געמיינט, אַ קשיא אויף אַ מעשה, אפשר וועלף, גזלנים, חס־ושלום! וואָס איז די מעשה?"...

— „די מעשה איז אַ שענע מעשה: געבלאָנזעט אין וואַלד, פאַרבלאָנזעט העט־ווייט, אפשר צעהן ווערסט. פּלוצים אַ איד... וואָס פאַר אַ איד?... אַ איד אַ שלים־מזל מיט אַ פערד און וועגעלע... קוים מיט צרות איינגעבעטען זיך"... „אַלע בייזע, וויסטע חלומות... אַליין גאָר אַהין אַ שומר?... אַ מעשה, אַ מעשה, באַדאַרפט בענטשען גומל"...

בקיצור, מע האָט אַרויסגעטראָגען לאָמפּען אויפ'ן גאַניק, געגרייט צום טיש און אָנגעהויבען טראָגען סאַמאָווארען הייסע, מיט בעקענס טיי, מיט צוקער, מיט איינגעמאַכטס, מיט פּיינקוכענס גוטע, מיט פּוטערגעבעקס פרישע, שמעקענדיגע, און נאָכדעם עסענס אַלערליי, די טייערסטע מאכלים, ייכלעך פעטע, מיט געבראָטענס, מיט געגזענס אַ סך, מיט די בעסטע ווייַנען און נאַסטאַיקעס. איך בין נאָר געשטאַנען פון דערווייטענס און באַטראַכט, ווי אַזוי, קיין עין־הרע, מע עסט דאָס און מע טרינקט ביי די יעהופּעצער נגידים, קיין בייז אויג זאָל זיי ניט שאַדטען. „אַ משכון פאַרזעצען, טראַכט איך מיר, און אַ גביר זאָל מען זיין!" מיר דאַכט, איך וויים? וואָס דאָ פאַלט אַראָפּ אויף דער ערד וואָלט פאַר מיינע קינדער געגוג געווען אויף אַ גאַנצע וואָך, ביז שבת. גוואַלד, גאָטעניו, האַרציגער־געטרייער, דו ביזט דאָך עפּיס איין אל ארך אַפּים, אַ גרויסער גאָט און אַ גוטער גאָט, מיט חסד און מיט יושר, ווי קומט דאָס, דו זאָלסט אָוועקגעבען איינעם גאָר, דעם אַנדערען גאָר ניט? איינעם פּוטער־בולקעס, דעם אַנדערען מכות־בכורות? און צוריק אָבער באַטראַכט איך מיך: עט, ביזט אַ גרויסער נאַר, טביה, כלעבען, וואָס איז שייך, דו ווילסט א י ה ם זאָגען אַ דעה, ווי אַזוי צו פיהרען די וועלט? מסתמא, אַז ע ר הייסט אַזוי, באַדאַרף זיין אַזוי; אַ סימן האָט איהר, אַז ווען עס זאָל באַדאַרפען זיין אַנדערש, וואָלט דאָך געווען אַנדערש. אַי,

וואס? פאר וואס זאל טאקי ניט זיין אנדערש? איז דער תירוץ: ע ב ד י ם ה י י נ ו — דערויף זענען מיר דאך עפּיס שטיקלעך אידען אויף דער וועלט. א איד באדארף לעבען מיט אמונה און מיט בטחון; ער באדארף גלויבען, ערשטענס, אז ס'איז דא א גאט אויף דער וועלט, און האפען אויף דעם, וואס לעבט אייביג, אז עס וועט זיך, מסתמא, אם ירצה השם, פארבעסערען...

— שא, וואו־זשע איז ערגיץ דער איד? — הער איך עמיצער זאגט. — שוין אוועקגעפאהרען דער שלים־מזל?

— חס ושלום! — רוף איך מיך אן פון דערווייטען. — וואס הייסט, איך וועל אוועקפאהרען גלאט אזוי, אהן א זייט־געזונט? שלום עליכם, זאג איך, א גוטען אבענד אייך, ברוכים היושבים, עסט געזונטערהייד, און לאז אייך וואויל באקומען!

— קומט־זשע אהער, מאכען זיי צו מיר, וואס שטעהט איהר דארטען אין דער פינסטער? לאמיר אייך אנקוקען האטש, זעהען וואס פאר א פנים איהר האט. אפשר וועט איהר נעמען א ביסעל בראנפען?

— א ביסעל בראנפען? אך, זאג איך, ווער זאגט זיך דאס אפּ פון א ביסעל בראנפען? ווי שטעהט דארטען אין פסוק: א י ז ה „ל ח י י ם“ ו א י ז ה ל מ ו ת — מאכט רש"י: גאט איז גאט און בראנפען איז בראנפען. לחיים! — זאג איך און האק אריין א כוסה. — לאז גאט געבען, זאג איך, איהר זאלט תמיד זיין רייך און האבען גרויס נחת; אידען, זאג איך, זאלען תמיד זיין אידען; גאט זאל זיי געבען, זאג איך, געזונט און כח, זיי זאלען קאנען אריבערטראגען די צרות.

— מה שמכם? — רופט זיך אן צו מיר דער גביר אליין, א שענער איד מיט א יארמעלקע. — פון וואנעט איז א איד, וואו זיצט איהר, וואס איז אייער פרנסה? זענט איהר א באווייבטער? האט איהר עפּיס קינדער, און וויפיעל קינדער?

— קינדער? — זאג איך. — ניט צו פארזינדיגען. אויב איט־ליכס קינד, זאג איך, איז ווערטה, ווי מיין גאלדע וויל מיך איינ־

רעדען, אַ מיליאָן, בין איך רייכער פון׳ם גרעסטען גביר אין יעהופּעץ. דער חסרון, זאָג איך, וואָס אָרעם איז ניט רייך, קרום איז ניט גלייך, אַזוי ווי אין פּסוק שטעהט: המבדיל בין קודש לחול — ווער עס האָט די קלינגערס דעם איז וואויל. געלט האָבען טאַקי די בראַצקים, און איך האָב טעכטער. און אַז מע האָט, זאָגט איהר, טעכטער, פאַרגעהט דער געלעכטער. נאַר גאַר נישט, גאָט איז אַ פאָטער. ער פיהרט אויס, דאָס הייסט, ער זיצט אויבען און מיר מוטשען זיך אונטען. מע האָרעוועט, מע שלעפּט קלעצער, אַ ברירה האָט מען? ווי די גמרא זאָגט: במקום שאין איש — איז אַ הערינג פיש. דער גאַנצער אומגליק איז — דאָס עסען. ווי מיין באַבע, עליו השלום, פלעגט זאָגען: „ווען דער פּיסק זאָל ליגען אין דער ערד, וואָלט דער קאָפּ געגאַנגען אין גאָלד"... האָט קיין פאַראיבעל ניט, זאָג איך, עס איז ניטאָ קיין גלייכערס פון אַ קרומען לייטער און קיין קרומערס פון אַ גלייך וואָרט, ובפרט, זאָג איך, אַז מע מאַכט שהכל נהיה בדברו אויפ'ן ניכטערען האַרצען.

— לאָז מען געבען דעם אידען עפּיס עסען! — רופט זיך אָן דער גביר, און עס ווערד באַשאַפען אויפ'ן טיש פון כל־מאמינים־שהוא: פיש, און פלייש, און געבראָטענס, און פערטלען עוף, און פופקעס מיט לעבערלעך אָהן אַ שעור.

— איהר ווערט עפּיס עסען? — מאַכען זיי צו מיר. — געהט וואַשט זיך.

— אַ קראַנקען פרעגט מען, אַ געזונטען גיט מען; נאַר וואָס דען, זאָג איך, אַ דאַנק אייך. אַ ביסעל בראַנפען, זאָג איך, מהכתיתי, נאָר געהן זעצען זיך אָט דאָ מאַכען אַ גאַנצע סעודה, בשעת דאָרטען, אין דערהיים, מיין ווייב און קינדער, זאָלען געזונט זיין... אויב אייער גוטער ווילען וועט זיין...

בקיצור, מע האָט זיך, אפּנים, געשטויסען וואָס איך מיין, און מע האָט מיר גענומען פּאַקען אין וואָגען אַריין איטליכער באַזונדער: דער אַ בולקע, דער פיש, דער געבראָטענס, דער אַ פערטעל

עוף, דער טיי און צוקער, דער א טעפּעל שמאַלץ, דער א סלאַי איינגעמאַכטס.

— דאָס וועט איהר, מאַכען זיי, ברענגען אהיים א מתנה פאַר אייערע ווייב און קינדער. און אַצינד זאָגט, וויפיעל וועט איהר זיך הייסען באַצאָהלען פאַר אייער טרחה, וואָס איהר האָט זיך מטריח געווען פון אונזערטוועגען?

— סאַ משל, זאָג איך, וואָס איז שייך, איך וועל מיר הייסען אָנמעסטען? וויפיעל אייער גוטער ווילען וועט זיין, זאָג איך, אַזוי וועט איהר מיר באַצאָהלען. מיר וועלען דורכקומען, ווי זאָגט ער, א רענדעל אַראָפּ, א רענדעל אַרויף. „שקראַב וועט שוין שקראַבע־דיגער ניט ווערען"...

— ניין, זאָגען זיי, מיר ווילען הערכען פון אייך אַליין, רב טביה! האָט קיין מורא ניט, מע וועט אייך, חלילה, נישט קעפּען.

„וואָס טהוט מען דאָ? — טראַכט איך מיר. — ס'איז שלעכט: זאָל איך זאָגען א קערבעל, איז איין עבירה, טאָמער קאָן איך נעמען צוויי. זאָל איך זאָגען צוויי, האָב איך מורא, טאָמער קוקען זיי מיך אָן ווי א משוגענעם: פאַר וואָס קומט דאָ צוויי קאַרבען?"

— א דרייערעל!!!... — האָט זיך אַרויסגעחאַפּט ביי מיר פונ'ם מויל, און צווישען עולם איז געוואָרען אַזאַ געלעכטער, אַז איך האָב מיך שיער איין דער ערד באַגראָבען.

— האָט קיין פּאַראיבעל ניט, זאָג איך, טאָמער האָב איך מיך אַרויסגעחאַפּט מיט א וואָרט; א פערד, זאָג איך, אויף פיער פיס, ספּאָטיקעט זיך, ובפרט א מענטש מיט איין צונג... עס איז גע־וואָרען נאָך א גרעסערער געלעכטער; מע האָט זיך פּשוט גע־האַלטען ביי די זייטען לאַכענדיג.

— לאָז שוין זיין גענוג צו לאַכען! — רופט זיך אָן דער גביר און נעמט אַרויס פון בוזעמקעשעני א גרויסען טייסטער און געהט און שלעפּט אַרויס פונ'ם טייסטער — וויפיעל מיינט איהר, אשטייגער? אַנו, טרעפט! — א צעהענערעל, א רויטס אַזוי ווי פייער, איך זאָל אַזוי זיין געזונט מיט אייך אינאיינעם! — און

מאַכט אַזוי: „אַט דאָס האָט איהר פון מיר, און איהר, קינדער, גיט אייך פון אייער קעשעני וויפיעל איהר פאַרשטעהט".

בקיצור, וואָס טויג אייך — עס האָבען אָנגעהויבען צו פליהען אויפ'ן טיש פינפערלעך און דרייערלעך און איינערלעך — הענט און פיס האָבען מיר געציטערט; איך האָב געמיינט, אַט פאַל איך חלשות.

— נו, וואָס שטעהט איהר? — מאַכט צו מיר דער גביר. — נעמט צענויף די עטליכע קערבלעך פונ'ם טיש און פאָהרט געזונטערהייד צו אייער ווייב און קינדער.

— גאָט זאָל אייך געבען, זאָג איך, כפל־כפלים, איהר זאָלט פאַרמאָגען צעהן מאָל, הונדערט מאָל אַזוי פיעל, איהר זאָלט האָבען אַלדאָס גוטס, מיט גרויס נחת! — און זשעברע צענויף מיטביידע הענט דאָס געלט — ווער געצעהלט? וואָס געצעהלט? — און שטופּ אין אַלע קעשענים. — אַ גוטע נאַכט, זאָג איך, אַ גוטען תמיד און זייט געזונט, און זאָלט האָבען, זאָג איך, גרויס נחת, איהר און אייערע קינדער און קינד'ס קינדער און אייער גאַנצע משפּחה, — זאָג איך און לאָז מיך געהן צום וואָגען. רופט זיך אָן צו מיר די גביר'טע, יענע וואָס מיט'ן זיידען טיכעל:

— שטעהט נאָר אַ ווייל, רב טביה, פון מיר באַקומט איהר נאָך אַ באַזונדער מתנה; אם ירצה השם, מאָרגען קומט צו פאָהרען; איך האָב, זאָגט זי, אַ מאורע בהמה, געווען אַמאָל אַ טייערע בהמה, פלעגט געבען פיער און צוואַנציג גלעזער מילך; הײנט האָט זי פון אַ גוט אויג אויפגעהערט צו מעלקען זיך, דאָס הייסט, מעלקען מעלקט זי זיך, נאָר קיין מילך גיט זי ניט...

— לאַנג לעבען זאָלט איהר, זאָג איך, איהר זאָלט גאָר קיין יסורים ניט האָבען, ביי מיר וועט זיך אייער בהמה אי מעלקען, אי מילך געבען; מיין אַלטע איז, קיין עין־הרע, אַזאַ בעל־הבית'טע, אַז פון גאָר ניט בראָקט זי לאָקשען, פון פינגער קאָכט זי זאַטירקעס, מיט נסים מאַכט זי שבת און מיט בוכענצים לעגט זי קינדער שלאָפען... האָט קיין פאַראיבעל ניט, זאָג איך, טאָמער האָב איך

מיך אַרויסגעחאַפּט מיט איין איבעריג וואָרט. אַ גוטע נאַכט און אַ גוטען תמיד און זייט געזונט, — זאָג איך און לאָז מיך געהן. איך קום אַרויס אין הויף צום וואָגען, איך טהו מיך אַ חאַפּ צום פערדעל — אוי־וועה, איין אומגליק, אַ צרה, אַ שלאַק! איך קוק אויף אַלע זייטען, והילד איננו — ניטאָ קיין פערדעל!

„נו, טביה, טראַכט איך מיר, דו ביזט אין דער אַרבייט!“...

און עס קומט מיר אַרויף אויפ'ן זינען אַ שענע מעשה, וואָס איך האָב אַמאָל געלייענט ערגיץ אין אַ ביכעל, ווי אַזוי „חברה“ האָבען דערטאַפּט אין דער פרעמד איין עהרליכען אידען, אַ חסיד, פאַר־נאַרט צו זיך הינטער דער שטאָדט אין פּאַלאַץ אַריין, געגעבען איהם עסען און טרינקען, און נאָכדעם פלוצים מיט אַ מאָל פאַרשוואונדען געוואָרען, איהם איבערגעלאָזט איינעם אַליין מיט אַ נקבה; פון דער נקבה איז באַלד געוואָרען אַ חיה־רעה, פון דער חיה־רעה האָט זיך אויסגעלאָזט אַ קאַץ, און פון דער קאַץ — אַ פּיפּערנאָטער...

„זעה נאָר, טביה, זאָג איך צו מיר אַליין, צי מע פיהרט דיך ניט אין באָד אַריין?!“

— וואָס באַברעט איהר זיך דאָרטען און וואָס וואָרטשעט איהר? — פרעגט מען מיך.

— וואָס איך באַברע מיך? — ענטפער איך. — אַז אַך און וועה איז מיר, זאָג איך, וואָס איך לעב אויף דער וועלט; איך האָב אַ שאָדען: דאָס פערדעל מיינס...

— אייער פערדעל, מאַכען זיי צו מיר, איז אין שטאַל. זייט זיך מטריח אַהינצו, אין שטאַל אַריין.

איך קום אַריין אין שטאַל און טהו אַ קוק: יאָ, ווי איך בין אַ איד! מיין בחור שטעהט זיך גאַנץ פיין צווישען די נגיד'ישע פערד, שטאַרק פאַרטיעפט אינ'ם קייען, רייבט דעם האָבער געַ־שמאַק, אויף וואָס די וועלט שטעהט.

— הער נאָר, זאָג איך צו איהם, חכם מיינער, שוין צייט אַהיים; מיט אַ מאָל צוחאַפּען זיך, זאָג איך, טאָר מען נישט; איין איבעריגער ביסען, זאָגט מען, קאָן פאַרשאַדען...

בקיצור, איך האָב איהם קוים אָיינגעבעטען, מחילה אײנגע־שפּאַנט איהם אין וואָגען און האָב מיך געלאָזט אַהיים לעבעדיג־פריילין, געזונגען אַ „מלך־עליון" גאָר בגילופין. אויך מיין פערדעל איז געוואָרען גאָר נישט דאָס, וואָס פריהער; אַ נייע פעל אויף דעם אויסגעוואַכסען; שוין נישט געוואַרט אויף קיין בייטש, געלאָפען ווי אַ מזמור. געקומען אַהיים שוין שפּעטליך אין דער נאַכט, אויפגעוועקט מיין ווייב מיט אַ שמחה, אַ פרייד.

— אַ גוט יום־טוב, מאַד איך צו איהר, מזל־טוב דיר, גאָלדע!

— אַ וויסטער מזל־טוב דיר אַ פינסטערער, מאַכט זי, וואָס ביזט דו אַזוי יום־טוב'דיג, מיין טייערער ברויט־געבער? דו פּאַהרסט דאָס פון אַ חתונה, צי פון אַ ברית, גאָלדשפּינער מיינער?

— עס איז אַ חתונה, זאָג איך, מיט אַ ברית! וואַרט אויס, מיין ווייב, אַט וועסטו דו באַלד זעהען איין אוצר, זאָג איך; נאָר קודם־כל וועק אויף די קינדער, לאָזען זיי נעבאַך אויך געניסען, זאָג איך, פון די יעהופּעצער מאכלים...

— צי דו ביזט דול, צי דו ביזט חסר־דעה, צי דו ביזט גע־ריהרט, צי דו ביזט פונ'ם זינען? עפּיס רעדסטו דו, ווי אַ משוגע'־נער, שונאי־ציון! — זאָגט צו מיר מיין ווייב און שעלט, לייענט די תוכחה, ווי געוויינטליך אַ אידינע.

— אַ אידינע, זאָג איך, בלייבט אַ אידינע; נים אומזיסט זאָגט שלמה המלך, אַז צווישען טויזענד ווייבער האָט ער נים געפונען איינע אַ רעכטע. אַ גליק, כלעבען, וואָס ס'איז היינט גע־וואָרען אויס מאָדע צו האָבען אַ סך ווייבער, — זאָג איך און געה מיר אַרויס צו מיין וואָגען און טראָג אַריין פון דאָרטען אַלע גוטע זאַכען, וואָס מע האָט מיר איינגעפּאַקט, און שטעל דאָס אַלסדינג אויס אויפ'ן טיש. מיינע חברה־לייט האָבען דערזעהען בולקעס, דערשמעקט פלייש, זענען זיי באַפאַלען דעם טיש, ווי די הונגעריגע וועלף נעבאַך; עס איז געוואָרען צווישען זיי אַ חאַפּעריי, די הענט האָבען געציטערט, די צייהן האָבען געאַרבייט; עס איז געווען, ווי אין פּסוק שטעהט: ו י א כ ל ו — מאַכט רש"י: מע האָט גע־

קנאַקט ווי די היישעריקעז. טרערעז האָבעז זיך מיר געשטעלט איז די אויגעז...

— נו, זאָג שוין, — מאַכט צו מיר מיין פלונית'טע, — ביי וועמען איז דאָס געוועז איין אָרעם מאַהל־צייט, צי אַזוי אַ סעודה, און וואָס ביזט דו אַזוי האָפּערדיג ?

— האָב צייט, זאָג איך, גאָלדע, דו וועסט אַלץ וויסען. דו צעבלאָז נאָר, זאָג איך, דעם סאַמאָוואָר, און נאָכדעם וועלען מיר זיך אַרומזעצען אַלע אַרום טיש, זאָג איך, טרינקען צו גלעזלעך טיי, ווי עס געהר צו זיין. אַ מענטש, זאָג איך, לעבט איין מאָל אויף דער וועלט, נישט קיין צוויי מאָל, ובפרט, זאָג איך, אַז מיר האָבען שוין איצט אונזער אייגענס אַ בהמה פון פיער און צוואַנציג גלעזער אַ טאָג ; מאָרגען, אם ירצה השם, ברענג איך זי צו פיהרען. אַנו, גאָלדע, — מאַך איך צו איהר נאָכדעם, און חאַפּ אַרויס דעם גאַנצען פּאַק סיגנאַציעס. — אַנו, זיי אַ בריה און טרעף וויפיעל געלט האָבען מיר דאָ ?

איך טהו אַ קוק אויף מיין ווייב — זי איז אויס מענטש, טוידט ווי די וואַנט, קאָן קיין וואָרט נישט אויסרעדען.

— גאָט איז מיט דיר, גאָלדע סערדצע, זאָג איך, וואָס האָסט דו זיך אַזוי דערשראָקען ? אפשר האָסט דו מורא, זאָג איך, טאָמער האָב איך דאָס גע'גנב'עט אָדער גע'גזל'ט ? פע, זאָג איך, מעגסט זיך שעמען ! ביזט טביה'ס ווייב שוין אַזאַ צייט און קאָנסט אויף מיר איבערטראַכטען אַזאַ מעשה ? נאַרעלע, זאָג איך, דאָס איז כשר געלט, פאַרדיענט עהרליך מיט מיין אייגענעם שכל און מיט מיין האָרעוואַניע ; איך האָב, זאָג איך, מציל געוועז צוויי נפשות פון אַ גרויסער סכנה, זאָג איך, ווען ניט איך, גאָט ווייסט, וואָס עס וואָלט מיט זיי געוועז !...

בקיצור, איך האָב איהר דערצעהלט די גאַנצע מעשה, פון אַלף ביז תיו, ווי אַזוי גאָט האָט דאָ מיט מיר געפיהרט אַרום און אַרום ; און מיר האָבען זיך גענומען ביידע איבערצעהלען דאָס געלט נאָך

א מאָל און נאָך א מאָל — דאָרט איז געווען פּונקט צוויי מאָל ח"י און איינס איין איבעריגס, האָט איהר א קיימא־לן, הייסט דאָס, פון זיעבען און דרייסיג קאַרבען!... מיינע האָט זיך אַזש צע־וויינט.

— וואָס וויינסט דו, זאָג איך, נאַרישע אידינע?

— ווי אַזוי זאָל איך ניט וויינען, זאָגט זי, אַז עס וויינט זיך? אַז דאָס האַרץ איז פול, זאָגט זי, געהען די אויגען איבער. גאָט זאָל מיר טאָקי, זאָגט זי, אַזוי העלפען, ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דו וועסט קומען מיט א גוטער בשורה. איך געדענק שוין ניט, זאָגט זי, די צייט, ווען די באָבע צייטעל, זאָל זיין ווייט אָפּגעשיידט, זאָל מיר קומען צו חלום. איך ליג און שלאָף, פּלוצים חלום'ט זיך מיר א מעלקשעפעל, א פולס, ווי איין אויג; די באָבע צייטעל, עליו השלום, טראָגט דאָס מעלקשעפעל אונטער'ן פאַר־טוך, מע זאָל חלילה ניט געבען קיין גוט אויג, און די קינדער שרייען: מאַמע, מאַני!...

— האָפּ נאָר ניט די לאָקשען פאַר שבת, זאָג איך, נשמה מיינע; לאָז די באָבע צייטעל האָבען א ליכטיגען גן־עדן, זאָג איך, ווייס איך נאָך ניט, צי מיר וועלען פון איהר עפּיס האָבען; נאָר אַז גאָט, זאָג איך, האָט געקאָנט טהון אַזאַ נס, אַז מיר זאָלען האָבען א בהמה, וועט ער מסתמא זעהען, אַז די בהמה זאָל זיין א בהמה... געב מיר בעסער איין עצה, גאָלדע סערדצע, וואָס טהוט מען מיט'ן געלט?

— אדרבה, מאַכט זי צו מיר, וואָס רעכענסט דו צו טהון, טביה, מיט אַזוי פיעל געלט, קיין עין־הרע?

— אדרבה ואדרבה, זאָג איך, וואָס, רעכענסט דו, קאָנען מיר מאַכען, קיין עין־הרע, מיט אַזאַ קאַפּיטאַל? — און מיר האָבען ביידע גענומען טראַכטען אהין, אהער, דאָס, יענץ, געבראַכען זיך דעם קאָפּ, אויסגערעכענט וואו ערגיץ א געשעפט אויף דער וועלט. יענע נאַכט האָבען מיר איבערגעהאַנדעלט מיט וואָס איהר ווילט:

געקויפט פערדלעך א פּאר און באלד טאקי זיי פארקויפט מיט רוחים; געעפענט א באקאליינע קלייט אין בויבעריק, אויסגעפּאר־קויפט די סחורה און באלד געעפענט א שניטקראם; געהאנדעלט א שטיקעל וואלד, געחאפּט אפּטריט־געלט עטליכע קערבלעך און אנטלאפען; געפּרובט אויסדינגען די אנאטעוועקער טאקסע, גענומען דעם „פּראיעקט“, געמאכט א ביסעל הלואה, אפּגעגעבען דאס געלט אויף פּראצענט...

— משוגע מיינע שונאים! — רופט זיך אן מיין ווייב. — דו ווילסט צעפּלעכטען די עטליכע גראשענס, בלייבען מיט׳ן בייטשעל?

— וואס דען, זאג איך, האנדלען מיט ברויט און נאכדעם בלייבען איין אנזעצער איז שענער? קארג, זאג איך, ווערד היינט די וועלט בדיל־הדל פון ווייץ? געה, זאג איך, הארד, וואס איז אדעם טהוט זיך!

— וואס טויג מיר, זאגט זי, אדעם? מיינע אבות־אבותינו זענען דארט נישט געווען און מיינע קינדער וועלען דארט נישט זיין, כל־זמן איך לעב און די פים טראגען מיך.

— וואס־זשע ווילסט דו? — זאג איך.

— וואס איך וויל? — זאגט זי. — איך וויל, זאלסט ניט זיין קיין לעקיש און נישט רעדען קיין נארישקייטען.

— אודאי, זאג איך, ביזט דו איצטערט א חכמה, ווי זאגט מען: אז עס קומען די מאות, קומען די דעות, און אז מען איז א פ ש ר רייך, איז מען ג ע ו ו י ס קלוג... ס׳איז תמיד אזוי!

בקיצור, מיר האבען זיך עטליכע מאל צעקריעגט און טאקי באלד איבערגעבעטען, און עס איז ביי אונז געבליבען דער פּלאן, מיר זאלען צו דער מאורע בהמה צוקויפען נאך א בהמה א מעל־קעדיגע, וואס גיט מילך...

וועט איהר דאך מסתמא פרעגען א קשיא: וואס עפּיס א בהמה, פּאר וואס ניט קיין פערד? וועל איך אייך ענטפערען:

וואָס עפּיס אַ פערד, פאַר וואָס ניט קיין בהמה? בויבעריק איז דאָך איין ערטעל, וואָס עס קומען זיך צענויף אַהינצו אויף זומער אַלע יעהופּעצער נגידים אויף די דאַטשעס, און אַזוי ווי די יעהופּעצער לייט זענען אַלע זעהר איידעלע מענטשען, וואָס זענען געצויגען, מע זאָל זיי אַלסדינג ברענגען גרייטס, גלייך אין מויל אריין: פון האַלץ און פון פלייש און פון אייער, היהנער, ציבעלעס, פעפער, פּעטרישקע, — פאַר וואָס־זשע זאָל זיך ניט געפינען איינער אַזעל־כער, וואָס זאָל זיך אונטערנעמען ברענגען זיי אַלע מאָל אין שטוב אריין קעז און פּוטער און סמעטענע וכדומה? ווערליג די יעהופּעצער האַלטען פון דער אכילה און דאָס קערבעל איז ביי זיי, ווי זאָגט איהר, אַ ממזר, קאָן מען דאָך לייזען שען געלט און פאַר־דיענען דערביי טאַקי גראָב. דער עיקר, אבי די סחורה זאָל זיין סחורה; און אַזאַ סחורה, ווי ביי מיר, קריגט איהר דאָך ניט אין יעהופּעץ אפילו. איך זאָל האָבען די ברכות מיט אייך אינאיינעם, וויפיעל מאָל גרויסע לייט, כריסטען, בעטען זיך ביי מיר, איך זאָל זיי ברענגען פרישע סחורה: „מיר האָבען געהאָרכט, זאָגען זיי, טעוועל, אז דו ביזט איין אָרענטליכער מאַן, חאָטש דו ביזט אַ איד, אַ פּאָרך“... מיינט איהר, פון אידען וועט איהר האָרכען אַזאַ קאָמ־פּלימענט? ווי לאַנג קרענקען מיינע שונאים! קיין גוט וואָרט הערט מען נישט פון אונזערע אידעלעך. זיי ווייסען נאָר אריינ־קוקען יענעם אין טעפּעל אריין. מע האָט דערזעהען ביי טביה'ן אַ בהמה'לע איין איבעריגס, אַ בריטשקע אַ נייע, — האָט מען אָנ־געהויבען ברעכען זיך די קעפּ: פון וואַנען און פון וואָס? צי האָנ־דעלט נישט דער דאָזיגער טביה מיט פאַלשע סיגנאַציעס? אָדער צי קאָכט ער נישט קיין ספּירט שטילערהייד, בשתיקה?... „חאַ־חאַ־חאַ! ברעכט אייך, ברידערלעך, טראַכט איך מיר, די קעפּ געזונטערהייד!“... איך וויים ניט, צי איהר וועט מיר גלויבען — איהר זענט כמעט דער ערשטער, וואָס איך האָב אייך דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע, ווי אַזוי און וואָס און ווען... נאָר, מיר דאַכט, איך האָב מיך אַ ביסעל פאַררעדט. האָט קיין פאַראיבעל ניט, מע

באַדאַרף אין זינען האָבען, ווי זאָגט איהר, עסק, אָדער ווי אין פּסוק שטעהט: כל עורב למינהו — איטליכער צו זיינעם. איהר צו אייערע ביכלעך, איך צו מיינע טעפּלעך און צו מיינע קריגלעך... איין זאַך וועל איך אייך בעטען, פּאַני: איהר זאָלט מיך האָטש ניט אַריינשרייבען אין אַ ביכעל; און אַז איהר וועט מיך אַריינשרייבען, זאָלט איהר האָטש ניט אַרויסשטעלען דעם נאָמען מיינעם... זייט מיר געזונט און האָט אייך אַ גוטען תמיד.

# אַ בּוידעם

— רבות מחשבות בלב איש — אזוי, דאַכט זיך, שטעהט ביי אונז געשריבען אין דער הייליגער תורה? פּאַרטייטשען דעם פּסוק באַדאַרף איך אייך ניט, רב שלום־עליכם; נאָר בלשון אשכנז גערעדט, דאַס הייסט אויף פּראָסט אידיש איז דאָ אַ ווערטעל: „דאַס בעסטע פערד באַדאַרף האָבען אַ בייטש, דער קליגסטער מענטש — איין עצה". אָקעגען וואָס זאָג איך עס, הייסט דאָס? אָקעגען זיך אַליין טאַקי, ווארום אַז איך האָב שכל און קום אַריין צו אַ גוטען פריינד און דערצעהל איהם דאָס און דאָס, אזוי און אזוי, וואָלט איך געוויס ניט געהאַט אזאַ מיאוס'ען פּסק. נאָר וואָס דען? החיים והמות ביד הלשון — אַז גאָט וויל שטראָפען אַ מענטשען, נעמט דאָס אָפּ ביי איהם דעם שכל. איך טראַכט מיר צו זיך אַליין וויפיעל מאָל: „באַרעכען נור, טביה, דו פערד איינער, ביזט דאָך עפּיס, זאָגט מען, יאָ נישט קיין נאַר, ווי קומסט דו זיך לאָזען פיהרען אין באָד אַריין, און נאָך אזוי נאַריש? וואָס וואָלט דיר אָפּגעגאַנגען אַצינדערטאָ, למשל, ביי דיין שטיקעלע פּרנסה, קיין עין־הרע, מיט דיין ביסעל מילכיגס, וואָס האָט אזאַ שם אויף דער וועלט, כלעבען, אומעדום, אין בויבעריק, אין יעהופּעץ, און וואו ניט? ווי פיין און ווי זיס וואָלט דאָס געווען איצטערטאָ, ווען די קלינגערס, אַשטייגער, ליגען זיך שטילערהייד אין קאַסטען, ווייט באַגראָבען, קיין בן־אדם ווייסט דערפון, ווארום ווען מען געהט דאָס אָן, איך בעט אייך, צי טביה האָט געלט, צי ניין? איך מיין טאַקי באמת. אַ סך האָט זיך די וועלט אינטערעסירט מיט איהם, אַז ער איז געלעגען, ניט היינט געדאַכט, נישט פאַר קיין אידען געדאַכט, נייען

איילען אין דער ערד, געשטאָרבען דריי מאָל אַ טאָג פון הונגער מיט ווייב און קינדער? ערשט נאָכדעם, אַז גאָט האָט זיך אַרומ־געקוקט אויף טביה'ן, איהם באַגליקט מיט אַ מאָל, און ער האָט זיך קוים־קוים דערשלאָגען צו אַ שטיקעל תכלית, אָנגעהויבען אַפּלעגען אַ קערבעל, איז מיט איהם געוואָרען פול די וועלט, און טביה איז שוין געוואָרען ר ב ט ב י ה גאָר — אַ קאַטאָוועס אַ ביסעל! עס האָבען זיך שוין אַרויסבאַוויזען גוטע פריינד אַ סך, ווי אין פּסוק שטעהט געשריבען: כ ו ל ם א ה ו ב י ם כ ו ל ם ב ר ו ר י ם — אַז גאָט גיט מיט'ן לעפעל, געבען לייטען מיט'ן שעפּעל. איטליכער באַזונדער קומט צו געהן מיט זיינעם: דער זאָגט אַ שניט־קראָם, דער אַ באַקאַליי, דער זאָגט אַ שטוב, אַ נחלה, איין אייביג געוועהר, דער קומט צו געהן — ווייץ, דער — וואָלד, דער — טאָרגעס... „ברידערלעך! — זאָג איך. — טשעפּעט זיך אָפּ! איהר האָט, זאָג איך, אַ ווילדען טעות; איהר מיינט, אפּנים, איך בין בראָצקי? לאָמיר דאָס אַלע, זאָג איך, פאַרמאָגען, וואָס איך האָב ווינציגער פון שי"ן קאָרבען, און אפילו פון רי"ש, און אפילו פון ק"ן! יענעמס גוטס, זאָג איך, איז גרינג צו שאַצען; יעדען דאַכט זיך, אַז יענעמס לייכט זיך, קומסט צו נאָהענט, איז דאָס אַ מעשען קנעפּעל.

בקיצור, ניט געדאַכט זאָלען זיי ווערען, טאַקי אונזערע אידע־לעך מיין איך, מע האָט מיר אַ גוט אויג געגעבען! אַ קרוב האָט מיר גאָט צוגעשיקט, עפּיס אַ שמעלקי, ווייס איך: מיין פערד'ס בייטש־שטעקעלע, ווי מע זאָגט. מנחם־מענדעל הייסט ער, אַ פלי־הער, אַ ברעכער, אַ לויפער, אַ דרעהער, אַ נעבעכטיגער מאַג, אויף קיין גוט אָרט זאָל ער ניט שטעהן! ער האָט מיך דערטאַפּט און פאַרדרעהט מיר מיין קאָפּ מיט חלומות, ניט געשטויגען, ניט גע־פלויגען. וועט איהר דאָך פרעגען: מ ה נ ש ת נ ה — ווי קום איך, טביה, צו מנחם־מענדלען? וועל איך אייך דערויף ענטפערען אַ תירוץ: ע ב ד י ם ה י י נ ו — ס'איז אַזוי באַשערט. הערט אַ מעשה:

איך קום צו פאהרען קיין יעהופּעץ, תחילת ווינטער, מיט מיין ביסעל מילכיגס — אַ פונט עטליכע און צוואַנציג פּוטער פרישע פון פּוטערלאַנד, מיט אַ פּאַר שענע וואַרעטשקעס קעז, גאָלד און זילבער, לאָמיר זיךביידע ווינשען אַזאַ יאָהר! דאָס פאַרשטעהט איהר דאָך שוין אַליין, אַז איך האָב מיין סחורה פאַרצוקערט, נישט געלאָזט זיך אַ לעק, איהר זאָלט זאָגען אויף אַ רפואה, קיין צייט געהאַט אפילו צו זיין ביי אַלע מיינע זומערדיגע קונים, די בויבע־ריקער דאַטשניקעס, וואָס קוקען אַרוים אויף מיר, ווי אויף משיח'ן, וואָרום אַזוי לאַנג שמייסט מען זיי, אייערע יעהופּעצער סוחרים מיין איך, ווי זיי קאָנען גאָר געבען אַזאַ שטיקעל סחורה, ווי טביה גיט; אייך באַדאַרף איך נישט דערצעהלען, ווי זאָגט דער נביא: י ה ל ל ך ז ר — גוטע סחורה לויבט זיך אַליין....

בקיצור, אויסגעפּאַרקויפט אינגאַנצען עד לפּ"ק און אונטערגע־וואָרפען מיין פערדעל אַ ביסעל היי, געה איך מיר אַרוים אַזוי אין שטאָדט. אָ ד ם י ס ו ד ו מ ע פ ר — מען איז דאָך נישט מעהר ווי אַ מענטש, גלוסט זיך אָנקוקען אַ וועלט, חאַפּען לופט, זעהען די אַנ־טיקלעך, וואָס יעהופּעץ שטעלט אַרוים אין די פענסטער, ווי איי־נער רעדט: מיט די אויגען נאַ, זעה, קוק, וויפיעל דו ווילסט, נאָר מיט די הענט — אַזאָס!... שטעהענדיג אַזוי ביי אַ גרויסען פענסטער מיט האַלבע פּריאַלען און קערבלעך זילבערנע אַ סך מיט באַנקאַווע ביליעטען און מיט גלאָט סיגנאַציעס אַהן אַ שיעור, טראַכט איך מיר בשעת מעשה: רבונו של עולם! ווען איך פאַר־מאָג חאָטש אַ צעהנט־חלק, וואָס אָט־דאָס־אַ באַטרעפט, וואָס וואָלט איך דעמאָלט געהאַט צו גאָט און ווער וואָלט געוועזען צו מיר גלייך? ראשית־חכמה וואָלט איך אַ שידוך געטהאָן מיט מיין עלטערער טאָכטער, געגעבען איהר ת"ק קאַרביצען נדן, אַחוץ כלה־מתנות, אַחוץ הלבשה מיט חתונה־הוצאות; דאָס פערד און וועגעלע מיט מיינע בהמה'לעך וואָלט איך פאַרקויפט, באַלד אַרויסגעפאָהרען אין שטאָדט אַריין, געקויפט איין אָרט אין מזרח־וואַנט, מיין וויב זאָל לעבען אַ ביסעל פּערעל, און צדקה צעטהיילט, ווי דער שענסטער

בעל־הבית; געזעהען, דאס בית־המדרש זאל זיין געדעקט מיט אייזען, ניט עס זאל שטעהן, ווי איצט, אהן א דאך, גרייט אלע שעה אויף איינצופאלען; איינגעפיהרט א שטיקעל תלמוד־תורה אין שטאדט מיט א בקור־חולים, ווי אין אלע לייטישע שטעדט, ניט ארעמע לייט זאלען וואלגערען זיך אויף דער הוילער ערד אין בית־המדרש; יענקיל־שייגעץ וואלט ביי מיר באלד געווארען אויס גבאי אין חברה קדישא,' גענוג שוין טרינקען בראנפען און עסען פופקעס מיט לעבערלעך אויף קהל'ס חשבון!...

— שלום עליכם, רב טביה! — הער איך עמיצער זאגט מיר פון הינטען. — וואס מאכט א איד? — איך דרעה מיך אוים און טהו א קוק, איך וואלט געמעגט שווערען, א באקאנטער! „עליכם־שלום, זאג איך, פון וואנעט איז א איד?“ — פון וואנען? פון כתרילעווקע, מאכט ער צו מיר, טאקי אייערס א פריינדעל, דאס הייסט, איך קעהר מיך אן, זאגט ער, מיט אייך א שני בשלישי, אייער ווייב גאלדע, זאגט ער, איז מיר איין אייגען גליעד־געשוועסטערקינד. „שאט־זשע נור, זאג איך, זענט איהר אפשר ניט ברוך־הערש לאה־דוואסים איין איידעם?“ — כמעט ווי געטראפען, מאכט ער צו מיר: איך בין ברוך־הערש לאה־דוואסים איין איידעם, און מיין ווייב הייסט שיינה־שיינדעל ברוך־הערש לאה־דוואסים, היינט ווייסט איהר שוין? „שאט־זשע נור, זאג איך, אייער שוויע־גער'ס באבע, שרה־יענטע, מיט מיין ווייב'ס מוהמע, פרומע־זלאטע, זענען, דאכט זיך, געווען אויב נישט קיין אייגענע געשוועסטער־קינדער, און אויב איך האב קיין טעות נים, זענט איהר דער מי־טעלסטער איידעם ביי ברוך־הערש לאה־דוואסים, נאר וואס דען, איך האב פארגעסען ווי מע רופט אייך, אייער נאמען, זאג איך, איז ביי מיר ארויסגעפלויגען פונ'ם קאפ, מה שמכם? ווי אזוי איז אייער אמת'ער נאמען?“ מיך, זאגט ער, רופט מען מנחם־מענדעל ברוך־הערש לאה־דוואסים, אזוי רופט מען מיך אין דער־היים, אין כתרילעווקע. „אויב אזוי, מיין ליעבער מנחם־מענדעל, מאך איך צו איהם, קומט דאך דיר טאקי שלום עליכם גאר אויף

איין אנדער אופן! זאָג־זשע מיר, מיין טייערער מנחם־מענדעל, וואָס טהוסט דו דאָ, וואָס מאַכט די שוויגער דיינע און דער שווער זאָל לעבען? ווי געהט דאָס דיר, זאָג איך, איז געזונט, און וואָס מאַכען עפּיס דיינע געשעפטען?" — עט, מאַכט ער, איז געזונט גאָט צו דאַנקען, מע לעבט; נאָר די געשעפטען, זאָגט ער, זענען עפּיס היינט ניט אַזוי פויגעלדיג. „גאָט וועט העלפען", מאַך איך און האַפּ אַ קוק אויף זיינע מלבושים נעבאַך: אויסגעטריפּעט אין אַ סך ערטער, און די שטיוועל מחילה צעטרעטנט סכנות־נפשות... „נישקשה, גאָט, זאָג איך, וועט העלפען. עס וועט זיך מסתמא פאַר־בעסערען, ווי אין פּסוק שטעהט: ה כ ל ה ב ל — געלט, זאָג איך, איז קיילעכיג; היינט אַזוי, מאָרגען אַזוי, אַבי מע לעבט; דער עיקר, זאָג איך, איז בטחון, אַ איד באַדאַרף האָפען; אי, מע ווערד זאָג איך, פאַרשוואַרצט? דערויף זענען מיר דאָך עפּיס אידען אויף דער וועלט, ווי זאָגט מען: ביזט דו אַ זעלנער, שמעק פּול־ווער. משל כחרס הנשבר — די גאַנצע וועלט, זאָג איך, איז אַ חלום... דו זאָג מיר בעסער, מנחם־מענדעל סערדצע, ווי קומסט דו אַהער, פּלוצים אין מיטען דערינען אין יעהופּעץ גאָר?" — וואָס הייסט, מאַכט ער, ווי איך קום אַהער? איך בין שוין היע, זאָגט ער, פּאַוואָלינקע, אַזוי גרויס, ווי אַ יאָהר אַנדערהאַלבען. „אַזוי גאָר? ביזט דו, הייסט דאָס, אַ היגער, זאָג איך, טאַקי אַ יעהופּעצער תושב?" — ששש! — מאַכט ער צו מיר און קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען. — שרייט נישט אַזוי הויך, רב טביה; אַ היגער, זאָגט ער, בין איך טאַקי, נאָר צווישען אונז, זאָגט ער, באַדאַרף עס בלייבען... איך שטעה און קוק איהם אָן טאַקי גור ווי אַ משוגע'נעם. „ביזט אַ בורח, זאָג איך, באַהאַלטסט זיך אין יעהופּעץ אין מיטען מאַרק?" — פרעגט ניט, זאָגט ער, רב טביה, ס'איז רעכט; איהר זענט, אַפּנים, גאָר נישט באַקאַנט מיט די יעהופּעצער דינים און מנהגים... קומט, זאָגט ער, וועל איך אייך דערצעהלען, וועט איהר פאַרשטעהן, וואָס הייסט מען איז י אַ אַ היגער און נ י ש ט קיין היגער... און ער האָט מיר אָנגעהויבען

לייענען אַ צעטעל, אַ גאַנצע מגילה, ווי אַזוי מע ווערד דאַ אַביסעל אויסגעריסען... „אַט פאָלג מיך, מנחם־מענדעל, פאָהר זיך דורך צו מיר אין דאָרף אויף אַ טאָג, וועסט זיך אַ ביסעל אויסרוהען די ביינער חאַטש; וועסט זיין, זאָג איך, אַ גאַסט, און איין אָנגעלעגטער דערצו, מיין אַלטע וועט זיך מיט דיר מחיה זיין“.

בקיצור, איך האָב ביי איהם גע׳פועל׳ט: מיר פאָהרען איינ־איינעם. געקומען אַ היים — אַ גדולה! אַ גאַסט! איין אייגען גליעד־גליעד־געשוועסטערקינד! אַ קליינינגקייט, ווי זאָגט איהר: אייגענם איז ניט פרעמדס. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ חתונה: וואָס הערט זיך אין כתרילעווקע? וואָס מאַכט דער פעטער ברוך־הערש? וואָס טהוט די מוהמע לאה־דוואָסי? דער פעטער יוסיל־מנשה? די מוהמע דאָבריש? און די קינדער זייערע וואָס מאַכען? ווער איז געשטאָרבען? ווער האָט חתונה געהאַט? ווער האָט זיך גע׳גט? ווער איז געלעגען געוואָרען און ווער איז אויף דער צייט? „וואָס טויג דיר, מיין ווייב, פרעמדע חתונות, זאָג איך, מיט פרעמדע ברית׳ען? דו זעה בעסער, זאָג איך, סע זאָל זיין וואָס צו נעמען אין מויל אַריין. כ ל ד כ פ י ן י י ת י ו י צ ר ד — פאַר׳ן עסען, זאָג איך, געהט קיין טאַנץ נישט. אויב, זאָג איך, אַ באָרשט, איז מה טוב, אלא ניט — מאַכט ניט אויס, זאָג איך, קנישעס, אָדער קרעפּלעך, מאַנשקעס, צרות־קניידלעך, צי אפשר גאָר, זאָג איך, בלינ־צעס, ווערטליקעס, ווערטוטען. עס מעג זיין, זאָג איך, מעהר מיט אַ געריכט, אַבי גיך“.

בקיצור, מע האָט זיך געוואַשען און גאַנץ פיין פאַרביסען, ווי זאָגט איהר: ו י א כ ל ו — מאַכט רש״י: ווי גאָט האָט געבאָטען. „פאַרביים, מנחם־מענדעל, מאַך איך צו איהם, ס׳איז במילא, ווי זאָגט דוד המלך, ה ב ל ה ב ל י ם, אַ נאַרישע וועלט און אַ פאַלשע, און געזונט, אַזוי פלעגט זאָגען מיין באָבע נחמה זכר לברכה, — געווען אַ קלוגע אידינע, אַ חכמה נפלאה — געזונט און פאַרגעניגען זאָל מען זוכען אין שיסעל“... מיין גאַסט נעבאַך, די

הענט האָבען איהם אַזש געציטערט, האָט זיך גאָר נישט געקאָנט אָפּלויבען פון מיין ווייב׳ס מלאכה, געשוואָרען ביי אַלדאָס גוטס, אַז ער געדענקט שוין גאָר ניט די צייט, ווען ער זאָל עסען אַזאַ מילכיגס, אַזעלכע געראָטענע קנישעס מיט אַזוינע באַ׳טעמ׳טע ווערטוטען. „נאַרישקייטען, זאָג איך, דו זאָלסט פאַרזוכען, מנחם־מענדעל, איהר טייגעכץ, זאָג איך, אָדער אַ מאַהינע, וואָס זי מאַכט, וואָלסט דו דעמאָלט ערשט געוואוסט וואָס הייסט טעם גן־עדן אויף דער וועלט!“

בקיצור, אָפּגעגעסען און אָפּגעבענטשט, האָט מען זיך אַ ביסעל צערעדט איטליכער פון זיינעם, ווי געוויינטליך; איך — פון מיינע געשעפטען, ער — פון זיינע; איך — פון דעם, פון יענעם, לאָקש, בוידעם, ציבעלע, ער — פון זיינע געשעפטען, דערצעהלט מעשיות פון אַדעס און פון יעהופּעץ, ווי אַזוי ער איז שוין געווען אַ מאָל צעהן, ווי זאָגט מען, „נאָ קאָני און פיד קאָנעם“, היינט אַ נגיד, מאָרגען אַ קבצן, און ווייטער אַ מאָל אַ נגיד און וויעדער אַ מאָל איין אביון; געהאַנדעלט מסחרים עפּיס אַלץ אַזעלכע, וואָס איך האָב אין מיין לעבען נישט געהערט, משונה־אומגעלומפּערטע: „האָס“ און „בעס“, און „אַקציעס־שמאַקציעס“, „פּאָטיווילעוו“, „מאַל־צעוו־שמאַלצעוו“, דער גוטער יאָהר ווייסט זיי דאָרטען, און חשבונות משוגענערווייז, צעהן טויזענד, צוואַנציג טויזענד — געלט ווי האָלץ!

„איך זאָג דיר דעם אמת, מנחם־מענדעל, זאָג איך צו איהם, מילא דאָס, וואָס דו דערצעהלסט פון דיינע משא־מתנ׳ס, איז דאָס אודאי אַ בריה׳שאַפט, מע באַדאַרף עס קאָנען; נאָר איין זאַך פאַרשטעה איך ניט: ווערליג איך קען, זאָג איך, דיין בחור׳טע, איז מיר, זאָג איך, אַ גרויס חדוש, וואָס זי לאָזט דיך אַזוי פליהען און קומט נישט צו דיר, זאָג איך, רייטענדיג אויף אַ בעזעם“. — ע! — מאַכט ער צו מיר מיט אַ זיפץ. — דאָס זאָלט איהר מיר, רב טביה, גאָר נישט דערמאַנען, איך האָב פון איהר אַזוי אויך, זאָגט ער, קאַלט און וואַרעם; איהר זאָלט האָרכען, זאָגט ער, וואָס זי שרייבט מיר, וואָלט איהר אַליין געזאָגט, אַז איך בין אַ צדיק. נאָר דאָס, זאָגט

ער, איז פון די קליינע זאכען, דערויף איז זי א ווייב, זי זאל מיך באגראבען. ס'איז פארהאן, מאכט ער, א סך איין ערגערע זאך: איך האב, פארשטעהט איהר מיך, מיין אייגענם א שוויעגער! איך באדארף אייך נישט דערצעהלען, זאגט ער, איהר קענט זי!... „עס קומט אוים ביי דיר, זאג איך, ווי עס שטעהט: ע ק ו ד י ם, נ ק ו ד י ם ו ב ר ו ד י ם — דאס הייסט, א מכה אויף א מכה און אויף דער מכה א בלאטער?“ — יא, מאכט ער, רב טביה, איהר זאגט דאס גאנץ גלייך; די מכה איז טאקי א מכה, נאר דער בלאטער, זאגט ער, אוי, דער בלאטער איז ערגער פון דער מכה!...

בקיצור, מיר האבען אזוי פאוואלינקע געפלאפעלט ביז העטשפעט אין דער נאכט אריין; דער קאפ האט זיך מיר אזש געדרעהט פון זיינע מעשיות מיט די ווילדע געשעפטען מיט די טויזענדער, וואס פליהען ארויף און אראפ, און מיט'ן פארמעגען, וואס בראצקי פארמאגט... עס האבען זיך מיר נאכדעם א גאנצע נאכט געפלאנטעט: יעהופעץ... האלבע פריאלען... בראצקי... מנחם־מענדעל מיט דער שוויעגער... ערשט אויף מארגען איז דער פריה האט ער אויסגעקוועטשט זיך: וואס איז? באשר אזוי ווי עס געהט, זאגט ער, ביי אונז אין יעהופעץ א שטיקעל צייט, וואס געלט איז בחשיבות גדול, און סחורה ליגט אין דער ערד, בכן, זאגט ער צו מיר, אצינדערט האט איהר ביד, רב טביה, חאפען היבשע עטליכע גראשענס, און מיך, זאגט ער, וועט איהר ממש דערהאלטען ביי'ם לעבען, פשוט מחיה־מתים זיין, פון טוידט לעבעדיג. „רעדסט ווי א יונגעל, מאד איך צו איהם, מיינסט, אפנים, ביי מיר איז יעהופעצער געלטען, האלבע פריאלען? נארעלע, זאג איך, וואס מיר פעהלט צו בראצקי'ן, מעגען מיר זיך ווינשען, מיר זאלען דאס ביידע פארדיענען ביז פסח“. — יא, מאכט ער, דאס ווייס איך אליין; נאר איהר מיינט, זאגט ער, מע באדארף דערצו האבען גרויסע געלטען? איין הונדערטער, זאגט ער, ווען איהר גיט מיר אצינד, מאד איך אייך פון איהם אין דריי־פיער טאג צוויי הונדערט, דריי הונדערט, זעכם הונדערט, זיעבען הונדערט, און פאר וואס

ניט טאַקי אַלע טויזענד? „עס קאָן זעהר שען געמאַהלט זיין, זאָג איך, עס זאָל זיין, ווי איז פּסוק שטעהט: ק ר ו ב ל ש ב ר ו ר ח ו ק מ ק ע ש ע נ י. נאָר ווען, זאָג איך, איז דאָס גערעדט געוואָרען? אז ס'איז דאָ וואָס איינצושטעלען; אָבער אַז ס'איז ניטאָ דער הונדערטער, קומט דאָך אויס, זאָג איך, ב ג פ ו י ב ו א ב ג פ ו י צ א — מאַכט רש"י: אַז מע לעגט אַריין קרענק, נעמט מען אַרויס קדחת". — עט נו, מאַכט ער צו מיר, אַ הונ־דערטער וועט זיך נאָך ביי אייך, רב טביה, געפינען; ביי אייער פּרנסה, זאָגט ער, מיט אייער נאָמען, קיין עין־הרע... „וואָס קומט, זאָג איך, אַרויס פון'ם נאָמען? אַ נאָמען איז אוּדאי זעהר אַ גוטע זאַך; נאָר וואָס דען? איך בלייב ביי'ם נאָמען, און געלט האָט טאַקי אַליץ בראַצקי... אויב דו ווילסט, זאָג איך, וויסען אַקוראַט, פאַרמאָג איך מיין אייגענס אָרום און אָרום קוים־קוים אַ הונדער־טער, האָב איך אויף איהם אַכטצעהן לעכער: ערשטענס, חתונה מאַכען אַ טאָכטער..." — הערסט דו, מאַכט ער, אָט דאָס מיינט דאָך טאַקי דער פּסוק! וואָרום ווען, זאָגט ער, קאָנט איהר, רב טביה, האָבען אַזאַ געלעגענהייט אַריינלעגען איין הונדערטער און אַרויס־נעמען, אם ירצה השם, אַזוי פיעל, אַז עס זאָל אייך, זאָגט ער, האָפּען אי אויף חתונה מאַכען קינדער, אי אויף עפּיס נאָך? און ס'איז אָוועקגעגאַנגען אַ נייער מזמור אויף דריי זייגער שעה, מיר געבען צו פאַרשטעהן, ווי אַזוי ער מאַכט פון אַ קערבעל דריי און פון דריי צעהן. מע נעמט, זאָגט ער, ראשית־חכמה, און מע טראָגט אַריין אַ הונדערטער און מע הייסט זיך, זאָגט ער, קויפען אַ צעהן שטיקלעך — איך האָב שוין פאַרגעסען, ווי אַזוי מע רופט דאָס — און מע וואַרט־צו עטליכע טעג ביז עס הויבט זיך אויף. שלאָגט מען אַ דיפּעש ערגיץ אַהין, מע זאָל דאָס פאַרקויפען און פאַר'ן געלט קויפען צוויי מאָל אַזוי פיעל; נאָכדעם הויבט זיך עס וויעדער אַ מאָל, קלאַפּט מען וויעדער אַ דיפּעש; אַזוי לאַנג אַזוי ברייט, ביז עס ווערד, זאָגט ער, פון'ם הונדערטער — צוויי, פון די צוויי — פיער, פון די פיער — אַכט, פון די אַכט — זעכצעהן, טאַקי ממש נסים

ונפלאות! פארהאז, זאגט ער, איז יעהופעץ אזעלכע, וואס זענען ערשט אט דא ניט לאנג ארומגעגאנגען אהן שטיוועל, געווען מעק־לער, באהעלפערס, משרתים; היינט האבען זיי אייגענע הייזער, מויערען, זייערע ווייבער האבען צו טהון מיט די מאגענס — פאה־רען קיין אויסלאנד זיך היילען... און אליין פליהען זיי ארום איבער יעהופעץ אויף גומעלאסטיקענע רעדלעך, פו־פו — דערקענען שוין נישט קיין מענטשען!...

בקיצור, וואס זאל איך אייך דא לאנג מאריך זיין? עס האט מיך אנגענומען א חשק ניט אויף קאטאוועס. א קשיה אויף א מעשה, טראכט איך מיר, אפשר איז ער דער גוטער שליח מיינער? אט הארך איך דאך פארט, מענטשען ווערען גליקליך אין יעהופעץ מיט פינף פינגער, — וואס בין איך ערגער פון זיי? קיין ליגנער איז ער, דאכט זיך, נישט, ער זאל אויסטראכטען פונ׳ם קאפ אזעלכע פזמונות. טאמער טאקי, קלער איך מיר, טהוט זיך עס טאקי א דרעה, ווי זאגט איהר, אויף דער רעכטער זייט, און טביה ווערד חאטש אויף דער עלטער א שטיקעל מענטש? ביז וואנעט איז טאקי דער שיעור צו הארעווען, אויסגעריסען ווערען, כלעבען? טאג ווי נאכט ווידער א מאל דאס פערד־און־וועגעלע און אבער א מאל קעז און פוטער. צייט, זאג איך, טביה, זאלסט שוין אפרוהען זיך, ווערען א בעל־הבית צווישען בעלי־בתים, קומען אין א בית־המדרש, אריינקוקען אין א אידישען ספר. אי וואס? טאמער חלילה, לא יעלה ולא יבוא, עס מאכט מיר לעמעל, דאס הייסט, מיט דער פוטער אראפ? למאי זאל איך בעסער ניט קלערען דאס אייגענע צוריק? — „הא? ווי אזוי זאגסט דו? — רוף איך מיך אן צו מיין אלטער. — ווי געפעלט דיר, אשטייגער, גאלדע, דער פלאן זיי־נער?" — וואס זאל איך, מאכט זי, דערויף זאגען? איך וויים, זאגט זי, מנחם־מענדעל איז חלילה נישט קיין אבי־ווער, וואס זאל ביי דיר וועלען אויסנארען; ער איז, חס ושלום, ניט פון קיין שניידערס און פון קיין שוסטערס! ער האט, זאגט זי, זעהר א לייטישען טאטען, און א זיידען, זאגט זי, האט ער געהאט גאר א

צאַצקע, געזעסען יומם ולילה און בלינדערהייד געלערענט תורה. און די באַבע צייטעל, זאָל זיין ווייט אָפּגעשיידט, איז עפּיס אויך געווען, זאָגט זי, ניט קיין פּראָסטע אידינע... „ס'איז אַ משל צו חנוכה־ליכטלעך, זאָג איך, מע רעדט עסק, קומט זי צו געהן מיט דער באַבע צייטעל, וואָס האָט געבאַקען האָניג־לעקאַך, און מיט איהר זיידען, וואָס י צ א ה נ ש מ ת ו ב ג ל ע ז ע ל... אַ אידינע בלייבט אַ אידינע. נישט אומזיסט, זאָג איך, איז שלמה המלך אויסגע־פאָהרען די גאַנצע וועלט און נישט געפונען איין אידינע מיט אַ קלעפּקע אין קאָפּ“...

בקיצור, עס איז געבליבען, אַז מיר שליסען שותפות; איך לעג אריין געלט, און מנחם־מענדעל — שכל, און וואָס גאָט וועט געבען איז דאָס אויף דערהאַלב. — גלויבט מיר, זאָגט ער, איך וועל מיט אייך, רב טביה, אם ירצה השם, אויסהאַנדלען פיין, וואָס פיין הייסט, און וועל אייך מיט גאָטס הילף געבען געלט און געלט און געלט! „אָמן, גם אתם, זאָג איך, פון דיין מויל אין גאָטס אויהערען. נאָר וואָס דען, זאָג איך, איין זאַך פאַרשטעה איך דאָ ניט: ווי אַזוי קומט די קאַץ איבער'ן וואַסער? איך בין דאָ, דו ביזט דאָרט; געלט, זאָג איך, איז איין איידעלע מאַטעריע, פאַרשטעהסט דו מיך. האָב קיין פאַראיבעל ניט, זאָג איך, איך מיין דאָ חלילה קיין אויבערקעפּלעך. גלאַט, ווי שטעהט דאָרט ביי אברהם אבינו: ה ז ו ר ע י ם ב ד מ ע ה ב ר נ ה י ק צ ר ו — בעסער פריהער באַוואָהרענט איידער נאָכדעם באַוויינט“... — אַך! — מאַכט ער צו מיר. — אפשר מיינט איהר צעשרייבען זיך אויף פּאַפּיער? מיט'ן גרעסטען כבוד! — „שאַ, זאָג איך, אַז מע וויל שמועסען צוריק, איז אויך די אייגענע מעשה: ממה נפשך, וועסט דו מיך וועלען קוילען, וואָס וועט מיר העלפען דאָס פּאַפּיער? ל א ו ע כ ב ר א ג נ ב א — נישט דאָס וועכסעל צאָהלט, דער מענטש צאָהלט, און אַז איך הענג שוין אויף איין פוס, זאָג איך, לאָם איך הענגען אויף ביידע“. — איהר מעגט מיר גלויבען, זאָגט ער, רב טביה, איך שווער אייך ביי מיין הייליגע נאמנות, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפען, ווי איך מיין

דא נישט קיין חכמות, חלילה אויסנארען ביי אייך, נאר פיין און ארענטליך, אם ירצה השם, זיך טהיילען אויף דערהאלב, גלייך אויף גלייך, חלק כחלק, חצי שלי וחצי שלך, מיר הונדערט, אייך הונ־דערט, מיר צוויי הונדערט, אייך צוויי הונדערט, מיר דריי הונדערט, אייך דריי הונדערט, מיר פיער הונדערט, אייך פיער הונדערט, מיר טויזענד, אייך טויזענד...

בקיצור, איך האב ארויסגענומען די עטליכע קערבלעך, דריי מאל איבערגעצעהלט, די הענט האבען מיר בשעת־מעשה גוט גע־טרייסעלט זיך, צוגערופען די אלטע מיינע פאר איין עדות, איהם נאך א מאל קלאר געמאכט, וואס פאר א בלוטיג געלט דאס איז, און אוועקגעגעבען מנחם־מענדלען, איינגענייהט איהם אין בוזעם אריין, מע זאל דאס ביי איהם חלילה אונטערוועגענס נישט אוועק׳לקח׳ע־נען, און אפגערעדט מיט איהם, אז אם ירצה השם, לא־יאוחר פון נאך שבת׳דיגער וואך באדארף ער מיר למען־השם אריינשרייבען א בריוועל פון אלסדינג באריכות, זיך אפגעזעגענט מיט איהם פיין, שען, צעקושט זיך גאר פריינדליך, ווי געוויינטליך מיט איין איי־גענעם. געבליבען אליין נאך זיין אוועקפאהרען, האבען זיך מיר אנגעהויבען פארשטעלען אלערליי מחשבות און חלומות אויף דער וואהר, און אזעלכע זיסע חלומות, אז עס האט זיך מיר געוואלט, אז זיי זאלען זיך ציהען אייביג, קיינמאל נישט אויסלאזען זיך. עס האט זיך מיר פארגעשטעלט אין מיטען שטאדט א שטוב א גרויסע, מיט בלעך געדעקט, מיט שטאלען, מיט קאמערען, קעמערלעך און שפייזארנעס מיט אלדאס גוטס, און א בעל־הבית׳טע מיט שליסעל דרעהט זיך ארום, דאס איז מיין ווייב גאלדע — גאר נישט צו דער־קענען זי, בלעבען: זי האט באקומען גאר איין אנדער פנים, א פנים פון א נגידית, מיט א גוידער און מיט א האלז פערעל; זי בלאזט פון זיך און שעלט די דיענסטען מיט טוידטע קללות. די קינדער מיינע דרעהען זיך ארום אלע מיט שבת׳דיגע קליידער, טהוען נישט קיין האנט אין קאלט וואסער. דער הויף איז פארפלייצט מיט עופות, גענז און קאטשקעס. אינוועניג אין שטוב לייכט זיך, אין

אויוועז פלאַקערט אַ פייער, עס קאָכט זיך וועטשערע, און דער סאַמאָוואַר זידט ווי אַ גזלן! ביי'ם טיש אויבען־אָן זיצט דער בעל־הבית אַליין, טביה הייסט דאָס, אין אַ חאַלאַט מיט אַ יאַר־מעלקע, אַרום איהם זיצען די פּאַרנעמסטע בעלי־בתים פון שטאָדט און חנפ'ענען איהם: זייט־זשע מוחל, רב טביה... האָט קיין פּאַראיבעל ניט, רב טביה... „אַי, קלער איך מיר בשעת־מעשה, אַ רוח אין געלט'ס טאַטענס טאַטע אַריין!..." — ווען שעלטס דו דאָס אין טאַטען אַריין? — פרעגט מיך מיין גאָלדע. „קיינעם ניט, זאָג איך, איך האָב מיך אַ ביסעל פאַרטראַכט, מחשבות, חלומות, אַ נעכטיגער טאָג... זאָג מיר, גאָלדע סערדצע, מאַך איך צו איהר, דו ווייסט נישט מיט וואָס האַנדעלט ער, דער קרוב דיינער, מנחם־מענדעל מיין איך?" — וואָס עס האָט זיך מיר, זאָגט זי, גע'חלומ'ט יענע נאַכט און היינטיגע נאַכט און אַ גאַנץ יאָהר זאָל אויסגעהן צו מיינע שונאים'ס קעפּ! סטייטש, זאָגט זי, מע זיצט אָפּ מיט אַ מענטשען אַ גאַנץ מעת־לעת און מע רעדט און מע רעדט, לסוף קומסט דו צו געהן און פרעגסט ביי מיר מיט וואָס ער האַנדעלט?! עפּיס האָט איהר דאַך, זאָגט זי, געמאַכט אינ־איינעם אַ געשעפט, צי וועלכע גוטע יאָהר? „יאָ, זאָג איך, גע־מאַכט, זאָג איך, האָבען מיר, נאָר וואָס געמאַכט — דאָס ווייס איך ניט, חאָטש נעם מיר אַראָפּ דעם קאָפּ! ס'איז, פאַרשטעהסט דו מיך, נישטאָ ביי וואָס אָנצונעמען; נאָר פון דעסטוועגען, זאָג איך, איינס צום אַנדערען געהער זיך נישט אָן, זאָלסט זיך גאָר ניט זאָרגען, מיין ווייב, דאָס האַרץ זאָגט מיר צו גוטען, מיר וועלען, אם ירצה השם, אַזוי דאַכט זיך מיר, פאַרדינען געלט, און אַ סך — זאָג־זשע אָמן און קאָך וועטשערע!"

בקיצור, עס געהט אַוועק אַ וואָך און צוויי און דריי — ניטאָ קיין בריעף פון מיין שותּף! איך בין אויס מענטש, געה אַרום אָהן אַ קאָפּ און ווייס ניט וואָס צו טראַכטען. עס קאָן ניט זיין, קלער איך מיר, ער זאָל גלאַט אַזוי פאַרגעסען שרייבען אַ בריוועל; ער ווייסט גאַנץ גוט, ווי אַזוי מיר קוקען דאָ אַרויס. נאָר ווייטער

פליהט מיר דורך אַ געדאַנק אין קאָפּ: וואָס וועל איך איהם טהון, למשל, אַז ער נעמט זיך דאָרט אַראָפּ פון אויבען די גאַנצע סמעטענע און מיר זאָגט ער, אַז מע האָט נאָך גאָר ניט פאַרדיענט? געה רוף איהם קנאַק־ניסעל! עס קאָן ניט זיין, מאַך איך צו זיך אַליין, סטייטש, היתכן?... איך באַגעה מיך מיט אַ מענטשען טאָקי נאָר ווי מיט איין אייגענעם, לאָז דאָס מיר אַקעגען קומען וואָס איך ווינש איהם, זאָל ער מיר אָפּטהון אַזאַ שפּיצעל?! און ווידער פליהט מיר דורך גאָר איין אַנדערע מחשבה: מילא, ריוח יאָק ריוח, איך בין איהם שוין מוחל דאָס פאַרדיענסט, ריוח והצלה יעמוד ליהודים — גאָט זאָל העלפען דאָס קרן זאָל חאָטש זיין גאַנץ! און עס ווערד מיר קאַלט אין אַלע אברים. „אַלטער נאַר! — זאָג איך צו זיך אַליין. — זיך געגייהט אַ בייטעל, דו טפּש איינער, בהמה בצורת פערד! פאַר דעם הונדערטער בעסער געווען קויפען זיך פערדלעך אַ פּאָר, אשר לא פערדלו אבותינו, און דאָס וועגעלע איבערגעביטען אויף אַ נאַטאַטשאַנקע מיט רעסאָרען“... — טביה, למאי טראַכסט דו עפּיס גאָר ניט? — מאַכט צו מיר מיינע. — „וואָס הייסט, זאָג איך, איך טראַכט נישט? דער קאָפּ ווערד מיר אַקערשט צעפּאַלען אויף שטיקלעך טראַכטענדיג, זאָגט זי צו מיר, למאי איך טראַכט ניט!“ — נישט אַנדערש, מאַכט זי, עס האָט זיך אין וועג מיט איהם עפּיס געטראָפען: אָדער גזלנים, זאָגט זי, זענען איהם באַפאַלען און באַנומען פון קאָפּ ביז פיס, אָדער ער איז חלילה פאַרשלאָפט געוואָרען, אָדער גאָר, אַל תפתח פה, געשטאָרבען. — „וואָס נאָך, זאָג איך, וועסט דו אויסטראַכטען, נשמה מיינע? נאַ דיר גאָר גזלנים, זאָג איך, פּלוצים אין מיטען דרינען!“ און אַליין טראַכט איך מיר: אַ קשיה וואָס מיט אַ מענטשען קאָן זיך טרעפען אונטערוועגנס? „דו באַדאַרפסט, זאָג איך צו איהר, מיין ווייב, תמיד אויסלעגען צום ערגסטען!“ — ער איז, מאַכט זי, פון אַזאַ משפּחה; די מאַמע זיינע, זאָגט זי, זאָל זיין אַ מליץ־יושר'טע, איז ניט לאַנג געשטאָרבען נאָך גאָר אַ יוגענד, און דריי שוועסטער, זאָגט זי, האָט ער געהאַט, זאָלען זיין

ווייט אָפּגעשיידט פון מיר, איז איינע נאָך מיידעלווייז געשטאָרבען, די אַנדערע האָט דוקא, זאָגט זי, חתונה געהאַט, געחאַפּט אַ פאַר־קיהלונג אין באָד און איז געשטאָרבען, און די דריטע, זאָגט זי, איז תיכף נאָכ׳ן ערשטען קימפּעט אַראָפּ פונ׳ם זינען, זיך געמוטשעט־געמוטשעט און געשטאָרבען... „געשטאָרבען זאָל לעבען, זאָג איך, נאַלדע, מיר וועלען אַלע, זאָג איך, שטאַרבען; אַ מענטש, זאָג איך, איז געגליכען צו אַ סטאָליר: אַ סטאָליר לעבט און לעבט און שטאַרבט, און אַ מענטש לעבט און שטאַרבט“.

בקיצור, עס איז ביי אונז געבליבען, אַז איך פאָהר זיך דורך קיין יעהופּעץ. סחורה אַביסעל האָט זיך דערווײַלע אין דער צייט צענויפגעקליבען, ס׳איז געוואָרען אַ היבש קרעמעל פון קען און פון פוטער און פון סמעטענע, פּרימאַ סחורה; מיינער האָט איינ־געשפּאַנט דאָס פערד־און־וועגעלע און — ו י ס ע ו מ ס ו כ ו ת — מאַכט רש״י: מאַרש קיין יעהופּעץ. פאָהרענדיג אַזוי, מרה־שחורה׳דיג געוויינטליך, מיט אַ ביטער האַרץ, ווי איהר קאָנט זיך פאַרשטעלען, איינער אַליין אין וואַלד, געהט מיר דורך דער כח־הדם און עס שטעלען זיך מיר פאַר אַלערליי מחשבות און געדאַנ־קען. „עס וועט זיין שען, טראַכט איך מיר, אַז איך קום צו פאָהרען און הויב אָן נאָכפרעגען אויף מיין פאַרשויז, זאָגט מען מיר: מנחם־מענדעל? טע־טע־טע! שטאַרק אין די פעדערען, סמאַלעט אַ וועלט, איין אייגענעם מאָוועך, פאָהרט אין קאַרעטעס, גאָר ניט צו דערקענען! איך נעם מיך אָן, טראַכט איך מיר, מיט האַרץ און לאָז מיך צו איהם גלייך אין שטוב אַריין. טפּררו! — מאַכט מען צו מיר ביי דער טיהר נאָך און מע גיט מיר מיט׳ן עלענבויגען אין האַרצען אַריין. — שטופּט זיך ניט אַזוי, פעטער, דאָ שטופּט מען זיך ניט. — „איך בין, זאָג איך, איין אייגענער, טאַקי מיין ווייב׳ס אַ גליעד־גליעד־געשוועסטערקינד“. מזל־טוב אייך, זאָגט מען מיר, שטאַרק אַנגעלעיט; פון דעסטוועגען, זאָגען זיי, מעגט איהר, ניש־קשה, צו־וואַרטען אַביסעל אַט־אָ־דאָ ביי דער טיהר, עס וועט אייך חלילה גאָר ניט שאַדען... איך שטוים מיך אָן, אַז מע באַדאַרף

עפּיס געבען, ווי זאָגט איהר: עולים ויורדים — אַז מע שמירט, פאָהרט מען, און לאָז מיך גלייך אַרויף צו איהם אַליין. — „גוט מאָרגען אייך, זאָג איך צו איהם, רב מנחם־מענדעל!" ווער? וואָס? אין אומר ואין דברים — ער דערקענט מיך גאר ניט! — וואָס דאַרפט איהר? — מאַכט ער צו מיר. איך פאַל שיער חלשות. — „וואָס הייסט, זאָג איך, פאַני, איהר דערקענט שוין ניט, זאָג איך, קיין קרוב? טביה הייס איך". — אַ? — מאַכט ער. — טביה? עפּיס קענטליך דער נאָמען... „קענטליך? — מאַך איך צו איהם. — אפשר איז אייך קענטליך, זאָג איך, מיין ווייב'ס בלינצים, דערמאַנט זיך נאָר אַקאַרשט, מיט איהרע קני־שעס, צרות־קניידלעך, ווערטוטען?"... און צוריק פליהט מיר דורך אַ געדאַנק פונקט קאַפּויר: איך קום אַריין צו מנחם־מענדלען, טראָגט ער מיר אַקעגען דעם ברייטען שלום־עליכם. — אַ גאַסט! אַ גאַסט! זיצט, רב טביה, וואָס מאַכט איהר עפּיס, וואָס מאַכט אייער ווייב? איך קוק שוין אַרוים אויף אייך, איך וויל מיך מיט אייך צערעכענען. — און ער נעמט און שיט מיר אַן אַ פולע היטעל מיט האַלבע פּריאַלען. — דאָס, זאָגט ער, איז דאָס פאַרדיענסט, און דאָס קרן, זאָגט ער, בלייבט שטעהן; וויפיעל מיר וועלען פאַר־דיענען, וועלען מיר זיך טיילען אויף דער האַלב, גלייך אויף גלייך. חלק כחלק, חצי שלי וחצי שלך, מיר הונדערט, אייך הונדערט, מיר צוויי הונדערט, אייך צוויי הונדערט, מיר דריי הונדערט, אייך דריי הונדערט, מיר פיער הונדערט, אייך פיער הונדערט... אין געדאַנ־קען חאַפּ איך אַ דרימעל און זעה נישט, ווי מיין בחור שלאָגט זיך דערווייל אַראָפּ פונ'ם שליאַך אַן אַ זייט, פאַרטשעפּעט דאָס וועגעלע אַן אַ בוים, און עס דערלאַנגט מיר אַ זעץ פון הינטען, עס פליהען אַזש פונקען פון די אויגען. „גם זו לטובה, זאָג איך צו מיר אַליין, דאַנקען גאָט, וואָס חאָטש ניט צעבראָכען קיין אַקס"...

בקיצור, געקומען קיין יעהופּעץ און קודם־כל אָפּגעזעצט דאָס ביסעל מילכיגס גיך און געשווינד, ווי געוויינטליך, לאָז איך מיך זוכען דעם נפש מיינעם. איך דרעה מיך אַרום אַ שעה און צוויי און דריי,

והילד איננו — איך זעה איהם נישט! איך הויב אָן אָפּשטעלען מענטשען, נאָכפרעגען: „צי האָט איהר ניט געהערט, צי האָט איהר ניט געזעהען איינעם אַ אידען, וואָס הייסט מיט זיין ליעבען נאָמען מנחם־מענדעל?“ — אויב, זאָגען זיי, ער הייסט מנחם־מענדעל, מעג מען עסען פון זיין פענדעל, נאָר דאָס אַליין איז קאָרג, זאָגען זיי, מנחם־מענדעלס איז דאָ אַ סך אויף דער וועלט. — „איהר מיינט מסתמא, זאָג איך, זיין פאַרמעלי? לאָז מיך אַזוי וויסען בייז, זאָג איך, מיט אייך אינאיינעם, אַז בסך־הכל, זאָג איך, אויב איהר ווילט וויסען, רופט מען איהם אין דערהיים, אין כתרילעווקע הייסט דאָס, גאָר אויף זיין שוויעגער'ס נאָמען, מנחם־מענדעל לאה־דוואָסים; נאָר וואָס דאַרפט איהר מעהר, זאָג איך, זיין שווער איז שוין גאָר אַ באַטאַגטער איד, הייסט ער אויך אויף איהר נאָמען, ברוך־הערש לאה־דוואָסים, און אפילו זי אַליין, לאה־דוואָסי מיין איך, הייסט אויך לאה־דוואָסי ברוך־הערש לאה־דוואָסים. היינט פאַרשטעהט איהר שוין?“ — פאַרשטעהן פאַר־שטעהען מיר, זאָגען זיי, נאָר דאָס איז נאָך אַלץ נישט גענוג; וואָס איז זיין געשעפט, זאָגען זיי, מיט וואָס פאַרנעמט ער זיך, אייער מנחם־מענדעל? „מיט וואָס ער פאַרנעמט זיך? — זאָג איך. — ער האַנדעלט דאָ מיט האַלבע פריאַלען, זאָג איך, עפּיס בעס־מת, פּאַטיוווילאָוו. קלאַפּט, זאָג איך, דיפּעשען ערגיץ אַהין, קיין פּעטערבורג, קיין וואַרשאַ“... — אַ?! — מאַכען זיי צו מיר און קאַטשען זיך פאַר געלעכטער. — מיינט איהר ניט אָט יענעם מנחם־מענדעל, וואָס האַנדעלט מיט יקנה"ז? געהט זייט מוחל אַריבער, זאָגען זיי, אַהינצו, אויף יענער זייט; דאָרט לויפען אַרום האָזען אַ סך, און אייערער אויך בתוכם... „מעהר מע לעבט, מעהר עסט מען, — טראַכט איך מיר, — נאָ דיר גאָר האָזען? יקנה"ז?“ איך געה אַריבער אַהין, אויף יענעם טרעטאַר — אידען, קיין עין־הרע, ווי אויף אַ יריד, ס'איז איין איינגשאַפּט, קוים וואָס איך שטופּ מיך דורך; מע לויפט, ווי די משוגעים, דער אַהין, דער אַהער, איינער איבער'ן אַנדערען, ס'איז איין עולם־התוהו, מע

רעדט, מע שרייט, מע מאַכט מיט די הענט: פּאַטיווילאַוו... פּעסט, פּעסט!... געחאַפּט בײַ'ם וואָרט... אַרײַנגערוקט אײַן אַדערויף... וועט זיך קראַצען... מיר קומט קאַרטאַזש... ביזט אַ גרויסער פֿאַרד... אַט צעשפּאַלט מען דיר דעם קאָפּ... שפּײַ איהם אָן אין פּנים... זעה נאָר, געקוילעט די קאַפּאָטע... אַ שענער שפּעגעלאַנט... אָנ־זעצער!... משרת!... אין טאַטענס טאַטען!... עס האַלט כמעט בײַ פּעטש. „ו י ב ר ח י ע ק ב, מאַך איך צו מיר אַליין, אַנטלויף, טביה, אַט חאַפּסט דו אַ פּאַטש! נו, נו, קלער איך מיר, גאָט איז אַ פֿאָטער, שמואל־שמעלקי איז זײַן דיענער, יעהופּעץ איז אַ שטאָדט און מנחם־מענדעל איז אַ פּאַרדיענער! אָט־אַ־דאָ־אָ, טראַכט איך, חאַפּט מען גליקען, האַלבע פּריאַלען? אָט־אַ־דאָס־אָ הייסט בײַ זיי מע מאַכט געשעפטען? אַז אָך און וועה איז דיר, טביה, מיט דײַנע מסחרים!"

בקיצור, איך שטעל מיך אָפּ נעבען אַ גרויס פּענסטער מיט אַרויסגעשטעלטע הויזען אַ סך און דערזעה דורך דעם אָפּשײַן פֿונ'ם גלאָז מײַן שמעיה בעל־פּרנסה. עס האָט זיך מיר אָפּגעריסען אין האַרצען, אַז איך האָב איהם דערזעהען. ס'איז מיר פּרחה־נשמתו געוואָרען! וואו איך האָב ערגיץ אַ שונא און וואו איהר האָט אַ שונא — זאָלען מיר איהם דערלעבען זעהען אין אַזאַ הולך, ווי מנחם־מענדעל: וואָס מיר קאַפּאָטע? ווער מיר שטיוועל? און אַ פּנים — טאַטעניו, אַ שענערען לעגט מען אין דער ערד אַרײַן. — „נו, טביה, כ א ש ר א ב ד ת י א ב ד ת י — ביזט אין דער ערד, טראַכט איך מיר, מעגסט זיך שוין געזעגענען מיט די עטליכע גראָשענס, עס איז שוין, ווי זאָגט איהר: ל א ד ו ב י ם ו ל א י ע ר — ניט קיין סחורה, ניט קיין געלט, נאָר גלאַט אַזוי צרות"...

ער פֿון זײַן זייט איז, אַפּנים, אויך שטאַרק מבולבל געוואָרען, מחמת מיר זענען בײַדע געבליבען שטעהן ווי צוגעקאָוועט, נישט אויסצורעדען קיין וואָרט אפילו, און נאָר געקוקט און געקוקט, ווי

די האָהנען, זיך גלייך אין די אויגען אַריין, ווי איינער רעדט: פאַרוויסט און פאַרפינסטערט זענען מיר ביידע געוואָרען, מיר מעגען ביידע נעמען טאָרבעס און געהן איבער די הייזער!... — רב טביה, — מאַכט ער צו מיר שטיל, קוים וואָס ער רעדט, און די טרערען וואָרגען איהם, — רב טביה! אַהן מזל, הערט איהר, זאָל מען גאָר, זאָגט ער, ניט געבאָרען ווערען אויף דער וועלט! איידער, זאָגט ער, אַזאַ לעבען... הענגען, זאָגט ער, גנאָטעווען!... און מעהר קאָן ער קיין וואָרט נישט רעדען. — „אודאי, מאַך איך צו איהם, ביזט דו ווערטה, מנחם־מענדעל, פאַר אַזאַ מעשה, מע זאָל דיך אַנידערלעגען אַט־אַ־דאָ, זאָג איך, אין מיטען יעהופּעץ, און ברכוש גדול דיר אַריינציםבלען אַזוי פיעל, אַז דו זאָלסט דיך דערזעהען מיט דער באָבע צייטעל פון יענער וועלט. באַרעכען, זאָג איך, דו אַליין, וואָס האָסט דו געטהאָן? האָסט גענומען, זאָג איך, אַ גאַנצע שטוב מיט לעבעדיגע נפשות, צער־בעלי־חיים נעבאַך, גאָט די נשמה שולדיג, און האָסט זיי איבערגעקוילעט דעם האַלז אָהן אַ מעסער! גוואַלד, זאָג איך, מיט וואָס וועל איך קומען אַצינדערט אַהיים צו מיין ווייב און קינדער? אַדרבה, זאָג שוין דו אַליין, קוילער איינער, גזלן, רוצח!" — אמת, — מאַכט ער צו מיר, אָנגעשפּאַרט זיך צו דער וואַנט, — אמת, רב טביה, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפען... „דער גיהנם, זאָג איך, נאָר איינער, דער גיהנם איז דאָך קאָרג פון דיינעטוועגען!" — אמת, זאָגט ער, רב טביה, אמת, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפען; איידער אַזאַ לעבען, זאָגט ער, איידער אַזאַ לעבען, רב טביה... און לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. איך שטעה און באַטראַכט איהם, דעם שלים־מזל, ווי ער שטעהט אַזוי דעם קאָפּ אַראָפּ, צוגעשפּאַרט צום וואַנט, דאָס היטעל אויף אַ זייט, יעדער זיפץ און יעדער קרעכץ — עס רייסט אוים אַ שטיק האַרץ. „טאָ, זאָג איך, אַז מע וויל שמועסען דאָס אייגענע ווידער צוריק, פאַרשטעהט מען גאַנץ גוט, דו ביזט אפשר אין דעם אויך גאָט די נשמה שולדיג; וואָרום לאָמיר באַרעכענען די זאַך אַרום און אַרום מיט אַ ממה־נפשך: איך זאָל קלערען, זאָג איך, אַז דיין שלעכטיג־

קיין האָט דאָס געטהאָן, איז דאָך עס נאַריש, ביזט דאָך געווען, זאָג איך, אַ שותף גלייך מיט מיר, אַ מחצה־שכר׳ניק. איך האָב אַריינגעלעגט געלט, דו האָסט געגעבען שכל, אַז אַך און וועה איז מיר! דיין מיין איז אודאי געווען, ווי זאָגט ער, לחיים ולא למות. אַי, עס האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם? מסתמא איז ניט באַשערט, ווי זאָגט איהר: א ל ת ת ה ל ל ב י ו ם מ ח ר — אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. למאַי, זאָג איך, נאַרעלע, אַט האָסט דו מיין מסחר, איז, דאַכט זיך, גאָר אַ קאַראַנטע געשעפט, פון דעסטוועגען, אַז ס׳איז באַשערט געווען, זאָג איך, ניט היינט געדאַכט, פאַר אַ יאָהרען אַסיען, עס זאָל זיך ביי מיר, ניט פאַר דיר געדאַכט, אַנידערלעגען אַ בהמה, אַ מציאה געווען אויף טרפה׳ס אַ פופציגער, און טאַקי באַלד נאָך איהר אַ טעלעצע אַ רויטע, קיין צוואַנציג קערבלעך וואָלט איך פאַר איהר ניט גענומען, — נו, האָט דען עפּים געהאָלפען דערביי חכמות? אַז סע געהט ניט, זאָג איך, מאַכט קמץ־בית — מע! איך וויל דיך גאָר ניט פרעגען, זאָג איך, וואו איז מיין געלט; איך פאַרשטעה שוין אַליין, וואו מיין געלט שטעקט, מיין בלוטיג געלט, וועה און ווינד איז מיר! ס׳איז אַריין אין אַ מקום קדושה, זאָג איך, ערגיץ אין אַ יקנה"זעל, אין אַ נעכטי־גען טאָג; און ווער איז שולדיג, ווען ניט איך אַליין, וואָס האָב מיך געלאָזט איינרעדען גרינגע פויגעלעך, שמינדריקעס, שמאַכטע־ליאַקעס? געלט, ברודער, באַדאַרף מען, זאָג איך, פאַרהאַרעווען, פאַרשוואַרצט און אויסגעריסען ווערען! פּעטש, זאָג איך, ביזט דו, טביה, ווערטה, פּעטש ווי האָליץ!! נאָר וואָס העלפט איצטער מיין געשריי? ווי אין פּסוק שטעהט געשריבען: צ ע ק ה ה נ ע ר ה — שריי צעזעצטערהייד! שכל און חרטה — דיביידע זאָכען קומען תמיד צו שפּעט. ניט באַשערט, זאָג איך, טביה זאָל זיין אַ נגיד, ווי זאָגט איוואַן: נע בולאָ או מעקיטע הראָשע אי נע בודע*. מסתמא, זאָג איך, הייסט גאָט אַזוי. ה׳ נתן וה׳ לקח, מאַכט

---

* נישט געווען ביי מעקיטען קיין געלט און עס וועט ניט זיין.

רש"י — קום, ברודער, וועלען מיר נעמען, זאג איך, צו ביסלעך בראַנפען!"...

* * *

אַט אַזוי, פּאַני שלום־עליכם, האָט זיך אויסגעלאָזט פון אַלע מיינע חלומות אַ בוידעם! און איהר מיינט אפשר, אַז איך האָב מיך אַזוי שטאַרק גענומען צום האַרצען, וואָס איך האָב פאַרלאָרען מיין געלט? לאָם איך אַזוי ריין זיין פון שלעכטס! מיר ווייסען דאָך יאָ וואָס אין פסוק שטעהט: ל י  ה כ ס ף  ו ל י  ה ז ה ב — געלט איז בלאָטע! דער עיקר איז דער מענטש, דאָס הייסט, אַז דער מענטש איז אַ מענטש. נאָר וואָס־זשע דען האָט מיך גע־קרענקט? דער חלום וואָס ער איז אָוועקגעגאַנגען. עס האָט זיך מיר געוואָלט, אוי האָט זיך געוואָלט, זיין אַ נגיד, חאָטש אויף אַ ווײַלע! נאָר עס העלפט דען דערבײַ חכמות? ווי זאָגט דער פּרק: ב ע ל ־ כ ר ח ך  א ת ה  ח י — מיט גוואַלד לעבסט דו און מיט גוואַלד צערייסט דו אַ פּאָר שטיוועל. דו, טביה, זאָגט גאָט, באַ־דאַרפסט אין זינען האָבען קעז און פּוטער, נישט קיין חלומות. אַי וואָס? בטחון? האָפענונג? אדרבה, וואָס מעהר צרות מעהר בטחון, וואָס מעהר קבצן מעהר האָפענונג. והראיה?... נאָר מיר דאַכט, איך האָב מיך היינט אַביסעל פאַררעדט; צייט פאָהרען, קלערען מכח געשעפט, ווי זאָגט איהר, כ ל  ה א ד ם  כ ו ז ב — איטליכער האָט זיך זיינע מכות. זייט מיר געזונט און האָט אַ גוטען תמיד!

# הײנטיגע קינדער

— אַקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט: הײנטיגע קינדער. בנים גדלתי ורוממתי — גוּט האָב זײ, ווער פאַרשוואַרצט, זײ זיך מפקיר פון זײערטוועגען, האַרעווע טאָג װי נאַכט, וואָס איז? מע מײנט, טאָמער אַזױ און אפשר אַזױ, איטליכער נאָך זײן השגה און נאָך זײן פאַרמעגען. צו בראָצקי׳ן, געװײנטליך, װעל איך ניט אָנשלאָגען, נאָר איך זאָל מיך שױן אײנגאַנצען אַראָפּלאָזען — בין איך אױך נישט מחויב, וואָרום אַלײן בין איך אױך נישט קײן אַבי־װער, כלעבען, און אַרױסקומען קומען מיר אַרױס, װי מײן װײב זאָל לעבען זאָגט, אױך נישט פון קײן שנײדערס און ניט פון קײן שוסטערס, האָב איך גערעכענט, אַז איך װעל מיט מײנע טעכטער געװיס אױסשפּיעלען. פאַר וואָס? ערשטענס, האָט מיך גאָט געבענשט מיט שענע טעכטער, און אַ שען פּנים, זאָגט איהר דאָך אַלײן, איז אַ האַלבער נדן. והשנית, בין איך דאָך עפּיס הײנט, מיט גאָטס הילף, ניט דער טביה, וואָס אַמאָל, קאָן איך דאָך שױן גרײכען צום שענסטען שדוך אפילו אין יעהופּעץ, — האַ, װי זאָגט איהר? איז דאָך אָבער פאַרהאַן אַ גאָט אױף דער װעלט, אײן אל רחום וחנון, וואָס באַװײזט זײנע גרױסע װאונדער און מאַכט מיט מיר זומער און װינטער, אַרױף און אַראָפּ, מאַכט ער צו מיר: „טביה, רעד זיך נישט אײן קײן נאַרישקײטען און לאָז זיך די װעלט פיהרען װי זי פיהרט זיך!“... הערט וואָס עס קאָן זיך פאַרלױפען אױף דער גרױסער װעלט, און בײ װעמען טרעפען זיך אַלע גליקען? בײ טביה שלים־מזל.

בקיצור, צו וואָס זאָל איך אײך מאריך זײן? איהר געדענקט דאָך מן הסתם, וואָס מיך האָט געטראָפען, ניט הײנט געדאַכט, די

מעשה מיט'ן קרוב מיינעם, מנחם־מענדעל ימח שמו וזכרו, ווי שעז מיר האָבען זיך אויסגעהאַנדעלט אין יעהופּעץ, מיט די האָלבע פּריאַלען און מיט די פּאַטאַוויליווער אַקציעס, אַזאַ יאָהר אויף מיינע שונאים! איך האָב דאָס דענסטמאָל איינגעלעגט די וועלט, ווערה איז מיר! געמיינט, ס'איז איין עק, אוים טביה און אוים מילכיגס! „נאָר איינער! — זאָגט צו מיר איינמאָל די אַלטע מיינע. — גענוג צו זיין פאַרזאָרגט, דו וועסט דערמיט גאָר ניט מאַכען! דו וועסט זיך נאָר אָפּעסען דאָס האַרץ, און גענוג. עלעהיי גזלנים זענען אויף אונז אָנגעפאַלען און צוגענומען... דו געה זיך בעסער דורך, זאָגט זי, קיין אַנאַטעווקע, צו לייזער־וואָלף דעם קצב, ער באַדאַרף דיך, זאָגט ער, נויטיג האָבען". — וואָס איז דאַרטען? וואָס באַדאַרף ער מיך אַזוי נויטיג? אויב ער מיינט, זאָג איך, די מאורע בהמה אונזערע, מעג ער נעמען אַ שטעקען און אַרויסשלאָגען זיך פונ'ם קאָפּ. — „וואָס איז אַזוינס? — מאַכט זי צו מיר. — די מילך, וואָס מע האָט זיך אָן פון איהר, מיט'ן קעז און פּוטער?" — נישט צוליעב דעם, זאָג איך, נאָר גלאַט אַזוי; ערשטענס, איז פּשוט איין עבירה אַזעלכעס אַוועקגעבען אויף דער שחיטה, אַ צער־בעלי־חיים. ביי אונז שטעהט געשריבען אין דער הייליגער תורה... — „אָבער גענוג דיר שוין, טביה! די גאַנצע וועלט, זאָגט זי, ווייסט, אַז דו ביזט אַ איד פון תורה. פאָלג מיך, אַ ווייב, געה זיך דורך צו לייזער־וואָלפ'ען. אַלע דאָנערשטאָג, זאָגט זי, ווען אונזער צייטעל קומט אין יאַטקע אַריין נאָך פלייש, לאָזט ער זי נישט לעבען; זאָלסט זאָגען, זאָגט ער, דעם טאַטען, ער זאָל קומען צו געהן, איך באַדאַרף איהם נויטיג האָבען"...

בקיצור, מע באַדאַרף פאָלגען אַ מאָל, ווי זאָגט איהר, אַ ווייב אויך. ביין איך מיך מיישב און לאָז מיך איינרעדען און קום צו געהן צו לייזער־וואָלפ'ען קיין אַנאַטעווקע, אַ ווערסט דריי פון אונז, און טרעף איהם נישט מסתמא אין דער היים. — וואו איז ער ערגיץ? — טהו איך אַ פרעג אַ קאָרנאָסע אידינע, וואָס דרעהט זיך אַרום אין שטוב. — „אין פּראָיעקט, מאַכט די קאָרנאָסע, מע

קוילעט איין אכס פון גאנץ פריה אן, ער באדארף באלד אנקומען"...
איך דרעה מיך ארום איינער אליין אין שטוב און הויב אן צו באַ־
טראכטען לייזער־וואלפ'ס בעל־הבתישקייט — קיין עין־הרע, א גוטס
אויף אלע מיינע ליעבע: א שאפע מיט קופער, מע וועט זי נישט
אויסקויפען מיט קיין ק"ן קערבלעך, א סאמאוואר און נאך א
סאמאוואר, און א טאץ א מעשענע, און נאך איינע א ווארשאווער,
און לייכטער א פאר זילבערנע, און כוסות מיט כוסה'לעך געגילטע,
און א חנוכה־לעמפעל א געגאסענס, און נאך זאכען, שמאכטעליא־
קעס אהן איין עק. רבונו של עולם! — טראכט איך מיר. — ווי
דערלעב איך אזא גוטס ביי מיינע קינדער זאלען געזונט זיין!...
אזא בר־מזל ווי דער קצב איז! גענוג וואס ער איז אזוי רייך,
באדארף ער האבען זיין אייגענס אינגאנצען צוויי קינדער, שוין
אויסגעגעבענע, און נאך בלייבען איין אלמן אויף דערצו!...

בקיצור, גאט האט געהאלפען, עס עפענט זיך די טהיר און עס
קומט אריין לייזער־וואלף אין כעס, מלא רציחה אויפ'ן שוחט. ער
האט איהם גאר אומגליקליך געמאכט, פארשניטען איין אכס, א
דעמב די גרויס, פארחאפט זאל ער ווערען, איבער א קלייניגקייט
איהם טריפה געמאכט, געפונען א סרכה'לע אויף דער לונג, ווי א
שפילקע־קעפעל די גרויס, איינגעזונקען זאל ער ווערען! — „גאט
העלף, רב טביה, מאכט ער צו מיר, וואס איז די מעשה, וואס מע
קאן אייך גאר נישט דעררופען זיך? וואס מאכט א איד?" —
וואס זאלען מיר מאכען, זאג איך; מע מאכט און מע מאכט און
מע האלט, זאג איך, נאך אלץ פון פארענט, ווי אין פסוק שטעהט:
לא מעוקצך ולא מדובשך — נישט קיין געלט, נישט
קיין געזונט, נישט קיין לייב און לעבען. — „איהר זינדיגט, רב
טביה, מאכט ער צו מיר, ווערליג אייך איז געוועזען אמאל, ניט
היינט גערדאכט, זענט איהר דאך איצט, קיין עין־הרע, א גביר". —
וואס מיר פעהלט, זאג איך, צו דעם, וואס איהר מיינט, מעגען מיר
דאס ביידע פארמאגען... נאר גאר נישט, דאנקען גאט דערפאר.
ס'איז פארהאן, זאג איך, א גמרא: „אםכקורדא דמםקנתא

ד ק ר נ ו ס א ד פ ר ס מ כ ת א "... און אין האַרצען טראַכט איך מיר: זאָלסט אַזוי זיין מיט דער נאָז, קצב'ניאַק, ווי ס'איז גאָר פאַרהאַן אַזאַ גמרא אויף דער וועלט... „איהר זענט, מאַכט ער צו מיר, תמיד דאָ מיט דער גמרא; גוט איז אייך, רב טביה, אַז איהר קאָנט אין די קליינע אותיות. נאָר צו וואָס נוצט עס, זאָגט ער, חכמות, לומד'ערייען, לאָמיר בעסער שמועסען מכח אונזער געשעפט. זיצט, רב טביה", — מאַכט ער צו מיר און טהוט אַ געשריי: „לאָז זיין טיי!" — און עס וואַכסט אוים ווי פון אונטער דער ערד די קאָרנאָסע אידינע, חאַפט דעם סאַמאָוואַר, ווי דער רוח דעם מלמד, און אַוועק אין קיך אַריין. — „אַצינד, מאַכט ער צו מיר, אַז מיר זענען דאָ אַליין, אונטער פיער אויגען, קאָנען מיר שמועסען עסק. די מעשה, זאָגט ער, דערפון איז אַזוי: איך האָב שוין מיט אייך, רב טביה, לאַנג געוואָלט רעדען, איך האָב צו אייך באַפוילען דורך אייער טאָכטער, וויפיעל מאָל געבעטען, איהר זאָלט זיך מטריח זיין; פאַרשטעהט איהר מיך, איך האָב געוואָרפען אַיין אויג..." — איך ווייס, זאָג איך, אַז איהר האָט געוואָרפען אַיין אויג, נאָר ס'איז אומזיסט, זאָג איך, אַייער טרחה, עס וועט נישט געהן, רב לייזער־וואָלף, עס וועט נישט געהן. — „פאַר וואָס עפּים?" — מאַכט ער צו מיר און קוקט אויף מיר ווי דערשראָקען. — פאַר שבת, זאָג איך, איך קאָן באַשטעהן, עס זאָל נאָך געדויערען אַ ביסעל, דער טייך ברענט נים. — „למאי, זאָגט ער, זאָלט איהר וואַרטען, אַז איהר קאָנט אויספיהרען באַלד?" — דאָס, זאָג איך, איז איינמאָל אַוועק; און והשנית, זאָג איך, איז גלאַט אַ רחמנות, אַ צער־בעלי־חיים. — „קוק איהם אַן, ווי ער מאַכט אָנשטעלען, זאָגט לייזער־וואָלף מיט אַ געלעכטערעל, עמיצער זאָל זיין דערביי, וואָלט ער געמעגט שווערען, אַז זי איז ביי אייך איין־און־איינציגע! מיר דאַכט, איהר האָט זיי אַהן עין־הרע גענוג, רב טביה!"... — לאָזען זיי זיך שוין האַלטען, זאָג איך, ווער ס'איז מיר מקנא, דער לאָז אַליין נישט האָבען... — „מקנא? ווער, זאָגט ער, רעדט פון מקנא? אדרבה, זאָגט ער, ווייל זיי זענען ביי אייך אַהן עין־הרע געראָטענע,

דערפֿאַר וויל איך טאַקי, איהר פֿאַרשטעהט צי ניין? פֿאַרגעסט נאָר נישט, רב טביה, די טובה, וואָס איך קאָן דורך דעם אַרויס־קומען!" — אַוודאי, אַוודאי, זאָג איך, פֿון אייערע טובות, רב לייזער־וואָלף, קאָן טאַקי האַרט ווערען דער קאָפּ; ווינטער אַ שטיקעל אייז, דאָס ווייסען מיר שוין לאַנג, זאָג איך, נאָך פֿון אַמאָל... — „ע! — מאַכט ער צו מיר זיס־צוקערדיג. — וואָס גלייכט איהר, רב טביה, פֿון אַמאָל ביז היינט? אַ מ אָ ל איז געווען עפּיס אַנדערש, און ה י י נ ט איז וויעדער אַנדערש; עפּיס ווערען מיר דאָך שטיקלעך מחותנים, האַ?" — וואָס פֿאַר אַ מחותני'שאַפֿט? — זאָג איך. — „געוויינטליך, זאָגט ער, מחותנים!" — וואָס מיינט איהר, זאָג איך צו איהם, רב לייזער־וואָלף, פֿון וואָס רעדען מיר? — „אדרבה, זאָגט ער, זאָגט שוין איהר, רב טביה, פֿון וואָס רעדען מיר?" — וואָס הייסט, זאָג איך, מיר רעדען דאָך פֿון דער מאורע בהמה מיינע, וואָס איהר ווילט ביי מיר קויפֿען! — „האַ־האַ־האַ! — מאַכט ער און ווערד צעגאָסען פֿאַר געלעכטער. — ס'איז נישקשה פֿון אַ בהמה, און נאָך אַ מאורע דערצו, האַ־האַ־האַ!" — וואָס זשע דען האָט א י ה ר געמיינט, רב לייזער־וואָלף? אדרבה, זאָגט, וועל איך אויך לאַכען. — „פֿון אייער טאָכטער, מאַכט ער צו מיר, פֿון אייער צייטעלען רעדען מיר דאָך די גאַנצע צייט! איהר ווייסט דאָך, רב טביה, אַז איך בין, ניט פֿאַר אייך געדאַכט, געבליבען איין אַלמן, האָב איך מיך מיישב געווען, וואָס באַדאַרף איך זוכען אין דער פֿרעמד דאָס גליק, נאָך האָבען צו טהון מיט שדכנים, רוחות און שדים, אַמעהר, אַז זענען מיר דאָ ביידע אויפֿ'ן אָרט, איך קען א י ך, איהר קענט מ י ך, דאָס קרן אַליין איז מיר אויך געפֿעלען, איך זעה זי אַלע דאָנערשטאָג ביי מיר אין יאַטקע, אַ פּאָר מאָל אַ רעד געטהאָן מיט איהר, ווייזט אויס, נישקשה, אַ שטילע, און איך אַליין בין, קיין עין־הרע, ווי איהר זעהט, אַ שטיקעל בעל־הבית, ס'איז דאָ אַ שטוב איין אייגענע, און קלייטלעך אַ פּאָר, און בעל־הבתישקייט, ווי איהר זעהט, נישט צו פֿאַרזינדיגען, און אַ ביסעל פֿעל אויפֿ'ן בוידעם אויך, און אַ ביסעל געלט אין קאַסטען

אויך; וואס באדארפען מיר, רב טביה, די ציגיינערשע שטיק, בריה'ן זיך, חכמה'ן זיך? אמעהר, נעמט מען און מע שלאגט־צו א האנט, איינס־צוויי־דריי, איהר פארשטעהט, צי ניין?"...

בקיצור, אז ער האט מיר אויסגערעדט אט־א־דאס־א, בין איך געבליבען זיצען אהן לשון, ווי איינער בשעת מע קומט און מע זאגט איהם אז פלוצים א בשורה. לכתחילה איז מיר אפילו דורכגעפלויגען א מחשבה: לייזער־וואלף... צייטעל... ער האט שוין אזוינע קינדער ווי זי... נאר באלד האב איך זיך אליין אפגעשלאגען: סטייטש, אזא גליק! אזא גליק! עס וועט דאך איהר זיין גוט, ווי די גאנצע וועלט! אי טאמער איז ער נישט אזא צעוואָרפענער פארשוין? איז דאס היינטיגע יאהרען, פארקעהרט, די גרעסטע מעלה, ווי זאגט מען: א ד ם ק ר ו ב ל ע צ מ ו — אז מען איז גוט פאר יענעם, איז מען שלעכט פאר זיך. איין חסרון נור, וואס ער איז א ביסעל צו פראסטליך... נו, מילא, קאן דען איטליכער זיין א יודע־ספר? קארג פארהאן נגידים, פיינע מענטשען אין אנאטעווקע, אין מאזעפעווקע און אפילו אין יעהופעץ, וואס ווייסען נישט קיין צלם פאר קיין אלף; פון דעסטוועגען, אז ס'איז באשערט, לאם איך האבען אזא יאהר, וואס פאר א כבוד זיי האבען אויף דער וועלט, ווי אין פרק שטעהט: א ם א י ן ק מ ח א י ן ת ו ר ה — דאס הייסט, די תורה ליגט אין קאסטען און חכמה — אין קעשעני... — „נו, רב טביה, מאכט ער צו מיר, וואס שווייגט איהר?" — וואס זאל איך שרייען, זאג איך צו איהם כלומר'שט, ווי איך קווינקעל מיך; דאס איז, רב לייזער־וואלף, פארשטעהט איהר מיך, אזא עניז, וואס מע באדארף איהם גוט באקלערען ארום און ארום; ס'איז עפים נישט קיין קאטאָוועסעל, זאג איך, דאס ערשטע קינד ביי מיר! — „אדרבה, מאכט ער, ווייל ס'איז דאס ערשטע קינד ביי אייך; איהר וועט שוין, זאגט ער, נאכדעם, אם־ירצה־השם, קאנען חתונה מאכען די אנדערע טאכטער אויך, און שפעטער, מיט דער צייט, די דריטע, איהר פארשטעהט, צי ניין?" — אמן, גם אתם! — זאג איך. — חתונה מאכען איז

קיין קונץ נישט, דער אויבערשטער זאָל נאָר צושיקען, זאָג איך, אימליבען באַזונדער זיין זווג... — „ניין, מאַכט ער, נישט דאָס מיין איך, רב טביה, איך מיין עפּיס אַנדערש גאָר, וואָרום קיין נדן, ברוך־השם, פאַר אייער צייטלען באַדאַרפט איהר שוין ניט, און אויסקליידען זי צו דער חתונה, אַלץ וואָס אַ מיידעל באַדאַרף — דאָס נעם איך אויף זיך, און אייך, זאָגט ער, וועט מסתמא דערפון אויך עפּיס אַריינפאַלען אין בייטעל אַריין...״ — פע, מאַך איך צו איהם, איהר רעדט דאָך עפּיס גאָר, איהר זאָלט מיר מוחל זיין, טאַקי ווי אין יאַטקע! וואָס הייסט אין בייטעל אַריין? פע! מיין צייטעל איז חלילה נישט אַזעלכע, איך זאָל זי פאַרקויפען פאַר געלט, פע־פע! — „אַז פע איז פע, מאַכט ער צו מיר, איך האָב גע־מיינט אדרבה ואדרבה; נאָר אַז איהר זאָגט פע, לאָז זיין פע! אַז אייך איז ליעב, איז מיר ניחא! דער עיקר, זאָגט ער, עס זאָל זיין וואָס גיכער, איך מיין טאַקי באַלד, ווי זאָגט ער, אַ בעל־הבית׳טע אין שטוב אַריין, איהר פאַרשטעהט, צי ניין?״... — מהכתיתי, זאָג איך, אין מיר איז קיין מניעה; מע באַדאַרף דאָך אָבער איבעררעדען מיט מיין פלונית׳טע, זאָג איך, אין אַזעלכע זאַכען, האָט זי די דעה, נישט קיין קלייניגקייט, ווי רש״י מאַכט: רחל מבכה על בניה — אַ מאַמע איז אַ פּאַקרישקע. היינט זי אַליין, זאָג איך, צייטעל מיין איך, באַדאַרף מען אויך אַ פרעג טהון, ווי זאָגט מען דאָס: אַלע מחותנים האָט מען מיט־גענומען אויף דער חתונה, און דעם חתן האָט מען געלאָזט אין דער היים... — „בלאָטע, זאָגט ער, פרעגען באַדאַרף מען גאָר? דערצעהלען, רב טביה, קומען אַהיים און דערצעהלען אַזוי און אַזוי, און שטעלען אַ חופּה, אַ וואָרט און צוויי און אַ מאַהריטש!״ — זאָגט דאָס נישט, זאָג איך, זאָגט דאָס נישט, רב לייזער־וואָלף. אַ מיידעל איז נישט קיין אַלמנה חלילה. — „געוויינטליך, זאָגט ער, אַ מיידעל איז אַ מיידעל, ניט קיין אַלמנה, אָט דערפאַר טאַקי באַדאַרף מען, זאָגט ער, באַצייטענס דערפון רעדען, מחמת הלבשה, פאַרשטעהט איהר, דאָס־יענץ־לאַקש־בוידעם־ציבעלע. און דערווייל,

זאגט ער, לאמיר, רב טביה, נעמען צו קאפלעך לחיים, הא, צי ניין?"... — מהכתיתי, זאג איך, פאר וואס ניט? וואס געהר זיך אז שלום צו מחלוקת? ווי זאגט ער: אדם איז א מענטש און בראנפען איז בראנפען. ס'איז פארהאן, זאג איך, ביי אונז א גמרא... און האק איהם אריין א גמרא, איינע און די אנדערע, א נעכטיגען טאג, פון שיר־השירים און פון חד־גדיא...

בקיצור, מיר האבען איינגענומען דעם ביטערען טראפען, ככתוב — ווי גאט האט געבאטען! די קארנאסע האט דערווייל געבראכט צו טראגען דעם סאמאוואר, און מיר האבען געמאכט צו גלעזלעך פונש, פארבראכט גאר פריינדליך, געווינשעוועט, גע־שמועסט, געפלאפעלט אלץ פונ'ם שידוך, פון דעם און פון יענעם און ווידער א מאל פונ'ם שידוך. — איהר ווייסט דען, רב לייזער־וואלף, זאג איך, וואס פאר א בארליאנט דאס איז? — „איך ווייס, זאגט ער, גלויבט מיר, אז איך ווייס; איך זאל ניט וויסען, זאגט ער, וואלט איך גאר ניט גערעדט!" און מיר רעדען אזוי ביידע אינאיינעם. איך שריי: א בארליאנט, א דיי־מענט! איהר זאלט נאר וויסען, ווי אזוי זי צו שאנעווען, נישט ארויסבאווייזען דעם קצב... און ער: „האט קיין מורא ניט, רב טביה; וואס זי וועט עסען ביי מיר אין דער וואכען האט זי ביי אייך נישט געגעסען אים יום־טוב"... — עט, זאג איך, עסען איז אויך איין עסק? דער נגיד, זאג איך, עסט נישט קיין רענדלעך, דער ארעמאן עסט נישט קיין שטיינער; איהר זענט א פראסטער מענטש, זאג איך, פארשטעהט איהר ניט ווי צו שאצען איהר בריה'שאפט, איהר חלה־באקען, איהרע פיש, רב לייזער־וואלף, איהרע פיש! מע באדארף, זאג איך, האבען א זכיה... און ער ווידער: „רב טביה, איהר זענט, איהר זאלט מיר מוחל זיין, שוין אויסגעוועבט, רב טביה, איהר קענט נישט קיין מענטשען, רב טביה, איהר קענט מיך נישט!"... און איך ווידער: אויף איין וואג גאלד און אויף דער אנדערער צייטלען. הערט איהר, רב לייזער־וואלף, איהר זאלט אפילו פארמאגען אייערע, זאג איך,

רי״ש אלפים, זענט איהר אויך נישט ווערטה איהר פּיאַטע!... און ער ווידער: „גלויבט־זשע מיר, רב טביה, איהר זענט אַ גרויסער נאַר, האַטש איהר זענט עלטער פון מיר!“...

בקיצור, מיר האָבען, אַפּנים, אַוועקגעשריגען אַט־אַזוי־אַ אַ היבשע ווײלע און זענען געוואָרען רעכט מבוסמ׳דיג, וואָרום אַז איך בין געקומען אַהיים, איז שוין געווען שפּעטליך אין דער נאַכט און די פיס זענען מיר געווען ווי געפּענטעט... מײן װײב זאָל געזונט זײן האָט אָבער באַלד דערקענט אין מיר, אַז איך בין פאַר־קנאַקט, און האָט מיר געגעבען אַ ווײסטען פּעטשאַטעק, ווי איך בין ווערטה. — שאַ, בײזער זיך ניט, גאָלדע! — זאָג איך צו איהר גאַנץ פרײליך, און עס גלוסט זיך מיר אַזש געהן טאַנצען. — שרײ ניט, נשמה מײנע, עס קומט אונז מזל־טוב! — „מזל־טוב? אַ ווײסטער מזל־טוב, זאָגט זי, האָסט שוין פאַרזינדיגט די מאורע בהמה, לײזער־וואָלפען זי פאַרקויפט?“ — נאָך ערגער! — זאָג איך. — „אויסגעביטען, זאָגט זי, אויף אַיין אַנדערער? אָפּגענאַרט לײזער־וואָלפען, אַ רחמנות נעבאָך?“ — נאָך ערגער! — זאָג איך. — „נו, רעד שוין, זאָגט זי, ווערטער, קוק אַן, ווי מע באַדאַרף בײ איהם קויפען אַ וואָרט!“ — מזל־טוב דיר, גאָלדע, זאָג איך נאָך אַ מאָל, מזל־טוב אונז בײדען, אונזער צײטעל איז אַ כלה געוואָרען! — „אויב אַזוי, זאָגט זי, ביזט דו דאָך טאַקי גוט פאַרקלאַפּט, גאָר נישט אויף קאַטאָוועס, רעדסט פונ׳ם וועג! האָסט, אַפּנים, געמאַכט, זאָגט זי, אַ רעכטע כוסה?“ — אַ כוסה, זאָג איך, האָבען מיר מיט לײזער־וואָלפען געמאַכט, און צו גלעזלעך פונש האָבען מיר מיט לײזער־וואָלפען גענומען, נאָר בײ די געדאַנקען, זאָג איך, בין איך נאָך. הנה זײ וויסען, גאָלדע ברודער, אַז אונזער צײטעל איז אין אַ גוטער, אַ מזל־דיגער שעה אַ כלה געוואָרען פאַר איהם אַלײן, פאַר לײזער־וואָלפען! און איך האָב איהר איבערגעגעבען די גאַנצע מעשה פון אַנהויב ביז׳ן סוף, ווי אַזוי און וואָס און ווען און פון אַלץ, וואָס מיר האָבען גערעדט, נישט דורכגעלאָזט קײן האָר אפילו. — „הערסט דו, טביה, זאָגט צו מיר מײן װײב, גאָט זאָל

מיר טאקי אזוי העלפען וואו איך וועל מיך קעהרען און ווענדען, זאגט זי, ווי דאס הארץ האט מיר געזאגט, אז דאס, וואס לייזער־וואלף האט דיך גערופען, איז ניט אומזיסט. נאר וואס־זשע־דען? איך האב מורא געהאט דערפון צו טראכטען, טאמער חלילה לאזט זיך אויס א בוידעם. איך דאנק דיר, גאטעניו, זאגט זי, איך דאנק דיר, הארצעדיגער פאטער געטרייער, סע זאל טאקי נאר זיין אין א גוטער שעה, א מזל׳דיגער, זי זאל זיך עלטערען מיט איהם אין עושר און אין כבוד, ווארום פרומע־שרה, זאל זיין אפגעשיידט פון מיר, האט געהאט ביי איהם עפים ניט אזא גוטע וועלט; זי איז, זאל מיר מוחל זיין, נישט אקעגען נאכט דערמאנענדיג, געווען א אידינע איין איינגעגעסענע, נישט געקאנט אויסקומען מיט קיינעם, גאר נישט דאס, וואס אונזער צייטעל, איהר צו לענגערע יאהר. א דאנק דיר, א דאנק דיר, גאטעניו! נו, טביה, זאגט זי, וואס האב איך דיר געזאגט, דו לעקיש איינער? באדארף זיך א מענטש זארגען? אז ס׳איז באשערט, זאגט זי, קומט דאס אליין אין שטוב אריין״... — דאס אודאי, זאג איך, ס׳איז דאך א בפירוש׳ער פסוק... — „וואס טויג מיר דיין פסוק, זאגט זי, מע באדארף זעהן גרייטען זיך צו דער חתונה; קודם־כל אויסרעכענען, זאגט זי, לייזער־וואלפען א צעטעל, וואס צייטעל באדארף האבען צו דער חתונה; מילא פון פאווילע, זאגט זי, איז ניטא וואס צו רעדען. זי האט נאך ניט קיין פאדעם גרעט, זאלסט זאגען, א פאר זאקען אפילו. היינט, זאגט זי, מלבושים — איינס א זיידענס צו דער חופה און איינס א וועלענס אויף זומער, דאס אנדערע אויף ווינטער, און פלאטיעס א פאר, און קליידלעך אונטערשטע, און מאנטלען, זאגט זי, וויל איך, זי זאל האבען צוויי: איינעם א בארנוס מיט קעץ אויף אין דערוואכען, און איינעם א גוטען מיט שליאמעס אויף שבת; היינט עפים שטיוועלעך, מיט קולקעס, שטאליקעלע, א גארסעט, הענטשקעלעך, נאזטיכלעך, א זאנטיקעל און די איבעריגע זאכען דארטען, וואס א מיידעל באדארף האבען היינטיגע צייטען...״ — ווי קומט דאס צו דיר, זאג איך, גאלדע סערדצע, דו

זאָלסט גאָר וויסען פון אַזעלכע שמאַכטעליאַקעס? — „וואָס איז? — זאָגט זי. — איך בין נישט געווען צווישען מענטשען? צי איך האָב אפשר ניט געזעהען ביי אונז אין כתרילעווקע, ווי אַזוי מע געהט אַנגעטהאָן ביי לייטען? דו, זאָגט זי, לאָז  מ י ד,  איך וועל שוין אַליין מיט איהם אַלסדינג רעדען; לייזער־וואָלף, זאָגט זי, איז, נישקשה, אַ איד אַ נגיד, ער וועט מסתמא אַליין אויך ניט וועלען, אַז די גאַנצע וועלט זאָל האָבען מיט איהם צו טהון; אַז מען עסט חזיר, לאָז חאָטש רינען איבער דער באָרד“...

בקיצור, מיר האָבען אַזוי אָוועקגערעדט ביז'ן ווייסען טאָג אַריין. — נעם צענויף, זאָג איך, מיין ווייב, דאָס ביסעל קעז און פוטער און לאָם איך פאָהרען דערווייל קיין בויבעריק; עס איז טאַקי אַלסדינג שע; און פיין אַרום און אַרום, נאָר דאָס געשעפט, זאָג איך, קאָן מען נישט פאַרבויגען אויף אַ זייט, ווי שטעהט דאָרטען:  ה נ ש מ ה  ל ך — די וועלט איז אויך אַ וועלט. און גאַנץ פריה, כלחוד השור, עס איז נאָך געווען טונקעל, האָב איך איינגעשפּאַנט דאָס פערד־און־וועגעלע און בין אַוועק קיין בויבעריק. געקומען קיין בויבעריק אויפ'ן מאַרק — אַהאַ! (ס'איז דען פאַרהאַן אַ סוד ביי אידען?) מע ווייסט שוין אַלסדינג און מע שטעקט אָפּ מזל־טוב פון אַלע זייטען: — „מזל־טוב אייך, רב טביה, ווען האָבען מיר, אם ירצה השם, אַ חתונה?“ — מיט מזל זאָלט איהר, זאָג איך, לעבען, עס קומט אויס, ווי מע זאָגט: דער טאַטע איז נאָך גאָר נישט געבאָרען געוואָרען, איז שוין דער זוהן אויסגעוואַכסען אויפ'ן דאַך... — „בלאָטע, זאָגען זיי, עס וועט אייך גאָר נישט העלפען, רב טביה, משקה מוזט איהר שטעלען; קיין עין־הרע אַזאַ גליק, אַ שמאַלץ־גרוב!“ — די שמאַלץ רינט אויס, זאָג איך, די גרוב בלייבט איבער. נאָר פון דעסטוועגען, זאָג איך, קאָן מען קיין חזיר ניט זיין און פון חברה ניט אָפּשטעהן. אָט פאַרטיג איך מיך אָפּ מיט אַלע מיינע יעהופּעצער בעלי־בתים, זאָג איך, וועט זיין אַ גלעזעל משקה און פאַרבייסען, חי־געלעבט און איין עק, דאָס הייסט: צ ה ל ה  ו ש מ ח ה — הוליע קבצן!...

בקיצור, אפגעפּאַרטיגט זיך מיט מײַן מסחר, גיך און געשווינד, ווי געוויינטליך, האָב איך גענומען מיט גוטע ברידער צו ביסלעך לחיים, צוגעווינשעוועט זיך איינס דעם אַנדערן, ווי עס געהער צו זײַן, און איך האָב מיך אויפגעזעצט און בין אַוועק אהיים לעבעדיג־פריילעך, גאָר בגילופין. פאַהרענדיג אַזוי אין וואַלד, זומער־לעבען, די זון באַקט, נאָר פון ביידע זײַטען וואַלד דער שאָטען פון בוימער, דער ריח פון די סאָסנעס, מחיה־נפשות. ציה איך מיך אוים ווי אַ גראָף אין וועגעלע, לאָז נאָך מײַן חברה־מאַן די לייצעס: געה שוין, זאָג איך צו איהם, זײַ מוחל, אַליין, דער וועג דאַרף דיר שוין זײַן באַקענט — און אַליין צעלאָז איך מיך אויף אַ קול און זינג מיר אַ ניגונ׳דעל. אויפ׳ן האַרצען איז עפּיס יום־טוב׳דיג; עס זינגט זיך שטיקלעך פון ימים נוראים: „ויאתיו“, „וכל מאמינים שהוא“ און פון „הלל“. איך קוק מיר אהין אַרויף, אין הימעל אַרײַן, און די געדאַנקען־מחשבות פּלאָנטען זיך דאָ, אויף דער ערד. השמים שמים — די הימלען זענען פאַר גאָט, והארץ — און די ערד, אַזוי טראַכט איך מיר, האָט ער אַוועקגעגעבען לבני אדם — צו די קינדער פון מענטשען, זיי זאָלען זיך שלאָגען קאָפּ אין וואַנט, זיך רײַסען ווי די קעץ פאַר גרויס „ראַסקאַש“, שלאָגען זיך פאַר גבאות, פאַר „ששי“ און פאַר „מפטיר“... לא המתים יהללו יה, מכות פאַרשטעהען זיי, ווי מען באַדאַרף גאָט לויבען פאַר די טובות, וואָס ער טהוט מיט זיי. ואנחנו, אָבער מיר, אָרעמע לײַט, איין טאָג אַ גוטען, אַז מיר האָבען, דאַנקען מיר און לויבען גאָט און זאָגען: אהבתי — איך האָב איהם ליעב גאָט, וואָרום ער הערט צו מײַן קול און מײַן געבעט, ער נויגט צו מיר זײַן אויהער, בשעת אפפוני — עס רינגעלט מיך אַרום פון אַלע זײַטען דלות, צרות, שלעק־פורעניות׳ען: דאָס פאַלט אַ בהמה אין מיטען העלען טאָג, דאָס טראָגט אָן דער גוטער יאָהר אַ קרוב אַ שלים־מזל, אַ מין מנחם־מענדעל פון יעהופּעץ, נעמט צו דאָס לעצטע חיות, און איך מײַן שוין בחפזי: איין עק, די וועלט איז שוין געפאַלען, כל האדם כוזב — ניטאָ קיין אמת

אויף דער וועלט. וואס טהוט גאט? שיקט ער אריין לייזער־וואלפען א מחשבה, ער זאל נעמען מיין צייטלען ווי זי שטעהט און געהט, דערום זאג איך צוויי מאל א ו ד ד — איך וועל דיך לויבען, גאטעניו, וואס דו האסט זיך ארומגעקוקט אויף טביה'ן און געקומען מיר צו הילף. איך זאל האבען חאטש א שטיקעל נחת פון מיין קינד, אז איך וועל קומען צו איהר צוגאסט, אם ירצה השם, זי טרעפען א בעל־הבית'טע אויף אלעם גרייטען, פולע שאפעס מיט גרעט, פולע שפיזארנים מיט פסח'יגער שמאלץ און מיט איינגע־מאכטס, פולע שטייגען מיט עופות, גענז און קאטשקעס... פלוצים צעלאזט זיך דאס פערדעל מיינס אראפ־א־בארג, און איידער איך הויב אויף דעם קאפ א קוק טהון, וואו איך בין אין דער וועלט, ליג איך שוין אויף דער ערד מיט אלע לעדיגע טעפלעך און קריגלעך, און דאס וועגעלע אויף מיר! קוים מיט צרות, מיט ליידען ארויס־געקראטשקעט זיך, און אויפגעשטאנען א צעבראכענער, א צע'־הרג'עטער, לאז איך אויס מיין ביטער הארץ צום פערדעל. איינ־געזונקען זאלסט דו ווערען! ווער האט דיך געבעטען, שלים־מזל, באווייזען א בריה'שאפט, אז דו קאנסט לויפען בארג־אראפ? האסט דאך מיך שיער, זאג איך, אומגליקליך געמאכט, דו אשמדאי! און איך האב איהם איינגעטהיילט וויפיעל ס'איז אין איהם אריין. מיין בחור האט, אפנים, אליין פארשטאנען, אז ער האט דא פארשטיעפט א מיאוסע מעשה, געשטאנען אראפגעלאזט די מארדע, חאטש מעלק איהם אויס. — חאפט דיך דער וואטענמאכער! — זאג איך צו איהם און מאך צורעכט דאס וועגעלע, נעם צענויף די כלים און הלך לעולמו — פאהר ווייטער. נישט קיין גוטער סימן, זאג איך צו זיך אליין; איך האב מורא, צי עס האט זיך נישט געטראפען אין דערהיים עפיס א נייער אומגליק?...

כך הוה. איך פאהר־אפ נאך א ווערסט צוויי, שוין ניט ווייט פון דערהיים, דערזעה איך אין מיטען שליאך געהט גלייך אקעגען מיר א מענטש אינ'ם געשטאלט פון א נקבה. איך פאהר־צו נע־הענטער, קוק מיך איין: צייטעל!... איך ווייס נישט פאר וואס,

נאר עס האט זיך מיר אפגעריסען אין הארצען, אז איך האב זי דערזעהען. איך שפרינג אראפ פונ'ם וואגען: ציפּעלע, ס'איז דו? וואס טהוסט דו דא? פאלט זי מיר ניט אויפ'ן האלז מיט א געוויין? גאט איז מיט דיר, זאג איך, טאכטער מיינע, וואס וויינסט דו? — „אוי, זאגט זי, טאטע, טאטע!“... און באוואשט זיך מיט טרערען. עס איז מיר פינסטער געווארען אין די אויגען און פאר־קלעהמט ביי'ם הארצען. — וואס איז דיר, טאכטער, זאג מיר, וואס איז דיר געשעהען? — זאג איך צו איהר און נעם זי ארום, גלעט זי, האלז זי, קוש זי, און זי אין איין קול: — „טאטע, טאטע, האר־ציגער, געטרייער, זאגט זי, דעם דריטען טאג א שטיקעל ברויט, האב רחמנות, זאגט זי, אויף מיינע יונגע יאהר!“... און פארגעהט זיך פאר געוויין, קאן מעהר קיין ווארט נישט אויסרעדען. אז אך און וועה איז מיר, טראכט איך, איך שטוים מיך שוין, וואס דא איז! דער רוח האט מיך אוועקגעטראגען קיין בויבעריק! — וואס באדארף מען וויינען, זאג איך צו איהר און גלעט זי ביי'ם קאפּ, נארעלע, וואס באדארף מען וויינען? ממה־נפשך, זאג איך, ניין איז ניין, מע וועט דיר מיט גוואלד חלילה קיינער נישט אנהענגען א לונג און לעבער אויף דער נאז. מיר האבען, זאג איך, געמיינט דיין טובה טאקי, געוואלט ווי צום בעסטען. אלא ס'איז דיר ניט צום הארצען, וואס זאל מען טהון? מסתמא, זאג איך, איז ניט באשערט... — „א דאנק דיר, זאגט זי, טאטע, לאנג לעבען זאלסט דו“, — און פאלט מיר ווידער אויפ'ן האלז און הויבט ווידער אן צו קושען מיך און וויינען, גיסען מיט טרערען. — אבער לאז שוין זיין גענוג געוויינט, זאג איך, ה כ ל ה ב ל — קרעפּלעך עסען קאן אויך נמאס ווערען; קריך, זאג איך, אין וואגען אריין און לאמיר פאהרען אהיים, די מאמע, זאג איך, וועט דארטען איבערטראכטען מי יודע וואס!

בקיצור, מיר האבען זיך ביידע אריינגעזעצט אין וואגען אריין, און איך האב אנגעהויבען איינצושטילען זי מיט רעד, אהין, אהער. די מעשה דערפון, זאג איך, איז דאך אזוי; מיר האבען, זאג איך,

דערבײ חלילה קײן שום שלעכטע מחשבה נישט געהאַט; גאָט איז יודע דעם אמת, מיר האָבן געװאָלט, װי זאָגט ער, לעת־צרה באַװאָהרענען אַ קינד; אַי, עס לאָזט זיך נישט, מסתמא, זאָג איך, הײסט גאָט אַזױ; נישט באַשערט, זאָג איך, דיר, טאַטער מײנער, קומען אױף׳ן גרײטען, װערען אַ בעל־הבית׳טע אױף אַלדאָס גוטס, און אונז אַ שטיקעל נחת דערלעבען, זאָג איך, אױף די עלטערע יאָהרען, פאַר אונזער האָרעװאַניע, זאָג איך, טאָג װי נאַכט אין דער טאַטשקע אײנגעשפּאַנט, קײן גוטע מינוט, נאָר דלות, נאָר דחקות, גאָר שלים־שלים־מזל אָרום און אָרום!... „אױ, טאַטע, זאָגט זי צו מיר װיעדער מיט אַ געװײן, איך װעל מיך שטעלען, זאָגט זי, פאַר אַ דיענסט, לײהם װעל איך טראָגען, ערד װעל איך גראָבען!“... — װאָס װײנסט דו, נאַריש מײדעל, זאָג איך צו איהר, איך זאָג דיר דען עפּיס, נאַרעלע? צי איך האָב טענות צו דיר? גלאַט, זאָג איך, ס׳איז ביטער און פינסטער, רעד איך מיר אױס דאָס האַרץ, שמועס איך מיך אױס מיט איהם, מיט׳ן רבונו של עולם, װי אַזױ ער פיהרט מיט מיר; ער איז, זאָג איך, אַײן אַב־הרחמן, האָט רחמנות אױף מיר, פײנט זיך אױס קעגען מיר, זאָל ניט שטראָפען פאַר די רעד, זאָג איך, רעכענט זיך, װי מיט אַ טאַטען, און געה שרײ חי־וקיים! נאָר מסתמא, זאָג איך, באַדאַרף אַזױ צו זײן; ער איז אױבען, אין דער הויך, זאָג איך, און מיר זענען דאָ, אין דער ערד, טיעף, טיעף אין דער ערד, מוזען מיר זאָגען, אַז ער איז גערעכט און זײן משפט איז גערעכט. װאָרום אַז מיר זאָלען װעלען שמועסען טאַקי דאָס אײגענע װיעדער צוריק, בין איך דען נישט קײן גרױסער נאַר? װאָס שרײ איך? װאָס פּילדער איך? װאָס הײסט, זאָג איך, איך, קלײן װערעמעל, װאָס פּױזשע אָרום דאָ אױף דער ערד, װאָס אַ מינדעסט װינטעלע, אַז גאָט װיל נאָר, מאַכט פון מיר אַ תל־עולם אין אײן כהרף־עין, שטעל איך מיך אָרױס מיט מײן נאַרישען שכל און װיל איהם זאָגען דעות, װי אַזױ צו פיהרען דאָס װעלטעל זײנס? מסתמא, אַז ער הײסט אַזױ, באַדאַרף זײן אַזױ, װאָס העלפט דאָ טענות? פערציג טעג, זאָג איך, אַזױ שטעהט

געשריבען ביי אונז אין די הייליגע ספרים, פערציג טעג פאר דעם, איידער דאס קינד ווערד באשאפען ביי דער מוטער אין בויך, קומט א מלאך און שרייט אויס: בת פלוני לפלוני, לאז טביה׳ס טאכטער נעמען געציל בן זרח׳ן, און לייזער־וואלף דער קצב לאז מוחל זיין פאהרען ערגיץ אנדערש זוכען זיך זיין גלייכען, זיינס וועט איהם נישט אנטלויפען, און דיר, זאג איך, לאז גאט צושיקען דיין זיווג, נאר עפים א רעכטס, און וואס צום גיכסטען. אמן, כן יהי רצון — זאג איך, די מאמע זאל חאטש אזוי ניט שרייען, איך וועל שוין פון איהר חאפען א גוטען פסק!...

בקיצור, מיר זענען געקומען אהיים, אויסגעשפאנט דאס פערדעל און אוועקגעזעצט זיך ביי דער שטוב אויפ׳ן גראז עפים צו־טראכטען איין עצה, אויסקלערען פאר מיין ווייב א מעשה פון טויזענד־איין־נאכט, אבי ארויס פון א צרה. פארנאכטליך, די זון זעצט זיך; זומער־לעבען, די זשאבעס פון דערווייטען קוואקען; דאס פערדעל, געפענטעט אויף צוויי פיס, שטשיפעט גראז; די בהמה׳לער, נאר־וואס געקומען פון דער טשערעדע, שטעהען איבער די ציבערס און ווארטען, מען זאל זיי אויסמעלקען; ארום און ארום דאס גראז שמעקט — נאר א גן־עדן! איך זיץ מיר אזוי און באטראכט דאס אלסדינג און קלער מיר בשעת־מעשה, ווי קלוג דער רבונו של עולם האט דאס באשאפען דאס וועלטעל זיינס, אזוי אז איטליכס באשעפעניש, פונ׳ם מענטשען ביז להבדיל א בהמה, זאל זיך פארדיענען זיין ברויט — אומזיסט איז נישטא! דו, בהמה, ווילסט זיך פרעסען — געה מעלק זיך, געב מילך, זיי מפרנס א איד מיט ווייב און קינדערלעך! דו, פערדעל, ווילסט קייען — לויף אלע מאל הין און צוריק מיט די טעפלעך קיין בויבעריק! און דעס־גלייכען דו, מענטש, להבדיל, ווילסט א שטיקעל ברויט — געה הארעווע, מעלק די בהמות, טראג זיך מיט די קריגלעך, שלאג פוטער, מאך קעז, שפאן דאס פערדעל און שלעפ זיך אלע פריהמארגען קיין בויבעריק אויף די דאטשעס, בויג זיך און בוק זיך צו די יעהופעצער גבירים, שמייכעל צו זיי, חנפה זיי, קריך זיי איטליכען באזונדער

אין דער נשמה אַריין, גיב אַכטונג, זיי זאָלען זיין צופריעדען, חלילה נישט אָנריהרען זיי אין כבוד!... אַי, בלייבט דאָך אַ קשיא: מ ה נ ש ת נ ה ? — וואו שטעהט דאָס געשריבען, אַז טביה באַדאַרף האָרעווען פון זייערטוועגען, אויפשטעהן גאַנץ פריה, ווען גאָט אַליין שלאָפט נאָך, וואָס איז? בכדי זיי זאָלען האָבען פונקט צו דער קאַווע אַ פריש שטיקעל קעז און פוטער? וואו שטעהט דאָס געשריבען, אַז איך בין מחויב אויסגעריסען ווערען צוליעב אַ שיטערען קרופניק, אַ קאָליש מיט גרויפען, און זיי, די יעהופּעצער נגידים, באַדאַרפען אויסרוהען די ביינער אויף די דאַטשעס, נישט טהון קיין האַנט אין קאַלט וואַסער און עסען דוקא געבראַטענע קאַטשקעלעך, און דוקא גוטע קנישעס, מלינצים מיט ווערטוטען? בין איך דען נישט אַזאַ איד, ווי זיי? וואָלט דען נישט געווען קיין יושר, כלעבען, אַז טביה זאָל זיך אָוועקזעצען חאָטש איין זומער אויף אַ דאַטשע? אַי, וואו וועט מ'זין נעמען קעז און פוטער? ווער וועט מעלקען די בהמות? טאַקי זיי, די יעהופּעצער סטיקראַטען מיין איך... און איך צעלאַך מיך אַליין פון אַזאַ משוגענעם געדאַנק, ווי זאָגט די וועלט אַ ווערטעל: אַז גאָט זאָל האָרכען די נאַראָנים, וואָלט די וועלט געהאַט איין אַנדער פנים... — „אַ גוטען אָבענד, רב טביה!“ — הער איך עמיצער רופט מיך אָן ביי'ם נאָמען. איך דרעה מיך אַרום, איך טהו אַ קוק — אַ באַקאַנטער: מ אָ ט ע ל ק אַ מ ז ו י ל, אַ שניידער־יונג פון אַנאַטעווקע. — ברוך הבא, זאָג איך, סקאַצעל קומט, מען זאָל דערמאַנען משיח'ן. זיץ, מאָטעל, אויף גאָטס ערד, זאָג איך, ווי קומסט דו פּלוצים אַהער? — „ווי איך קום? מיט די פיס“. — מאַכט ער צו מיר און זעצט זיך אַוועק נעבען מיר אויפ'ן גראָז און קוקט אַהין, וואו מיינע מיידלעך דרעהען זיך אַרום מיט די טעפּלעך און מיט די קריגלעך. — „איך קלויב מיך שוין לאַנג צו אייך, רב טביה, מאַכט ער צו מיר, נאָר איך האָב אַלץ קיין צייט נִיט; איין שטיקעל אַרבייט אַרויסגעלאָזט, דאָס אַנדערע גענומען. איך בין מיר היינט אַליין פאַר זיך אַ שניידער. אַרבייט איז פאַרהאַן, ברוך־השם, גענוג,

אַלע שניידערס זענען פאַרוואַרפען מיט אַרבייט. ס'איז ביי אונז משך אַ זומער פון חתונות: ב ע ר ע ל  פּ אַ נ פּ אַ ט ש  מאַכט חתונה; י ו ס ע ל  ש י י ג ע ץ  מאַכט חתונה; מ ע נ ד ע ל  ז אַ א י ק ע  מאַכט חתונה; י ע נ ק ע ל  פּ י ס ק אַ ט ש  מאַכט חתונה; מ ש ה  ג אַ ר ג ע ל  מאַכט חתונה; מ א י ר  ק ר אַ־ פּ ע ו ו ע  מאַכט חתונה; ח י י ם  ל אַ ש ע ק  מאַכט חתונה; און אפילו ט ר י ה ו ב ע כ ע  ד י  א ל מ נ ה  מאַכט אויך חתונה!“— די גאַנצע וועלט, זאָג איך, מאַכט חתונה, נאָר איך איינער האַלט נאָך נישט דערביי; מסתמא בין איך נישט ווערטה ביי גאָט... — „נייז, מאַכט ער צו מיר און קוקט אַהין, וואו די מיידלעך זענען, איהר האָט אַ טעות, רב טביה; איהר זאָלט וועלען, וואָלט איהר אויך געהאַלטען איצט ביי חתונה מאַכען, עס ווענדט זיך נאָר אָן אייך“... — דהיינו, זאָג איך, וואו אַרום? אפשר מיינסט דו אַ שידוך פאַר מיין צייטלען? — „ווי געמאָסטען!“ — מאַכט ער צו מיר. — האָטש עפּיס אַ רעכטען שידוך? — זאָג איך און טראַכט מיר בשעת־מעשה: עס וועט זיין שען, טאָמער מיינט ער לייזער־וואָלף דעם קצב!... „טשאַקענדיג און קנאַקענדיג!“ — ענט־ פערט ער מיר אויף שניידער־לשון און קוקט אַלץ אַהין, וואו די מיידלעך זענען. — פון וואַנען, למשל, איז דער שידוך דיינער, פרעג איך איהם, פון וואָסערע קאַנטען? אויב ער שמעקט מיט יאַטקע, זאָג איך, וויל איך גאָר ניט הערען, ניט זעהען! — „חס וחלילה, זאָגט ער, ער הויבט נישט אָן שמעקען מיט יאַטקע; איהר קענט איהם, רב טביה, זעהר גוט!“... איז דאָס האָטש, זאָג איך, עפּיס אַ גלייכע זאַך? — „נאָך אַ מין גלייך, זאָגט ער, גלייך צו גלייך איז נישט גלייך; ס'איז, ווי מע זאָגט, אָגיל ואשמח — צוגעשניטען און אויפגענייהט!“... ווער־זשע איז דער שידוך, זאָג איך, לאָמיר האָרכען? — „ווער דער שידוך איז? — מאַכט ער און קוקט אַלץ אַהין. — דער שידוך איז, פאַרשטעהט איהר מיך, רב טביה, טאַקי איך אַליין“... ווי ער האָט דאָס מיר נאָר אויסגערעדט, אַזוי בין איך אונ־ טערגעשפרונגען, ווי אַ אָפּגעבריהטער, פון דער ערד, און ער נאָך מיר־

און אַזוי זענען מיר געבליבען שטעהן איינער אַקעגען אַנדערען, אַנגעדראָדעלט, ווי די האָהנען. צי דו ביזט משוגע געוואָרען, זאָג איך צו איהם, צי דו ביזט גלאַט אַזוי אַראָפּ פון'ם זינען? ביזט אַליין דער שדכן, אַליין דער מחותן און אַליין דער חתן, דאָס הייסט, אַ אייגענע חתונה מיט אייגענע כלי־זמר! איך האָב נאָך, זאָג איך, אַזעלכעס נישט געהערט אין ערגיץ, אַז אַ בחור זאָל זיך אַליין רעדען אַ שידוך! — „דאָס, וואָס איהר זאָגט, רב טביה, מאַכט ער צו מיר, אַז איך בין משוגע, לאָזען אונזערע שונאים משוגע ווערען; איך בין נאָך, מעגט איהר מיר גלויבען, ביי אַלע געדאַנקען; מע באַדאַרף גאָר ניט זיין, זאָגט ער, משוגע, אַז מע זאָל ווערען אייער צייטלען; אַ סימן האָט איהר, אַז לייזער־וואָלף, וואָס איז דער גרעסטער נגיד ביי אונז אין שטאָדט, האָט זי געוואָלט נעמען ווי זי שטעהט און געהט... איהר מיינט, ס'איז אַ סוד? דאָס גאַנצע שטעדטעל ווייסט שוין!... און דאָס, וואָס איהר זאָגט, אַליין אָהן אַ שדכן, איז מיר אַ חידוש, זאָגט ער, אויף אייך; איהר זענט דאָך, רב טביה, עפּיס יאָ אַ איד וואָס קאָטאָרי קיין פינגער אין מויל באַדאַרף מען אייך נישט אַריינלעגען, איהר ווערט אָפּבייסען... נאָר וואָס טויג לאַנגע שמועסען? די מעשה פון דער געשיכטע, זאָגט ער, איז אַזוי: איך און אייער טאָכטער צייטעל האָבען זיך געגעבען דאָס וואָרט שוין לאַנג, שוין העכער אַ יאָהר, אַז מיר זאָלען זיך נעמען"... אַ מעסער אין האַרצען, ווען עמיצער זעצט מיר אַריין, וואָלט מיר געווען אַ סך מעהר ניחא, ווי די דאָזיגע ווערטער: ערשטענס, ווי קומט ער, מאָטעל שניידער, צו טביה'ן פאַר אַיין איידעם? והשנית, וואָס איז דאָס פאַר דבורים: זיי האָבען זיך געגעבען דאָס וואָרט, אַז זיי זאָלען זיך נעמען? — נו, און וואו בין איך? — רוף איך מיך אָן צו איהם. — עפּיס האָב איך אויך אַ שטיקעל דעה צו זאָגען אויף מיין קינד, צי מיך פרעגט מען שוין גאָר נישט? — „חס וחלילה, מאַכט ער, דערויף בין איך דאָך טאַקי געקומען צו אייך איבעררעדען, אַזוי ווי איך האָב דערהערט, אַז לייזער־וואָלף שדכנ'ט זיך צו אייער

טאַכטער, וואָס קאַטאָרי שווין העכער אַ יאָהר אַז איך האָב זי ליעב..." — ס'אַ משל, זאָג איך, אַז טביה האָט אַ טאָכטער צייטעל, און דו הייסט מאָטעל קאַמזויל און ביזט אַ שניידער, היינט וואָס האָסט דו צו איהר, דו זאָלסט זי פיינד האָבען?... — „ניין, מאַכט ער, נישט דאָס מיין איך, איך מיין גאָר עפּיס אַנדערש, איך האָב אייך געוואָלט דערצעהלען, אַז איך האָב ליעב אייער טאָכטער, און אייער טאָכטער האָט מיך ליעב, שווין העכער אַ יאָהר, זיך געגעבען דאָס וואָרט מיר זאָלען זיך נעמען, האָב איך, זאָגט ער, עטליכע מאָל געוואָלט זיין ביי אייך איבעררעדען, נאָר אַלץ אָפּגעלעגט אויף שפּעטער, ביז איך וועל מיר צענויפשלאָגען עטליכע קערבלעך אויף אַ מאַשין, און נאָכדעם ערשט אויסקליידען זיך, ווי עס געהער צו זיין, ווארום אַ ליאַדע בחור'על היינטיגע צייטען האָט צוויי קאָס־טיומען מיט עטליכע קאַמזוילען"... — טפו זאָלט איהר ווערען, מאַך איך צו איהם, מיט אייער קינדערשען שכל! און וואָס וועט איהר טהון נאָך דער חתונה — פאַרוואַרפען די צייהן אויף די בענטאַנעס, צי דו וועסט האָדעווען דיין ווייב מיט קאַמזוילען?... — „ע, מאַכט ער צו מיר, אויף אייך איז מיר, רב טביה, אַ חידוש, איהר זאָלט אַזעלכעס זאָגען! איך מיין, אַז איהר האָט חתונה געהאַט, האָט איהר, דאַכט מיר, קיין אייגענעם מויער נאָך נישט געהאַט, פון דעסטוועגען זעהט איהר דאָך... ממה־נפשך, וואָס עס וועט זיין מיט כל ישראל וועט זיין מיט רב ישראל... היינט בין איך דאָך אַ שטיקעל בעל־מלאכה אויך"...

בקיצור, וואָס זאָל איך אייך דאָ לאַנג מאַריך זיין? ער האָט מיך איבערגערעדט, ווארום — למאַי זאָלען מיר זיך נאַרען, ווי אַזוי האָבען אַלע אידישע קינדער חתונה? אַז מע זאָל וועלען קוקען אויף די זאַכען, וואָלט אונזער גראַד קיינמאָל נישט באַדאַרפט חתונה האָבען... איין זאַך האָט מיר נאָר פאַרדראָסען און האָב דאָס נישט געקאָנט פאַרשטעהן בשום־אופן: וואָס הייסט, ז י י א ל י י ן האָבען זיך געגעבען דאָס וואָרט? וואָס איז דאָס פאַר אַ וועלט געוואָרען? אַ בחור באַגעגענט זיך מיט אַ

מיידעל און זאָגט צו אהר: ל אָ מ י ר ז י ך ג ע ב ע ן ד אָ ס ו ו אָ ר ט, אַ ז מ י ר ז אָ ל ע ן ז י ך נ ע מ ע ן... עפּיס גלאַט הפקר־ציבעלעס!... נאָר אַז איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף מיין מאַטלען, ווי ער שטעהט זיך אַזוי, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, ווי אַ זינדיגער מענטש, מיינט דאָס גאַנץ ערנסט, אָהן שום חכמות דערביי צו האָבען, האָב איך מיך מיישב געווען: לאָמיר זיך נאָר גוט באַרעכענען טאַקי דאָס אייגענע ווידער צוריק. וואָס ברעקעל איך מיך אַזוי און וואָס מאַך איך דאָ אָנשטעלען? דער גרויסער מיוחס וואָס איך בין, רב צאַצעלעס איין אייניקעל, צי די גוזמות נדן, וואָס איך געב מיין טאָכטער, צי די הלבשה איהרע, משטיינס געזאָגט?... מאָטעל קאַמזויל איז טאַקי אַ שניידער, ער איז אָבער אַ גאַנץ פיין בחור׳על, אַ אַרבייטס־יונג, קאָן געבען אַ ווייב ברויט, און דערצו נאָך אַ עהרליך יונגעל אויך, היינט וואָס האָב איך צו איהם? — טביה, זאָג איך צו מיר אַליין, מאַך נישט קיין פוילע תנועות און זאָג באָם, ווי אין פּסוק שטעהט: ס ל ח ת י כ ד ב ר י ך — לאָז זיין מיט גליק!... יאָ, וואָס טהוט מען אָבער מיט מיין אַלטער? איך וועל דאַך פון איהר האָבען, ווי זאָגט ער, ב ס ו ס י ם ו ב ג מ ל י ם — אויף שיסעל און אויף טעלער! ווי אַזוי פיהרט מען זי אַרויף, אַז עס זאָל ביי איהר ווערען רעכט?... ווייסט דו גאָר וואָס, מאָטעל? — רוף איך מיך אָז צו מיין חתן. — דו געה דיר אַהיים, איך וועל מיר דאָ דערווייל צורעכט מאַכען אַלץ, וואָס מע באַדאַרף, איבערשמועסען מיט דעם, מיט יענעם, ווי אין דער מגילה שטעהט: ו ה ש ת י ה כ ד ת — אַלסדינג דאַרף זיין באַטראַכט. און אם ירצה השם מאָרגען, אויב דו וועסט ביז דעמאָלט קיין חרטה נישט האָבען, וועלען מיר זיך מסתמא זעהען... — „חרטה? — מאַכט ער צו מיר. — איך וועל האָבען חרטה? איך זאָל ניט דערלעבען אַוועקגעהן פון דעם אָרט, עס זאָל פון מיר ווערען, זאָגט ער, אַ שטיין, אַ ביין!“... — צו וואָס טויג דיר נאָך דאָס שווערען זיך, וואָס דו שווערסט זיך, זאָג איך איהם, אַז איך גלויב דיר אָהן אַ שבועה? געה געזונט, זאָג איך, און אַ גוטע

נאכט, און לאזען זיך דיר חלומ'ען גוטע חלומות... און אליין לעג איך מיך אויך שלאפען, נאר עס נעמט מיך ניט קיין שלאף; דער קאפ ווערד מיר שיער ניט צעפאלען אויף שטיקלעך, טראכטענדיג אזא פלאן און אזא פלאן, ביז איך בין געפאלען אויף דעם רעכטען פלאן. וואס־זשע איז דער פלאן? אט וועט איהר הערען, ווי אזוי טביה פאלט אויף א גלייכס!

בקיצור, ארום האלבע נאכט, די גאנצע שטוב שלאפט געשמאק, דער חראפעט, דער פייפט, בין איך מיך מיישב און הויב אן צו שרייען נישט מיט מיין קול: גוואלד! גוואלד! גוואלד!... סע פארשטעהט זיך, אז אויף מיין גוואלד האט זיך די גאנצע שטוב אויפגעחאפט, און פריהער פון אלעמען גאלדע. „גאט איז מיט דיר, טביה, מאכט זי צו מיר און טרייסעלט מיך, שטעה אויף, וואס איז דיר אזעלכס, וואס גוואלדעוועסט דו?"... איך עפען אויף די אויגען, קוק מיך ארום כלומר'שט אויף אלע זייטען און רוף זיך אן מיט א ציטערניש: — וואו איז זי ערגיץ? — „ווער איז? וועמען זוכסט דו?" — פרומע־שרה'ן, זאג איך, פרומע־שרה לייזער־וואלפ'ס איז דא נאר־וואס געשטאנען... — „דו רעדסט פון היטץ, מאכט צו מיר מיין ווייב, גאט איז מיט דיר, טביה! פרומע־שרה לייזער־וואלפ'ס, זאל זיין אפגעשיידט, איז שוין לאנג אויף דער אמת'ער וועלט". — איך ווייס, זאג איך, אז זי איז געשטארבען, נאר זי איז אבער פארט געווען נאר־וואס, אט־דא ביי מיין בעט גערעדט מיט מיר, זי האט מיך אנגענומען, זאג איך, ביי'ם גארגעל, מיך געוואלט ווארגען!... — „גאט איז מיט דיר, טביה, וואס פלא־פעלסט דו? — מאכט צו מיר מיין ווייב. — עס האט זיך דיר געקעהרט חלומ'ען א חלום; שפיי אוים דריי מאל און דערצעהל מיר וואס האט זיך דיר גע'חלומ'ט, וועל איך דיר אויסלעגען צו גוטען". — לאנג לעבען זאלסט דו, גאלדע, מאך איך צו איהר, וואס דו האסט מיך אויפגעמונטערט, ווען ניט, וואלט איך פאר שרעק געקלאפירט אויפ'ן ארט. געב מיר, זאג איך, א טרונק וואסער, וועל איך דיר דערצעהלען דעם חלום, וואס האט זיך מיר גע'חלומ'ט.

נאָר בעטען װעל איך דיך, גאָלדע, זאָלסט זיך נישט שרעקען און נישט איבערקלערען חלילה גאָט װײסט װאָס, װאָרום אין די הײליקע ספרים בײ אונז שטעהט געשריבען, אַז נאָר דרײ חלקים פון אַ חלום קאָן אַמאָל מקוים װערען, און דאָס איבעריגע איז בלאָטע, שקרים וכזבים, נישט געשטױגען, נישט געפלױגען... קודם־כל, זאָג איך, האָט זיך מיר גע'חלומ'ט, אַז ס'איז בײ אונז אַ שמחה; איך װײס נים, צי אַ קנס־מאָל, צי אַ חתונה. מענטשען אַ סך, אידען און װײבער, דער רב און דער שוחט, הײנט כלי־זמר... דערװײל עפענט זיך די טהיר און עס קומט אַרײן דײן באָבע צײטעל עליו השלום... מײן װײב האָט דערהערט די באָבע צײטעל, איז זי שוין געװאָרען טױדט װי די װאַנט און רופט זיך אָן צו מיר: „װי אַזױ איז זי אויפ'ן פּנים און אין װאָס איז זי געגאַנגען אָנגעטהאָן?“ — אַ פּנים האָט זי, זאָג איך, אויף אַלע אונזערע שונאים, געל אַזױ װי װאַכס, און אָנגעטהאָן, געװײנטליך, אין װײסען, אין תכריכים... „מזל־טוב! — מאַכט צו מיר די באָבע צײטעל. — איך האָב נחת, װאָס איהר האָט אויסגעקליבען פאַר אײער צײטלען, װאָס זי טראָגט מײן נאָמען, אַזאַ פײנעם חתן, אַ לײטישען; ער הײסט מאָטעל קאַמזױל, נאָך מײן פעטער מרדכי, און האָטש ער איז אַ שנײדער, פון דעסט־װעגען איז ער זעהר אַ עהרליך קינד...“ — „פון װאַנען, רופט זיך אָן גאָלדע, האָט זיך צו אונז גענומען אַ שנײדער? אין אונזער משפחה, זאָגט זי, זענען פאַרהאַן מלמדים, חזנים, שמשים, קברות־אידען, און גלאַט אַזױ אָרעמע לײט, נאָר נישט, חלילה, קײן שנײדערס און נישט קײן שוסטערס“... — שלאָג זשע מיך נישט איבער, גאָלדע, זאָג איך צו איהר, מסתמא װײסט דײן באָבע צײטעל בעסער פון דיר... אַז איך האָב דערהערט פון דער באָבע צײטעל אַזאַ מין מזל־טוב, רופ איך מיך אָן צו איהר: װאָס זאָגט איהר עפּיס, באָבעניו, אַז צײטעל'ס חתן הײסט מאָטעל און ער איז אַ שנײדער, אַז בסך־הכל הײסט ער לײזער־װאָלף און ער איז גאָר אַ קצב?... — „נײן, רופט זיך אָן די באָבע צײטעל נאָך אַ מאָל, נײן, טביה, דײן צײטעל'ס חתן הײסט טאַקי נאָר מאָטעל, ער איז אַ שנײדער, און מיט איהם

וועט זי זיך עלטערען, אם־ירצה־השם, אין עושר און אין כבוד"...
רעכט, באַבעניו, זאָג איך צו איהר נאָך אַ מאָל, וואָס־זשע טהוט מען
מיט לייזער־וואָלף'ען? סטייטש, איך האָב דאָך איהם ערשט נעכ־
טען געגעבען דאָס וואָרט!... — איך האָב נאָר אויסגערעדט די
דאָזיגע ווערטער, איך טהו אַ קוק — נישטאָ די באָבע צייטעל!
אויף איהר אָרט איז אויסגעוואַכסען פרומע־שרה לייזער־וואָלפ'ס
און מאַכט צו מיר כהאי לישנא: „רב טביה! איך האָב אייך
געהאַלטען תמיד פאַר אַ עהרליכען, פאַר אַ אידען מיט תורה,
סטייטש, ווי קומט דאָס, איהר זאָלט טהון אַזאַ זאַך, איהר זאָלט
וועלען, אַז אייער טאָכטער זאָל מיך ירש'ענען, זיצען אין מיין
שטוב, האַלטען מיינע שליסעל, אָנטהון מיין מאַנטעל, טראָגען מיינע
ציערונג, מיינע פּערעל?"... וואָס בין איך שולדיג, מאַך איך צו
איהר, אייער לייזער־וואָלף האָט אַזוי געוואָלט... „לייזער־וואָלף? —
מאַכט זי צו מיר. — לייזער־וואָלף וועט האָבען אַ וויסטען סוף,
און אייער צייטעל... אַ רחמנות נעבאָך, רב טביה, אויף אייער
טאָכטער; מעהר ווי דריי וואָכען וועט זי מיט איהם נישט לעבען;
און אַז עס וועט אויסגעהן די דריי וואָכען, וועל איך קומען צו איהר
ביי נאַכט און וועל זי אָננעמען ביי'ם האַלז אַט־אַזוי־אַ..." און מיט
די ווערטער, זאָג איך, האָט מיך פרומע־שרה אָנגענומען ביי'ם
גאָרגעל און האָט מיך אָנגעהויבען צו וואָרגען אַזוי, אַז ווען ניט דו
זאָלסט מיך געווען אויפוועקען, וואָלט איך שוין איצטער אָנגע־
שפּאַרט ווייט־ווייט!... — „טפו־טפו־טפו! — מאַכט צו מיר מיין
ווייב און שפּייעט אוים דריי מאָל דריי. — אין טייך זאָל דאָס פאַלען,
אין דער ערד זאָל דאָס זינקען, אויף בוידעמס זאָל דאָס קלעטערען,
אין וואַלד זאָל דאָס רוהען, נאָר אונז און אונזערע קינדער זאָל דאָס
ניט שאַדען! אַ בייזער, אַ וויסטער, אַ פינסטערער חלום אויף דעם
קצב'ס קאָפּ און אויף זיינע הענט און פיס! לאָז ער זיין די כפּרה
פאַר מאַטעל קאַמזויל'ס מינדסטען נאָגעל, האָטש ער איז אַ שניידער,
ווארום אַז ער הייסט נאָך מיין פעטער מרדכי, איז ער געוויס נישט
קיין געבאָרענער שניידער, און מסתמא אַז די באָבע עליו השלום

איז זיך מטריח פון יענער װעלט קומען אהער צו אפּגעבען מזל־טוב, באַדאַרפען מיר זאגען, סע זאָל זײן אין אַ גוטער שעה אַ מזל'דיגער, אָמן סלה!"...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

בקיצור, װאָס זאָל איך אײך לאַנג מאריך זײן? איך בין געװען שטאַרקער פון אײזען, אַז איך האָב יענע נאַכט אױסגע־האַלטען און בין נישט צעזעצט און צעשפּרונגען געװאָרען, ליגענדיג אונטער דער קאָלדרע, פאַר געלעכטער... ב ר ו ך ש ל א ע ש נ י א ש ה — אַ אידינע בלײבט אַ אידינע... סע פאַרשטעהט זיך, אַז אויף מאָרגען איז געװען בײ אונז דאָס קנס־מאָל, און טאַקי באַלד נאָכדעם די חתונה, אויף גמרא־לשון: ה א ג ב ר א ו ה א ט ר ס ק א, און דאָס פאַר־פאָלק, ברוך־השם, לעבט זיך גאַנץ צו־פריעדען: ער איז זיך אַ שנײדער, געהט אַרום אין בויבעריק פון אײן דאַטשע אין דער אַנדערער אָננעמען אַרבײט, און זי טאָג װי נאַכט אין דער יאָך, קאָכט און באַקט און װאַשט און שמירט און טראָגט װאַסער, קוים־קוים דאָס שטיקעל ברויט אין שטוב; איך זאָל איהר ניט ברענגען אַ מאָל אַ ביסעל מילכיגס, אַ מאָל עטליכע גראָשענס, װאָלט געװען גאָר נישט גוט — און רעד מיט איהר, זאָגט זי, אַז ס'איז איהר, קײן עין־הרע, גוט װי די װעלט, אַבי, זאָגט זי, איהר מאַטעל זאָל איהר זײן געזונט. — נו, געהט טענה'ט מיט הײנטיגע קינדער! עס קומט אויס, װי איך האָב אײך געזאָגט פונ'ם אָנהויב: ב נ י ם ג ד ל ת י ו ר ו מ מ ת י — האָרעװע פון קינדער'ס װעגען, שלאָג זיך קאָפּ אין װאַנט, ו ה ם פ ש ע ו ב י — זאָגען זײ, אַז זײ פאַרשטעהען בעסער. נײן, זאָגט אײך װאָס איהר װילט, הײנטיגע קינדער זענען צו קלוג! נאָר מיר דאַכט, אַז איך האָב אײך הײנט אָנגעדולט אַ קאָפּ מעהר װי אַלע מאָל. האָט מיר קײן פאַראיבעל ניט, זײט מיר געזונט און האָט אײך אַ גוטען תמיד!

# האָדעל

— איהר חידוש'ט זיך, פאני שלום־עליכם, אויף טביה'ן, וואס מע זעהט איהם נישט? ער האט זיך, זאגט איהר, שטארק א רוק געטהאן, מיט א מאל, זאגט איהר, גרוי געווארען? עד־עד־עד! ווען איהר זאלט וויסען מיט וואס פאר צרות, מיט וואס פאר ווערד־טיגען אט דער טביה טראגט זיך ארום! ווי אזוי שטעהט דארט ביי אונז געשריבען: אדם יסודו מעפר וסופו לעפר — א מענטש איז שוואכער פון א פליעג און שטארקער פון אייזען... טאקי נאר א באשרייבונג מיט מיר! וואו ערגיץ א שלאק, א צרה, איין אנשיקעניש — מיך אויסמיידען טאר עס נישט. פון וואנען נעמט זיך עס, ווייסט איהר ניט? אפשר דערפון, וואס בטבע בין איך א פתי יאמין, וואס גלויבט איטליכען אויף נאמנות? טביה פארגעסט, וואס אונזערע חכמים האבען אונז אנגעזאגט טויזענד מאל: כבדהו וחשדהו; בלשון אשכנז הייסט עס: „נע וויר סאבאקי“... נאר וואס זאל איך טהון, פרעג איך אייך, אז ס'איז ביי מיר פארט אזא טבע? איך בין, ווי איהר ווייסט, א גרויסער בעל־בטחון און האב צו דעם וואס לעבט אייביג קיינמאל קיין טענות נישט. ווי אזוי ער פיהרט, אזוי איז גוט. ווארום פרובט זיך, אדרבה, פארקעהרט, האט יא טענות, וועט זיך אייך עפּיס העלפען? אז ווי באלד מיר זאגען אין די סליחות: הנשמה לך והגוף שלך, — היינט וואס ווייסט א מענטש און וואס האט ער פאר א ווערדע? שטענ־דיג טענה איך אבער מיט איהר, מיט מיינער הייסט דאס: „גאלדע, זאג איך, דו זינדיגסט! פארהאן, זאג איך, ביי אונז א מדרש...“
„וואס מיר מדרש, זאגט זי, מיר האבען, זאגט זי, א טאכטער אויף

חתונה צו מאכען; און נאך דער טאכטער, קיין עין־הרע, געהען נאך צוויי טעכטער; און נאך די צוויי — נאך דריי, קיין בייז אויג זאל ניט שאדען!"... — „עט, זאג איך, ס'איז בלאטע, גאלדע! אונזערע חכמים, זאג איך, האבען דאס אויך באוואהרענט; ס'איז פארהאן, זאג איך, דערויף אויך א מדרש..." לאזט זי זיך ניט רעדען: „טעכטער, זאגט זי, דערוואכסענע, זענען אליין א גוטער מדרש"... און געהט טענה'ט מיט א אידינע!

הקיצור, פון דעם זעהט איהר ארויס, אז ס'איז פארהאן, ס'איז דא, קיין עין־הרע, ביי מיר סחורה אויף אויסצוקלויבען, און דוקא פיינע סחורה, ניט צו פארזינדיגען, איינע שענער פון דער אנ־דערער. ס'איז ניט שייך, אז איך אליין זאל לויבען מיינע קינדער, נאר איך הער וואס די וועלט זאגט: „קראסאוויצעס!" און וועל־כולם די עלטערע, האדעל רופט מען זי, די אנדערע פון צייטלען, די וואס האט זיך פארקאכט, אויב איהר געדענקט, אינ'ם חייט; איז זי שען, זאג איך אייך, די אנדערע טאכטער מיינע, האדעל מיין איך, וואס זאל איך אייך זאגען? טאקי ווי אין דער הייליגער מגילה שטעהט געשריבען: כי טובת מראה היא — שיינט ווי א שטיק גאלד! און צו די צרות באדארף זי נאך האבען א קאפ אויך, שרייבט און לייענט אידיש און רוסיש, און ביכלעך — ביכלעך שלינגט זי, ווי האלעשקעס. וועט איהר דאך פרעגען א קשיא: וואס פאר א מחותן איז טביה'ס טאכטער מיט ביכלעך, אז דער טאטע איהרער האנדעלט גאר מיט קעז און מיט פוטער? הערסט דו, אט דאס פרעג איך דאך ביי זיי, ביי די פיינע בחורים הייסט עס, וואס קיין הויזען, איך בעט איבער אייער כבוד, איז נישטא, און שטודירען גלוסט זיך זיי, ווי מיר זאגען אין דער הגדה: כולנו חכמים — אלע ווילען לערנען, כולנו נבונים — אלע ווילען שטודירען. פרעגט זיי: וואס שטודירען? ווער שטודירען? זאלען אזוי ציעגען וויסען אין פרעמדע גערטנער שפרינגען! אז בסדר־הכל לאזט מען זיי דאך גאר ניט צו, ווי זאגט ער: אל תשלח ידך — א

קאַטע פון דער פוטער!... זאָלט איהר זעהען פון דעסטוועגען, ווי מע לערענט! און ווער? בעל־מלאכה׳שע קינדער. פון שניידערס, פון שוסטערס, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפען בכל אשר אפנה! מע לאָזט זיך אַוועק קיין יעהופּעץ, אָדער קיין אָדעס, מע וואַלגערט זיך אוים אויף אַלע בוידעמס, עסען עסט מען מכות מיט בכורות, און פאַרבייסען פאַרבייסט מען מיט קדחת, גאַנצע חדשים דורכאיינאַנד קוקט מען נישט אַן קיין שטיקעל פלייש אין די אויגען, מע לעגט זיך צענויף זעכם פאַרשווינדלער אויף איין בולקע מיט אַ הערינג און ושמחת בחגך — הוליע קבצן!...

בקיצור, האָט זיך איינער פון דער „חברה״ פאַרהאַקט אין אונ־זער ווינקעל, עפּיס אַ שלים־מזל, נישט ווייט פון דאַנען, איך האָב געקענט דעם טאַטען זיינעם, ער איז געווען אַ פּאַפּיראָסניק און אַ קבצן, לאָז ער מיר מוחל זיין, אין זיעבען פּאָלעס. מילא, בין איך אייך דערויף נישט אויסען, ווארום אַז דעם תנא רב יוחנן הסנדלר איז אָנגעשטאַנען צו נייהען שטיוועל, מעג איהם שוין, דאַכט זיך, אָנשטעהן צו האָבען אַ טאַטען, וואָס דרעהט פּאַפּיראָסען. פאַר־דריסען פאַרדריסט מיך נאָר איין זאַך: למאי זאָל זיך אַ קבצן גלוסטען לערנען, שטודיערען? פּראַוודא, דער גוטער יאָהר האָט איהם נישט גענומען, ער האָט אַ גוט קעפּעל, גאָר אַ גוט קעפּעל. פּערטשיק הייסט ער, דער שלים־מזל, האָבען מיר איבערגעלעגט אויף אידיש: פּעפּערעל. ער זעהט טאַקי אויס ווי אַ פּעפּערעל. איהר זאָלט אָנקוקען — אַ וועוועריקעל, אַ קליינס, אַ שוואַרץ, אַ פאַרזעהעניש, נאָר ס׳איז פול, מלא וגדוש, און אַ מויל — אש להבה, שוועבעל און פּעך.

ויהי היום, טרעפט זיך אַ מעשה, איך פאָהר איינמאָל אַהיים פון בויבעריק, אָפּגעזעצט דאָס ביסעל סחורה, אַ גאַנצען טראַנס־פּאָרט, קעז און פּוטער און סמעטענע און שאר ירקות. זיץ איך פאַרטראַכט, ווי דער שטייגער איז, אין הימעל־זאַכען, פון דעם, פון יענעם, און פון די יעהופּעצער נגידים, וואָס עס געהט זיי, קיין עין־הרע, אַזוי גוט, אַזוי גוט, און פון טביה׳ן דעם שלים־מזל מיט

זיין פערדעל, וואס ווערען כל ימיו פארשווארצט, וכדומה נאך אזעלכע ענינים. זומער, די זון באקט, די פליעגען בייסען, און די וועלט ארום און איז מחיה, גרויס, אפען, חאטש הויב זיך אויף און פליה, חאטש ציה זיך אויס און שווים!...

דערווייל, איך טהו א קוק — א בחור'על שפאנט זיך מיט די רגלים איבער'ן זאמד, האלט א פעקעל אונטער'ן ארעם און שוויצט, פאכט מיט דער נשמה. „יעמוד החתן רב יאקעל בן פלעקעל! — זאג איך צו איהם. — זעץ דיך אויף, הער נאר, וועל איך דיך א ביסעל אונטערפיהרען, איך פאהר במילא לעדיג. ווי שטעהט דארט־טען, זאג איך, ביי אונז געשריבען: „דיין חבר'ס אייזעל אז דו באגעגענסט, איז ע ז ו ב ת ע ז ו ב — דארפסט איהם נישט פארלאזען, היינט לא כל־שכן א מענטש"... לאכט ער, דער שלים־מזל, און לאזט זיך דוקא לאנג נישט בעטען און קריכט איין וועגעלע אריין. „פון וואנען, זאג איך, שפאנט דאס, למשל, א בחור'על?" „פון יעהופעץ". „וואס האט, זאג איך, אזא בחור'על, ווי דו, צו טהון אין יעהופעץ?" „אזא בחור'על, ווי איך, זאגט ער, גיט אפ אקזאמענט". „אויף וואס, זאג איך, שטודיערט אזא בחור'על, ווי דו?" „אזא בחור'על, ווי איך, זאגט ער, ווייסט נאך אליין ניט אויף וואס ער שטודיערט". „אם כן, זאג איך, וואס־זשע דולט זיך אזא בחור'על, ווי דו, אומזיסט דעם קאפ?" „זארגט זיך נישט, רב טביה, אזא בחור'על, ווי איך, זאגט ער, ווייסט שוין, וואס ער האט צו טהון". „זאג מיר נאר, זאג איך, ווי באלד, אז איך בין דיר שוין יא באקאנט, טא ווער ביזט דו, למשל?" „ווער איך בין? איך בין, זאגט ער, א מענטש". „איך זעה, זאג איך, אז נישט קיין פערד; איך מיין ו ו ע מ ע נ ס ביזט דו?" „וועמענס, זאגט ער, זאל איך זיין? איך בין גאט'ס". „איך ווייס, זאג איך, אז גאט'ס; עס שטעהט, זאג איך, ביי אונז געשריבען: כ ל ה ח י ה ו כ ל ה ב ה מ ה. איך מיין, זאג איך, פון וואנען שטאמסט דו, צי ביזט דו א אונזעריגער, צי אפשר פון דער ליטא?" „שטאמען, זאגט ער, שטאם איך פון אדם הראשונ'ען און אליין בין איך, זאגט

ער, אַ היגער, איהר קענט מיך". „ווער זשע, זאָג איך, איז דער טאַטע דיינער? לאָמיר שוין הערען!" „מיין טאַטע, זאָגט ער, האָט געהייסען פערטשיק". „טפו זאָלסט דו ווערען! האָסט דו, זאָג איך, באַדאַרפט אַזוי לאַנג מוטשען? ביזט דו, הייסט דאָס, פערטשיק דעם פּאַפּיראָסניק'ס אַ זוהנדעל?" „בין איך, זאָגט ער, פערטשיק דעם פּאַפּיראָסניק'ס אַ זוהנדעל". „און שטודיערסט, זאָג איך, אין די קלאַסען?" „און שטודיער, זאָגט ער, אין די קלאַ־סען". „נר־נו, מהכתיתי, זאָג איך, אָדם אַ מענטש, צפור אַ פויגעל, קאַטשקע רוק זיך. זאָג זשע מיר, זאָג איך, תכשיט מיינער, פון וואָס, למשל, לעבסט דו, אַשטייגער?" „פון דעם, זאָגט ער, וואָס איך עס". „אַהאַ, זאָג איך, גאַנץ גוט; וואָס־זשע, זאָג איך, עסט דו?" „אַלסדינג, זאָגט ער, וואָס מע גיט מיר". „איך פאַרשטעה, זאָג איך, ביזט נישט קיין איבערקלויבער: אַז ס'איז דאָ וואָס צו עסען, עסט דו, און אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו עסען, פאַרבייסט דו מיט אַ ליפּ און לעגסט זיך שלאָפען אַ ניכטערער. נאָר וואָס דען, זאָג איך, ס'איז אַלסדינג כדאי, אַבי שטודיערען אין די קלאַסען, זאָג איך; גלייכסט זיך, זאָג איך, צו די יעהופּעצער נגידים, ווי אין פּסוק שטעהט: כולם אהובים, כולם ברורים"... אַזוי זאָג איך צו איהם מיט אַ פּסוק און מיט אַ מדרש, ווי טביה קאָן. מיינט איהר דאָך, אַז ער שווייגט מיר אָפּ, פערטשיק הייסט עס? „ניט דערלעבען, זאָגט ער, ווילען די נגידים, אַז איך זאָל זיך צו זיי גלייכען! איך האָב זיי, זאָגט ער, אין דער ערד!" „ביזט מיר עפּיס שטאַרק, זאָג איך, אויפגעטראָגען, זאָג איך, אויף די נגידים? איך האָב מורא, זאָג איך, אויב זיי האָבען זיך ניט צעטיילט, זאָג איך, מיט דיין טאַטענ'ס ירושה". „זאָלט איהר טאַקי וויסען, זאָגט ער, אַז איך און איהר און מיר אַלע, קאָן זיין, האָבען אַ גרויסען חלק ביי זיי אין דער ירושה"... „ווייסט דו וואָס, זאָג איך, לאָזען שוין דיינע שונאים רעדען פאַר דיר. איך זעה אַרויס, זאָג איך, נאָר איין זאַך, אַז דו ביזט אַ יונגעל נישט קיין פאַרפאַלענער און די צונג באַדאַרף מען דיר נישט פּיקען; אויב

דו וועסט, זאג איך, האבען צייט, קאנסט דו זיך ארייננחאפען צו מיר היינט אויף דער נאכט, וועלען מיר א ביסעל שמועסען, און טאקי, בדרך הליכה, חאפען מיט אונז א וועטשערע"...

אודאי האט זיך מיינער נישט געלאזט איבער'חזר'ען די ווער־טער און איז געקומען צו גאסט, געטראפען אקוראט צום סמיטשיק, בשעת דער בארשט איז געשטאנען אויפ'ן טיש און די מילכיגע קנישעס אין אויוועז האבען זיך נאך געפרעגעלט. „דו האסט, זאג איך צו איהם, א לעבעדיגע שוויעגער; קאנסט זיך, זאג איך, געהן וואשען, און אז ניט, קאנסט דו, זאג איך, עסען אומגעוואשען, איך בין ניט גאט'ס סטראפטשע, זאג איך, מיך וועט מען אויף יענער וועלט פאר דיר ניט שמייסען". אזוי שמועס איך מיך אוים מיט איהם, און פיהל, אז עס ציהט מיך עפיס צו דעם דאזיגען מענטשעל, וואס — ווייס איך אליין ניט, נאר עס ציהט; איך האב ליעב, פארשטעהט איהר, א מענטשען, וואס מע קאן מיט איהם רעדען א ווארט; א מאל א פסוק, א מאל א מדרש, א מאל א שטיקעל חקירה אין הימעל־זאכען, דאס, יענץ, לאקש, בוידעם, ציבעלע. אט אזא מענטש איז טביה. פון יענער צייט אן האט מיין בחור אנ־געהויבען ארייננקומען צו מיר כמעט אלע טאג. אפגעפארטיגט זיך מיט די „שטונדען", פלעגט ער קומען צו מיר זיך אפרוהען און א ביסעל פארברענגען. מאהלט אייך, אז אך און וועה איז געווען צו איהם מיט זיינע שטונדען אינאיינעם, אז בסך־הכל, דארפט איהר וויסען, ביי אונז דער גרעסטער נגיד איז געוואוינט צו צאהלען גאנצע ח"י גילדוינים, אי דאס, זאל דער לעהרער איהם העלפען לייענען דעפעשען, שרייבען אדרייסים און טאקי פאלגען א גאנג אויך, פאר וואס נישט? א בפירוש'ער פסוק: ב כ ל ל ב ב ך ו ב כ ל נ פ ש ך — עסט דו ברויט, דארפסט דו וויסען פאר וואס. א שטיקעל גליק חאטש, וואס געגעסען האט ער, אייגענטליך, ביי מיר, און דערפאר האט ער אונטערגעקנעלט מיט מיינע טעכטער, ווי זאגט ער: ע י ן ת ח ת ע י ן — א פאטש פאר א פאטש; און אט אזוי איז ער געווארען ביי אונז אין שטוב א גאנצער בן־בית,

די קינדער האָבען איהם אונטערגעטראָגען אַ גלעזעל מילך, און מיין אַלטע האָט אַכטונג געגעבען, ער זאָל האָבען אַ העמד אויפ׳ן לייב מיט אַ פּאָר זאָקען גאַנצע — און טאַקי דעמאָלט האָבען מיר דאָס איהם געקרוינט מיט׳ן נאָמען „פּעפּערעל“, איבערגעמאַכט, הייסט דאָס, אויף אידיש פון פּערטשיק, און מע קאָן זאָגען, אַז מיר האָבען איהם אַלע ליעב געקריגען עפּיס גאָר ווי אַיין אייגענעם, מחמת בטבע איז ער, דאַרפט איהר וויסען, דוקא נישקשה פון אַ מענטשעל, אַ פּשוט׳ער, אַ פּראָסטער חי־וקיים הייסט דאָס, שלי שלך, שלך שלי, מיינס דיינס — הפקר ציבעלעס...

פאַר איין זאַך נאָר האָב איך איהם פיינט געהאָט: פאַר זיין פאַרפאַלען ווערען. פלוצים פלעגט ער זיך אויפהויבען, אַוועקגעהן, און ו ה י ל ד א י נ נ ו — נישטאָ פּעפּערעל! „וואו ביזט דו געווען, מיין טייערער שפּיעל־פויגעל?“ שווייגט ווי אַ פיש... איך ווייס נישט, ווי אַזוי איהר — איך האָב פיינט אַ מענטשען מיט סודות; איך האָב ליעב, ווי זאָגט ער: ו י ד ב ר — גערעדט און ו י א מ ר — געזאָגט. דערפאַר האָט ער אָבער אַ מעלה: צערעדט ער זיך שוין, איז מ י ב א ש ו מ י ב מ י ם — פאַר פייער און פאַר וואַסער. אַ פּיסק — ניט געדאַכט זאָל ער ווערען! רעדט על ה׳ ועל משיחו, און אויף „ננתקה“... און דער עיקר טאַקי — אויף „ננתקה“... מיט פלאַנען אַלץ אַזעלכע ווילדע, קרומע, משוגע׳נע געננ, עפּיס אַלסדינג לאַקירדע, פאַפּעריק, מיט די פּיס אַרויף. למשל, אַ נגיד, קומט אויס, נאַך זיין משוגע׳נעם, פאַרקעהר־טען שכל, איז אַפּגעפּרעגט, און א קבצן איז, פאַרקעהרט, אַ גאַנצער צימעס, און ווער שמועסט אַ בעל־מלאכה — דער איז גאָר דאָס אויבערשטע פונ׳ם שטויסעל, טייערער פון חרוסת, מחמת יגיע כפּיך, זאָגט ער, דאָס איז דער עיקר. „פון דעסטוועגען, זאָג איך, צו געלט, זאָג איך, קומט דאָס נישט?“ ווערד ער מלא כעס און וויל מיר איינדרינגען, אַז געלט איז אַ שחיטה פאַר דער וועלט; פון געלט, זאָגט ער, נעמען זיך אַלע פאַלשקייטען אויף דער וועלט, און אַלסדינג, זאָגט ער, וואָס סע טהוט זיך אויף דער וועלט, טהוט

זיך עס נישט על־פּי יושר. און ער ברענגט מיר צעהנטויזענד ראיות און משלים, וואָס קלעפּען זיך ביי מיר, ווי אַיין אַרבעס צו דער וואַנט... „קומט אויס, נאָך דיין משוגע'נעם שכל, זאָג איך, אַז דאָס, וואָס מיין בהמה מעלקט זיך, און דאָס, וואָס מיין פערדעל פּאַהרט, איז אויך נישט על־פּי יושר?"... וכדומה נאָך אַזעלכע קלאָץ־קשיות פרעג איך איהם און שטעל איהם אָפּ, ווי זאָגט ער, ע ל כ ל ד ב ר י ש י ר ו ת ו ת ש ב ח ו ת — אויף יעדען טריט, ווי טביה קאָן! מיין פעפערעל אָבער קאָן אויך, נאָך אַ מין קאָנען! הלואי וואָלט ער אַזוי נישט קאָנען ווי ער קאָן! און האָט ער עפּיס אויפ'ן הארצען, אַזוי זאָגט ער דאָס אַרויס! איינ־מאָל זיצען מיר אַזוי פאַרנאַכט ביי מיר אויף דער פּריזבע און חקירה'ן אַלץ מכח די דאָזיגע ענינים, פילאָזאָפיע הייסט עס. רופט ער זיך אָן צו מיר, פעפערעל הייסט עס: „איהר ווייסט, רב טביה? איהר האָט טעכטער, רב טביה, זעהר גראַטענע". „טאַקי באמת? — זאָג איך. — אַ דאַנק דיר פאַר דער בשורה; זיי האָבען, זאָג איך, אין וועמען גראַטען צו זיין". „איינע, זאָגט ער צו מיר ווייטער, די עלטערע, די איז גאָר, זאָגט ער, אַ בר־דעת, אַ פאָלנע מענטש". „איך וויים עס אָהן דיר, זאָג איך, דאָס עפּעלע, זאָג איך, פאַלט נישט ווייט פונ'ם בוימעלע". אַזוי זאָג איך צו איהם, און דאָס הארץ, געוויינטליך, וואַכסט פאַר תענוג. ווארום וואָסער פאָטער, איך בעט אייך, האָט נישט ליעב, אַז מע לויבט איהם זיינע קינדער? געה זיי אַ נביא, אַז פון אַזאַ מין ליבעניש וועט גאָר אַרויסשפּרינ־גען אַ פאַרקאָכעניש, זאָל גאָט שומר ומציל זיין! איהר מעגט דאָס הערען.

בקיצור, ויהי ערב ויהי בוקר — געוועזן איז דאָס צווישען טאָג און נאַכט, אין בויבעריק טאַקי, פאָהר איך מיר אַזוי מיט מיין וועגעלע איבער די דאַטשעס, שטעלט מיך עמיצער אָפּ. איך טהו אַ קוק — ס'איז אפרים דער שדכן. אפרים דער שדכן, דאַרפט איהר וויסען, איז זיך אַ איד אַ שדכן, ווי אַלע שדכנים, פאַרנעמט זיך, הייסט דאָס, מיט שידוכים. דערזעהט ער מיך, אפרים הייסט עס,

אין בויבעריק און שטעלט מיך אַפּ: „זייט־זשע מוחל, רב טביה, איך דאַרף אייך עפּיס, זאָגט ער, זאָגען". „מהכתיתי, אַבי אַ גוטס", זאָג איך און שטעל־אָפּ דאָס פערדעל. „איהר האָט, זאָגט ער, רב טביה, אַ טאָכטער!" „איך האָב, זאָג איך, זיבען, זאָלען געזונט זיין". „איך ווייס, זאָגט ער, אַז איהר האָט זיבען, איך האָב אויך זיבען". „האָבען מיר, זאָג איך, אינאיינעם אַזוי גרויס ווי פערצעהן". „בקיצור, ווערטלעך אויף אַ זייט, זאָגט ער; די מעשה, רב טביה, דערפון, זאָגט ער, איז אַזוי: איך בין דאָך, ווי אייך איז ידוע, אַ איך אַ שדכן, האָב איך, זאָגט ער, פאַר אייך אַ חתן. נאָר אַ חתן — פון חתנלאַנד אַ חתן, טאַקי פערווע שבפערוועס!" „דהיינו, זאָג איך, וואָס ווערד אָנגערופען ביי אייך אַ חתן פון חתנ־לאַנד, פערווע שבפערוועס? אויב, זאָג איך, אַ חייט, אָדער אַ סנדלר, אָדער אַ מלמד, מעג ער, זאָג איך, זיצען דאָרט, און איך, זאָג איך, ר י ו ח  ו ה צ ל ה  י ע מ ו ד — מיין גלייכען וועל איך מיר געפינען, מ מ ק ו ם  א ח ר, ווי דער מדרש, זאָג איך, זאָגט..." „ע, זאָגט ער, רב טביה, איהר הויבט שוין אָן מיט אייערע מדרשים? מיט אייך, זאָגט ער, רעדען, באַדאַרף מען זיך גוט אונטערגאַרטלען! איהר פּאַרשיט, זאָגט ער, די וועלט מיט מדרשים. איהר הערט בעסער אויס, זאָגט ער, וואָס פאַר אַ מין שידוך אפרים דער שדכן איז אַ בעלן אייך פאַרצולעגען; איהר זאָלט, זאָגט ער, נאָר האָר־כען און שווייגען". אַזוי מאַכט ער צו מיר, אפרים הייסט דאָס, און נעמט און לייענט מיר אויס אַ צעטעל — וואָס זאָל איך אייך זאָגען? טאַקי עפּיס קפּריסין. ראשית, איז דאָס אָרט זעהר אַ שען אָרט, אַ טאַטענס אַ קינד, זאָגט ער, ניט קיין „חאַץ־דרגא". און דאָס, דאַרפט איהר וויסען, איז ביי מיר דער עיקר. וואָרום איך בין אַליין אויך ניט אַבי ווער; ביי מיר אין דער משפחה זענען פאַרהאַן אַלערליי, ווי זאָגט ער: ע ק ו ד י ם, נ ק ו ד י ם  ו ב ר ו ד י ם — פאַרהאַן פּראָסטע מענטשען, פאַרהאַן בעלי־מלאכות און פאַרהאַן בעלי־בתים. היינט איז ער אַ יודע־נגן, וואָס פאַרשטעהט אין די קליינע אותיות. און דאָס איז ביי מיר אודאי נישט פון די קליינע

זאכעז, וואָרום אַ גראָבעז יונג האָב איך דאָך פיינט, ווי חזיר! ביי מיר איין עם־הארץ איז ערגער טויזענד מאָל פון אַ הולטיי; איהר מעגט אייך געהן אַהן אַ היטעל, און אפילו מיט׳ן קאָפּ אראָפּ, מיט די פיס ארויף, אַבי איהר ווייסט וואָס רש״י מאַכט, זענט איהר שוין פון מיינע לייט. אָט אַזאַ איך איז טביה... היינט איז ער, זאָגט ער, רייך, אַנגעשטאָפּט מיט געלט, פאָהרט ארוים, זאָגט ער, מיט אַ קאַרעטע, מיט אַ פּאָר ברענענדיגע סוסים, עס געהט אַזש אַ רויך!... נו, מהכתיתי, טראַכט איך מיר, דאָס איז אויך נישט פון די גרויסע חסרונות. איידער אַ קבצן, איז שוין גלייכער אַ נגיד. ווי זאָגט ער: יאה עניות א לישראל — גאָט אַליין האָט אויך פיינט אַ קבצן. אַ סימן האָט איהר, אַז גאָט זאָל ליעב האָבען אַ קבצן, וואָלט אַ קבצן קיין קבצן נישט געווען. „נו, לאָמיר הערען ווייטער“, זאָג איך. „ווייטער, זאָגט ער, וויל ער מיט אייך אַ שידוך טהון, ער געהט אוים, ער חלש׳ט, זאָגט ער, דאָס הייסט נישט נאָך אייך — נאָך אייער טאָכטער חלש׳ט ער, ער וויל אַ שענע וויל ער“... „אַזוי? — זאָג איך. — לאָז ער זיין פאַר איהר די כפרה. ווער, זאָג איך, איז ער, דער אַנטיק אייערער: אַ בחור? איין אַלמן? אַ גרוש? אַ שוואַרץ־יאָהר? „ער איז אַ בחור, זאָגט ער, אַ בחור, אפילו אין די יאָהרען שוין, נאָר אַ בחור“. „ווי אַזוי־ זשע, זאָג איך, איז דער הייליגער נאָמען זיינער?“ וויל ער מיר נישט זאָגען, חאָטש בראָט איהם. „ברענגט זי, זאָגט ער, צו פיהרען קיין בויבעריק, וועל איך אייך נאָכדעם, זאָגט ער, זאָגען“. „וואָס הייסט, זאָג איך, איך זאָל זי ברענגען צו פיהרען? ברענגען, זאָג איך, ברענגט מען צו פיהרען אַ פערד, זאָג איך, אויפ׳ן יריד, אָדער אַ בהמה צו פאַרקויפען“...

בקיצור, די שדכנים, ווייסט איהר דאָך, קאָנען איבעררעדען אַ וואַנט. ס׳איז געבליבען, אַז אם ירצה השם נאָך שבת ברענג איך זי צו פיהרען קיין בויבעריק. און אַלערליי גוטע, זיסע מחשבות קומען מיר אויף די געדאַנקען, און איך שטעל מיר שוין פאָר מיין האָדלען, ווי זי פאָהרט אין אַ קאַרעטע מיט אַ פּאָר ברענענדיגע סוסים, און

די וועלט איז מיר מקנא, ניט אַזוי אויף דער קאַרעטע מיט די סוסים, ווי אויף די טובות, וואָס איך טהו דער וועלט דורך מיין טאָכטער די נגידית, העלף־אויס די געפאַלענע מיט אַ גמילות־חסד, ווענען אַ כף־הא׳ער, ווענען אַ פּופּציגער און ווענען אַ הונדערטער, ווי זאָגט איהר, יענער האָט אויך אַ נשמה... אַזוי טראַכט איך מיר, פאָהרענדיג פאַרנאַכטליך, צוריקוועגס אַהיים, און שמיים דאָס פערדעל און שמועס מיך דורך מיט דעם אויף פערדיש לשון: „ל ס ו ס ת י, זאָג איך צו דעם, וויאָ! אַנו, מאַך נאָר, זאָג איך, מיט די רגלים אַ ביסעלע גיכער, באַקומסט דו דיין פּאַרציע האָבער, וואָרום א י ן ק מ ח א י ן ת ו ר ה — שטעהט ביי אונז געשריבען — אַז מע שמירט ניט, פאָהרט מען ניט“...

און ווי איך רעד מיר דאָ אַזוי מיט מיין פערדעל, זעה איך, פון וואַלד אַרוים שניידט זיך אַ פּאָרעל, צוויי מענטשען, ניכר, אַ זכר מיט אַ נקבה. געהן געהען זיי נאָהענט, האַרט איינער צום אַנדערען, און מע רעדט עפּיס זעהר געשמאַק. ווער קאָן דאָס זיין פלוצים אין מיטען דרינען? — קלער איך מיר און קוק מיך איין דורך די פייעריגע ריטער פון דער זון. — איך וואָלט געמעגט שווערען, אַז ס׳איז פעפּערעל! מיט ווענען־זשע געהט ער דאָס, דער שלים־מזל, אַזוי שפּעט? איך פאַרשטעל מיך מיט דער האַנט פון דער זון און קוק מיך איין נאָך שטאַרקער: ווער איז די נקבה׳קע? אוי! דאַכט זיך, האָדעל? יאָ, ס׳איז זי, ווי איך בין אַ איד, ס׳איז זי!... אַזוי? אָט דאָס האָט מען אַזוי געשמאַק געלערענט גראַמאַטיקעס, געלייענט ביכלעך?! אוי, טביה, ביזט דו אַ בהמה! — אַזוי טראַכט איך מיר, און שטעל־אָפּ דאָס פערדעל און רוף זיך אָן צו מיינע לייט: „אַ גוטען אָבענד אייך, זאָג איך, וואָס הערט זיך עפּיס מכח מלחמה? ווי קומט איהר, זאָג איך, פלוצים גאָר אַהער? אויף ווענען קוקט איהר דאָ אַרוים? אויפ׳ן נעכטיגען טאָג?“... דערהערט אַזאַ מין ברוך־הבא, איז מיין פּאָרעל געבליבען שטעהן, ווי זאָגט ער, ל א ב ש מ י ם ו ל א ב א ר ץ, דאָס הייסט: נישט אַהין, נישט אַהער, מחילה צעדרעהט און רויט־

ליד אויפ׳ן פּנים... געשטאַנען אַזוי אַ פּאָר מינוט אָהן ווערטער, לאָזט מען אַראָפּ די אויגען, נאָכדעם הויבט מען אָן קוקען אויף מיר, איך אויף זיי, זיי ביידע איינס אויף דאָס אַנדערע.

„נו? — זאָג איך. — עפּיס באַטראַכט איהר מיך, זאָג איך, גלייך אַזוי ווי איהר האָט מיך שוין לאַנג נישט געזעהען. איך בין, דאַכט מיר, דער אייגענער טביה, זאָג איך, וואָס געוועזן, נישט גע־מינערט אַ האָר". אַזוי מאַך איך צו זיי האַלב פאַרדראָסיג און האַלב אויף קאַטאָוועס. רופט זיך אָן צו מיר די טאָכטער מיינע, האָדעל הייסט דאָס, און ווערד נאָך רויטער ווי פריהער: „טאַטע, אונז קומט מזל־טוב"... „מזל־טוב אייך, זאָג איך, מיט מזל זאָלט איהר לעבען. וואָס איז די מעשה? איהר האָט געפונען, זאָג איך, איין אוצר אין וואַלד? צי איהר זענט נאָר־וואָס נצול געוואָרען, זאָג איך, פון אַ גרויסער סכנה?" „אונז קומט, זאָגט ער, מזל־טוב, מיר זענען חתן־כלה". „וואָס הייסט, זאָג איך, איהר זענט חתן־כלה?" „חתן־כלה, זאָגט ער, ווייסט איהר נישט וואָס הייסט? חתן־כלה הייסט, זאָגט ער, איך בין איהר חתן, זי איז מיין כלה". אַזוי מאַכט ער צו מיר, פּעפּערעל הייסט דאָס, און קוקט מיר דוקא גלייך אין די אויגען אַריין. איך קוק איהם אָבער אויך גלייך אין די אויגען אַריין און מאַך צו איהם: „ווען איז געוועזן ביי אייך, זאָג איך, דאָס קנס־מאָל? און פאַר וואָס האָט איהר נישט גערופען מיך אויך אויף דער שמחה? איך קעהר מיך, דאַכט זיך, אָן דאָ אַ שטיקעל מחותן, צי ניין?"... איהר פאַרשטעהט, איך לאַך און ווערעם עסען מיך, טאַטשען מיין לייב. נאָר גאָר נישט, טביה איז נישט קיין אידינע, טביה האָט ליעב אויסהאָרכען ביז׳ן סוף... רוף איך מיך אָן צו זיי: „איך פאַרשטעה ניט — אַ שידוך אָהן אַ שדכן, אָהן תנאים?" „וואָס דאַרפען מיר, מאַכט ער, פּעפּערעל הייסט דאָס, שדכנים? מיר זענען שוין לאַנג, זאָגט ער, חתן־כלה". „אַזוי? גאָט׳ס נסים! וואָס־זשע האָט איהר, זאָג איך, געשוויגען ביז אַהער?" „וואָס זאָלען מיר, זאָגט ער, שרייען? מיר וואָלטען אייך היינט אויך נישט דערצעהלט, נאָר אַזוי ווי מיר האַלטען אין גיכען ביי צעשיידען

זיך, איז ביי אונז געבליבען, מיר זאָלען שטעלען פריהער׳ט אַ חופּה“... דאָס האָט מיך שוין פאַרדראָסען, ווי זאָגט איהר: ב א ו מ י ם ע ד נ פ ש — דערלאַנגט איןביין אַריין! מילא, וואָס ער זאָגט: חתן־כלה — איז נאָך צו דערליידען, ווי שטעהט דאָרטען געשריבען: אַ ה ב ת י — ער וויל זי, זי וויל איהם. אָבער חופּה? וואָס איז דאָס פאַר ווערטער: שטעלען אַ חופּה? עפּיס תרגום־לשון!... ווייזען ווייזט אויס, אַז מיין חתן האָט פאַר־שטאַנען, אַז איך בין פון דער מעשה אַ ביסעל מטושטש; רופט ער זיך אָן צו מיר: „פאַרשטעהט איהר, רב טביה, די מעשה דער־פון איז אַזוי: איך האַלט ביי אָפּפאָהרען פון דאַנען“. „ווען פאָהרסט דו?“ „אין גיכען“. „וואוהין, אַשטייגער?“ „דאָס קאָן איך אַייך, מאַכט ער, נישט זאָגען, ס׳איז, זאָגט ער, אַ סוד“... איהר הערט? ס׳איז אַ סוד! ווי געפעלט דאָס אַייך, אַשטייגער? קומט צו געהן אַ פּעפּערעל, אַ קליינס, אַ שוואַרץ, אַ פאַרזעהעניש, פאַרשטעלט זיך פאַר אַ חתן, וויל שטעלען אַ חופּה, האַלט ביי אַוועקפאָהרען און זאָגט ניט וואוהין! קאָן ניט צעזעצט ווערען די גאַל? „מילא, זאָג איך צו איהם, אַ סוד איז אַ סוד; ביי דיר איז גאָלע סודות... גיב מיר אָבער צו פאַרשטעהן, ברודערעל, אָט דאָס: דו ביזט דאָך אַ מענטש, זאָג איך, פון סאַמע יושר און ביזט אַיינגעטונקען אין מענטשליכקייט פון אויבען ביז אַראָפּ, — ווי קומט דאָס, זאָג איך, צו דיר, אַז דו זאָלסט פּלוצים אַין מיטען דרינען צונעמען ביי טביה׳ן אַ טאָכטער און מאַכען זי פאַר אַיין עגונה? אָט דאָס הייסט ביי דיר יושר? מענטשליכקייט? אַ שטיקעל גליק, זאָג איך, וואָס דו האָסט מיך נישט באַ׳גנבה׳ט, אָדער אונטערגעצונ־דען“... „טאַטע! — זאָגט זי צו מיר, האָדעל הייסט דאָס. — דו ווייסט גאָר ניט, ווי גליקליך מיר זענען, איך און ער, וואָס מיר האָבען דיר אויסגעזאָגט פון׳ם סוד. ס׳איז ביי אונז, זאָגט זי, אַראָפּ אַ שטיין פון׳ם האַרצען. קום אַהער, לאָמיר זיך צעקושען“. און נישט לאַנג געטראַכט, האַפּען זיי מיך אַרום ביידע, זי פון איין זייט, ער פון דער אַנדערער זייט, און מע הויבט מיך אָן קושען

און האָלזען, זיי מיך און איך זיי, און פון גרויס אימפּעט, אַפּנים, זיי ביידע צווישען זיך דאַוואַי קושען זיך! אַ באַשרייבונג, זאָג איך אייך, אַ טעיאַטער מיט זיי! „טאַמער וואָלט שוין געווען, זאָג איך, גענוג קושען זיך? צייט עפּיס רעדען מכח תכלית“. „מכח וואָסער תכלית?“ זאָגען זיי. „מכח נדן, זאָג איך, מלבושים, הוצאות־החתונה, דאָס, יענץ, לאָקש, בוידעם, ציבעלע“... „מיר דאַרפען נישט, זאָגען זיי, גאָר נישט ניט, נישט קיין לאָקשען, נישט קיין בוידעם, נישט קיין ציבעלעס“. „וואָס־זשע דען, זאָג איך, דאַרפט איהר יאָ?“ „מיר דאַרפען, זאָגען זיי, נאָר חופּה וקדושין“... איהר הערט ווערטער?...

בקיצור, איך וועל אייך ניט מאריך זיין, עס האָט מיר געהאָלפען, ווי דער פאַר־אַ־יאָהריגער שניי — מע האָט געשטעלט אַ חופּה. אַלץ הייסט אַ חופּה! אודאי, וואָס זאָלט איהר קלערען, נישט אזא חופּה, ווי טביה'ן שטעהט אָן. אויך מיר אַ חופּה!... אַ שטילע חתונה... אַך און וועה!... און דערצו איז נאָך פאַרהאַן אַ ווייב, ווי זאָגט איהר: אויף אַ מכה אַ בלאָטער. מוטשעט זי, איך זאָל איהר נאָר זאָגען, וואָס איז דאָס עפּיס אַזוי האָפּ־לאָפּ, בחפזון'דיג? נו, געהט גיט צו פאַרשטעהן אַ אידינע, אַז סע ברענט! וואָס טויג אייך, איך האָב איהר געמוזט אָפּטאָקען פון דרך־שלום וועגען אַ ליגען הגדול הגבור והנורא, אַ מעשה מיט אַ ירושה, אַ רייכע מוהמע פון יעהופּעץ, נעכטיגע טעג — אַבי זי זאָל מיך לאָזען צו־רוה. און טאַקי באותו היום, דאָס הייסט אַ פּאָר שעה נאָך דער שענער חופּה, שפּאַן איך איין דאָס פערד־און־וועגעלע, און מיר זעצען זיך אויף זאָלבדריט, דאָס הייסט: איך און זי און ער, דער געניידעם מיינער, און ה ל ך מ ש ה מ ר ד כ י — מאַרש צום באַהן קיין בויבעריק. זיצענדיג אַזוי מיט מיין פּאַר־פאָלק אין וועגעלע, האָפּ איך מיר אַ קוק מן הצד אויפ'ן דאָזיגען פּאָרעל און טראַכט מיר: וואָס פאַר אַ גרויסען גאָט מיר האָבען און ווי מאָדנע שען ער פיהרט זיין וועלטעל! און וואָס פאַר מיני משונה נפשות, ווילדע ברואים, עס געפינען זיך ביי איהם! אָט האָט

איהר אייך אַ פּאָר־פּאַלק נאַר־וואָס פון דער **נאָדעל אַרויס**: פאַהרט ער אוועק, דער גוטער יאָהר ווייסט איהם וואוהין, און זי בלייבט איבער דאַ — און מע זאָל דאָס לאָזען אפילו אַ טרער, חאָטש פון יוצא וועגען! נאָר גאָר נישט, טביה איז נישט קיין אידינע. טביה האָט צייט, קוקט און שווייגט, וואָס וועט דאָ זיין... זעה איך עפּיס אַ פּאָר יונגע לייטלעך, גוטע כתריליקעס, מיט אויסגעטראַטענע שטיוועל, זענען אַרויסגעקומען אויפ'ן באַהן זיך געזעגענען מיט מיין שפּיעל־פויגעל. איינער פון זיי איז געגאַנגען עפּיס ווי אַ שייגעץ, איך בעט איבער אייער כבוד, מיט'ן העמדעל איבער די הויזען, און האָט עפּיס געשושקעט זיך מיט מיינעם שטילערהייד. „זעה נאָר, טביה, טראַכט איך מיר, צי האָסט דו זיך ניט אַריינגעחאַפּט דאָ צווישען חברה פערד־גנבים, בייטעל־שניידערס, שלעסער־ברעכער, אָדער פאַלשע מאָנעטשיקעס?"...

פאַהרענדיג צוריק מיט מיין האָדלען פון בויבעריק אַהיים, קאָן איך מיך נישט איינהאַלטען און זאָג איהר אַרויס דעם דאָזיגען געדאַנק גאַנץ אָפענטליך. צעלאַכט זי זיך און וויל מיך איינרעדען, אַז ס'איז לויטער פיינע מענטשלעך, עהרליכע, לעצט־עהרליכע לייט, וואָס זייער גאַנץ לעבען איז נאָר פון יענעמס וועגען, זיך האָבען זיי נישט אין זינען, אפילו אין דער לינקער פּיאַטע... „אָט אַ יענער, זאָגט זי, וואָס מיט'ן העמדעל, דער איז גאָר אַ טאַטענס אַ קינד; ער האָט, זאָגט זי, אַוועקגעוואָרפען רייכע טאַטע־מאַמע אין יעהופּעץ, וויל נישט נעמען ביי זיי קיין צעבראָכענעם גראָשען". „אַזוי? גאָט'ס וואונדער! — זאָג איך. — טאַקי זעהר אַ פיין בחור'על, כלעבען! צום העמדעל, וואָס ער געהט איבער די הויזען, מיט די לאַנגע האָר, ווען גאָט העלפט איהם נאָך אַ האַרמאָניע, אָדער אַ הונט זאָל איהם נאָכלויפען פון הינטען, דעמאָלט האָט דאָס שוין גאָר דעם זיעבעטען חן!"... אָט אַזוי רעכען איך זיך אָפּ מיט איהר שוין פאַר איהם אויך, און לאָז אויס מיין גאַנץ ביטער האַרץ, הייסט דאָס, צו איהר נעבאַך... און זי? גאָר נישט! **א י ז א ס ת ר מ ג ד ת** — מאַכט זיך תמ'עוואַטע. איך איהר: „פעפערעל", און

זי מיר: „טובת־הכלל, ארבייטער, נעכטיגע טעג"... „וואָס טויג מיר, זאָג איך, אייער טובת־הכלל מיט אייער ארבייטערן, אַז עס געהט־צו ביי אייך בסוד? פאַרהאַן, זאָג איך, אַ שפּריכוואָרט: וואו אַ סוד, דאָרט איז אַ גנבה... אמעהר זאָג מיר גלייך, וואָס איז ער געפּאַהרען, פּעפּערעל, און וואוהין?"... „אַלסדינג יאָ, זאָגט זי, נאָר דאָס נישט. פרעג זיך, זאָגט זי, בעסער נישט נאָך; גלויב מיר, זאָגט זי, וועסט מיט דער צייט אַליין אַלסדינג וויסען. ווּעסט, אם ירצה השם, הערען, און אפשר איין גיכען, פיעל נייעס, פיעל גוטס!"... „אמן, הלואי, זאָג איך, פון דיין מויל אין גאָט'ס אויהערען. נאָר אונזערע שונאים, זאָג איך, זאָלען אַזוי וויסען פון זייער געזונט, ווי איך הויב אָן צו פאַרשטעהן, וואָס דאָ טהוט זיך ביי אייך און וואָס באַדייט די שפּיעל!"... „אָט דאָס איז טאַקי, זאָגט זי, דער אומגליק, וואָס דו ווּעסט דאָס ניט פאַרשטעהן". „וואָס־זשע, ס'איז אַזוי טיעף? מיר דאַכט, זאָג איך, אַז איך פאַרשטעה, מיט גאָט'ס הילף, גרעסערע זאַכען"... „דאָס לאָזט זיך ניט, זאָגט זי, פאַרשטעהן מיט'ן שכל אַליין, דאָס דאַרף מען, זאָגט זי, פיהלען, פיהלען מיט'ן האַרצען"... אַזוי זאָגט זי צו מיר, האָדעל הייסט עס, און דאָס פּנים ביי איהר בשעת־מעשה פלאַמט און די אויגען ברענען. ניט געדאַכט זאָלען זיי ווערען, די טעכטער מיינע! פאַרקאַכען זיי זיך אין עפּיס, איז מיט האַרצען און מיט לייב און לעבען און מיט'ן גוף און מיט דער נשמה!

בקיצור וועל איך אייך דערצעהלען, עס געהט אַוועק אַ וואָך און צוויי און דריי און פיער און פינף און זעכס און זיעבען — אין קול ואין כסף — נישטאָ ניט קיין בריעף, ניט קיין ידיעה. „פאַרפאַלען, זאָג איך, פּעפּערעל!" — און חאַפּ אַ קוק אויף מיין האָדעלען. נעבאַך קיין טראָפּען בלוט נישטאָ אין פּנים, זוכט־אויף אַלע מאָל איין אַנדער שטיקעל ארבייט אין שטוב, וויל, ווייזט אויס, פאַרגעסען דורך דעם די גרויסע צרות איהרע, נאָר, איהר זאָלט זאָגען, זי זאָל דאָס איהם אפילו דערמאָנען! שאַ, שטיל, גלייך ווי ס'איז גאָר קיין מאָל נישט געוועזען קיין פּעפּערעל אויף

דער וועלט! נאָר איין מאָל טרעפט זיך אַ מעשה, איך קום צו פֿאָהרען אַהיים, איך זעה — מיין האָדעל איז פּאַרוויינט, געהט אַרום מיט אַנגעשוואָלענע אויגען. הויב איך מיך אָן צו דערפֿרעגען, ווער איך געוואָהר, אַז דאָ איז נישט לאַנג געווען עפּיס איינער אַ שלים־מזל מיט לאַנגע האָר און גע׳סוד׳עט זיך עפּיס מיט איהר, מיט האָדלען הייסט עס. „אַהאַ! — טראַכט איך מיר. — דאָס איז יענער חברה־מאַן, וואָס האָט אוועקגעוואָרפען רייכע טאַטע־מאַמע און האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס העמדעל איבער די הויזען"... און נישט לאַנג געטראַכט, רוף איך אַרויס מיין האָדלען פון שטוב אין הויף אַרויס און טהו זי אַ חאַפּ גלייך אויף דער ווענטקע: „זאָג מיר נאָר, טאָכטער, האָסט שוין פון איהם אַ גרוס?" „יאָ". „וואו איז ער ערגיץ, דיין באַשערטער?" „ער איז, זאָגט זי, ווייט". „וואָס טהוט ער?" „ער זיצט!" „ער זיצט?" „ער זיצט"... „וואו זיצט ער? פאַר וואָס זיצט ער?" — שווייגט זי. קוקט מיר גלייך אין די אויגען אריין און שווייגט. „זאָג מיר נאָר, זאָג איך, טאָכ־טער מיינע, ווערליג איך פאַרשטעה, זיצט ער נישט פאַר קיין גנבה; פאַרשטעה איך ניט דעם שכל, אַז ווי באַלד קיין גנב ניט און קיין שווינדלער ניט, היינט פאַר וואָס־זשע זיצט ער, פאַר וואָסערע מעשים טובים?"... שווייגט זי — אין אסתר מגדת... האָב איך מיך מיישב געווען: זאָגסט ניט, דאַרף מען ניט; ער איז דאָך דיין שלים־מזל, ניט מיינער. אַ שענע ריינע כפּרה! נאָר אינווענ־ניג אין האַרצען טראָג איך אַ וועהטיג, איך בין פאָרט אַ פאָטער, ווי מיר זאָגען אינ׳ם דאַווענען: כ ר ח ם  א ב  ע ל  ב נ י ם — אַ פאָטער בלייבט אַ פאָטער.

בקיצור, געווען איז דאָס הושענא־רבה אויף דער נאָכט. יום־טוב איז ביי מיר אַ מנהג, איך רוה מיך אָפּ, און אויך דאָס פערדעל רוהט זיך ביי מיר אויס, ווי אין דער תורה שטעהט געשריבען: א ת ה — דו, ו ש ו ר ך — און דיין ווייב, ו ח מ ו ר ך — און דיין פערדעל... און אַגב איז שוין אין בויבעריק כמעט נישטאָ וואָס צו טהון: טהוט מען אַ בלאָז מיט׳ן שופר, אַזוי צעלויפען זיך אַלע

דאטשניקעס, ווי די מייז אין א הונגער, און בויבעריק ווערד א פוסטקע. דעמאלט האב איך ליעב צו זיצען אין דערהיים, ביי זיך אויף דער פריזבע. פאר מיר איז עס דאס בעסטע שטיקעל צייט. די טעג זענען געשענקטע. די זון באקט שוין ניט, ווי א קאלב־אויוועז, נאר זי גלעט מיט א מין ווייכקייט, מחיה נפשות. דער וואלד איז אלץ נאך גרין, די סאסנעס הערען ניט אויף צו שמעקען מיט סמאלע, און עס דאכט זיך מיר, אז דער וואלד קוקט יום־טוב׳דיג, ווי גאט׳ס א סוכה, א סוכה פון גאט. אט דא, טראכט איך מיר, האלט גאט סוכות; דא, ניט אין שטאדט, וואו סע טארעראמט, און מענטשען לויפען הין און הער, פינען מיט דער נשמה, יאגען זיך נאכ׳ן שטיקעל ברויט, און מע הערט נאר געלט און געלט און געלט!... און ווער שמועסט אויף דער נאכט, הושענא־רבה, למשל, — איז דאך גאר א גן־עדן: דעמאלט איז דער הימעל בלוי, די שטערען פינקלען, שעמערירען, בייטען זיך, פינטלען, ווי, להבדיל, א מענטש מיט די אויגען; און אמאל, מאכט זיך, פליהט דורך א שטערן פייל אויס׳ן בויגען, לאזט איבער נאך זיך אויף א רגע׳לע א גרינעם פאס — דאס האט זיך אראפגעלאזט א שטע־רענדעל, געפאלען עמיצענס מזל. ווארום וויפיעל שטערען, אזוי פיעל מזלות... אידישע מזלות... „עס זאל חאטש ניט זיין מיין פינסטער מזל“, — טראכט איך מיר, און עס קומט מיר אויפ׳ן געדאנק האדעל. שוין פון עטליכע טעג, אז זי איז עפים ווי אויפ־געמונטערט, לעבעדיגער געווארען, גאר איין אנדער פנים באקומען. עמיצער האט איהר געבראכט א בריוועל, אפנים, פון איהם טאקי, פון איהר שלים־מזל. ווילען ווילט זיך מיר זעהר וויסען, וואס ער שרייבט איהר, נאר פרעגען וויל איך נישט; זי שווייגט, שווייג איך אויך, פתח שין שא! טביה איז נישט קיין אידינע; טביה האט צייט...

דערווייל, אזוי ווי איך טראכט פון האדלען, קומט זי אן, האדעל הייסט עס, זעצט זיך צו נעבען מיר אויף דער פריזבע, קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען און רופט זיך אן צו מיר שטילערהייד:

„הערסט דו, טאַטע? איך דאַרף דיר עפּיס זאָגען: היינט געזעגענען מיר זיך אָפּ מיט דיר... אויף שטענדיג“...

אַזוי זאָגט זי צו מיר שטיל, קוים וואָס מע הערט, און קוקט אויף מיר מיט אַ מאָדנעם מין קוק, מיט אַזאַ קוק, וואָס איך וועל איהם אייביג נישט פאַרגעסען. און בשעת־מעשה פליהט מיר דורך אַ מחשבה אין קאָפּ: „זי וויל זיך טרינקען“... וואָס איז מיר איינגעפאַלען טרינקען? ווייל עס האָט זיך געטראָפען, ניט דאָ געדאַכט, אַ מעשה: אַ מיידעל נישט ווייט פון אונז האָט זיך פאַרקאָכט אין ן דאָרף־שייגעץ און האָט זיך צוליעב דעם דאָרף־שייגעץ... איהר ווייסט דאָך שוין וואָס. איז די מאַמע פאַר צרות קראַנק געוואָרען און איז געשטאָרבען, און דער טאַטע האָט זיך אויסגעבראַכט, געוואָרען אַ קבצן. און דער דאָרף־שייגעץ האָט זיך מיישב געווען און האָט חתלירע געהאַט פאַר איין אַנדערע. איז זי אַוועקגעגאַנגען צום טייך, דאָס מיידעל הייסט דאָס, און האָט זיך אַריינגעוואָרפען אין וואַסער אַריין און האָט זיך דערטרונקען...

„וואָס הייסט, זאָג איך, דו געזעגענסט זיך אָפּ מיט מיר אויף שטענדיג?“ — אַזוי מאַך איך צו איהר און קוק אַראָפּ, זי זאָל ניט זעהען, ווי איך בין טוידט. „דאָס הייסט, זאָגט זי, איך פאָהר, זאָגט זי, אַוועק, מאָרגען, זאָגט זי, גאַנץ פריה, מיר וועלען זיך שוין מעהר קיין מאָל ניט זעהען... קיין מאָל ניט“...

דערהערט די דאָזיגע ווערטער, איז מיר געוואָרען אַ ביסעל גרינגער אויף דער נשמה. דאַנקען גאָט חאָטש דערפאַר, טראַכט איך מיר, ווי זאָגט ער: גם זו לטובה — עס קאָן זיין ערגער, בעסער האָט קיין שיעור ניט... „וואוהין, למשל, פאָהרסט דו, אויב איך האָב, זאָג איך, די זכיה צו וויסען?“ „איך פאָהר, זאָגט זי, צו איהם“. „צו איהם? — זאָג איך. — וואו איז ער דען אַצינדערט?“ „לעת־עתה, זאָגט זי, זיצט ער נאָך; נאָר אין גיכען שיקט מען איהם אַוועק“. „פאָהרסט דו, הייסט דאָס, זיך געזעגענען מיט איהם?“ — אַזוי זאָג איך צו איהר און מאַך זיך תמ'עוואַטע. „ניין, זאָגט זי, איך געה איהם נאָך גלייך אַהין“. „אַהין? — זאָג

איך. — ווער איז געווען דער אהין? ווי אַזוי הייסט דאָס אָרט?"
„מע ווייסט נאָך נישט אַקוראַט, זאָגט זי, ווי אַזוי דאָס אָרט הייסט, נאָר ווייט איז דאָס זעהר, זאָגט זי, ווייט מיט סכנת־נפשות"...

אַזוי זאָגט זי צו מיר, האָדעל הייסט עס, און עס מאָהלט זיך מיר אויסעט, אַז זי רעדט דאָס מיט גדלות, מיט גרויסקייט, גלייך ווי ער וואָלט דאָ אָפּגעטהאָן עפּיס אַזעלכס, וואָס סע קומט איהם דערפאַר אַ מעדאַל פון אַ פּוד אייזען!... וואָס ענטפערט מען איהר, למשל, אויף אַזאַ זאַך? פאַר אַזאַ זאַך נעמט אַ פאָטער און בייזערט זיך אויס אויף אַ קינד, שענקט אַ פּאָר פּעטש, אָדער ער בייטעלט אויס אַלע בייזע וויסטע חלומות. טביה איז אָבער ניט קיין אידינע. איך געה מיט דעם גאַנג, אַז כעס איז עבודה־זרה. רוף איך מיך אָן צו איהר מיט אַ פּסוק, ווי געוויינטליך: „איך זעה אַרויס, זאָג איך, טאָכטער מיינע, אַז דו ביזט מקיים, ווי אין דער הייליגער תורה שטעהט געשריבען: ע ל כ ן י ע ז ב — וואַרפסט אַוועק, זאָג איך, צוליעב אַ פעפערעל, טאַטע־מאַמע, זאָג איך, און לאָזט זיך אַוועק אין איין אָרט, וואָס מע ווייסט ניט וואו, ערגיץ אין די מדבריות, אַפּנים, אויפ'ן פאַרגליווערטען ים, דאָרט, וואו אלכסנדר מוקדון, זאָג איך, איז געפאָהרען אויפ'ן אַקרענט און פאַרבלאָנזעט אויף אַ ווייטער וויספּע, זאָג איך, צווישען ווילדע מענטשען, ווי איך האָב געלייענט, זאָג איך, אַמאָל אין אַ מעשה־ביכעל"...

אַזוי זאָג איך צו איהר האַלב אויף קאַטאַוועס און האַלב מיט כעס, און דאָס האַרץ בשעת־מעשה וויינט. נאָר טביה איז נישט קיין אידינע. טביה האַלט זיך איין. און זי, האָדעל הייסט עס, פאַלט נישט אַראָפּ ביי זיך; ענטפערט מיר אָפּ על ראשון ראשון, און שטיל, נישט געהאַפּט, און באַטראַכט. טביה'ס טעכטער קאָנען רעדען...

און האָטש איך האַלט דעם קאָפּ אַראָפּ און די אויגען צו, פון דעסטוועגען דאַכט זיך מיר, אַז איך זעה זי, האָדלען הייסט דאָס, איך זעה — איהר פּנים איז פּונקט אַזוי ווי די לבנה, בלאַס און מאַט, און דאָס קול איהרס, מאָהלט זיך מיר אויס, איז עפּיס ווי

פאַרדומפּען, ציטערט... זאָל איך איהר, אַשטייגער, פאַלען אויפ'ן האַלז, בעטען, חלש'ען פאַר איהר, זי זאָל נישט פאָהרען? ווייס איך, אז ס'איז אַרויסגעוואָרפען. ימח שמם זאָלען זיי ווערען, טאַקי די טעכטער מיינע, — פאַרקאָכען זיי זיך אין עמיצען, איז מיט'ן גוף און מיט דער נשמה און מיט'ן האַרצען און מיט לייב און לעבען!

בקיצור, מיר זענען אָפּגעזעסען אַזוי אויף דער פּריזבע אַ היבשע שטיק צייט, לאָז זיך אַייך דאַכטען, כמעט די גאַנצע נאַכט. מעהר געשוויגען ווי גערעדט, און דאָס, וואָס מיר האָבען גערעדט, איז אויך געווען כמעט ווי נישט גערעדט, האַלבע ווערטער... זי האָט גערעדט, און איך האָב גערעדט. איך פרעג זי נאָר איין זאַך: וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, אַ מיידעל זאָל נעמען און חתונה האָבען פאַר אַ בחור צוליעב דעם, זי זאָל איהם קאָנען נאָכגעהן ערגיץ אין אַלדי שוואַרצע יאָהר? ענטפערט זי מיר: „מיט א י ה ם איז אַלץ איינס, אפילו אין אַלדי שוואַרצע יאָהר“... געב איך איהר, געווייטליך, צו פאַרשטעהן מיט'ן שכל, ווי נאַריש דאָס איז. גיט זי מיר צו פאַרשטעהן מיט א י ה ר שכל, אַז איך וועל דאָס קיינמאָל ניט פאַרשטעהן. ברענג איך איהר אַ משל מיט אַ הוהן, אַ קוואָקע, וואָס האָט אויסגעזעסען קאַטשקעלעך. די קאַטשקעלעך האָבען זיך נאָר אויפגעהאַפּט אויף די פיסלעך, האָבען זיי זיך גע־לאָזט אויפ'ן וואַסער, און די קוואָקע נעבאַך קוואָקעט. „וואָס, זאָג איך, ווערסט דו זאָגען, זאָג איך, דערויף, טאָכטער לעבען?“ „וואָס, זאָגט זי, זאָל איך דערויף זאָגען? ס'איז אַודאי אַ רחמנות, זאָגט זי, אויף דער קוואָקע; נאָר צוליעב דעם, זאָגט זי, וואָס די קוואָקע קוואָקעט, זאָלען די קאַטשקעלעך ניט שווימען?“... איהר פאַרשטעהט דבורים? טביה'ס טאָכטער רעדט נישט גלאַט...

און דערווייל די צייט שטעהט נישט. עס הויבט שוין אָן צו שאַריען אויף טאָג. די אַלטע אין שטוב וואָרטשעט. זי האָט שוין עטליכע מאָל געשיקט זאָגען, אַז ס'איז שוין צייט מאַכען נאַכט, און געזעהען, אַז עס העלפט זיך נישט, האָט זי אַרויסגעשטעקט

דעם קאָפּ דורכ'ן פענסטער און מאַכט צו מיר, מיט אַ שענעם יברכך, געוויינטליך: „טביה! וואָס טראַכסטו דו זיך?" „לאָז זיין שטיל, זאָג איך, גאָלדע, ווי אין פּסוק שטעהט: ל מ ה ר ג ש ו ! האָסט פאַרגעסען, אַפּנים, אַז ס'איז היינט הושענא־רבה? הושענא־רבה, זאָג איך, ווערד אונז אַנגע'חתמ'עט דאָס גוטע קוויטעל, הושענא־רבה דאַרף מען זיין אויף. פאָלג מיך, גאָלדע, זאָג איך, דו נעם, זיי מוחל, צעבלאָז נאָר דעם סאַמאָוואַר, זאָג איך, און לאָז זיין טיי, און איך וועל געהן דערווייליל שפּאַנען דאָס וועגעלע. מיר פאָהרען מיט האָדלען צום באַהן". און ווי דער שטייגער איז, טאָק איך איהר אָפּ אַ שפּאַגעל־נייעם ליגען, אַז האָדעל פאָהרט אַוועק קיין יעהופּעץ, און פון דאָרטען נאָך וויטער, אַליין מכח יענעם עסק, מכח דער ירושה הייסט דאָס, און עס קאָן געמאָהלט זיין, זאָג איך, אַז זי זאָל שוין דאָרטען בלייבען איבער'ן גאַנצען ווינטער, און אפשר איבער'ן ווינטער מיט'ן זומער מיט נאָך אַ ווינטער; לכן דאַרף מען איהר, זאָג איך, מיטגעבען צידה לדרך, אַ ביסעל גרעט, אַ קליידעל, אַ פּאָר קישענס, ציכלעך, דאָס, יענץ און שאר־ירקות.

אַזוי קאָמאַנדעווע איך און זאָג אַז, ס'זאָל נישט זיין קיין געוויינען, ס'איז הושענא־רבה אויף דער וועלט. „הושענא־רבה, זאָג איך, טאָר מען ניט וויינען, ס'איז אַ בפירוש'ער דין!" הערט מען דאָך מיך מיט'ן דין מסתמא, ווי די קאַץ, און מע וויינט דוקא יאָ, און אַז סע קומט צום געזעגענען זיך, ווערד אַ יללה, אַלע וויינען — די מאַמע, די קינדער, און טאַקי זי אַליין, האָדעל הייסט דאָס, און ועל כולם, אַז ס'איז געקומען צו דער עלטערער טאָכטער מיינע, צייטעל מיין איך (אויף יום־טוב קומט זי צו מיר מיט איהר באַ־שערטען, מיט מאָטעל קאַמזויל), האָבען זיך ביידע שוועסטער אַ וואָרף געטהאָן איינע דער אַנדערער אויפ'ן האַלז — מע האָט זיי קוים אָפּגעריסען...

נאָר איך איינער האָב מיך געהאַלטען שטאָהל און אייזען; דאָס הייסט, עס רעדט זיך נאָר אַזוי — שטאָהל און אייזען; אינ־

ווייניג קאַכט, ווי אַ סאַמאָוואַר, נאָר יענעם אַרויסבאַווייזען — פּע! טביה איז דאָך נישט קיין אידינע... דעם גאַנצען וועג קיין בויבע־ריק שווייגט מען, און אַז מיר האַלטען שוין נישט ווייט פון דער באַהן, רוף איך מיך אָן צו איהר, זי זאָל מיר זאָגען דאָס לעצטע מאָל, וואָס פאַרט האָט ער געטהאָן אַזעלכס, פּעפּערעל הייסט דאָס?... „איטליכע זאַך, זאָג איך, באַדאַרף דאָך האָבען עפּיס אַ טעם"... ווערד זי אָנגעצונדען און שווערט מיר מיט כל השבועות שבעולם, אַז ער איז ריין, ווי גיין־גאָלד. „ער איז, זאָגט זי, אַ מענטש, וואָס קאַטאָרי פאַר זיך אַהרט איהם נישט, דאָס גאַנצע טהועכץ זיינס איז נאָר, זאָגט זי, יענעמ׳ס טובה, דער וועלט׳ס טובה — און דער עיקר פאַר יגיע־כפּים׳ניקעס, די בעלי־מלאכות" — און געהט זייט אַ חכם און טרעפט, וואָס דאָס הייסט! „זאָרגט ער זיך, זאָג איך צו איהר, הייסט דאָס, פאַר דער וועלט? לֹמאַי־זשע, זאָג איך, זאָרגט זיך נישט די וועלט פאַר איהם, אַז ער איז יאָ אַזאַ וואוילער בחור? זאָלסט איהם האָטש לאָזען גרוסען, זאָג איך, דעם אַלכּסנדר מוקדון דיינעם, זאָלסט איהם זאָגען, זאָג איך, אַז איך פאַרלאָז מיך אויף זיין יושר, ער איז דאָך אַ מענטש פון סאַמע יושר, זאָג איך, אַז ער וועט מיין טאָכטער מסתמא נישט פאַר־פיהרען, און שרייבען אַמאָל, זאָג איך, אַ בריוועל דעם אַלטען טאַטען"...

און אַזוי ווי איך רעד, פאַלט זי מיר נישט פּלוצים אויפ׳ן האַלז און הויבט נישט אָן צו וויינען? „לאָמיר זיך, זאָגט זי, געזעגענען. זיי געזונט, טאַטע, גאָט ווייסט, זאָגט זי, ווען מיר וועלען זיך זעהען!?"... איין עק! אָט דאָ האָב איך מיך שוין נישט געקאָנט איינהאַלטען... עס איז מיר געקומען אויפ׳ן געדאַנק, פאַרשטעהט איהר, טאַקי די אייגענע האָדעל, בשעת זי איז נאָך געוועזען אַ ברעקעל... אַ קינד הייסט דאָס... זי געהאַלטען אויף די הענט... אויף די הענט געהאַלטען... האָט קיין פאַראיבעל נישט, פּאַני, וואָס איך האָב מיך... מעשה אידינע... איהר זאָלט וויסען, הערט איהר, וואָס דאָס איז פאַר אַ האָדעל, דאָס איז!... איהר זאָלט זעהען די

בריוולעך, וואָס זי שרייבט... ס'איז אַ האָדעל פון גאָט!... זי איז ביי מיר אַט־אַ־דאָ־אַ, איז זי ביי מיר... טיעף, טיעף... איך קאָן עס אייך אַזוי פיעל נישט אַרויסגעבען... . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווייסט איהר וואָס, פאַני שלום־עליכם? לאָמיר בעסער רעדען פון עפּיס פריילעכערס: וואָס הערט זיך עפּיס מכח דער חלירע אין אָדעס?...

# חוה

— הודו לה׳ כי טוב — ווי אַזוי גאָט פיהרט, אַזוי איז גוט. דאָס הייסט, עס באַדאַרף זיין גוט, וואָרום פּרובט זייט אַ חכם און מאַכט בעסער! אָט האָב איך געוואָלט זיין אַ קלוגער, געדרעהט דעם פּסוק אַהער, געדרעהט דעם פּסוק אַהין, געזעהען, עס העלפט נישט, האָב איך צוגענומען די האַנט פונ׳ם הארצען און האָב געזאָגט צו זיך אַליין: טביה, ביזט אַ נאַר! דו וועסט די וועלט נישט איבערמאַכען. דער אויבערשטער האָט אונז געגעבען צער־גידול־בנים, איז די טייטש: פון קינדער האָט מען צרות און מע מוז דאָס אָננעמען פאַר ליעב. אָט, למשל, האָט זיך מיין עלטערע טאָכטער, צייטעל הייסט עס, פאַרקאָכט אינ׳ם חיים מאָטעל קאַמזויל, האָב איך עפּיס צו איהם? אמת, ער איז טאַקי אַ פּראָסטער נפש, פאַרשטעהט נישט אַזוי שטאַרק דריבניטשקע, די קליינע אותיות, הייסט עס, נאַר וואָס קאָן מען טהון? די גאַנצע וועלט, ווי זאָגט איהר, קאָן דאָך ניט זיין געבילדעט! דערפאַר איז ער איין עהרליך מענטשעל און האָרעוועט נעבאַך מיט׳ן בלוטיגען שווייס. זי האָט שוין מיט איהם, איהר זאָלט אָנקוקען, קיין עין־הרע, אַ פולע שטוב מיט פּופּקעס, אוןביידע ווערען זיי פאַרשוואַרצט אין עושר און אין כבוד — און רעדט מיט איהר, זאָגט זי, אַז ס׳איז איהר, קיין עין־הרע, גוט ווי די וועלט, עס קאָן גאָר, זאָגט זי, ניט זיין בעסער. איין שטיקעל חסרון נאָר, וואָס ס׳איז קיין ברויט נישטאָ... עד כאן הקפה א׳ — דאָס האָט איהר אייך נומער איינס. נו, און פון דער צווייטער טאָכטער, פון האָדלען הייסט דאָס, באַדאַרף איך אייך ניט דערצעהלען, איהר ווייסט שוין. זי האָב איך פאַרשפּיעלט, פאַרלאָרען אויף אייביג! גאָט ווייסט,

אויב מיינע אויגען וועלען זי אמאל זעהען, סיידען אויף יענער וועלט שוין, איבער הונדערט און צוואנציג יאהר... רעד איך פון איהר, פון האדלען הייסט עס, קאן איך נאך עד־היום נישט קומען צו זיך, ס'איז איין עק פון מיין לעבען! פארגעסען, זאגט איהר? ווי קאן מען פארגעסען א לעבעדיגען מענטשען? ובפרט אזא קינד, ווי האדעל? איהר זאלט זעהען די בריוולעך, וואס זי שרייבט צו מיר, קאן מען צעגעהן. עס געהט זיי, שרייבט זי מיר, דארטען זעהר גוט. ער זיצט, און זי פארדיענט. זי וואשט גרעט און לייענט ביכלעך און זעהט זיך מיט איהם אלע וואך, און האט, זאגט זי, א האפענונג, אז עס וועט זיך דא, ביי אונז, איבערקאכען, עס וועט אויפגעהן די זון און עס וועט ווערען ליכטיג, וועט מען איהם אומקעהרען צוריק מיט נאך א סך אזעלכע, ווי ער, און דעמאלט וועלען זיי זיך ערשט, זאגט זי, נעמען צו דער רעכטער ארבייט און איבערקעהרען די וועלט מיט'ן קאפ אראפ, מיט די פיס ארויף. נו? ווי געפעלט דאס אייך? גוט? הא?... וואס־זשע טהוט אבער דער רבונו־של־עולם? ער איז דאך, ווי זאגט איהר, איין אל רחום וחנון, זאגט ער צו מיר: „ווארט אויס, טביה, אט מאך איך אזוי, אז דו וועסט פארגעסען אן אלע דיינע צרות!“... און כך הוה, איהר מעגט דאס הארכען. קיין אנדערען וואלט איך עס ניט דערצעהלט, ווארום דער וועהטיג איז גרויס און דער בזיון איז נאך גרעסער! נאר, ווי שטעהט דארט ביי אונז געשריבען: המכסה אני מאברהם — פאר אייך איז דען פארהאן ביי מיר א סוד? וואס איך האב — דערצעהל איך אייך. נאר וואס דען? איין זאך וועל איך אייך בעטען: צווישען אונז זאל דאס בלייבען. איך זאג אייך נאך א מאל: דער וועהטיג איז גרויס, נאר דער בזיון, דער בזיון איז נאך גרעסער!

בקיצור, ווי אזוי שטעהט דארט אין פרק: רצה הקדוש ברוך הוא לזכות — גאט האט געוואלט א טובה טהון טביה'ן, געהט ער און בענטשט איהם מיט זיעבען קינדער נקבות, טעכטער הייסט עס, אלע אויסגעשפּיעלטע, געראטענע, קלוגע און

שענע, פרישע, געזונטע, איך זאָג אײַך — סאַסנעס! אוי, הלואי וואָלטען זיי בעסער געווען מיאוס'ע פּאַסקודניצעס, וואָלט אפשר געווען בעסער פאַר זיי און געזינטער פאַר מיר. ווארום וואָס קומט אַרויס, איך בעט אײַך, פון אַ גוט פערדעל, אַז סע שטעהט אין שטאָל? וואָס קומט אַרויס פון שענע טעכטער, אַז מע ליגט פאַרשטעקט מיט זיי אין אַ העק און מע קוקט נישט אַן קיין לעבעדיגען מענטשען, אַחוץ אַנטאָן פּאָפּערילע, דעם גויישען ראש־הקהל פון דאָרף, און דעם שרייבער חוועדקע גאַלאַגאַן, אַ הויכער גויעץ מיט אַ פּאַטלע און מיט לאַנגע שטיוועל, און דעם גלח, ימח שמו וזכרו. איך קאָן נישט הערען דעם נאָמען זיינעם, נישט מחמת דעם, וואָס איך בין אַ איד און ער איז אַ גלח; אַדרבה, מיר זענען זעהר גוט באַקאַנט צווישען זיך שוין אַ שאָק מיט יאָהרען, דאָס הייסט, אויף קיין שמחות איינס צום אַנדערען געהט מען ניט, און גוט־יום־טוב בעטען אַוודאי ניט; גאָרנישט, מהכתיתי, מע באַגעגענט זיך, גוט־מאָרגען, גוט־יאָהר, וואָס הערט זיך עפּיס אויף דער וועלט? אַרײַנלאָזען זיך מיט איהם אין ווייטע דרכים האָב איך פיינט, ווארום באַלד עפּיס, הויבט זיך אָן אַ סדרה: אייער גאָט, אונזער גאָט. לאָז איך מיך ניט און שלאָג איהם איבער מיט אַ גלייכווערטעל און זאָג איהם, אַז ס'איז פאַרהאַן ביי אונז אַ פּסוק; שלאָגט ער מיך איבער מסתמא און זאָגט, אַז אַ פּסוק ווייסט ער גלייך מיט מיר, און אפשר נאָך בעסער, און הויבט אָן צו זעצען אויף אויסווענינג אונזער חומש, ווי גע־וויינטליך, אַ גוי: „בערעשיט באַרא אַלאָקים" — אַלע מאָל, אַלע מאָל דאָס איינגענע. שלאָג איך איהם איבער מסתמא און זאָג איהם, אַז ס'איז פאַרהאַן ביי אונז אַ מדרש. „אַ מדרש, זאָגט ער, ווערד שוין אַנגערופען ת ל ־ מ ו ד, און ת ל ־ מ ו ד האָט ער פיינט, וויל ת ל ־ מ ו ד איז, זאָגט ער, לויטער שווינדעל"... ווער איך דאָך מסתמא רעכט אין כעס און הויב איהם אָן אויסצו'לאָמר'ען וואָס עס קומט מיר אויף דער צונג. מיינט איהר, אַז עס אַהרט איהם עפּיס? גאָרנישט; קוקט אויף מיר און לאַכט, און קעמט זיך בשעת־מעשה די באָרד. נישטאָ, הערט איהר, קיין ערגערס אויף

דער וועלט, ווי אַז איהר זידעלט אַ מענטשען, מאַכט איהם מיט דער בלאַטע גלייך, און ער שווייגט. אין אייך ווערד די גאַל צעפּיקעט, און יענער זיצט און שמייכעלט! דעמאָלט האָב איך דאָס ניט פאַרשטאַנען, נאַר אַצינד ווייס איך, וואָס דאָס שמייכעל האָט באַדייט...

בקיצור, איך קום צו פאָהרען איינמאָל אַהיים, אַרום פאַרנאַכט־ליך שוין, באַגעגען איך דעם שרייבער חוועדקע שטעהט אין דרויסען מיט מיין חוה, די דריטע טאָכטער מיינע, די צווייטע פון האָדלען הייסט עס. מיך דערזעהען, האָט זיך מיין בחור געגעבען אַ דרעה־אויס, אַראָפּגענומען פאַר מיר דאָס היטעל און אַוועק. רוף איך מיך אָן צו מיין חוה'ן: „וואָס האָט דאָ געטהאָן חוועדקע?" זאָגט זי: „גאָרניט"... זאָג איך: „וואָס הייסט גאָרניט?"... זאָגט זי: „מיר האָבען געשמועסט"... זאָג איך: „וואָס פאַר אַ מחותן ביזט דו מיט חוועדקען?"... זאָגט זי: „מיר זענען באַקאַנט שוין פון לאַנג"... זאָג איך: „מזל־טוב דיר מיט דיין באַקאַנטשאַפט! אַ שענער חבר חוועדקע!"... זאָגט זי צו מיר: „דו קענסט איהם דען? דו ווייסט דען ווער ער איז?"... זאָג איך צו איהר: „ווער ער איז, ווייס איך ניט, כ'האָב זיין יחוס־בריעף ניט געזעהען; נאַר פאַרשטעהן פאַרשטעה איך, אַז ער דאַרף שטאַמען פון סאַמע גדולים; דער טאַטע זיינער, זאָג איך, האָט געמוזט זיין אָדער אַ פאַסטוך, אָדער אַ סטרוזש, אָדער אַזוי אַ שיכור"... רופט זי זיך אָן צו מיר, חוה הייסט עס: „וואָס זיין טאַטע איז געווען ווייס איך ניט און וויל ניט וויסען, ביי מיר זענען אַלע מענטשען גלייך; נאַר אַז ער אַליין איז אַ מענטש ניט קיין געוויינליכער — דאָס ווייס איך פאַר געוויס"... „דהיינו, זאָג איך, וואָס פאַר אַ מין סאָרט מענטש איז ער? לאָם איך הערען"... „איך וואָלט דיר, זאָגט זי, געזאָגט, וועסט דו ניט פאַרשטעהן. חוועדקע, זאָגט זי, דאָס איז דער צווייטער גאָרקי"... „דער צווייטער גאָרקי? — זאָג איך. — ווער־זשע איז געווען, זאָג איך, דער ערשטער גאָרקי?"... „גאָרקי, זאָגט זי, דאָס איז היינט כמעט דער ערשטער מענטש אויף דער וועלט"... „וואו זיצט ער, זאָג איך, דער תנא דיינער, וואָס

איז זיין געשעפט און וואָס פאַר אַ דרשה האָט ער גע׳דרשנ׳ט?״...
מאַכט זי צו מיר: „דער גאָרקי — דאָס איז אַ באַריהמטער שריי־
בער, אַ שריפטשטעלער, אַ מענטש, הייסט דאָס, וואָס מאַכט ביכער,
און אַ טייערער, אַ זעלטענער, אַ איין עהרליכער מענטש, שטאַמט אויך
פון פּראָסטען שטאַנד, נישט געלערענט אין ערגיץ, נאָר פון זיך
אַליין... אָט דאָס איז זיין בילד״... אַזוי מאַכט זי צו מיר, חוה
הייסט עס, און נעמט אַרויס פון קעשענע אַ פּאָרטרעטעל און ווייזט
דאָס מיר. „אָט דאָס איז ער, זאָג איך, דער צדיק דיינער, רב גאָרקי?
איך וואָלט געמעגט שווערען, אַז איך האָב איהם ערגיץ געזעהען, זאָג
איך, אָדער ביי דער באַהן טראָגען זעק, אָדער אין וואַלד שלעפּען
קלעצער״... „איז דאָס ביי דיר, זאָגט זי, אַ חסרון, זאָגט זי, אַז אַ
מענטש האָרעוועט מיט זיינע אייגענע הענט? דו אַליין האָרעוועסט
דען ניט? און מיר האָרעווען ניט?״ „יאָ, יאָ, זאָג איך. ביזט
גערעכט, זאָג איך, ס׳איז אַ בפירוש׳ער פּסוק ביי אונז: י ג י ע
כ פּ י ך כ י ת א כ ל — אַז דו וועסט ניט האָרעווען, וועסט דו
ניט עסען... נאָר פון דעסטוועגען, זאָג איך, פאַרשטעה איך ניט,
וואָס האָט דאָ צו טהון חוועדקע? איך וואָלט בעסער, זאָג איך,
געוועזען צופריעדען, ווען דו זאָלסט זיין באַקאַנט מיט איהם פון דער־
ווייטען; דו באַדאַרפסט ניט פאַרגעסען, זאָג איך, מ א י ן ב א ת
ו ל א ן א ת ה ה ו ל ך — ווער ביזט דו און ווער איז ער״... מאַכט
זי צו מיר: „גאָט האָט באַשאַפען אַלע מענטשען גלייך״... „יאָ,
יאָ, זאָג איך, גאָט האָט באַשאַפען אדם הראשונ׳ען נאָך זיין גע־
שטאַלט; מע טאָר אָבער ניט פאַרגעסען, אַז איטליכער דאַרף זוכען
זיין גלייכען, ווי אין פּסוק שטעהט ביי אונז געשריבען: א י ש
כ מ ת נ ת י ד ו ״... „איין אַנטיק! — זאָגט זי צו מיר. — אויף
אַלסדינג האָסט דו אַ פּסוק! אפשר געפינט זיך, זאָגט זי, ביי דיר
אַ פּסוק וועגען דעם, וואָס מענטשען, זאָגט זי, האָבען גענומען און
האָבען זיך אַליין, זאָגט זי, איינגעטיילט אויף אידען און גויים, אויף
בעלי־בתים און קנעכט, אויף פּריצים און בעטלערס?״... „טע־טע־
טע! — זאָג איך. — ביזט מיר שוין, דאַכט מיר, פאַרפאַהרען, טאַכ־

טער, אין אלף השישי אריין!" און איך געב איהר צו פארשטעהן, אז אזוי פיהרט זיך שוין אויף דער וועלט מששת ימי בראשית. פרעגט זי מיך: „למאי זאל זיך אזוי פיהרען אויף דער וועלט?"... זאג איך: „דערפאר, וואס אזוי האט גאט באשאפען זיין וועלט"... זאגט זי: „למאי האט גאט אזוי באשאפען זיין וועלט?"... זאג איך: „ע! אז מיר וועלען אנהויבען פרעגען קשיות — למאי אזוי און למאי אזוי, איז אין לדבר סוף — א מעשה אהן איין עק!"... זאגט זי מיר: „דערויף האט דאך אונז גאט געגעבען א פארשטאנד, אז מיר זאלען פרעגען קשיות"... זאג איך: „ביי אונז איז פארהאן א מנהג אזעלכער, אז א הוהן, זאג איך, הויבט אן צו קרייהען ווי א האהן, זאל מען זי באלד אוועקטראגען צום שוחט, ווי מיר זאגען אין די ברכות: הנותן לשכוי בינה". — „טאמער וואלט אפשר גאר געווען גענוג זיך צו גארגלען דארטען? — רופט זיך אן מיין גאלדע פון שטוב ארויס. — דער בארשט, זאגט זי, שטעהט אויפ'ן טיש שוין פון א שעה, און ער זינגט גאר זמירות!"... „אט האסט דו דיר, זאג איך, די אנדערע טעג יום־טוב! ניט אומזיסט, זאג איך, האבען אונזערע חכמים געזאגט: שבעה דברים בגולם — א אידינע האט אין זיך נייען מאס רעד. מע רעדט תוך־זאכען, איז זי דא מיט איהר מילכיגען בארשט!"... רופט זיך אן צו מיר גאלדע: „דער מילכי־גער בארשט, זאגט זי, איז אפשר אזא תוך־זאך, ווי אלע דיינע תוך־זאכען"... „מזל־טוב! האט איהר אייך, זאג איך, א נייעם פילא־זאף, גלייך פון אונטער'ן אויווען ארויס! קארג, זאג איך, וואס די טעכטער זענען געווארען אויפגעקלערטע קעפ, האט שוין טביה'ס ווייב אויך אנגעהויבען פליהען דורכ'ן קוימען אין הימעל אריין!"... „אז ס'איז יא, זאגט זי, געקומען צו רעד הימעל, טא ליג שוין אין דער ערד!"... ווי געפעלט אייך, אשטייגער, אזא מין ברוך־הבא אויפ'ן ניכטערען הארצען?...

בקיצור, לאמיר, ווי זאגט איהר, איבערלאזען דעם בן־מלך און זיך נעמען צו דער בת־מלכה, איך מיין דעם גלח, ימח שמו וזכרו!

איינמאל פארנאכט פאהר איך מיר אהיים מיט די לעדיגע קריגלעך און האלט שוין ביי'ם אריינפאהרען אין דארף אריין, באגעגען איך איהם פאהרען מיט זיין אייזערנער געקאוועטער בריטשקע, טרייבט אן אליין מיט זיין כבוד די פערדלעך, און די צעקעמטע בארד זיינע איז צעשמיסען פונ'ם ווינט. „צו דיין קאפ, טראכט איך מיר, א שען באגעגעניש!“... „א גוטען אווענד!“ — מאכט ער צו מיר. — האסט מיך ניט דערקענט, זאגט ער, צי וואס?“ „וועסט גיך רייך ווערען, זאג איך צו איהם און נעם אראפ דאס היטעל און וויל פאהרען ווייטער. מאכט ער צו מיר: „שטעה א ווייל‍ע, טעוועל, וואס האסט דו קיין צייט ניט? איך דארף דיר עפּיס זאגען א צוויי ווערטער“. „אך, זאג איך, אבי נאר עפּיס גוטס, איז מהכתיתי, און אויב נישט, מעג דאס, זאג איך, בלייבען אויף איין אנדערש מאל“... „וואס הייסט, זאגט ער, ביי דיר איין אנדערש מאל?“... „איין אנדערש מאל, זאג איך, הייסט ביי מיר, ביז משיח וועט קומען“... „משיח, מאכט ער צו מיר, איז דאך שוין געקומען“... „דאס האב איך שוין געהערט, זאג איך, פון דיר ניט איין מאל; דו זאג מיר נאר, פאטערל, עפּיס נייעס“... „אט דאס, זאגט ער, מיין איך טאקי דיר זאגען; איך וויל מיט דיר שמועסען, זאגט ער, טאקי פון דיר אליין, דאס הייסט, פון דיין טאכטער“... דא האט מיר באלד א טיאכקע געטהאן דאס הארץ: וואס פאר א מחותן איז ער מיט מיין טאכטער? און איך רוף מיך אן צו איהם: „מיינע טעכטער, זאג איך, זענען חלילה נישט אזעלכע, וואס מע זאל דארפען פאר זיי רעדען; זיי קאנען שוין, זאג איך, אליין באשטעהן זייער שטעדטעל“... „דאס איז אבער, מאכט ער, אזא פּין עניין, וואס זי אליין קאן נישט רעדען, עס מוז רעדען איין אנדערער, מחמת דא האנדעלט זיך וועגען א תוך־זאך, זאגט ער, טאקי וועגען איהר תכלית“... „וועמען געהט עס אן, זאג איך, דער תכלית פון מיין קינד? מיר דאכט, זאג איך, אז ווי באלד מע שמועסט פון תכלית, בין איך מיין קינד א פאטער ביז הונדערט צוואנציג יאהר, צי ניין?“... „אמת, זאגט ער, דו ביזט דיין קינד

א פּאַטער; דו ביזט אָבער, זאָגט ער, אויף דיין קינד א בלינדער, דיין קינד, זאָגט ער, רייסט זיך אין איין אַנדער וועלט אריין, און דו פאַרשטעהסט זי ניט, אָדער דו ווילסט זי ניט פאַרשטעהן"... „אויב איך פאַרשטעה זי ניט, זאָג איך, אָדער איך וויל זי ניט פאַרשטעהן — דאָס איז איין אַנדער זאַך; וועגען דעם, זאָג איך, קאָנען מיר א ביסעל שמועסען; נאָר וואָס קעהר זיך דאָס אַן, פּאַטערעל, מיט דיר?"... „עס קעהר זיך, זאָגט ער, מיט מיר אַן זעהר שטאַרק, זאָגט ער, ווייל זי איז איצטער אין מיין רשות"... „וואָס הייסט, זאָג איך, זי איז אין דיין רשות?"... „דאָס הייסט, זי איז איצטער אונטער מיין השגחה", מאַכט ער און קוקט מיר גלייך אין די אויגען אריין און צעקעמט זיך זיי שענע צעלאָזטע זקנה. טהו איך מסתמא א שפּרונג־אונטער: „ווער? מיין קינד איז אונטער ד י י ן השגחה? מיט וואָס פאַר א רעכט?" — זאָג איך און פיהל, אז איך הויב אַן אריין אין כעס. מאַכט ער צו מיר גאַנץ קאַלט־בלוטיג מיט א שמייכעלע: „נאָר ניט געהיצט זיך, טעוועל! פּאַוואָלי וועלען מיר, זאָגט ער, די זאַך זיך איבערלעגען. דו ווייסט, איך בין דיר, זאָגט ער, חלילה קיין שונא נישט, האָטש דו ביזט א איד; דו ווייסט, זאָגט ער, אַז איך האַלט פון אידען, און עס טהוט מיר וועה דאָס האַרץ אויף זיי פאַר זייער עקשנות, וואָס זיי האָבען זיך איינגעשפּאַרט און ווילען ניט פאַרשטעהן, אז מע מיינט דאָס פון זייער טובה וועגען"... „פון טובות, זאָג איך, זאָלסט דו מיט מיר, פּאַטערעל, איצטער נישט רעדען, מחמת איטליכס וואָרט, וואָס איך הער פון דיר אצינד, איז פאַר מיר א טראָפּען סם־המות, זאָג איך, א פּיסטויל אין האַרצען אריין. אויב דו ביזט מיר אזא גוטער פריינד, ווי דו זאָגסט, וועל איך פון דיר בעטען נאָר איין טובה: מיין טאָכטער זאָלסטו דו לאָזען צו־רוה"... „ביזט א נארישער מענטש, מאַכט ער צו מיר, עס וועט דיין טאָכטער חלילה קיין שלעכטס ניט געשעהן; עס שטעהט איהר איצטער פאַר א גליק, זאָגט ער; זי נעמט, זאָגט ער, א חתן — אויף מיר אזא יאָהר"... „אמן! — זאָג איך כלומרשט מיט א געלעכטערעל, און אין האַרצען

ברענט אַ גיהנם! — ווער איז ער, למשל, דער חתן, זאָג איך, אויב איך בין זוכה, זאָג איך, צו וויסען?“... „דו דאַרפסט איהם קענען, זאָגט ער, ער איז זעהר אַ בראַווער, איין אַרענטליך מענטשעל, און גאַנץ פיין געבילדעט, אפילו פון זיך אַליין, און איז פאַרקאַכט אין דיין טאָכטער, און וויל מיט איהר חתונה האָבען און קאָן נישט, ווייל ער איז נישט קיין איד“... „חוועדקע!“... — טראַכט איך מיר, און עס טהוט מיר אַ זעץ אין קאָפּ אריין אַ מאָרנע היץ, און עס באַשלאָגט מיך אַ קאַלטער שוויים, קוים וואָס איך זיץ איין אויפ׳ן וועגעלע. נאָר אַרויסבאַוויזען דאָס פאַר איהם — נישט דערלעבען וועט ער דאָס! און איך נעם דאָס פערדעל פאַר די לייצעס, טהו דאָס אַ שמיצעל פון אונטען גרויף, און הלך משה מרדכי — פּאַשאָל אַהן אַ זיי־געזונט אַהיים... איך קום צו פאָהרען אַהיים, אי־אַי־אַי, איין איבערקעהרעניש! די קינדער ליגען מיט די פּנים׳ער אין די קישענס און וויינען, מיין גאָלדע איז מעהר אויף יענער וועלט איידער אויף דער וועלט... איך זוך חוה׳ן, וואו איז חוה? — נישטאָ חוה!... פרעגען וואו איז חוה, וויל איך נישט. איך פאַר־שפּאָר שוין פרעגען, אַז אַך און וועה איז מיר! און איך פיהל דעם טעם פון חבוט־הקבר, און עס ברענט אין מיר אַ פייער, איך וויים נית אויף וועמען... איך וואָלט עפּיס נאָר גענומען און זיך אַליין אויסגעפּאַטשט... און איך צעשריי מיך אויף די קינדער און לאָז אוים מיין ביטער האַרץ צום ווייב. איך קאָן מיר קיין אָרט נישט געפינען. געה איך אַרוים אין שטאַל צום פערד, דעם געבען עסען, און טרעף דאָס שטעהן אַריבערגעפּוציוועט מיט איין פוס אויף יענער זייט קלאָץ. חאַפּ איך אַ שטעקען און הויב דעם אָן איינ־טיילען, שיילען די פעל, ברעכען די ביינער: „פאַרברענט זאָלסט דו ווערען, שלים־מזל מיינער! זאָלסט דו אַזוי לעבען, ווי איך האָב פון דיינעטוועגען אַ האָבערעל אפילו! צרות, אויב דו ווילסט, קאָן איך דיר געבען, שלעק, מיט אַנגסטען, מיט מכות, מיט בכורות!“...

אַזוי רעד איך צום פערדעל און באַטראַכט מיך אָבער באַלד, אַז ס׳איז אַ צער־בעלי־חיים, גאָט די נשמה שולדיג, וואָס האָב איך

צו דעם? און איך שיט דעם אונטער אַ ביסעל געהאַקטע שטרוי און זאָג דעם צו, אם ירצה השם, שבת ווייזען אַ האַ אין סידור. און קום אַריין צוריק אין שטוב אַריין, באַגראָב זיך און ליג אין געהאַקטע וואונדען, און דער קאָפּ — דער קאָפּ ווערד מיר שיער צעשפּרונגען, טראַכטענדיג און קלערענדיג און לערנענדיג דעם פּשט. וואָס זאָל דאָס באַדייטען? „מה פּשעי ומה חטאתי — מיט וואָס האָב איך, טביה, פאַרזינדיגט מעהר פון דער גאַנצער וועלט, וואָס מע באַשטראָפט מיך מעהר פון אַלע אידען? אוי, רבונו־של־עולם, רבונו־של־עולם! מה אנו ומה חיינו — ווער בין איך אַזוינס, וואָס דו טראַגסט מיך אויפ׳ן קאָפּ כסדר, האָסט מיך אין זינען און לאָזט נישט אויס וואו ערגיץ אַ שלאַק, אַ צרה, איין אַנשיקעניש?!“...

און אַזוי ווי איך טראַכט מיר אַזוי, ליגענדיג אויף הייסע קויהלען, הער איך, ווי מיין ווייב נעבאַך קרעכצט, רייסט אויס אַ שטיק האַרץ. „גאָלדע, זאָג איך, דו שלאָפסט?“... „ניין, זאָגט זי, וואָס איז דען?“... „גאָרנישט, זאָג איך, מיר זענען גוט אין דער ערד; אפשר ווייסט דו, זאָג איך, איין עצה, וואָס טהוט מען?“... „פרעגסט ביי מיר, זאָגט זי, עצות, אַז אַך און וועה איז מיר? אַ קינד שטעהט אויף, זאָגט זי, אין דערפריה, אַ געזונטע, אַ שטאַרקע, טהוט זיך אָן, זאָגט זי, פאַלט מיך אַרום קושען און האַלזען און וויינען און זאָגט נישט וואָס; איך האָב געמיינט, זי איז חלילה פונ׳ם זינען! פרעג איך זי: „וואָס איז דיר, טאָכטער?“ זאָגט זי גאָר נישט און חאַפּט זיך אַרויס אויף אַ ווייל צו די בהמות און ווערד פאַרשוואונדען. איך וואַרט אַ שעה, איך וואַרט צוויי, איך וואַרט דריי — וואו איז חוה? נישטאָ חוה! רוף איך מיך אָן צו די קינדער: „אַנו, טהוט נאָר אַ שפּרונג אויף אַ מינוטקעלע צום גלח“... „פון וואַנען, זאָג איך, האָסט דו געוואוסט, גאָלדע, אַז זי איז ביי׳ם גלח?“... „פון וואַנען האָב איך געוואוסט? — זאָגט זי. — אַז אַך און וועה איז מיר! וואָס איז, זאָגט זי, איך האָב קיין אויגען נישט? צי איך בין איהר קיין מאַמע נישט?“... „אַז דו

האסט אויגעז, זאג איך, און דו ביזט איהר א מאמע, וואס־זשע האסט דו געשוויגען און האסט ניט געזאגט מיר?"... „דיר זאל איך זאגען? ווען ביזט דו אין דערהיים? — זאגט זי. — און אז איך זאג דיר, הערסט דו מיך דען? דיר אז מע זאגט, זאגט זי, ענטפערסט דו באלד מיט א פסוק; פארהאקסט דעם קאפ מיט פסוקים און דערמיט קומסט דו אפ"...

אזוי מאכט זי צו מיר, גאלדע הייסט עס, און איך הער, ווי זי וויינט אין דער פינסטער... א ביסעל איז זי גערעכט, טראכט איך מיר, ווארום וואס פארשטעהט א אידינע? און עס טהוט מיר וועה אויף איהר דאס הארץ, איך קאן נישט הערען, ווי זי קרעכצט און ווי זי וויינט. רוף איך מיך אן צו איהר: „זעהסט דו, גאלדע, ביזט ברוגז, זאג איך, למאי איך האב אויף אלסדינג א פסוק; איך מוז דיר דערויף אויך ענטפערען מיט א פסוק; עס שטעהט ביי אונז געשריבען, זאג איך, כ ר ח ם א ב ע ל ב נ י ם — א טאטע האט ליעב א קינד. פאר וואס שטעהט ניט, זאג איך, כ ר ח ם א ם ע ל ב נ י ם — אז א מאמע האט ליעב איהר קינד? ווייל א מאמע איז ניט קיין טאטע; א טאטע, זאג איך, קאן אנ־דערש רעדען מיט א קינד. אט וועסט דו זעהען, זאג איך, אם ירצה השם, מארגען זעה איך מיך מיט איהר"... „הלואי, זאגט זי, זאלסט דו זיך קאנען זעהען מיט איהר, און מיט איהם אויך. ער איז א מענטש, זאגט זי, ניט קיין שלעכטער, האטש א גלח, נאר אויף א מענטשען האט ער, זאגט זי, רחמנות. דו וועסט איהם בעטען, פאלען צו די פיס, אפשר וועט ער רחמנות האבען"... „ווער, זאג איך, דער כומר, ימח שמו?... איך זאל מיך בוקען, זאג איך, צום גלח? ביזט משוגע, זאג איך, צי חסר־דעה? א ל ת פ ת ח פ ה ל ש ט ן , זאג איך, — ניט דערהארען ווילען דאס מיינע שונאים!"... „א! זעהסט דו? עס הויבט זיך אן, זאגט זי, מיט דיר!"... „וואס דען, זאג איך, האסט דו געמיינט? איך וועל מיך לאזען פיהרען פון א אידינע? איך וועל, זאג איך, לעבען מיט דיין ווייבערשען שכל?"... אט אין אזעלכע שמועסען געהט אוועק

ביי אונז די נאכט. קוים דערלעבט דעם ערשטען קרעה פונ׳ם האהן, הויב איך מיך אויף, דאווען־אפ, נעם מיט זיך די בייטש און לאז מיך אוועק מסתמא גלייך צום גלח אין הויף אריין. ווי זאגט איהר, א אידינע איז טאקי א אידינע, נאר וואוהין דען האב איך געזאלט געהן? אין דער ערד אריין?...

בקיצור, געקומען צו איהם אין הויף אריין, באגעגענען מיך די כלבים זיינע מיט א שענעם גוט־מארגען און ווילען מיר צו־רעכט מאכען די קאפאטע און פארזוכען די ליטקע פון מיינע אידישע פיס, צי זיי זענען עפּיס גוט פאר זייערע הינטישע צייהן?... א גליק, וואס כ׳האב מיטגענומען די בייטש, האב איך זיי געגעבען צו פאר־שטעהן דעם פסוק ל א י ח ר ץ כ ל ב ל ש ו נ ו — נעחיי סאבאקא דאראם נע ברעשע, דאס הייסט: לאז א הונט ניט בילען אומזיסט... אויף זייער געשריי מיט מיין געפילדער איז ארויסגע־לאפען דער גלח מיט דער גלח׳טע, קוים צעטריבען די פריילי‎כע האליאסטרע און אריינגערופען מיך אין שטוב אריין, מיך אויפ־גענומען פאר זעהר א שענעם גאסט, געוואלט שטעלען פון מיינעט־וועגען דעם סאמאוואר. זאג איך, אז דער סאמאוואר איז לאו דוקא, איך האב מיט איהם עפּיס צו רעדען, זאג איך, אונטער פיער אויגען. האט זיך דער כומר אנגעשטויסען, וואס איך מיין, האט א וואונק געטהאן צו זיין פלונית׳טע, זי זאל מוחל זיין צומאכען די טהיר פון יענער זייט — און איך בין צוגעטראטען צום ענין גלייך, אהן שום הקדמות, ער זאל מיר זאגען קודם, צי גלויבט ער אין גאט?... און נאכדעם זאל ער מיר זאגען, אויב ער פיהלט דעם טעם, וואס הייסט צעשיידען א טאטען מיט א קינד, וואס מען האט דאס ליעב?... און ווייטער זאל ער מיר זאגען, וועלכס הייסט נאך זיין שכל א מצוה און וועלכס הייסט איין עבירה?... און נאך א זאך וואלט איך וועלען, ער זאל מיר קלאר מאכען: וואס פאר א פנים האט ביי איהם א מענטש, וואס חאפּט זיך אריין צו יענעם אין שטוב אריין און וויל מאכען איין איבערקעהרעניש, איבערשטעלען די בענקלעך, מיט די טישלעך, מיט די בעטען?...

אודאי בלייבט ער זיצן געפּלעפּט און מאַכט צו מיר: „טעווע, זאָגט ער, ביזט אַ קלוגער מענטש, זאָגט ער, און נעמסט און שטעלסט אַוועק, זאָגט ער, מיט אַ מאָל אַזוי פיל שאלות און ווילסט, זאָגט ער, איך זאָל דיר ענטפערן אין איין קלאַפּ? האָב צייט, זאָגט ער, איך וועל דיר ענטפערן על ראשון ראשון ועל אחרון אחרון“... „ניין, זאָג איך צו איהם, דו וועסט מיר, פּאַטערל געטרייהער, נישט ענטפערן דערויף קיינמאָל נישט. ווייסט דו, פאר וואָס? ווייל אַלע דיינע מחשבות ווייס איך פון פריהער. די ענטפער מיר, זאָג איך, בעסער דערויף: איך האָב נאָך אַ האָפענונג צו זעהען מיין קינד צוריק, אָדער ניין?“... האַפּט ער זיך אויף: „וואָס הייסט — צוריק? דיין טאָכטער וועט חלילה גאַרנישט גע־שעהען, אדרבה!“... „איך ווייס, זאָג איך, איך ווייס, איהר ווילט זי מאַכען גליקליך! איך רעד נישט פון דעם, זאָג איך; איך וויל וויסען, וואו איז ערגיץ מיין קינד, און צי קאָן איך זיך מיט איהר זעהען?“... „אַלסדינג יאָ, מאַכט ער צו מיר, נאָר דאָס נישט“... „אָט אַזוי זשע רעד, זאָג איך, דברים ברורים, קורצע דבורים! זייט גע־זונט, זאָג איך, און לאָז דיר גאָט באַצאָהלען, זאָג איך, בכפל־כפלים!“...

און איך קום צו געהן אַהיים און טרעף מיין גאָלדע ליגט צע־נויפגעקוטשעבורעט, ווי אַ שוואַרצער קנויל, אין בעט און האָט שוין מעהר קיין טרערען ניט אין די אויגען. רוף איך מיך אָן צו איהר: „שטעה אויף, מיין ווייב, טהו אויס, זאָג איך, די שיך, און לאָמיר זיך אַוועקזעצען שבעה, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטען, ד׳ נתן ד׳ לקח — מיר זענען נישט די ערשטע, מיר זענען נישט די לעצטע. עלעהיי, לאָז זיך אונז אויסדאַכטען, זאָג איך, אַז מיר האָבען קיינמאָל נישט געהאַט קיין חוה, אָדער לאָז זיך אונז דאַכטען, זאָג איך, עלעהיי האָדעל, וואָס איז אַוועק פון אונז הינטער די הרי־חושך, גאָט ווייסט, אויב מיר וועלען זי אַמאָל זעהען... גאָט, זאָג איך, איז איין אל רחום וחנון, ער ווייסט וואָס ער טהוט!“...

אַזוי רעד איך מיר אויס דאָס האַרץ און פיהל, אַז די טרערען שטיקען מיך, שטעהען מיר, ווי אַ ביין אין האַלז. נאָר טביה איז

ניט קיין אידינע, טביה האלט זיך איין! מאַהלט אייך, עס רעדט זיך נאָר אַזוי, וואָרום, ערשטענס, דער בזיון!... והשנית, ווי קאָן איך זיך איינהאַלטען, אַז מע פאַרלירט לעבעדיגערהייד אַזאַ קינד, אַזאַ בּאַרליאַנט, וואָס איז אַזוי איינגעבאַקען אין האַרצען אי ביי מיר, אי ביי דער מוטער, כמעט מעהר ווי אַלע קינדער, איך ווייס ניט פאַר וואָס? אפשר דערפאַר, וואָס זי האָט קינדווייז זעהר אַ סך געקרענקט, איבערגעטראָגען אויף זיך כל הצרות שבעולם; מיר זענען אַמאָל אויסגעזעסען איבער איהר גאַנצע נעכט, עטליכע מאָל אָפּגעשריגען, פּשוט אָפּגעשריגען פון׳ם טוידט, אָפּגע׳חיה׳טשעט, ווי מע חיה׳טשעט אָפּ אַ קליין צעטראָטען היהנדעלע, וואָרום אַז גאָט וויל, מאַכט ער פון טוידט לעבעדיג, ווי מיר זאָגען אין הלל: ל א א מו ת כ י א ח י ה — אַז ס׳איז ניט באַשערט שטאַרבען, שטאַרבט מען ניט... און אפשר איז דאָס דערפאַר, וואָס זי איז אַ גוט קינד, אַ געטרייעס, האָט אונז פון תמיד אָן ליעב געהאַט ביידען דאָס חיות מיט דער נשמה. אי די קשיא: ווי קומט דאָס, זי זאָל אונז אַזעלכעס טהון? איז, ערשטענס, אונזער מזל אַזוי. איך וויים ניט, ווי אַזוי איהר — איך גלויב אין השגחה. והשנית, איז דאָס אַ קליפּה, איין אָפּגע־טהאָנענע זאַך, הערט איהר, אַ מין כישוף! איהר מעגט אייך לאַכען פון מיר, און איך זאָג אייך, אַז איך בין גאָר ניט אַזאַ גראָבער נאָר, איך זאָל גלויבען אין שרעטעלעך, לצים, דאַמעוויקעס וכדומה אַזעל־כע שטות׳ערייען; נאָר אין כישוף, זעהט איהר, גלויב איך, וואָרום וואָס דען איז דאָס, אַז ניט קיין כשוף? אָט וועט איהר האָרכען ווייטער, וועט איהר אַליין אויך זאָגען דאָס איי־גענע...

בקיצור, אַז די הייליגע ספרים זאָגען: ב ע ל כ ר ח ך א ת ה ח י — אַ מענטש נעמט זיך ניט אַליין דאָס לעבען, איז דאָס נישט אומזיסט. ס׳איז גאָר נישטאָ די מכה אויף דער וועלט, וואָס זאָל זיך ניט פאַרהיילען, און אַזאַ צרה, וואָס מע זאָל זי נישט פאַרגע־סען. דאָס הייסט, פאַרגעסען פאַרגעסט זיך נישט, נאָר וואָס זאָל מען טהון? א ד ם כ ב ה מ ה נ ד מ ה — אַ מענטש באַדאַרף

ארבייטען, הארעווען, פארשווארצט און אויסגעריסען ווערען צוליעב דעם שטיקעל ברויט. מיר האבען זיך גענומען, וואס טויג אייך, אלע צו דער ארבייט, מיין ווייב און קינדער צו די קריגלעך, איך צום פערד־און־וועגעלע, און עולם כמנהגו — די וועלט בלייבט ניט שטעהן. אנגעזאגט האב איך אין שטוב, אז חוה לא יזכר ולא יפקד — נישטא חוה! אויסגעמעקט — און שוין! און כ'האב מיר צענויפגעשלאגען א ביסעל מילכיגס, פרישע סחורה, און האב מיך געלאזט קיין בויבעריק צו מיינע קונים.

געקומען קיין בויבעריק — א שמחה, א גדולה: וואס מאכט א איד רב טביה? פאר וואס זעהט מען אייך ניט? „וואס זאל איך מאכען? — זאג איך. — ס'איז חדש ימינו כקדם — דער אייגענער שלים־מזל, וואס פריהער; א בהמה'לע, זאג איך, איז ביי מיר געפאלען"... „וואס איז די מעשה, זאגען זיי, וואס מיט אייך טרעפען זיך אלע נסים?" און דער עולם פרעגט מיך אויס, איטליכער באזונדער, וואס פאר א בהמה'לע איז ביי מיר געפאלען? וויפיעל האט דאס מיך געקאסט? און וויפיעל בהמה־לעך איז מיר נאך געבליבען? און מע לאכט, מען איז פריילעך, ווי געוויינטליך, נגידים מאכען זיך לוסטיג איבער איין ארעמאן, א שלים־מזל, נאכ'ן עסען, אז ס'איז גוט אויפ'ן הארצען און אין דרויסען איז שען און הייס און גרין, און עס גלוסט זיך דרימלען... טביה איז אבער א מענטש, וואס לאזט זיך טרייבען קאטאוועס. א קרענק וועט ביי מיר יענער וויסען, וואס ביי מיר אויפ'ן הארצען טהוט זיך! און אפגעפארטיגט זיך מיט אלע קונים, לאז איך מיך צוריק מיט די לעדיגע קריגלעך אהיים, איבער'ן וואלד, לאז־אפ דאס פערדעל, ס'זאל זיך געהן פאוואלי און חאפען בגנבה א שטשיפעל גראז, און אליין פארטיעף איך מיך אין מיינע מחשבות און גע־דאנקען, טראכט־איבער פון וואס איהר ווילט: פונ'ם לעבען און פונ'ם טוידט, פון דער וועלט און פון יענער וועלט, און וואס איז אזעלכס וועלט, און וואס לעבט א מענטש, וכדומה אזעלכע זאכען, בכדי איך זאל מיר צעשלאגען די רעיונות, דאס הייסט, איך זאל

נישט קלערען פון איהר, פון חוה'ן הייסט עס. און ווי אויף צו להכעיס, קריכט מיר אין קאָפּ אריין דוקא זי, חוה הייסט עס. זי קומט מיר אַקעגען מיט איהר געשטאַלט, הויך און שען און פריש, ווי א סאָסנע, אָדער גאָר ווי זי איז נאָך געווען א קליינינטשקע, א קראַנקעטשקע, א פּגירה'לע, ווי איין עופה'לע ביי מיר אויף די הענט, דאָס קעפּעל אַרויפגעוואָרפען אויף מיינע פּלייצעס: „וואָס ווילסט דו, חוה'לע? געבען דיר א שטיקעלע פּאַפּע? א ביסעלע מאַני?"... און איך פאַרגעס אויף א ווײַלע, וואָס זי האָט אָפּגע־טהאָן, און עס ציהט מיר צו איהר דאָס האַרץ, און די נשמה נאָגט, בענקט נאָך איהר... נאָר דערמאָן איך מיך, און עס געהט מיך איבער דער כח־הדם, און א פייער צינדט זיך אָן ביי מיר אין האַר־צען אויף איהר און אויף איהם און אויף דער גאַנצער וועלט און אויף זיך אַליין, פאַר וואָס איך קאָן זיך נישט פאַרגעסען אויף קיין מינוט; פאַר וואָס זאָל איך זי נישט קאָנען אויסמעקען, אַרויס־רייסען פון'ם האַרצען? זי האָט דאָס דען ביי מיר נישט פאַר־דיענט? דערויף טאַקי דאַרף טביה זיין א איד שבאיד, כל ימיו פאַרשוואַרצט ווערען, אַקערען מיט דער נאָז די ערד, מגדל זיין קינדער, בכדי זיי זאָלען נאָכדעם נעמען מיט איין מאָל און אָפּ־רייסען זיך מיט גוואַלד, אָפּפאַלען, ווי א שישקע פון'ם בוים, און פאַרטראָגען ווערען מיט'ן ווינט און מיט'ן רויך?... אָט, למשל, — אַזוי קלער איך מיר, — וואַכסט א בוים, א דעמב אין וואַלד, קומט צו געהן א נפש מיט א האַק, נעמט אָפּ א צווייג און נאָך א צווייג און נאָך א צווייג — וואָס איז דער בוים אָהן די צווייגען, משטיינס געזאָגט? נעם שוין בעסער, דו בן־אדם, און האַק אונטער דעם בוים איננאַנצען — און איין עק לאָז דאָס האָבען. צו וואָס זאָל סטאַרטשען א נאַקעטער דעמב אין וואַלד?!...

און אַזוי ווי איך טראַכט מיר אַזוי די דאָזיגע מחשבות, דער־פיהל איך פּלוצים, אַז מיין פערדעל האָט זיך אָפּגעשטעלט — סטאָפּ! וואָס איז דאָס? איך הויב אויף די אויגען, איך טהו א קוק — חוה!... די אייגענע חוה, וואָס פריהער, נישט געמינערט

א האר, אפילו די מלבושים נישט איבערגעביטען!... דאס ערשטע, וואס קומט מיר אויף די געדאנקען — איז אראפשפרינגען פון וואגען און ארומחאפּען זי קושען... נאר באלד טהוט מיך צוריק א ציה א געדאנק: „טביה? וואס ביזט דו, א אידינע?“ און איך טהו א ציה דאס פערדעל: „וויא, שלים־מזל!“ — און נעם מיך רעכטס. איך טהו א קוק — מיינע אויך רעכטס, מאכט עפּיס צו מיר מיט דער האנט, ווי איינער רעדט: „שטעה א ווײלע, איך דארף דיר עפּיס זאגען“... און עס טהוט זיך מיר א ריס־אפּ אינוועניג און א צופּ ביי׳ם הארצען, און איך לאז־אפּ הענט און פיס; אט־אט טהו איך א שפּרונג־אראפּ פונ׳ם וואגען! נאר איך האלט מיך איין, טהו א ציה דאס פערדעל און יעם מיך לינקס — מיינע אויך לינקס, קוקט אויף מיר משונה־ווילד, דאס פּנים טוידט... וואס טהוט מען? — טראכט איך מיר. — זאל איך בלייבען שטעהן, צי איך זאל פאהרען ווייטער? און איידער איך קוק מיך נאך ארום — אהא, זי האלט שוין דאס פערדעל ביי׳ם צוים און מאכט צו מיר: „טאטע! זאל איך שטארבען, אויב דו וועסט זיך ריהרען פונ׳ם ארט! איך בעט דיך, הער מיך אויס פריהער, טאטע־פאטער!“... „ע! — טראכט איך מיר. — ווילסט מיך נעמען מיט געוואלד? ניין, נשמה מיינע! ווי באלד אזוי, איז א סימן, אז דו קענסט ניט דעם טאטען דיינעם“... — און דאוואי שמייסען דאס פערדעל אויף וואס די וועלט שטעהט. און מיין פערדעל פאלגט, שפּרינגט, נאר עס דרעהט צוריק דעם קאפּ, מאכט בשעת־מעשה מיט די אויהערען. „וויא, זאג איך צו דעם, אל תסתכל בקנקן — קוק נישט, חכם מיינער, אהין, וואו מע דארף ניט“... און אליין, מיינט איהר, ווילט זיך מיר ניט אויסדרעהען דעם קאפּ צוריק און א קוק טהון, האטש איין קוק טהון אהין, אויף יענעם ארט, וואו זי איז שטעהן געבליבען?... נאר ניין, טביה איז ניט קיין אידינע. טביה ווייסט, ווי אזוי מען איז זיך נוהג מיט׳ן שטן מקטרג...

בקיצור, איך וויל אייך נישט מעהר, ווי זאגט ער, מאריך ימים זיין, איין עבירה אייער צייט. אויב ס׳איז מיר באשערט געווען

חבוט־הקבר, בין איך שוין געווים דערמיט אפגעקומען, און דעם טעם פון גיהנם מיט כף־הקלע, מיט די אלע איבעריגע געברענטע לײדען, וואס ווערען באשריבען ביי אונז אין די הייליגע ספרים, פרעגט מיך, וועל איך אייך זאגען! דעם גאנצען וועג, וואס איך פאהר, ווייזט מיר אוים, אז זי לויפט מיר נאכ׳ן וואגען און שרייט: „הער מיך אוים, טאטע־פאטער!“... און עם פליהט מיר דורך א געדאנק: „טביה! דו שטעלסט אויף זיך צו־פיעל! וואס וועט דיך אהרען, אז דו וועסט זיך אפשטעלען אויף א ווײלע, אויסהערען וואס וויל זי? אפשר האט זי דיר צו זאגען אזעלכם, וואס דו דארפסט דאס וויסען? אפשר, א קשיא אויף א מעשה, האט זי חרטה און וויל זיך אומקעהרען צוריק? אפשר ליגט זי ביי איהם אין דער ערד און בעט ביי דיר, דו זאלסט איהר העלפען ארוים פון גיהנם?... אפשר און אפשר און נאך א סך אזעלכע אפשר׳ם פליהען מיר דורך אין קאפ, און זי שטעלט זיך מיר פאר אלס א קינד, און איך דערמאן מיך א׳נ׳ם פסוק „כרחם אב על בנים“ — נישטא קיין שלעכט קינד ביי א טאטען, און איך פייניג מיך, און איך זאג אויף זיך אליין, אז איך בין א ס ו ר ל ר ח ם — נישט ווערטה, וואס די ערד טראגט מיך! וואס? וואס קאכסט דו, דו משוגע׳נער עקשן? וואס טאראבאנעסט דו? נעם, דו אכזר איינער, פארקערעווע דאס וועגעלע צוריק און בעט זיך מיט איהר איבער, זי איז דיין קינד, נישט קיינעמס!... און עס קריכען מיר אין קאפ אריין משונה־מאדנע מחשבות און געדאנקען: וואס איז דאס אזעלכם איד און וואס איז ניט איד?... און פאר וואס האט גאט באשאפען אידען און ניט אידען?... און אז גאט האט שוין יא באשאפען אידען און ניט אידען, פאר וואס־זשע זאלען זיי זיין אזוי אפגעטיילט איינס פון דאס אנדערע, נישט קאנען אנקוקען איינס דאס אנדערע, גלייך ווי דער איז פון גאט און יענער איז ניט פון גאט?... און עס פארדריסט מיך, למאי איך בין נישט אזוי קלאר, ווי אנדערע, אין ספרים און אין ביכער, איך זאל קאנען געפינען דערויף עפים א רעכטען תירוץ... און בכדי זיך צעשלאגען די

רעיונות, הויב איך אן אויף א ניגון: אשרי יושבי ביתך עוד יהללוך סלה! איך דאווענ, הייסט דאס, מנחה אויף א קול און מיט א ניגון, אזוי ווי גאט האט געבאטענ. נאר וואס קומט ארויס פונ'ם דאווענען און פונ'ם זאגענ, אז אינווענניג אין הארצענ זינגט זיך איין אנדער ניגון: „ח־ו־ה! ח־ו־ה! ח־ו־ה!"... און וואס איך זינג העכער דעם „אשרי", זינגט זיך מיר „חוה" נאך העכער, און וואס מעהר איך וויל זי פארגעסענ, אזוי מעהר און אזוי שארפער שטעהט זי מיר פאר די אויגענ, און עס דאכט זיך מיר, אז איך הער איהר קול, ווי זי רופט צו מיר: „הער מיך אויס, טאטע־פאטער!"... און איך פארשטעל מיר די אויהערענ, איך זאל זי ניט הערענ, און איך מאך צו די אויגענ, איך זאל זי ניט זעהענ, און איך זאג די שמונה־עשרה און הער ניט, וואס איך זאג, און שלאג זיך אשמנו און ווייס ניט, פאר וואס, און מיין לעבען איז צערודערט, און אליין בין איך צערודערט, און זאגען זאג איך ניט קיינעם פון מיין באגעגעניש, און רעד נישט מיט קיינעם פון איהר, און פרעג זיך ניט נאך אויף איהר ביי קיינעם, חאטש איך ווייס, איך ווייס גאנץ גוט, וואו זי איז און וואו ער איז און וואס זיי טהוענ, נאר א מכה וועט ביי מיר עמיצער וויסענ. ניט דערלעבען וועלען דאס מיינע שונאים, אז איך זאל מיך פאר עמיצען באַקלאגענ. אט אזא מענטש איז טביה!...

איך וואלט א בעלן געווען וויסען, צי אלע מאנסבילען זענען אזוי, צי נאר איך בין אזא משוגע'נער? אשטייגער, כדומה למשל, אמאל טרעפט זיך... איהר וועט ניט לאכען פון מיר? איך האב מורא, איהר וועט לאכען פון מיר... אמאל טרעפט זיך, איך טהו מיך אן אין דער שבת'דיגער קאפאטע, און לאז מיך צו דער באַהן, און בין שוין גרייט זיך אויפזעצען פאהרען אהין, צו זיי, איך ווייס, וואו זיי זיצען... איך געה־צו צום קאסיר און הייס מיר געבען א בילעט. פרעגט ער מיך: וואוהין? זאג איך: קיין יעהופּעץ... זאגט ער: אזא שטאדט איז ביי מיר נישט פאראן... זאג איך: בין איך ניט שולדיג... און איך קעהר מיך אום צוריק אהיים,

טהו אויס די שבת׳דיגע קאפאטע און נעם מיך צוריק צו דער ארבייט, צום ביסעל מילכיגס און צום פערד־און־וועגעלע, ווי שטעהט דארטען: איש לפעלו ואדם לעבודתו — דער שניידער צו דער שער און דער שוסטער צום ווארשטעט... איא, איהר לאכט פון מיר? וואס האב איך אייך געזאגט? איך וויים אפילו, וואס איהר טראכט; איהר טראכט זיך: „אט דער טביה איז טאקי עפים נאר א חושים!"... דעפאר רעכען זיך, אז עד כאן אומרים בשבת הגדול — ס׳זאל זיין היינטיגס מאל גענוג, הייסט עס... זייט מיר געזונט און שטארק און שרייבט בריוולעך. נאר למען־השם, ניט פארגעסען, וואס כ׳האב אייך געבעטען: אז ס׳זאל זיין פתח שין שא, איך מיין, איהר זאלט ניט מאכען דערפון קיין ביכעל. און אויב עס וועט אייך אויסקומען שרייבען, זאלט איהר שוין שרייבען פון איין אנדערען, ניט פון מיר; אז מיר פארגעסט, ווי אין פסוק שטעהט: וישכחהו — אויס טביה דער מילכיגער!...

# שפרינצע

— אייך קומט א גרויסען, א ברייטען שלום־עליכם, פאני שלום־עליכם, — עליכם ועל בניכם! א שאק מיט יאהרען, אז מיר האבען זיך ניט געזעהען! וועה־וועה, וויפיעל וואסערען עס זענען אפגעלאפען! וויפיעל אנגסטען מיר ביידע און כל ישראל זענען אויסגעשטאנען אין די עטליכע יאהר: א קעשעניוו, א קאסנעטוציע, מיט פאגראמען, מיט צרות, מיט שלעק — אך טי רבונו־של־עולם, גאטעניו נאש!... מיר איז נאר א חידוש אויף אייך, האט קיין פאראיבעל ניט, וואס איך וועל אייך זאגען, איהר זענט דאך נישט גערוקט אויף א האר, קיין עין־הרע, קיין עין־הרע! טהוט אבער א קוק אויף מיר: ה ר י א נ י כ ב ן ש ב ע י ם — איך בין נאך ניט אלט קיין זעכציג, און זעהט, ווי וויים טביה איז געווארען! ס'א ווערטעלע צער־גידול־בנים, וואס מע האט פון קינדער! און ווער האט נאך אזוי פיעל צער־גידול־בנים פון קינדער וויפיעל איך? מיך האט געטראפען א נייער שלאק מיט מיינע א טאכטער שפרינצע, וואס געהט איבער אלע צרות, וואס איך האב ווען איבערגעהאט ביז אהער, און זעהט, פון דעסטוועגען, גארנישט, מע לעבט, ווי שטעהט דארטען: ב ע ל כ ר ח ך א ת ה ח י — חאטש ווער צעזעצט, שונאי־ציון, זינגענדיג דאס ליעדעל:

וואס טויג מיר מיין לעבען, וואס טויג מיר מיין וועלט,
אז כ'האב נישט קיין מזל, אז כ'האב נישט קיין געלט?...

בקיצור, ווי אזוי שטעהט דארט אין פרק: ר צ ה ה ק ד ו ש ב ר ו ך ה ו א ל ז כ ו ת — גאט האט געוואלט א טובה טהון זיינע אידען, האט מען אנגעשיקט אויף אונז איין אומגליק, א צרה, א קאסנעטוציע! אי, א קאסנעטוציע! עס איז געקומען מיט א

מאָל אַ מהומה אויף אונזערע נגידים, אַ לויפעניש פון יעהופּעץ קיין אויסלאַנד, כלומרשט אין די וואַרעמע בעדער, נערוועז, זאַלץ־ביטלעך, נעכטיגע טעג... און ווי באַלד מע צעפּאַהרט זיך פון יעהופּעץ, איז בויבעריק מיט איהר לופט און מיט איהר וואַלד און מיט איהרע דאַטשעס טיעף־טיעף אין דער ערד, ווי מיר זאָגען אין ברוך־שאמר: ברוך מרחם על הארץ... נאָר וואָס דען? ס'איז דאָך אָבער דאָ אַ גרויסער גאָט אויף דער וועלט, וואָס גיט אַכטונג אויף זיינע אָרעמע לייט נעבאָך, זיי זאָלען זיך נאָך אַ ביסעל מוטשען אויף דער וועלט, האָבען מיר געהאַט אַ זומער — אַי־אַי־אַי! איז מען זיך צענויפגעלאָפען צו אונז קיין בויבעריק פון אָדעס, און פון ראָסטאָוו, און פון קאַטערינעסלאַוו, און פון מאָהליוו, און פון קעשעניוו אלפי אלפים נגידים, גבירים אדירים! אפּנים, אַז דאָרט איז די „קאָסנעטטוציע" נאָך שטאַרקער, ווי ביי אונז אין יעהופּעץ, וואָרום מע לויפט, מע הערט ניט אויף צו לויפען. אַי, די קשיא: וואָס לויפען זיי עפּיס צו אונז? איז דער תירוץ: למאי אונזערע לויפען צו זיי? ס'איז שוין ביי אונז געוואָרען, ברוך־השם, אַזאַ מנהג, אַז עס קומט די צייט, וואָס מע הויבט אָן רעדען פון פּאָגראָמען, הויבען אידען אָן צו לויפען פון איין שטאָדט אין דער אַנדערער, ווי אין פּסוק שטעהט: ויסעו ויחנו, ויחנו ויסעו — איז די טייטש: פאָהר דו צו מיר, וועל איך פאָהרען צו דיר... דערווייל איז בויבעריק, וואָס אָהרט אייך, געוואָרען אַ כרך, אָנגעפּאַקט מיט מענטשען, ווייבער און קינדער, און קינדער האָבען ליעב פּיקען, און מילכיגס דאַרף מען, און וואו קריגט מען מילכיגס, אַז ניט ביי טביה'ן? וואָס טויג אייך, טביה איז אַריין אין דער מאָדע. פון אַלע זייטען: טביה און טביה! רב טביה, אַהער! רב טביה, צו מיר! אַז גאָט וויל, וואָס פרעגט איהר?

ויהי היום, טרעפט זיך אַ מעשה, ערב־שבועות איז דאָס געווען, קום איך צו פאָהרען מיט אַ ביסעל מילכיגס צו איינער פון מיינע קונה'טעס, אַ יונגע אַלמנה און אַ רייכע פון קאַטערינעסלאַוו, וואָס

איז געקומען צו פאָהרען מיט איהר זוהנדעל, אַראַנטשיק הייסט ער, קיין בויבעריק אויפ׳ן זומער; און דאָס פאַרשטעהט איהר דאָך אַליין, אַז דאָס ערשטע באַקאַנטשאַפט איהרס אין בויבעריק איז געוועז מסתמא מיט מיר. „מע האָט מיר גערעקאָמאַנדירט, זאָגט זי, די אַלמנה הייסט דאָס, אַז ביי אייך איז דאָס בעסטע מילכיגס״. „ווי קאָן דאָס זיין אַנדערש? — זאָג איך צו איהר, צו דער אַלמנה הייסט דאָס. — ניט אומזיסט, זאָג איך, זאָגט שלמה המלך, אַז אַ גוטער נאָמען לאָזט זיך הערען, ווי אַ שופר, איבער דער גאַנצער וועלט, און אויב איהר ווילט, זאָג איך, וועל איך אייך דערצעהלען, וואָס עס זאָגט דערויף דער מדרש״. שלאָגט זי מיך איבער, די אַלמנה הייסט דאָס, און זאָגט צו מיר, אַז זי איז איין אַלמנה, און איז אין די זאַכען, זאָגט זי, נישט געניט. זי ווייסט ניט, מיט וואָס מען עסט דאָס... דער עיקר, זאָגט זי, אַז די פּוטער זאָל זיין פריש, און דער קעז זאָל זיין געשמאַק... נו, געהט רעדט מיט אַ נקבה!...

בקיצור, איך האָב אָנגעהויבען אַריינקומען צו דער קאַטערינע־סלאַווער אַלמנה, וואָס אַהרט אייך, צוויי מאָל אין דער וואָך; אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, פּינקטליך, ווי אַ לוח, אַראָפּגעטראָגען דאָס ביסעל מילכיגס, גאָרנישט אָנגעפרעגט זיך, צי מע דאַרף, צי מע דאַרף ניט, געוואָרען ביי איהר אַ היימישער מענטש, ווי גע־וויינטליך, אָנגעהויבען זיך צוקוקען, ווי אַזוי עס פיהרט זיך ביי איהר, אַריינגעשמעקט אין קיך אַריין, געזאָגט אַ פּאָר מאָל, וואָס איך האָב געפונען פאַר נויטיג צו זאָגען, דאָס ערשטע מאָל, געוויינטליך, געחאַפּט אַ פּסק פון דער דיענסט, איך זאָל זיך ניט מישען, ניט אַריינקוקען אין פרעמדע טעפּ, דאָס אַנדערע מאָל האָט מען זיך צו מיינע ווערטער צוגעהערט, און דאָס דריטע מאָל טאַקי געהאַלטען זיך מיט מיר איין עצה, וואָרום זי האָט אַרויסגעזעהען, די אַלמנה הייסט דאָס, ווער טביה איז. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז זי האָט מיר אַנטפּלעקט איהר צרה, איהר קרענק, איהר אומגליק — אַראַנ־טשיק! סטייטש, ער איז שוין אַ בחור פון עטליכע און צוואַנציג יאָהר, זאָגט זי, און ווייסט נאָר פערדלעך, נאָר לאָסיפּעדען, נאָר

חאַפּען פישלעך, און ווייטער, זאָגט זי, ווייסט ער גאָרנישט! ער וויל נישט הערען, זאָגט זי, פון געשעפטן, פון געלט; ס׳איז איהם נעבליבען פון זיין טאַטען, זאָגט זי, אַ שענע ירושה, כמעט אַ מי־ליאָן, ער זאָל דאָס אפילו, זאָגט זי, אַריינשמעקען! עס ווייסט נאָר אויסברענגען, זאָגט זי, איין אַפּענע האַנט ביי איהם! „וואו איז ער, זאָג איך, דער בחור? איהר גיט איהם נאָר, זאָג איך, אַהער צו מיר, איך וועל מיך מיט איהם אַ ביסעל, זאָג איך, דורכשמועסען, איהם זאָגען אַ ביסעל מוסר, אַ פּאָר פסוקים, ברענגען אַ מדרש“... לאַכט זי: „ווייס איך וואָס, זאָגט זי, איהר ברענגט איהם בעסער אַ פערדעל, ניט קיין מדרש!“...

בתוך כך, אַזוי ווי מיר רעדען אַזוי, ו י ב ו א ה י ל ד — קומט אָן דער בחור, אַראַנטשיק הייסט דאָס, אַ בחור׳עץ אַ סאַסנע, אַ געזונטער יונגאַטש, בלוט און מילך, און אַ ברייטען פּאַס טראָגט ער, איך בעט איבער אייער כבוד, אויף די הויזען, מיט אַ זייגערעל אַריינגעשטעקט אָט דאָ אין גאַרטעל, מיט פאַרקאַטשעטע אַרבעל אַריבער די עלענבויגענס. „וואו ביזט דו געוועזן?“ פרעגט איהם די מוטער. „זיך געשיפט מיט אַ שיפעל, זאָגט ער, געחאַפּט פיש“... „אַ [illegible]ענע עובדה, זאָג איך, פאַר אַזאַ בחור׳על, ווי איהר; דאָרט אין [illegible]ר היים וועט מען אייך צעטראָגען, זאָג איך, די ביינער, און איהר דאָ וועט חאַפּען פישלעך!“ איך טהו אַ קוק אויף מיין אַלמנה — רויט ווי אַ צוויק, אַלערליי פאַרבען. זי האָט געוויס גע־רעכענט, אַז איהר בן וועט מן הסתם אַננעמען מיך פאַר׳ן קאַלנער ביד חזקה אחת, און וועט מיר געבען באותות ובמופתים שתים — צוויי פּעטש הייסט עס, און וועט מיך אַרויסוואַרפען כחרס הנשבר. בלאָטע! טביה האָט פאַר אַזעלכע זאַכען קיין מורא ניט! איך, אַז איך האָב עפּיס, זאָג איך!

כך הוה. מיין בחור, אַז ער האָט דערהערט פון מיר אַזעלכע דבורים, איז ער נאָר אַפּגעטראָטען אַ ביסעל, פאַרלעגט די הענט אַרונטער, מיך באַטראַכט פון סאַמע קאָפּ ביז צו די שפּיץ פיס, אַרויסגעלאָזט עפּיס אַ מאָדנעם פייף און האָט זיך פּלוצים אַזוי

צעלאכט, אז מיר ביידע האבען מורא געהאט, צי איז דער בחור חלילה ניט משוגע געווארען אויף א מינוט? און וואס זאל איך אייך זאגען — מיר זענען פון דעמאלט אן געווארען מיט איהם חבר, די בעסטע גוטע פריינד! איך מוז אייך זאגען: מיר איז דער בחור געפעלען וואס ווייטער אלץ מעהרער; אפילו א שארלאט און איין אויסברענגער, און א האנט שוין צו איין אפענע, און א שטיקעל חושים דערצו. למשל, באגעגענען איין ארעמאן, ארייג־לעגען די האנט אין קעשענע, ארויסנעמען און אוועקגעבען, נישט געצעהלט. ווער טהוט עס?... אדער אראפנעמען פון זיך א גוטען פאליטא, א גאנצען, א נייעם, און אוועקגעבען יענעם — אז מע שמועסט א חושים׳דיגער!... א גאט׳ס רחמנות געווען אויף דער מוטער! זי פלעגט זיך מיר קלאגען: וואס טהוט מען? און בעטען מיך, איך זאל מיט איהם א ביסעל שמועסען. האב איך איהר צוליעב געטהאן: וואס וועל איך איהר זשאלעווען? עס קאסט מיך געלט? און איך האב מיך אוועקגעזעצט און איך האב איהם דערצעהלט מעשיות, געבראכט משלים, געריבען פסוקים, גע־האקט מדרשים, אזוי ווי טביה קאן. און ער האט דוקא ליעב געהאט מיך אויסהערען, אויספרעגען, ווי אזוי איך לעב, ווי אזוי איך פיהר מיך אין דער היים? „איך וואלט א בעלן געווען, זאגט ער, זיין ביי אייך א מאל, רב טביה!“... זאג איך צו איהם: „אז מען איז א בעלן זיין ביי טביה׳ן, נעמט מען, זאג איך, און מע פאהרט זיך דורך אמאל צו מיר אין חוטאר אריין; איהר האט דאך, זאג איך, געננג פערדלעך, מיט לאסיפעדען. פאר נויט, זאג איך, זענט איהר ניט קליין זיך דורכגעהן מיט די רגלים, ס׳איז ניט ווייט, זאג איך, מע דארף נאר דורכשניידען, זאג איך, דעם וואלד“... „ווען, זאגט ער, זייט איהר אין דער היים?“ „מיך קאן מען טרעפען, זאג איך, אין דער היים נאר שבת, אדער יום־טוב. שאט, זאג איך, ווייסט איהר וואס? אט האבען מיר, אם ירצה השם, איבערנאכטאג פרייטאג שבועות; אויב איהר ווילט, זאג איך, מאכען א שפאציער צו אונז אין חוטאר אריין, וועט אייך מיין ווייב, זאג איך, מכבד זיין מיט

מילכיגע בלינצעס אזעלכע, אשר לא בלינצו אבותינו במצרים!" פרעגט ער מיך: „וואס הייסט דאס? איהר ווייסט דאך, זאגט ער, אז איך בין אויף פסוקים שוואך"... „איך וויים, זאג איך, אז איהר זענט שוואך; איהר זאלט געווען, זאג איך, לערנען אין חדר, אזוי ווי איך, וואלט איהר, זאג איך, אויך געוואוסט מה דקאמרי רביצין"... לאכט ער און מאכט צו מיר: „גוט, איהר האט מיך, זאגט ער, פאר א גאסט; איך קום, זאגט ער, צו אייך, רב טביה, דעם ערשטען טאג שבועות, מיט א פאר באקאנטע, אויף בלינצעס, נאר איהר זאלט זעהן, זיי זאלען זיין, זאגט ער, הייס!" „אש להבה, זאג איך, מ ז ה ש פ ה ו ל ח ו ץ — פון דער סקאווערדע גלייך אין מויל אריין!"... און איך קום צו פאהרען אהיים און רוף מיך אן צו מיינער: „גאלדע, זאג איך, מיר האבען געסט אויף שבועות!" זאגט זי: „מזל־טוב דיר, ווער איז?" זאג איך: „דאס וועסט דו וויסען שפעטער; דו גרייט נאר צו אייער, זאג איך, קעז און פוטער איז דא, ברוך־השם, גענוג; וועסט מאכען בלינצעס, זאג איך, פאר דריי פארשוין, נאר אזעלכע פארשוינען, זאג איך, וואס האלטען פון דער אכילה און הויבען נישט אן צו וויסען, זאג איך, וואס רש"י מאכט"... „אודאי, זאגט זי, שוין צו־געטשעפעט זיך א שלים־מזל פון הונגעריגען לאנד?" „ביזט א בהמה, זאג איך, גאלדע! ערשטענס, וואלט נישט געווען, זאג איך, אזא אומגליק, ווען מיר זאלען חלילה אנהאדעווען, זאג איך, איין אָרעמאן מיט שבועות'דיגע בלינצעס; והשנית, זאג איך, זיי וויסען, זוגתי היקרה, הצנועה והחסידה מרת גאלדע שתחיה, אז איינער פון אונזערע שבועות'דיגע געסט וועט זיין דער אלמנה'ס זוהנדעל, זאג איך, אט דער, וואס מע רופט איהם אראנטשיק, איך האב דיר דער־צעהלט פון איהם". „אויב אזוי, זאגט זי, איז עפיס אנדערש"... דער כח פון מיליאנען! אפילו מיין גאלדע, אז זי דערשמעקט געלט, ווערד זי גאר איין אנדער מענטש. ס'איז אזא וועלט, וואס זאלט איהר קלערען? ווי שטעהט דארטען אין הלל: כ ס ף ו ז ה ב מ ע ש י י ד י א ד ם — געלט באגראבט א מענטשען...

בקיצור, ס'איז געקומען דער ליכטיגער גרינער יום־טוב שבועות. ווי שען, ווי גרין, ווי ליכטיג און ווארעם ביי מיר אין חוטאר איז, אז עס קומט שבועות, באדארף איך אייך ניט דערציילן. דער גרעסטער גביר ביי אייך וואלט זיך ווינשען האבען אזא בלויען הימעל, מיט אזא גרינעם וואלד, מיט אזעלכע שמעקענדיגע סאסנעס, מיט אזא מחיה'דיגען גראז, פאשע פאר די בהמה'לעך, וואס שטעהען און קייען און קוקען אייך אין די אויגען אריין, ווי איינער רעדט: „גיט אונז נאר אלע מאל אזא גראז, קיין מילך וועלען מיר אייך ניט זשאלעווען!"... ניין, זאגט אייך, וואס איהר ווילט, גיט מיר די בעסטע פרנסה, איך זאל ארויספאהרען פון דארף אין שטאדט אריין, וועל איך מיך מיט אייך ניט בייטען. וואו האט איהר אין שטאדט אזא הימעל? ווי זאגען מיר אין הלל: ה ש מ י ם ש מ י ם ל ה' — ס'איז א הימעל פון גאט!... אין שטאדט, אז איהר פארדרייסט דעם קאפ, וואס זעהט איהר? א מויער, א דאך, א קוימען, אבער וואו האט איהר דארט אזא בוים? און טאמער האט זיך פארוואלגערט ערגיץ ביי אייך א בוימעלע, האט איהר דעם אנגעטהאן פון אויבען א קאפאטע!... הכלל, זיי האבען זיך גאר־נישט געקאנט אפוואונדערען, מיינע געסט, אז זיי זענען געקומען צו מיר שבועות אין חוטאר אריין. אנגעקומען זענען זיי, אלע פיער בחורים, רייטענדיג אויף פערדלעך, סוסים איינס און איינס! און ווער שמועסט אראנטשיק — איז געזעסען אויף א פערדעל, זאג איך אייך, א סוס, איין אמת'ער מערין! איהר קויפט איהם ניט פאר קיין דריי הונדערט קארבען! „ברוך הבא, געסט! — זאג איך צו זיי. — לכבוד שבועות, זאג איך, זענט איהר דאס געקומען רייטענדיג? נישקשה, זאג איך, טביה איז נישט פון די גרויסע צדיקים, און אז מע וועט אייך, זאג איך, אם ירצה השם, שמייסען אויף יענער וועלט, וועט מיר ניט וועה טהון... עי, גאלדע! זעה נאר, עס זאלען זיין פארטיג די בלינצעס, און לאז מען, זאג איך, ארויסטראגען דעם טיש אהערצו אין דרויסען ארויס, איך האב, זאג איך, אין שטוב גארנישט וואס צו ווייזען פאר די געסט... עי,

שפרינצע! טייבעל! ביילקע! וואו זענט איהר דארט? ריהרט זיך!"... אט אזוי קאמאנדעווע איך מיט די קינדער, און עס ווערד ארויסגעטראגען א טיש, מיט בענקלעך, מיט א טישטוך, מיט טעלער, לעפלען, גאפלען, זאלץ, — און טאקי באלד נאך דעם קומט אן גאלדע מיט די בלינצעס, הייסע, זודיגע, פון דער סקאווערדע, מחיה'־דיגע, פעטע, בצפיחית בדבש! און מיינע אורחים קאנען זיך גאר־נישט אפלויבען פון די בלינצעס...

„וואס שטעהסט דו, זאג איך צו גאלדען, נעם, זאג איך, חזר איבער דעם פסוק נאך א מאל, ס'איז היינט, זאג איך, שבועות, דארף מען, זאג איך, זאגען צוויי מאל „אודך"! און מיין גאלדע פוילט זיך ניט, פילט אן דעם פאלומעסעק נאך א מאל, און שפרינצע דערלאנגט די בלינצעס צום טיש. פלוצים, איך טהו א קוק אויף מיין אראנטשיקען, איך זעה, ער האט זיך פארקוקט אויף מיין שפרינצען — ער לאזט נישט אראפ קיין אויג פון איהר! וואס האט ער אויף איהר אזעלכס דערזעהען?... „עסט, זאג איך צו איהם, פאר וואס עסט איהר נישט?"... מאכט ער צו מיר: „וואס דען טהו איך?" „איהר קוקט, זאג איך, אויף מיין שפרינצען"... ווערד א געלעכטער, אלע לאכען, און מיין שפרינצע לאכט אויך. און ס'איז אלעמען פריילין, אלעמען גוט — א גוטער, א פריילינבער שבועות אויף אלעמען!... געה טרעף, אז פון דער פריילינקייט וועט זיך אויס־לאזען א צרה, א שלאק, א יללה, א גאט'ס שטראף אויף מיין קאפ, פארוויסט און פארפינסטערט בין איך געווארען!... נאר עט! א מענטש איז א נאר! א מענטש א בר־דעת טאר זיך ניט צולאזען צום הארצען און דארף פארשטעהן, אז אזוי ווי עס איז, אזוי באַ־דארף צו זיין, ווארום ווען עס זאל באדארפען זיין אנדערש, וואלט דאך עס ניט געווען אזוי ווי עס איז! זאגען מיר דען ניט אין תהלים: ה ש ל ך ע ל ה' — פארלאז דיך נאר אויף גאט, ער וועט שוין מאכען אזוי, אז דו זאלסט ליגען טיעף, נייען איילען אין דער ערד, און באקען בייגעל, און נאך זאגען: גם זו לטובה! הערט, וואס עס קאן זיך פארלויפען אויף

א וועלט, נאר מיט קאפּ, וואָרום דאָ הויבט זיך ערשט אָן די רעכטע מעשה.

ויהי ערב ויהי בוקר — איינמאָל פאַרנאַכט קום איך צו פאָהרען אַהיים א צעבראָטענער פונ׳ם טאָג און איין אויסגעמוטשעטער פונ׳ם אַרומלויפען איבער די דאַטשעס אין בויבעריק, טרעף איך ביי מיר אין דרויסען ביי דער שטוב צוגעצוימט צו דער טהיר א באַקאַנט פערד, איך וואָלט געמעגט שווערען, אַז ס׳איז אַראַנטשיק׳ס סוס, דער מעריין, וואָס איך האָב איהם דעמאָלט אָפּגעשאַצט אין דריי הונדערט קאַרבען. געה איך צום סוס און דערלאַנג איהם מיט איין האַנט א פּליאַסק פון הינטען און מיט דער אַנדערער האַנט א קראַץ פון פאָרענט אין האַלז און א טרייסעל איבער דער גריווע. „ידידי, זאָג איך צו איהם, שענער בחור מיינער! וואָס טהוסט דו דאָ?" דרעהט ער אויס צו מיר די חנ׳עוודיגע מאָרדע און טהוט א קוק אויף מיר מיט די קלוגע אויגען, ווי איינער רעדט: „וואָס פרעגסט איהר מיך? פרעגט מיין בעל־הבית"... און איך קום אַריין אין שטוב און טהו א נעם מיין ווייב: „זאָג מיר נור, גאָלדע קרוין, וואָס טהוט דאָ אַראַנטשיק?" ענטפערט זי מיר: „פון וואַנען זאָל איך וויסען? ער איז דאָך פון דיינע לייט!" „וואו איז ער ער־גיץ?" „ער איז, זאָגט זי, געגאַנגען מיט די קינדער אין וועלדעל אויפ׳ן שפּאַציער"... „וואָס איז פּלוצים גאָר פאַר א שפּאַציער?" — זאָג איך צו מיין ווייב און הייס מיר געבען עסען. אָפּגעגעסען, באַ־טראַכט איך מיך: „וואָס ביזט דו, טביה, אַזוי אויפגעטראָגען? אַז א מענטש קומט צו דיר צו גאַסט, באַדאַרף מען זיין אַזוי אַנ־געדרודעלט? אדרבה"... און ווי איך טראַכט מיר אַזוי, איך טהו א קוק — מיינע מיידלעך געהען מיט׳ן חברה־מאַן, האַלטען אַנגע־ריסענע קוויטען, פריהער געהען די צוויי יונגערע, טייבעל און ביילקע, און הינטען — מיין שפּרינצע מיט אַראַנטשיקען... „גוטען אָבענד!" „גוט יאָהר!" מיין אַראַנטשיק שטעהט מיר אַזוי עפּיס מאָדנע, גלעט דאָס פערד, האַלט א גרעזעל אין מויל און רופט זיך אָן צו מיר: „רב טביה! איך וויל מיט אייך מאַכען א געשעפט.

לאמיר זיך בייטען מיט די פערדלעך". „איהר האט נישט געפונען, זאג איך, פון וועמען צו לאכען?" מאכט ער צו מיר: „ניין, איך מיין דאס ערנסט". „אזוי, זאג איך, איהר מיינט דאס ערנסט? וויפיעל, למשל, קאסט אייער סוס?" „אין וויפיעל, זאגט ער, שאצט איהר איהם?" „איך שאץ איהם, זאג איך, איך האב מורא, אויב ניט דריי הונדערט קארבוינים, און אפשר מיט א סמיטשיק". צעלאכט ער זיך און זאגט, אז ער קאסט מעהר פון דריי מאל אזוי פיעל, און רופט זיך אן צו מיר: „נו? מאכען מיר א בייט?" מיר איז דער שמועס ניט געפעלען: וואס הייסט, ער וועט אויסבייטען זיין סוס אויף מיין שלים־מזל!... זאג איך צו איהם, אז ער זאל אפלעגען דאס געשעפט אויף איין אנדערש מאל, און איך פרעג איהם אין א שפאס: צי איז ער טאקי צוליעב דעם געקומען? אויב אזוי, איז איין עבירה, זאג איך, די הוצאות... ענטפערט ער מיר גאנץ ערנסט: „געקומען בין איך צו אייך, אייגענטליך, מכח איין אנדער זאך; זייט זיך מטריח, אויב איהר ווילט, וועלען מיר א ביסעל שפאציערען". וואס פאר א שפאציער איז דאס אויף איהם אנגעקומען? — טראכט איך מיר, און לאז מיך געהן מיט איהם צום וועלדעל צו. די זון האט זיך לאנג געזעצט, דאס גרינע וועלדעל זעהט שוין אוים טונקעל, די זשאבעס פון דער גרעבלי קראקען, און דאס גראז שמעקט מחיה נפשות! אראנטשיק געהט און איך געה, ער שווייגט און איך שווייג. נאכדעם שטעלט ער זיך אפ, טהוט א הוסט און מאכט צו מיר: „רב טביה! ווי וואלט איהר, אשטייגער, געזאגט, ווען איך זאל אייך זאגען, אז איך האב ליעב אייער שפרינצע און אז איך וויל זי נעמען פאר א כלה?" „וואס איך וואלט געזאגט? — זאג איך. — איך וואלט געזאגט, אז מע זאל א משוגע'נעם אויסמעקען און אייך אריינשטעלען"... קוקט ער מיך אן און מאכט צו מיר: „וואס הייסט?" זאג איך: „אט דאס הייסט!"... זאגט ער: „איך פארשטעה אייך ניט". זאג איך: „איז א סימן, אז איהר זענט ניט איבעריג קלוג, ווי אין פסוק, זאג איך, שטעהט: ח כ ם ע י נ י ו ב ר א ש ו, דאס מיינט: א קלוגען זאגט מען

אויפ׳ן וואונק, אַ נאַר גיט מען מיט׳ן שטעקען״... מאַכט ער צו מיר ווי ברוגז׳ליך: „איך רעד צו אייך פּראָסט, און איהר ענטפערט מיר מיט חכמות און מיט פּסוקים!״ זאָג איך: „איטליכער חזן זינגט אַזוי, ווי ער קאָן, און יעדער בעל־דרשן דרשנ׳ט פון זיינעט־וועגען; אויב איהר ווילט וויסען, וואָס פאַר אַ בעל־דרשן איהר זענט, רעדט איבער פריהער מיט אייער מוטער, זי וועט אייך שוין, זאָג איך, קלאָר מאַכען אַקוראַט״... „האַלט איהר מיך, זאָגט ער, אפנים, פאַר אַ יונגעלע, וואָס דאַרף זיך אָנפרעגען ביי דער מאַמע?״... „געוויס, זאָג איך, דאַרפט איהר זיך אָנפרעגען ביי דער מאַמע, און די מאַמע וועט אייך געוויס זאָגען, אַז איהר זענט אַ חושים, און וועט זיין גערעכט״... „און וועט זיין גערעכט?״ — מאַכט ער. „געוויס, זאָג איך, וועט זי זיין גערעכט, וואָרום וואָס פאַר אַ חתן זענט איהר, זאָג איך, פאַר מיין שפּרינצען? וואָס פאַר אַ גלייכען איז מיין שפּרינצע צו אייך? און דער עיקר, זאָג איך, וואָס פאַר אַ מחותן בין איך מיט אייער מוטער?״... „אויב אַזוי, מאַכט ער צו מיר, האָט איהר שוין, רב טביה, אַ גרויסען טעות! איך בין נישט קיין יונגעלע פון אַכצעהן יאָהר, און זוך נישט קיין מחותנים פאַר מיין מוטער, און וויים ווער איהר זענט, און ווער אייער טאָכ־טער איז, און זי געפעלט מיר, און אַזוי וויל איך, און אַזוי וועט דאָס זיין!״... „האָט קיין פאַראיבעל ניט, זאָג איך, וואָס איך שלאָג אייך איבער; איך זעה, זאָג איך, אַז מיט איין צד זענט איהר שוין פאַרטיג; זענט איהר, זאָג איך, באַוואָהרענט אויך מיט׳ן אַנדערען צד?״... זאָגט ער צו מיר: „איך וויים ניט, וואָס איהר מיינט״... זאָג איך: „איך מיין דאָס די טאָכטער מיינע, שפּרינצען מיין איך, צי האָט איהר שוין, זאָג איך, מיט איהר עפּיס גערעדט, און וואָס, זאָג איך, זאָגט זי?״... ווערד ער אַזוי ווי בעלעדיגט און מאַכט צו מיר מיט אַ שמייכעל: „וואָס פאַר אַ פראַגע איז דאָס? געוויס האָב איך, זאָגט ער, מיט איהר גערעדט, און ניט איין מאָל — עטליכע מאָל, איך קום, זאָגט ער, אַהער אַלע טאָג״... איהר הערט? ער קומט אַהער אַלע טאָג, און איך וויים נישט!... „בהמה בצורת

מענטש! באדארף מען דאך דיר געבען קייען שטרוי, טביה! אז דו וועסט זיך לאזען אזוי פיהרען אין באד אריין, וועט מען דאך דיך קויפען און פארקויפען, דו פערדאטש איינער!"... אזוי טראכט איך מיר און געה מיט אראנטשיקען צוריק, און ער געזעגענט זיך אפ מיט מיין חברה, חאפט זיך ארויף אויפ'ן סוס, און הלך משה מרדכי — מארש קיין בויבעריק...

אצינד וועלען מיר, ווי זאגט איהר דאס אין אייערע ביכלעך, איבערלאזען דעם בן־מלך און זיך נעמען צו דער בת־מלכה, צו שפרינצען הייסט עס... „זאג מיר, טאכטער, וואס איך וועל דיך פרעגען, זאג איך: דערצעהל מיר נאר, זאג איך, וואס דער אראנ־טשיק האט מיט דיר אפגעשמועסט מכח אזא זאך, זאג איך, גאר אהן מיין וויסען?"... ענטפערט עפּיס אט דער בוים? אזוי ענט־פערט זי! געווארען רויטליך, אראפגעלאזט די אויגען, ווי א כלה, אנגענומען א פולען מויל מיט וואסער — און שא!... בא! — טראכט איך מיר. — ווילסט ניט רעדען איצט, וועסט דו רעדען שפעטער א ביסעל... טביה איז ניט קיין אידינע; ער האט צייט! און איך ווארט איבער א ווייל, ווי זאגט מען, יבוא יומה, און טשאטעווע אוים די מינוט, וואס איך בלייב מיט איהר אליין, און רוף מיך אן צו איהר: „שפרינצע, זאג מיר, וואס איך וועל דיך פרעגען: קענסט דו איהם חאטש, אט דעם אראנטשיקען?"... זאגט זי: „געוויס קען איך איהם"... „ווייסט דו, זאג איך, אז ער איז א סווישטשון?"... פרעגט זי מיך: „וואס הייסט דאס א סוויש־טשון?" זאג איך איהר: „א פוסט ניסעל, וואס סע פייפט"... זאגט זי: „האסט א טעות, ארנאלד איז א גוטער מענטש"... „ער הייסט שוין, זאג איך, ביי דיר ארנאלד, ניט אראנטשיק דער שאר־לאטאן?" זאגט זי: „ארנאלד איז ניט קיין שארלאטאן, ארנאלד האט א גוט הארץ; ארנאלד, זאגט זי, געפינט זיך אין א שטוב פון פארדארבענע מענטשען, זאגט זי, וואס ווייסען נאר געלט און געלט"... „אזוי, זאג איך, ביזט דו שוין, שפרינצע, אויך געווארען איין אויפ־געקלערטע פילאזאפקע און האסט שוין אויך פיינט געקריגען געלט?"...

בקיצור, איך זעה אַרויס פון דעם שמועס, אַז עס האָלט שוין ביי זיי וויטליך, און האָפען צוריק איז שוין אַ ביסעל צו שפּעט, וואָרום איך קען מיינע לייט. טביה'ס טעכטער, האָב איך אייך געזאָגט שוין אַמאָל, ניט געדאַכט זאָלען זיי ווערען, אַז זיי קלעפּען זיך איין אין אַ מענטשען, איז מיט'ן גאַנצען לעבען, מיט'ן חיות, מיט דער נשמה! און איך טראַכט מיר: „שוטה! למאי זאָלסט דו וועלען זיין, טביה, מעהר חכם פון דער גאַנצער וועלט? אפשר איז דאָס אַ גאָט'ס זאַך? אפשר איז דאָס באַשערט, אַז דוקא דורך אָט דער שטילינקער שפּרינצע זאָלסט דו געהאָלפען ווערען, באַלוינט ווערען פאַר אַלע דיינע קלעפּ און וועהטיגען, וואָס דו האָסט ביז אַהער איבערגעטראָגען, האָבען אַ גוטען עלטער, און אויך וויסען אַמאָל פון אַ לעבען אויף דער וועלט? אפשר איז דיר באַשערט האָבען אַ טאָכטער אַ מיליאָנשטשיצע? וואָס איז? סע שטעהט דיר ניט אָן?... וואו שטעהט דאָס געשריבען, אַז טביה דאַרף זיין אייביג אַ קבצן, אייביג אַרומשלעפּען זיך מיט'ן פערדעל און מיט קעז און פּוטער צוליעב די יעהופּעצער נגידים, זיי זאָלען האָבען וואָס צו פרעסען?... ווער ווייסט, אפשר איז מיר אָנגעצייכענט געוואָרען פון אויבען, אַז איך זאָל אויף דער עלטער עפּים מתקן זיין אויף דער וועלט, ווערען אַ בעל־צדקה און אַ בעל־מכניס־אורח, און אפשר גאָר אָוועקזעצען זיך מיט אידען לומדים און לערנען תורה?“... וכדומה אַזעלכע רייכע, גאָלדענע מחשבות קריכען אין קאָפּ אַריין, ווי אין „יהי כבוד“ שטעהט געשריבען: ר ב ו ת מ ח ש ב ו ת ב ל ב א י ש — זאָגט אַ גוי, להבדיל: „דאוריען דאומקאיאו באַגאַטיעט!“... און איך קום אַריין אין שטוב אַריין און איך נעם אָוועק מיין אַלטע און מאַך מיט איהר אַ שמועס: „וואָס וואָלט זיין, כדומה למשל, זאָג איך, ווען אונזער שפּרינצע זאָל זיין אַ מיליאָנשטשיצע?“ פרעגט זי מיך: „וואָס הייסט דאָס אַ מיליאָנשטשיצע?“... זאָג איך: „אַ מיליאָנשטשיצע הייסט אַ מיליאָנשטשיקס אַ ווייב“... פרעגט זי מיך: „וואָס הייסט אַ מיליאָנשטשיק?“ זאָג איך איהר: „אַ מיליאָנשטשיק הייסט אַ מענטש,

וואָס פאַרמאָגט אַ מיליאָן"... פרעגט זי מיך: „וויפיעל איז דאָס אַ מיליאָן?" זאָג איך: „אַז דו ביזט אַזאַ בהמה און ווייסט ניט, וויפיעל איז אַ מיליאָן, הייסט וואָס האָב איך מיט דיר וואָס צו רעדען?"... זאָגט זי: „ווער בעט דיך, זאָלסט רעדען?" — איז זי אויך געטראָפן.

בקיצור, עס געהט אַוועק אַ טאָג, איך קום צו פאָהרען אַהיים: „געוועזן אַראָנטשיק?" — ניין, נישט געוועזן... עס געהט אַוועק נאָך אַ טאָג: „געוועזן דער בחור?" — ניין, נישט געוועזן... איך זאָל אַריינגעהן צו דער אַלמנה מיט איין אויסרעדע, פּאַסט מיר ניט; איך וויל ניט, אַז זי זאָל מיינען, אַז טביה שלאָגט זיך נאָכ'ן שידוך... און אַגב האָב איך געפיהלט, אַז איהר באַדאַרף עס זיין כ ש ו ש נ ה ב י ן ה ח ו ח י ם — ווי אַ פינפטער ראָד צום וואָגען. הגם איך פאַרשטעה ניט, פאַר וואָס? באשר איך האָב ניט קיין מיליאָן? האָב איך דאָך איצטער אַ מחותנת'טע אַ מיליאָנשטשיצע! און זי וועמען האָט פאַר אַ מחותן? — אַ אידען איין אָרעמאַן, אַ קבצן, אַ טביה דעם מילכיגען; הייסט ווער איז מעהר יחוס, איך צי זי?... איך וועל אייך זאָגען דעם ריינעם אמת, איך האָב אָנגעהויבען וועלען דעם שידוך, נישט אַזוי צוליעב דעם שידוך, ווי צוליעב נצחון אַליין. „אַ רוח אין זייער פאָטער און מוטער אַריין, די יעהופּעצער גבירים, לאָזען זיי וויסען, ווער טביה איז!... ביז אַהער האָט מען מעהר ניט געהערט נאָר בראָצקי און בראָצקי, גלייך ווי די איבעריגע זענען גאָר קיין מענטשען ניט!"...

אַזוי טראַכט איך מיר, פאָהרענדיג אַהיים פון בויבעריק, און קום אַהיים, געהט מיר מיינע אַקעגען מיט אַ גדולה: „אַ שליח, איין ערל איז נאָר־וואָס געוועזן פון בויבעריק, פון דער אַלמנה, זאָלסט למען־השם באַלד קומען צו פאָהרען אַהין, עס מעג זיין אויף דער נאַכט, זאָלסט דו שפּאַנען דאָס פערדעל און קומען צו פאָהרען, מע דאַרף דיך דאָרט זעהר נויטיג האָבען!"... „וואָס האָט זיי, זאָג איך, אַזוי אָנגעשפּאַרט? וואָס האָבען זיי, זאָג איך, אַזוי קיין צייט ניט?" און איך האַפּ אַ קוק אויף מיין שפּרינצען — זי שווייגט,

נור די אויגען איהרע רעדען, אוי, רעדען זיי! קיינער פאַרשטעהט ניט איהר הארץ, אַזוי ווי איך... איך האָב די גאַנצע צייט מורא געהאַט, אַ קשיא אויף אַ מעשה, טאָמער לאָזט זיך אויס דערפון אַ בוידעם, האָב איך אויף איהם, אויף דעם אַראַנטשיקען, אויסגערעדט וואָס איך האָב געקאָנט, אַז ער איז אַזוי, און ער איז אַזוי — איך האָב אָבער געזעהען, אַז ס'איז אַיין אַרבעס אין וואַנט, מיין שפּרינצע געהט אויס ווי אַ ליכט. האָב איך איינגעשפּאַנט צוריק מיין פערד־און־וועגעלע און האָב מיך געלאָזט שוין פאַרנאַכטליך קיין בויבעריק. פאָהרענדיג אַזוי, טראַכט איך מיר: „וואָס קאָנען זיי מיך רופען מיט אַזאַ מין אימפּעט? וועגען אַ וואָרט? וועגען אַ קנס־מאָל? וואָלט ער דאָך געקאָנט קומען צו מיר, דאַכט זיך, דערווייל בין איך דער אבי הכלה!" און איך אַליין צעלאָך מיך פון דעם געדאַנק: וואו איז דאָס געהערט געוואָרען אין דער וועלט, אַז דער נגיד זאָל געהן צום קבצן? סיידען ס'זאָל שוין ווערען עק וועלט, משיח'ס צייטען, אַזוי ווי די יונגע לייטלעך, די ווייסע־חברה'ניקעס, ווילען מיך איינרעדען, אַז באַלד וועט קומען אַ צייט, וואָס דער נגיד מיט'ן קבצן וועלען זיין גלייך, שלי שלך, שלך שלי, מיינס דיינס, דיינס מיינס, הפקר ציבעלעס! דאַכט זיך, אַ קלוגע וועלט — און אַזעלכע בהמות! ער־ער־ער!...

מיט די דאָזיגע געדאַנקען בין איך אָנגעקומען קיין בויבעריק און פאַרפאָהרען גלייך אויף דער דאַטשע צו דער אַלמנה, אָוועקגעשטעלט דאָס פערדעל, — וואו איז די אַלמנה? נישטאָ קיין אַלמנה! וואו איז דער בחור? — נישטאָ קיין בחור! ווער־זשע האָט מיך גערופען? „איך האָב אייך גערופען!" — אַזוי מאַכט צו מיר אַ קיילעכיג געפּאַקט אידעל מיט איין אויסגעפּליקט בערדעל און מיט אַ גראָבער גאָלדענער קייט אויף'ן בייכעל. „ווער־זשע, זאָג איך, זענט איהר?" זאָגט ער: „איך בין דער אַלמנה'ס אַ ברודער און אַראַנטשיק'ס אַ פעטער... מע האָט מיך, זאָגט ער, אַרויסגערופען מיט אַ דעפּעש פון קאַטערינעסלאַוו, און איך בין נאָר־וואָס געקומען צו פאָהרען"... „ווי באַלד אַזוי, נאָט־זשע אייך

אפּ שלום", — זאָג איך און זעץ מיך אוועק. דערזעהענדיג, אז איך האָב מיך אוועקגעזעצט, מאַכט ער צו מיר: „זיצט". זאָג איך: „אַ דאַנק, איך זיץ שוין. וואָס־זשע מאַכט איהר, זאָג איך, ווי אַזוי איז ביי אייך, זאָג איך, די קאָסנעטוציע?" ענטפערט ער מיר דערויף גאָרנישט ניט, צעלעגט זיך אויף אַ וויענגשטוהל, די הענט אין די קעשענעס, שטעלט אַרויס די גאָלדענע קייט מיט'ן בייכעל און מאַכט צו מיר בזה הלשון: „אייך רופט מען, דאַכט זיך, טביה?"... „יאָ, זאָג איך, צו דער תורה, אז מע רופט מיך אויף, רופט מען מיך אויף: „יעמוד ר' ב טביה ברב שניאור זלמן"... „הערט אויס, מאַכט ער צו מיר, רב טביה, וואָס איך וועל אייך זאָגען. וואָס טויג אונז לאַנגע דבורים? לאָמיר, זאָגט ער, גערן גלייך צום ענין, געשעפט הייסט עס"... „מהכתיתי, זאָג איך, שלמה המלך האָט שוין לאַנג געזאָגט: ל כ ל ז מ ן — ווען מע דאַרף רעדען געשעפט, איז געשעפט... איך בין, זאָג איך, אַ געשעפטס־מאַן"... „דאָס זעהט מען, זאָגט ער, אז איהר זענט אַ געשעפטס־מאַן, דערפאַר וויל איך טאַקי מיט אייך רעדען סוחר'יש; איך וויל, איהר זאָלט מיר זאָגען, אָבער אָפען געשמועסט, וויפיעל וועט דאָס אונז קאָסטען אַרום און אַרום?... אָבער אָפען געשמועסט!"... „אויב, זאָג איך, אָפען געשמועסט, וויים איך ניט, וואָס איהר רעדט"... „רב טביה! — מאַכט ער צו מיר נאָך אַ מאָל און וויל נישט אַרויסנעמען די הענט פון די קעשענעס. — איך פרעג אייך, זאָגט ער, וויפיעל וועט אונז קאָסטען אַרום און אַרום די חתונה?" „עס ווענדט זיך, זאָג איך, וואָס פאַר אַ חתונה איהר מיינט? אויב איהר מיינט אַ גרויסאַרטיגע חתונה, ווי אייך שטעהט אָן, בין איך, זאָג איך, ניט אים שטאַנד"... שטעלט ער אָן אויף מיר אַ פּאָר עינים און מאַכט צו מיר אַזוי: „אַדער איהר מאַכט זיך תמ'עוואַטע, אַדער איהר זענט טאַקי אַ תם... חאָטש אפילו, זאָגט ער, איהר זעהט ניט אויס פון קיין תם, וואָרום איהר זאָלט זיין, זאָגט ער, אַ תם, וואָלט איהר ניט אַריינגעשלעפּט, זאָגט ער, מיין פּלימעניק אין אַ בלאָטע, איהם פאַרבעטען צו זיך כלומרשט אויף שבועות'דיגע בליני־

צעם, איהם אונטערגעשטעלט דאָרט אַ שען מיידעל, צי יאָ אַ טאָכ־טער, צי ניט קיין טאָכטער, איך געה ניט אַריין, זאָגט ער, אַזוי ווייט, און זי האָט זיך איהם פאַרליובעט, זאָגט ער, דאָס הייסט, זי איז איהם געפעלען, נו, און ער איהר אַודאי, פון דעם, זאָגט ער, רעדט מען ניט, איך וועל אייך ניט זאָגען, זאָגט ער, עס קאָן זיין, זי איז איין אָרענטליך קינד און מיינט דאָס נעבאָך ערנסט, איך געה נישט אַזוי ווייט... איהר טאָרט אָבער ניט פאַרגעסען, זאָגט ער, ווער א י ה ר זענט און ווער מ י ר זענען? איהר זענט דאָך, זאָגט ער, אַ איד אַ בר־דעת, ווי קאָנט איהר, זאָגט ער, גאָר דערלאָזען אַזעלכס, אַז טביה דער מילכיגער, וואָס פיהרט אונז קעז און פּוטער, זאָל ער זיין אונזער מחותן?... אַי, זיי האָבען זיך, זאָגט ער, געגעבען איינס דאָס אַנדערע דאָס וואָרט? וועלען זיי דאָס נעמען צוריק! קיין גרויס אומגליק, זאָגט ער, שטעהט ניט דערביי. טאָמער דאַרף עפּיס קאָסטען, זאָגט ער, זי זאָל איהם אַרויסלאָזען פון וואָרט, מהכתיתי, מיר האָבען, זאָגט ער, גאָר נישט קעגען דעם. אַ מיידעל איז נישט קיין בחור, זאָגט ער. צי אַ טאָכטער, צי ניט קיין טאָכטער, זאָגט ער, איך וויל גאָר אַזוי ווייט נישט אַריינגעהן", זאָגט ער... „רבונו־של־עולם! — טראַכט איך מיר — וואָס וויל דער איד?"... און ער הערט נישט אויף צו רעדען איבער מיין קאָפּ: איך זאָל גאָר ניט דענקען, זאָגט ער, טאָמער וועט מיר געראָטען מאַכען אַ סקאַנדאַל, אויספּויקען אומעדום, אַז זיין פּלימעניק, זאָגט ער, האָט זיך גע'שדכ'ענט צו טביה דעם מילכיגענ'ס טאָכטער... און איך זאָל זיך אַרויסשלאָגען פונ'ם קאָפּ, זאָגט ער, אַז זיין שוועסטער איז אַ מענטש, וואָס קאַטאַרע מע קאָן פון איהר פּאַמפּען געלט... מיט גוטען, זאָגט ער, מהכתיתי, קאָן מען, זאָגט ער, נעמען ביי איהר עטליכע קערבלעך; עלעהיי, זאָגט ער, אַ נדבה... מען איז דאָך, זאָגט ער, מענטשען, וואָס קאַטאַרע, מע דאַרף אַמאָל אויס־העלפען אַ מענטשען...

בקיצור, איהר ווילט וויסען, וואָס איך האָב איהם געענטפערט? איך האָב איהם, אַז אַך און וועה איז מיר, גאָר נישט געענטפערט.

ס'איז מיר געווען, ווי זאָגט איהר, תדבק לשוני — עס האָט מיר ווי אָפּגענומען דאָס לשון! איך האָב זיך אויפגעהויבען, זיך אויסגעדרעהט מיט'ן פּנים צו דער טהיר — און נישטאָ מיך!... ווי פון אַ שרפה האָב איך מיך אַרויסגעכאַפּט, ווי פון אַ טורמע!... עס האָט מיר געזשומעט אין קאָפּ, געשעמערירט אין די אויגען און געטורקעט אין די אויהערען די ווערטער פון דעם אידען: „אָפּען געשמועסט"... „אַ טאָכטער, ניט קיין טאָכטער"... „איין אַלמנה אויף צו פּאַמפּען"... „עלעהיי אַ נדבה"... און ביז צוגעגאַנגען צו מיין פערד־און־וועגעלע, אַריינגעלעגט דאָס פּנים אין ברישטשקע אַריין און — איהר וועט ניט לאַכען פון מיר? — אַז איך האָב מיך צעוויינט, האָב איך געוויינט און געוויינט! און אַז איך האָב מיך גוט אויסגעוויינט און געזעסען אויף דער ברישטשקע און איינגעטיילט מיין פערדעל נעבאַך וויפיעל ס'איז אין איהם אַריין, האָב איך ערשט דעמאָלט געפרעגט ביי גאָט אַ קשיא, אַזוי ווי איוב האָט אַמאָל געפרעגט: וואָס האָסטו דו, גאָטעניו, אַזעלכס דערזעהען אין דעם אַלטען איוב'ן, וואָס דו לאָזט איהם ניט אָפּ אויף קיין מינוט? ס'איז שוין מעהר ניטאָ קיין אידען אויף דער וועלט? און איך קום צו פאָהרען אהיים, טרעף איך מיין האַליאַסטרע, קיין עין־הרע, פריילאך. מען עסט וועטשערע, נאָר איין שפּרינצע איז נישטאָ. „וואו איז שפּרינצע?" — פרעג איך. „וואָס הערט זיך, זאָגען זיי מיר, וואָס האָט מען דיך גערופען?" זאָג איך נאָך אַ מאָל: „וואו איז שפּרינצע?"... ענטפערען זיי מיר נאָך אַ מאָל: „וואָס הערט זיך?"... זאָג איך: „גאָרניט, וואָס זאָל זיך הערען? ס'איז, דאַנקען גאָט, שטיל, פון פּאַגראָמען הערט מען ניט"... ביי די ווערטער קומט אַן שפּרינצע, טהוט מיר אַ קוק אין די אויגען אַריין, זעצט זיך אַוועק צום טיש, גלייך ווי ניט זי מיינט מען, ניט פון איהר רעדט מען... אויפ'ן פּנים ביי איהר קאָן מען נישט דערקענען גאָרנישט, נאָר דאָס שטילקייט איהרס איז שוין צו פיעל, חוץ לדרך הטבע... היינט געפעלט מיר ניט דאָס זיצען איהרס פאַרטראַכט און דאָס פאָלגען איהרס, וואָס מע הייסט איהר; זאָגט

מען איהר: זיץ — זיצט זי; זאָגט מען איהר: עס — עסט זי; הייסט מען איהר געהן — געהט זי; און אַז מע טהוט זי אַ רוף, טהוט זי זיך אַ וואַרף... איך קוק אויף איהר, און עס פאַרקלעהמט מיר דאָס האַרץ, און עס ברענט אין מיר אַ פייער — אויף וועמען ווייס איך ניט... אַך טי רבונו־של־עולם, אלהינו נאַש! פאַר וואָס שטראָפסט דו מיך אַזוי, פאַר וועמענס זינד?!

בקיצור, איהר ווילט וויסען דעם סוף? אַזאַ סוף וויל איך נישט ווינשען דעם ערגסטען שונא, און מע טאָר עס גאָר ניט ווינשען, וואָרום די קללה פון קינדער איז די ערגסטע קללה פון דער תוכחה! פון וואַנען ווייס איך, אַז מיך האָט עמיצער נישט פאַרשאָלטען מיט קינדער? איהר גלויבט ניט אין די זאַכען? וואָס־זשע דען איז דאָס? אדרבה, לאָמיר האָרכען פון אייך... נאָר צו וואָס נוצען אונז חקירות? אַמעהר, הערט דעם סוף, וואָס איך וועל אייך דער־צעהלען. איינמאָל פאַרנאַכט פאָהר איך אַהיים פון בויבעריק מיט אַ גוט האַרץ: באַרעכענט נאָר דעם פאַרדראָס, דעם בזיון; היינט דעם רחמנות פון קינד!... און די אַלמנה, וועט איהר פרעגען? און דער זוהן? — ווער מיר אַלמנה? וואָס מיר זוהן? אַוועקגע־פאָהרען און אפילו זיך ניט געזעגענט! ס'איז אַ בושה אויסצו־זאָגען: ס'איז געבליבען שטעהן ביי מיר אויף זיי אַ שטיקעל חוב פאַר קעז און פּוטער... נאָר איך רעד נישט פון דעם, מסתמא האָ־בען זיי פאַרגעסען... איך רעד פונ'ם געזעגענען זיך: אַוועק־פאָהרען און אפילו זיך ניט געזעגענט!... וואָס דאָס קינד נעבאַך האָט איבערגעטראָגען — דאָס האָט ניט געוואוסט קיין בן־אדם, אַחוץ מיר, וואָרום איך בין אַ טאַטע, אַ טאַטענס האַרץ פיהלט... טאָמער מיינט איהר, אַז זי האָט מיר געזאָגט אפילו אַ חצי דבור? באַקלאָגט זיך? אָדער געוויינט אַ מאָל? ע! קענט איהר דאָך ניט טביה'ס טעכטער! שטיל, אין זיך, איינגעגאַנגען, געצאַנקט ווי אַ ליכט! ווען־ניט־ווען אַרויסגעהאַפּט זיך מיט אַ זיפץ, נאָר אַזאַ מין זיפץ, וואָס רייסט אַרוים אַט אַזאַ שטיק האַרץ! הכלל, פאָהר איך מיר אַזוי מיט מיין פערדעל אַהיים, פאַרטיעפט אין

טרויעריגע מחשבות און געדאנקען, פרעג קשיות בײ׳ם רבונו־של־עולם און ענטפער מיר אַלײן. און עס אהרט מיך שוין ניט אַזוי אויף גאָט — מיט גאָט האָב איך מיך שוין ווי עס איז איבערגע־בעטען; מיך אהרט אויף מענטשען: למאי זאָלען מענטשען זײן אַזוי שלעכט, אַז זײ קאָנען זײן גוט? פאַר וואָס זאָלען מענטשען פאַרביטערען דאָס לעבען אי יענעם, אי זיך, אַז זײ האָבען ביך לעבען זיס און גליקליך? געשיקט זיך עס, אַז גאָט האָט באַשאַפען דעם מענטשען צוליעב דעם, ער זאָל אַפּקומען אויף דער וועלט?... וואָס האָט דאָס איהם גענוצט?... מיט אַזעלכע געדאַנקען פאָהר איך אַרײן צו מיר אין חוטאָר אַרײן, און דערזעה פון דער ווײטען, בײ דער גרעבלי, איז אײן אָנגעלויף פון מענטשען, גוײם, גויעס, שיקסעס, שקצים און קלײנע שקצים׳לעך אהן אַ שעור. וואָס קאָן דאָס זײן? קײן שרפה ניט; מסתמא אַ דערטרונקענער, עמיצער האָט זיך געבאָדען בײ דער גרעבלי און געפונען דעם טוידט. קײנער ווײסט ניט, וואו דער מלאך־המות וואַרט אויף איהם, ווי מיר זאָגען אין „ונתנה תוקף״... פּלוצים זעה איך מײן גאָלדע לויפט, די שאַל צעלאָזט, די הענט אַרויסגעשטעלט אויף צופריהער, און פאַר איהר מײנע קינדער, טײבעל און בײלקע, און אַלע דרײ מיט אַ געשרײ, מיט אַ יללה, מיט אַ יאָמער: „טאַכטער! שוועסטער! שפּרינצע!״... אַראָפּגעשפּרונגען פון דעם וואָגען, ווײס איך ניט, ווי אַזוי איך בין ניט צעשפּרונגען געוואָרען, און אַז איך בין צו־געלאָפען צום טײך, איז שוין געווען נאָך אַלע היום׳ס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואָס האָב איך אײך געוואָלט פרעגען?... יאָ! האָט איהר געזעהען ווען אַ געטרונקענעם? קײן מאָל נישט?... אַ מענטש, אַז ער שטאַרבט, שטאַרבט ער מײסטענטײלס מיט צוגעמאַכטע אויגען... בײ אַ געטרונקענעם זענען די אויגען אָפען — ווײסט איהר נישט דעם שכל, פאַר וואָס דאָס איז?... האָט קײן פאַראיבעל נישט, איך האָב בײ אײך צוגענומען צײט, און אַלײן איז מען אויך געבונדען: מע דאַרף געהן צום פערדעל און מע מוז צעפיהרען דאָס ביסעל

סחורה. די וועלט איז אויך א וועלט. מע מוז אין זינען האבען א קערבעל אויך — און פארגעסען וואס ס'איז געווען. ווארום דאס, וואס די ערד דעקט צו, מוז, זאגט מען, פארגעסען ווערען, און אז מען איז א לעבעדיגער מענטש, קאן מען די נשמה נים אויסשפייען. עס העלפט נים קיין חכמות, און מיר מוזען זיך אומקעהרען צוריק צום אלטען פסוק, אז כל זמן שהנשמה בקרבי, איז פאהר ווייטער. טביה!... זייט מיר געזונט, און אז איהר וועט מיך דערמאנען, זאלט איהר מיך נים דערמאנען צו בייזען.

# טביה פאָהרט
# קיין ארץ-ישראל

דערצעהלט פון טביה דעם מילכיגען, פאָהרענדיג אין באַהן.

געשריבען אין יאָהר 1909.

# טביה פֿאָהרט קיין ארץ־ישׂראל

— סקאַצעל קומט! וואָס מאַכט אַ איד, רב שלום־עליכם? אַט אַ גאַסט! אפילו נישט גע׳חלומ׳ט זיך! נאַט־זשע אייך אַפֿ שלום־עליכם. איך האָב מיר אָבער אַלץ געטראַכט און געטראַכט: וואָס איז די מעשה, וואָס מע זעהט איהם נישט אַזאַ צייט, ניט אין בויבעריק, ניט אין יעהופּעץ? אַ קשיא, וואָס סע מאַכט זיך: אפשר האָט ער אָפּגעזאָגט די עטליכע גילדען און אַריבערגעפּעקעלט זיך אַהין, וואו מע עסט ניט קיין רעטאַך מיט שמאַלץ? און צוריק טראַכט איך מיר: געשיקט זיך עס, ז י י זאָלען טהון אַזאַ נאַרישקייט? ז י י זענען דאָך עפּיס אַ מענטש אַ בר־דעת, כלעבען! נו, דאַנקען השם־יתברך, וואָס מע זעהט זיך געזונט, ווי שטעהט דאָרט אין פּסוק: ט ו ר א ב ט ו ר א — אַ מענטש מיט אַ מענטשען... איהר קוקט מיך אָן, פּאַני, גלייך, ווי איהר וואָלט מיך נישט דערקענט? דאָס בין איך, אייער אַלטער גוטער פריינד טביה. א ל ת ס ת כ ל ב ק נ ק ן — קוקט נישט, וואָס אַ איד געהט אין אַ נייער קאַפּאָטע. דאָס איז דער אייגענער שלים־מזל טביה, וואָס אַמאָל, נישט געמינערט אַ האָר; נישמעהר, מע טהוט זיך אָן שבת׳דיג, זעהט מען אויס אַ ביסעל דאָסיגער, מעשה נגיד, ווארום, אַז מע פֿאָהרט ארוים צווישען מענטשען, קאָן מען אַנדערש ניט, ובפרט, אַז מע פֿאָהרט אַזאַ ווייטע נסיעה, קיין ארץ־ישראל, אַ קלייניגקייט? איהר קוקט מיך אָן און טראַכט זיך, ווי קומט דאָס אַזאַ קליין מענטשעלע, ווי טביה, וואָס האָט כל־ימיו געהאַנדעלט מיט מילכיגס, זאָל גאָר האָבען אַזאַ השגה, וואָס קאָן זיך פֿאַרגינען אויף דער עלטער סיידען אַ מין בראַצקי? גלויבט מיר, פּאַני שלום־עליכם, ס׳איז כ ו ל ו מ ו ק ש ה —

דער פסוק איז רעכט ארום און ארום. רוקט נאר אוועק, זייט מוחל, אייער טשעמאדאנטשיקעל א ביסעל אהין, וועל איך מיך אוועקזעצן אקעגן אייך און וועל אייך דערצעהלען א מעשה, וועט איהר הארכען, וואס גאט קאן.

בקיצור, איך מוז אייך זאגען קודם כל הקודם'ס, אז איך בין געבליבען, ניט פאר אייך געראכט, איין אלמן, געשטארבען גאלדע מיינע, עליו השלום. געווען א אידינע א פראסטע, אהן חכמות, אהן אויבערקעפלער, נאר א גרויסע צדיקית. לאז זי זיך מיהען דארט פאר איהרע קינדער, זי איז געגנוג אויסגעשטאנען צוליעב זיי, און טאקי אפשר איבער זיי געגאנגען פון דער וועלט, נישט געקאנט אריבערטראגען, וואס זיי זענען זיך צעקראכען איינער קיין ליסי, דער אנדערער קיין סטריסי. „משטיינס געזאגט, זאגט זי, וואס איז מיין וועלט, זאגט זי, אז ווי באלד, זאגט זי, נישט קיין קינד און נישט קיין רינד? להבדיל, א בהמה, זאגט זי, בענקט אויך, זאגט זי, אז מע אנטוועהנט, זאגט זי, פון איהר דאס קעלבעל"... אזוי זאגט זי צו מיר, גאלדע הייסט עס, און וויינט בעת־מעשה מיט ביטערע טרערען. און איך זעה, אז די אידינע געהט־איין פון טאג צו טאג, ווי א ליכט, רעד איך איהר אוים מסתמא דאס הארץ פאר רחמנות און איך זאג צו איהר אזוי, זאג איך: „עט, זאג איך צו איהר, גאלדע סערדצע, פארהאן א פסוק, זאג איך, א ם כ ב נ י ם א ם כ ע ב ד י ם — ווי מיט קינדער, אזוי איז אהן קינדער, זאג איך. מיר האבען, זאג איך, א גרויסען גאט, זאג איך, און א גוטען גאט, און א שטארקען גאט, זאג איך, נאר פון דעסטוועגען, זאג איך, לאם איך האבען די ברכות, וויפיעל מאל דער רבונו־של־עולם, זאג איך, טהוט־אפ א שטיקעל ארבייט, מעגען שוין, זאג איך, די שונאים האבען אזא יאהר"... איז זי דאך אבער, זאל מיר מוחל זיין, א נקבה, מאכט זי צו מיר: „דו זינדיגסט, טביה, מע טאר נישט, זאגט זי, זינדיגען". „אט האסט דו דיר, זאג איך, איך זאג דען עפים, זאג איך, שלעכטס? איך געה דען חלילה, זאג איך, קעגען דעם אויבערשטענס געננ, זאג איך? ווארום ווי באלד, זאג איך,

אז ער האָט, זאָג איך, באַשאַפֿען אַזוי שען זיין וועלטעל, זאָג איך, אז קינדער זענען נישט קיין קינדער, זאָג איך, און טאַטע־מאַמע זענען בלאָטע, זאָג איך, ווייסט ער דאָך מסתמא, וואָס ער האָט צו טהון"... פאַרשטעהט זי נישט וואָס איך רעד און ענטפֿערט מיר בוידעם: „איך שטאַרב, זאָגט זי, אוועק, טביה, ווער וועט דיר קאָכען וועטשערע?"... אַזוי מאַכט זי צו מיר שטיל און קוקט אויף מיר מיט אַזעלכע אויגען, אַז אפילו אַ שטיין קאָן עס ריהרען. טביה איז דאָך אָבער נישט קיין אידינע, ענטפֿער איך איהר אָפּ מיט אַ ווערטעל, און מיט אַ פּסוק, און מיט אַ מדרש, און מיט נאָך אַ מדרש: „גאָלדע, זאָג איך, ביזט מיר געווען, זאָג איך, געטריי אַזוי פיעל יאָהרען, וועסט דו מיך אויף דער עלטער, זאָג איך, נישט מאַכען צום נאַר", זאָג איך, און טהו אַ קוק אויף מיין גאָלדען — פּיזעם! „וואָס איז דיר, זאָג איך, גאָלדע?" „גאָר נישט", מאַכט זי צו מיר, קוים־קוים וואָס זי רעדט. ע! איך זעה, די שפּיעל איז פאַר'ן טייוועל, נעם איך און שפּאַן איין דאָס פערדעל און פאָהר אוועק אין שטאָדט אַריין און ברענג אַראָפּ אַ דאָקטאָר, דעם בעסטען דאָקטאָר. איך קום צו פאָהרען אַהיים — טע־טע־טע! מיין גאָלדע ליגט שוין אויף דער ערד מיט אַ ליכטעל צוקאָפּענס און זעהט אויס, ווי אַ בערגעל ערד האָט מען צענויפגעשאַרט און איבערגעדעקט מיט שוואַרצען, און איך שטעה און טראַכט מיר: „כ י ז ה כ ל ה א ד ם — אָט דאָס איז דער סוף פון'ם מענטשען? אַך טי, רבונו־של־עולם, וואָס דו טהוסט אָפּ מיט דיין טביה'ן! וואָס וועל איך איצטער טהון אויף דער עלטער, פאַרפינסטערט בין איך. גע־ווארען?" און אַזוי האָב איך געגעבען אַ פאַל־צו צו דער ערד... נאָר געה שריי חי וקיים! הערט איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען? אַז מע זעהט פאַר זיך דעם טויטט, מוז מען ווערען איין אַפּיקורס און מע הויבט אָן נאָכצוקלערען, מ ה א נ ו מ ה ח י י נ ו — וואָס איז אינגאַנצען אָט די וועלט מיט די גלגלים, וואָס זיי דרעהען זיך, מיט די באַהנען, וואָס לויפען משוגע'נער־ווייז, מיט דעם גאַנצען טאַרעראַם אַרום און אַרום, און

אפילו בראצקי מיט זיינע מיליאנען — הכל הבל, גארנישט שבגארנישט!

בקיצור, איך האב איהר געדונגען א קדיש, גאלדע'ן עליו השלום, באצאהלט פאר א גאנץ יאהר פריהער. א ברירה האב איך געהאט, אז גאט האט מיך געשטראפט, נישט געגעבען מיר קיין זכרים, נאר נקבות, נאר טעכטער און טעכטער, קיין גוטער איך זאל זיי נישט קענען! איך ווייס נישט, צי אלע אידען אזוי פארשווארצט מיט זייערע טעכטער, צי נאר איך בין אזא פינסטערער שלים־מזל, וואס איך האב צו זיי קיין גליק נישט? דאס הייסט, צו די טעכ־טער אליין האב איך גארנישט, און גליק איז ביי גאט. וואס זיי ווינשעווען מיר — מעג עס מיר אנקומען האטש האלב. אדרבה, זיי זענען שוין צו געטריי, און וואס „צו" איז איבעריג. אט נעמט, למשל, די מיזינקע מיינע,ביילקע רופט מען זי. וואס ווייסט איהר, וואס דאס איז פאר א קינד? איהר קאנט דאך מיך, ברוך־השם, ווי זאגט איהר, פון א יאהר מיט א מיטוואך און ווייסט, אז איך בין נישט דער טאטע, וואס קאטארי זאל זיך אוועקזעצען אפלויבען זיינע קינדער, גלאט אזוי אין טאג אריין. נאר אז ס'איז געקומען צו רעד פון מיין ביילקען, מוז איך אייך זאגען נישט מעהר, ווי שלשה דברים — צוויי ווערטער: זינט גאט האנדעלט מיט ביילקעס, האט ער נאך אזא ביילקע נישט באשאפען. מילא פון שענקייט שמועסט מען נישט. טביה'ס טעכטער, ווייסט איהר אליין, האבען א שם אויף דער וועלט פאר די שענסטע קראסאוויצעס. נאר זי, ביילקע הייסט עס, וועט זיי אלע פארשטעקען אין גארטעל. אז מע שמועסט יפיפית — איז דאך ניט שייך! אקעגען מיין ביילקען מוז מען טאקי זאגען מיט די ווערטער פון אשת חיל: שקר החן — איך רעד נישט פון שענקייט, איך רעד פון כאראקטער רעד איך. גאלד, גין־גאלד, זאג איך אייך! פון תמיד אז בין איך ביי איהר געווען דאס אויבערשטע פון דער מילך, נאר פון זינט מיין גאלדע עליו השלום איז, איהר צו לענגערע יאהר, נפטר געווארען, איז דער טאטע געווארען ביי איהר — דאס

שוואַרצאַפּעל פון׳ם אויג! קיין שטויב נישט דערלאָזען זאָל אויף מיר פאַלען. איך האָב שוין געזאָגט צו זיך אַליין: דער רבונו־של־עולם איז, ווי מיר זאָגען אין׳ם וכל מאמינים שהוא: ו מ ק ד י ם ר ח מ י ם ל ר ו ג ז — ער שיקט צו די רפואה פאַר דער מכה. נישמעהר, ס׳איז שווער צו וויסען, וועלכס איז ערגער, די רפואה, אָדער די מכה? געה זיי אַ נביא און טרעף, אַז ביילקע וועט צו־ליעב מיר נעמען און פאַרקויפען זיך פאַר געלט און אַפּשיקען דעם טאַטען אויף די עלטערע יאָהרען קיין ארץ־ישראל! מאַהלט אייך, עס רעדט זיך נאָר אַזוי. זי איז אין דעם אַזוי שולדיג, פּונקט אַזוי ווי איהר. אינגאַנצען איז דאָ שולדיג ער, איהר אויסדערוועהלטער, איך וויל איהם ניט שעלטען, אַ קאַזאַרמע זאָל אויף איהם איינ־פאַלען! און אפשר, אַז מיר זאָלען וועלען גוט באַטראַכטען, גריבלען זיך אַ ביסעל טיעפער, קאָן זיין, אַז איך אַליין בין דאָ מעהר חייב פון אַלעמען, וואָרום ס׳איז דאָך אַ בפירוש׳ע גמרא: ח י י ב א ד ם... נאָר ס׳איז שען, כלעבען, אַז איך דאַרף אייך דערצעהלען, וואָס די גמרא זאָגט!

בקיצור, איך וויל אייך נישט לאַנג האַלטען. ס׳איז אוועקגע־גאַנגען אַ יאָהר און אַ יאָהר, מיין ביילקע איז אויסגעוואַכסען, גע־וואָרען, קיין עין־הרע, אַ מיידעל צו לייטען, און טביה טהוט זיך זיין געשעפט, ווי תמיד, מיט׳ן פערד־און־וועגעלע פיהרט ער אַפּ דאָס ביסעל מילכיגס זומער קיין בויבעריק, ווינטער קיין יעהופּעץ, אַ מבול זאָל אויף דעם קומען, ווי אויף סדום! אַנקוקען קאָן איך נישט אָט די דאָזיגע שטאָדט, און ניט אַזוי די שטאָדט אַליין, ווי די מענטשען, און ניט אַלע מענטשען, נאָר איין מענטש — אפרים דעם שדכן, אַ רוח אין זיין טאַטענס טאַטען אריין! אָט וועט איהר אומיסטנע הערען וואָס אַ איד אַ שדכן טהוט אַפּ.

ויהי היום, קום איך צו פאָהרען איינמאָל ארום חצי אלול קיין יעהופּעץ מיט מיין ביסעל סחורה. איך טהו אַ קוק — ו י ב ו א ה מ ן — אפרים דער שדכן געהט! איך האָב אייך אַמאָל דער־צעהלט פון איהם. אפרים איז אפילו אַ איד איין איינגענעסענער,

נאר אז מע דערזעהט איהם, מוז מען זיך אפּשטעלען — אט אזא מין כח האט אין זיך אט דער איד... „העֶר נאר, חכם מיינער, זאג איך צו מיין פערדעל, שטעה א ווײלע, וועל איך דיר געבען עפּיס קייען". און איך שטעל־אפּ אפרים דעם שדכן און געב איהם אפּ שלום און מאַך מיט איהם א שמועס מן הצד: „וואס הערט זיך עפּיס מכח פּרנסה?" טהוט ער א געשמאַקען זיפץ און מאכט צו מיר: „ס'איז ביטער!"... זאג איך: „דהיינו?" זאגט ער: „נישטא וואס צו טהון"... זאג איך: „לחלוטין?" זאגט ער: „לחלוטין!"... זאג איך: „וואס איז די מעשה?"... זאגט ער: „די מעשה איז, וואס שידוכים ווערען שוין היינט ניט געשלאסען מעהר אין דערהיים"... זאג איך: „וואו דען ווערען זיי היינט געשלאסען?" זאגט ער: „דאַרטען ערגיץ, אין אויסענלאנד"... זאג איך: „וואס־זשע זאל טהון אזא איד, ווי איך, למשל, וואס מיין זיידענס באבע איז דארט איינמאל נישט געווען?"... זאגט ער צו מיר און דערלאנגט מיר א שמעק טאבעקע: „פאר אייך האב איך, רב טביה, א שטיקעל סחורה דא אויפ'ן ארט"... זאג איך: „דהיינו?"... זאגט ער: „א אידינע איין אַלמנה אהן קינדער מיט ק"ן קערבלעך, געוועזן א קעכין אין אלע גרעסטע הייזער"... קוק איך איהם אן און זאג צו איהם: „רב אפרים, פאר וועמען מיינט איהר דאס א שידוך?" זאגט ער: „פאר וועמען זאל איך מיינען? פאר אייך"... זאג איך: „אלע בייזע וויסטע חלומות זאלען אויסגעהן צו מיינע שונאים'ס קעפּ!" און נעם און דערלאנג מיין פערד א שמיצעל און וויל פאהרען ווייטער. מאכט צו מיר אפרים: „האט קיין פאראיבעל ניט, רב טביה, אפשר האב איך אייך פּוגע בכבוד געווען. זאגט־זשע מיר, וועמען דען האט א י ה ר געמיינט?" זאג איך: „וועמען דען זאל איך מיינען, אז ניט מיין מיזינקע?"... טהוט ער א שפּרונג־אפּ, דערלאנגט זיך א פּאטש אין שטערן: „שא! גוט וואס איהר האט מיך דערמאנט, לאנג לעבען זאלט איהר, רב טביה!" זאג איך: „אמן, גם אתם, דערלעבט איהר אויך ביז משיח וועט קומען. נאר וואס איז מיט אייך, זאג איך, אזוי די

נדולה?"... זאָגט ער: „ס'איז גוט, רב טביה, ס'איז אויסגעצייכענט גוט, עס קאָן שוין גאָר בעסער נישט זיין אין דער גאַנצער וועלט!"... זאָג איך: „דהיינו, וואָס איז די גוטסקייט?"... זאָגט ער: „איך האָב פאָר אייער מיזינקע אַ גליכס, אַ גליק, אַ הויפּט־טרעפער, אַ גביר, איין אדיר, אַ מיליאָנשטשיק, אַ בראָצקי, אַ פּאָדראַטשיק איז ער און הייסען הייסט ער פדהצור!"... זאָג איך: „פדהצור? אַ קענטליכער נאָמען פון חומש"... זאָגט ער: „וואָס מיר חומש? וועד מיר חומש? ער איז אַ פּאָדראַטשיק, אַט דער פדהצור, ער בויעט הייזער, מויערען, בריקען, געווען אין יאַפּאַניע ביי דער מלחמה, געבראַכט אַ מטמון מיט גאָלד, פאָהרט ארוים מיט ברע־נענדיגע סוסים, מיט קאַרעטעס, מיט לאַקייען ביי דער טהיר, מיט אַ בעדעל ביי זיך אינווייניג אין שטוב, מיט מעבעל פון פּאַריזש, מיט אַ בריליאַנטענעם רינג אויף דער האַנט, נאָך גאָר נישט קיין אַלטער מאַן, אַ בחור, איין אמת'ער, אַ „חאָלאָסטאָי", פּרימאַ! און זוכען זוכט ער אַ שעהן מיידעל, מעג זיין ווער זי איז, אַ נאַקעטע, אַ באָרוועסע, אבי אַ יפת־תואר!"... „טפּררו! — זאָג איך צו איהם. — אַז איהר וועט אַזוי פליהען, זאָג איך, אַהן אַ פּאַפּאַס, וועלען מיר פאַרפאָהרען מיט אייך, רב אפרים, קיין האַצעקלאַץ. אויב איך האָב קיין טעות נישט, זאָג איך, האָט איהר מיר אַמאָל געהאַט גערעדט דעם אייגענעם שידוך, זאָג איך, פאַר מיין עלטערע טאָכטער, פאַר האָדלען", זאָג איך... דערהערט פון מיר די דאָזיגע ווערטער, אַז ער האַפּט זיך ניט, אפרים הייסט עס, ביי די זייטען און הויבט אָן צו לאַכען, איך האָב געמיינט, דער איד וועט באַקומען די פּאַפּלעקציע. „אַהאַ, זאָגט ער, איהר האָט זיך דערמאַנט, זאָגט ער, אַ מעשה, אַז מיין באָבע איז געלעגען געוואָרען מיט'ן ערשטען קינד! יענער האָט אַנגעזעצט נאָך פאַר דער מלחמה און אַנטלאָפען קיין אַמעריקע!"... „זכר צדיק לברכה, זאָג איך, אפשר וועט דער אויך, זאָג איך, אַוועק אַהין?" ווערד ער אויסער זיך, דער שדכן הייסט עס: „וואָס רעדט איהר דאָס, רב טביה? יענער איז גע־ווען, זאָגט ער, אַ פּייפער, אַ שאַרלאַטאַן, איין אויסברענגער, און

דער איז א פּאדראטשיק, זאגט ער, פון דער מלחמה, מיט געשעפטען, מיט א קאנטאר, מיט מענטשען, מיט... מיט... מיט"... וואס זאל איך אייך זאגען, דער שדכן האט זיך אזוי צעהיצט, אז ער האט מיר אראפּגענומען פונ'ם וואגען און ער האט מיך אנגענומען ביי די לאצען און האט מיך אזוי לאנג געטרייסעלט, ביז ס'איז צוגע־גאנגען א גאראדאוואי און האט אונז ביידען געוואלט אפּפיהרען אין קאמיסאריאט אריין. א שטיקעל גליק, וואס איך האב מיך דער־מאנט אינ'ם פּסוק: ל נ כ ר י ת ש י ך — מיט פּאליציע דארף מען וויסען, ווי אזוי צו האנדלען...

בקיצור, למאי זאל איך אייך לאנג האלטען? אט דער פּדהצור איז געווארען א חתן פאר מיין מיזינקע, ביילקע הייסט עס, און ל א א ר כ ו ה י מ י ם — ס'האט א ביסעל געדויערט ביז מיר האבען געשטעלט א חופּה. פאר וואס זאג איך, ס'האט א ביסעל געדויערט? ווייל זי, ביילקע הייסט עס, האט נישט געוואלט דעם שידוך, אזוי ווי מע וויל נישט שטארבען. וואס מעהר אט דער פּדהצור איז צו איהר צוגעשטאנען מיט מתנות און מיט גילדענע זייגערלעך און מיט בריליאנטענע פינגערלעך, איז ער איהר אלץ מעהר נמאס געווארען. מיר דארף מען קיין פינגער אין מויל נישט אריינלעגען. איך האב עס גאנץ גוט ארויסגעזעהען נאך איהר פּנים און נאך איהרע אויגען און נאך איהר וויינען, וואס זי האט געוויינט שטילערהייד. ביז איך מיך מיישב איינמאל און רוף מיך אן צו איהר אזוי, פארבייגעהענדיג: „הערסט דו, ביילקע, זאג איך, איך האב מורא, זאג איך, אז דיין פּדהצור איז דיר אזוי ליעב, זאג איך, און אזוי זיס, אזוי ווי מיר?"... ווערד זי רויט ווי פייער און מאכט צו מיר: „ווער האט דאס דיר געזאגט?" זאג איך: „וואס־זשע דען איז דער געוויין גאנצע נעכט?" זאגט זי: „איך וויין דען?" זאג איך: „ניין, דו וויינסט נישט, נאר דו חליפּעסט. דו מיינסט, זאג איך, אז דו באהאלטסט דעם קאפּ אין קישען, וועסט דו פון מיר פארדעקען, זאג איך, דיינע טרערען? דו מיינסט, זאג איך, אז דיין טאטע איז א יונגעלע, זאג איך, אדער דער מח איז

איהם אויסגעטריקענט געוואָרען און ער פאַרשטעהט ניט, זאָג איך, אז דאָס טהוסט דו צוליעב דיין אַלטען טאַטען? דו ווילסט איהם, זאָג איך, פאַרזאָרגען מיט אַ גוט עלטער, ער זאָל האָבען וואו דעם קאָפּ אנצושפּארען, ער זאָל חלילה נישט דאַרפען געהן, זאָג איך, איבער די הייזער? אויב דו מיינסט אַזוי, ביזט דו, זאָג איך, אַ גרויסער נאַר, זאָג איך. מיר האָבען אַ גרויסען גאָט, זאָג איך, און טביה איז ניט פון די עשרה בטלנים, זאָג איך, וואָס וועט זיך אָוועקזעצען, זאָג איך, אויף לאַסקאַווע ברויט, און געלט, זאָג איך, איז בלאָטע, זאָג איך, ווי אין פסוק שטעהט. אַ סימן האָסט דו, זאָג איך, אַז איז דיין שוועסטער האָדעל אַ גוטע אביון'טע, פון דעסטוועגען, זאָג איך, זעה, וואָס זי שרייבט פון אַלדי שוואַרצע יאָהר, זאָג איך, פון עק וועלט, און ווי זי שעצט זיך גליקליך, זאָג איך, מיט איהר שלים־מזל פּעפּערעל!"... אַנו, זייט אַ חכם און טרעפט, וואָס ענטפערט זי מיר דערויף, ביילקע הייסט עס? „צו האָדלען, זאָגט זי, זאָלסט דו מיך, זאָגט זי, ניט גלייכען. האָדעל איז געוועז, זאָגט זי, אין אַזאַ צייט, ווען די גאַנצע וועלט, זאָגט זי, האָט זיך געוויגעט, זאָגט זי, געהאַלטען אַט־אַט ביי איבערקעהרען זיך, האָט מען זיך געזאָרגט, זאָגט זי, פאַר דער וועלט, און זיך האָט מען פאַרגעסען; און איצט, זאָגט זי, אַז די וועלט איז אַ וועלט, זאָרגט זיך יעדער פאַר זיך און די וועלט האָט מען פאַר־געסען"... אַט אַזוי ענטפערט זי מיר דערויף, ביילקע הייסט עס, און געהט פאַרשטעהט, וואָס זי מיינט!

נו? איהר זעהט עפּיס אַ מבין אויף טביה'ס טעכטער? איהר האָט זי באַדאַרפט זעהן צו דער חופּה — אַ פּרינצעסין! איך בין נאָר געשטאַנען און געשפּיעגעלט זיך אין איהר און געטראַכט צו זיך אַליין: „אַט דאָס איז ביילקע, טביה'ס טאָכטער? וואו האָט זי זיך אויסגעלערענט אַזוי שטעהן, און אַזוי געהן, און אַזוי האַלטען דעם קאָפּ, און אַזוי אנטהון זיך, ס'זאָל אויף איהר זיין, ווי אויס־געגאָסען?"... נאָר לאַנג שפּיעגלען זיך אין איהר האָט מען מיך נישט געלאָזט, וואָרום דעם זעלבען טאָג פון דער חופּה, אַרום האַלב

זעכם פאר־נאכט, האט זיך דאס פארעל אויפגעהויבען, און ה ל ך מ ש ה מ ר ד כ י — מען איז אוועק מיט׳ן קוריער צו אלדי גוטע יאהר, קיין „נאטאליע", ווי די מאדע איז ביי די גרויסע, און צוריק איז מען געקומען ערשט העט ארום חנוכה, און מע האט געשיקט נאך מיר, איך זאל למען־השם תיכף־ומיד קומען צו פאהרען קיין יעהופעץ. איז דאס מיר באלד אריין אין קאפ אריין: ממה־נפשך, זיי זאלען וועלען, איך זאל גלאט אזוי קומען, וואלטען זיי אנגעזאגט, איך זאל קומען — און א סוף. צו וואס טויג נאך דער „למען־השם" מיט׳ן „תיכף־ומיד"? מסתמא מוז דאך דא זיין עפים א זאך! פרעגט זיך א קשיא: וואס פאר א זאך? און אלערליי מחשבות און געדאנקען, גוטע און שלעכטע, קריכען מיר אין קאפ אריין: אפשר האט זיך שוין דאס פארפאלק דארטען צעאמפערט, ווי די קעץ, און עס האלט ביי גט׳ען זיך? און באלד טאקי שלאג איך מיר אפ: ביזט א נאר, טביה, למאי זאלסט דו וועלען אויסלעגען אויף שלעכטען? פון וואנען ווייסט דו, וואס מען רופט דיך? אפשר האבען זיי זיך פארבענקט נאך דיר און ווילען דיך זעהן? אדער אפשר וויל ביילקע, אז איהר טאטע זאל זיין נאהענט נעבען איהר? אדער אפשר וויל גאר פדהצור דיר געבען א שטעלע, דיך צונעמען צו זיינע געשעפטען און מאכען דיך פאר א משגיח אויף זיינע פאדראדען? סיי־ווי־סיי, פאהרען דארף מען. און איך זעץ מיך אויף און ו י ל ך ח ר נ ה — איך פאהר קיין יעהופעץ. פאהרענדיג אזוי, געהט מיר איבער דער כח־הדמיון, און עס שטעלט זיך מיר פאר, אז איך האב אוועקגעווארפען דאס דארף, פארקויפט די בהמה׳לעך, מיט׳ן פערד־און־וועגעלע, מיט הכל בכל, און בין אריבערגעפאהרען אין שטאדט און בין געווארען ביי מיין פדהצור׳ן פריהער משגיח, דערנאך קאסיר, דערנאך כל־ולך איבער אלע זיינע פאדראדען, און דערנאך א שותף צו אלע זיינע געשעפטען גלייך מיט איהם, האלב אויף האלב, און פאהר ארוים גלייך מיט איהם אויף א פאר ברענענדיגע סוסים, איינער א בולאנער, דער אנדערער א קאשטאנעוואטער, און איך וואונדער מיך אויף זיך אליין: מ ה

ז ה ו ע ל מ ה ז ה — ווי קום איך, אזא שטיל מענטשעל, ווי טביה, צו אַזעלכע גרויסע געשעפטען? וואָס טויג מיר דער טאַרעראַם מיט'ן יריד, מיט'ן הו־האַ, טאָג ווי נאַכט, ווי זאָגט איהר: ל ה ו ש י ב י ע ם נ ד י ב י ם — זיך טויטשען מיט די מיליאָנ־שטשיקעס? לאָזט מיך אָפּ, איך וויל האָבען אַ רוהיג עלטער, אַריינקוקען אַמאָל אין אַ משניות, זאָגען אַ קאַפּיטעל תהלים, מע דאַרף דאָך אַמאָל אין זינען האָבען יענע וועלט אויך, צי ניין? ווי זאָגט שלמה המלך: אַ מענטש איז אַ טשיסטע בהמה, ער פאַר־געסט, אַז וויפיעל ער זאָל ניט לעבען, מוז ער אַמאָל שטאַרבען... אָט מיט אַזעלכע געדאַנקען און מחשבות בין איך געקומען צו פאָהרען למזל קיין יעהופּעץ גלייך צו מיין פדהצור'ן. מילא, איך זאָל מיך געהן באַריהמען, דערצעהלען אייך ר ו ב ג ד ל ו ו ר ו ב ע ש ר ו — זיין דירה מיט זיין זיצעכטס, איז ניט שייך צו זאָגען. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געהאַט די זכיה צו זיין ביי בראָצקי'ן אין שטוב, נאָר איך בין מיר משער על־פּי שכל, אַז שענער ווי ביי דעם פדהצור קאָן שוין גאָרניט זיין! איהר קאָנט פאַרשטעהן שוין פון דעם אַליין, וואָס פאַר אַ דירה־מלוכה דאָס איז, אַז דער שומר, וואָס ביי דער טהיר, אַ ווערגעלעץ מיט זילבערנע קנעפּ, האָט מיך בשום אופן נישט געוואָלט אַריינלאָזען אינווענינ, חאָטש געב איהם אַ קרענק. וואָס טהוט זיך דאָ? די טהיר איז אַ גלעזערנע טהיר, זעה איך, ווי ער שטעהט, אָט דער ווערגעלעץ, ימח שמו וזכרו זאָל ער ווערען, און רייניגט מלבושים. ווינק איך צו איהם, רעד מיט איהם אויף שטום־לשון און באַווייז איהם מיט די הענט, אַז ער זאָל מיך אַריינלאָזען אינווענינ, מחמת דעם בעל־הבית'ס ווייב קעהר מיר אַז אַ לייבליכע טאָכטער... פאַרשטעהט ער אָבער נישט אויפ'ן וואונק, אַ גויישער קאָפּ, ווייזט ער מיר אויך מיט די הענט, אויך אויף שטום־לשון, אַז איך זאָל געהן לעזאזל — נעמען דעם וועג הייסט עס. נאָט אייך אַזאַ שלים־מזל! צו איין אייגענער טאָכטער זאָל מען דאַרפען האָבען זכות אבות! „אַז אַך און וועה איז צו דיין גרויען קאָפּ, טביה, צו וואָס דו האָסט זיך דערלעבט!" —

אזוי טראכט איך מיר און קוק דורך דער גלעזערנער טהיר און דער־זעה עפּיס א מיידעל דרעהט זיך ארום. „אפּנים, א פּאקאיאווע זייערע“, טראכט איך מיר, מחמת די אויגען איהרע זענען ווי ביי א גנב'טע. אלע פּאקאיאוועס האבען גנבה'שע אויגען. איך בין איין איינגעהער אין אלע נגיד'ישע הייזער און בין באקאנט מיט אלע פּאקאיאוועס... טהו איך צו איהר א וואונק: „עפען אויף, קעצעלע!“ פּאלגט זי מיך און עפענט די טהיר און מאכט צו מיר דוקא אויף אידיש: „וועמען דארפט איהר?“ זאג איך: „דא זיצט פדהצור?“ זאגט זי צו מיר העכער: „וועמען דארפט איהר?“ זאג איך צו איהר נאך העכער: „אז מע פרעגט דיך, זאלסט דו ענטפערען על ראשון ראשון; דא זיצט פדהצור?“ זאגט זי: „דא“... „ווי באלד אזוי, זאג איך, ביזט דו פון מיינע מענטשען, זאג איך; געה, זאג איך, זאג דיין מאדאם פדהצור, זאג איך, אז זי האט א גאסט, זאג איך, דער טאטע איהרער, טביה, איז געקומען, זאג איך, צו־גאסט און שטעהט שוין, זאג איך, א היבשע ווײלע אין דרויסען, זאג איך, כעני בפתח, ווארום ער האט נישט זוכה געווען, זאג איך, צו געפינען חן און לייטזעליגקייט אין די אויגען פון אט דעם דאזיגען עשו מיט די זילבערנע קנעפּ, די כפּרה, זאג איך, זאל ער זיין פאר דיין מינדסטען נאגעל!“ אויסגעהערט מיינע דבורים, האט דאס מיידעל מיט א געלעכטער פון א משומדת פאר־האקט די טהיר גלייך מיר אונטער דער נאז, אוועקגעלאפען ארויף, אראפּגעלאפען אראפּ, אריינגעלאזט און אריינגעפיהרט מיך אינ־וועניג אין א מין פּאלאץ, וואס מיינע אבות אבותינו האבען עס נישט געזעהן אין חלום אפילו. זייד און סאמעט און גאלד און קרישטאל, און אז איהר געהט, פיהלט איהר נישט די טריט, מחמת איהר שפּאנט מיט די זינדיגע פיס אויף די טייערסטע דיוואנעס, ווייך ווי שניי. היינט זייגערס, זייגערס! אויף די ווענט זייגערס, אויף די טישען זייגערס, אהן א שיעור זייגערס! „רבונו יונה! האסט א סך אזוינע? צו וואס דארף עס א מענטש אזוי פיעל זייגערס?“ אזוי טראכט איך מיר און געה מיר, די הענט פארלעגט ארונטער,

אַ ביסעל ווייטער; איך טהו אַ קוק — עטליכע טביה'ס מיט אַ מאָל שניידען זיך אָקעגען מיר פון אַלע זייטען, איין טביה געהט אַהער, דער אַנדערער טביה אַהין, איינער צו מיר, דער אַנדערער פון מיר — טפו זאָלסט דו ווערען! פון אַלע פיער זייטען שפּיעגלען! נאַר אַזאַ מין פויגעל, ווי אָט דער פּאַדראַטשיק, קאָן זיך פאַרגינען אַזוי פיעל זייגערס מיט אַזוי פיעל שפּיעגלען!... און עס קומט מיר אויף די געדאַנקען פּדהצור, אַ גראָבס און אַ קיילעכיגס, מיט אַ ליסינע איבער'ן גאַנצען קאָפּ, און סע רעדט הויך און סע לאַכט דריבניטשקע, און איך דערמאָן מיך, ווי אַזוי ער איז געקומען צו מיר דאָס ערשטע מאָל אין דאָרף אריין מיט די ברענענדיגע סוסים, זיך צעלעגט ביי מיר, ווי ביי זיין טאַטען אין ווייגגאַרטען, זיך באַקאַנט מיט מיין ביילקען, מיך אָוועקגערופען אויף אַ זייט און איינגערוימט אַ סוד אויפ'ן אויהער, נאַר אַזוי הויך, אַז מע האָט געקאָנט הערען אויף יענער זייט יעהופּעץ. וואָס איז געווען דער סוד? דער סוד איז געווען, אַז מיין טאָכטער איז איהם געפעלען און ער וויל, אַז ס'זאָל זיין איינס־צוויי־דריי און אַ חופּה. מילא, אַז מיין טאָכטער איז איהם געפעלען — דאָס פאַרשטעהט מען מיט'ן שכל, נאַר אָט דער איינס־צוויי־דריי איז מיר אריין כ ח ר ב פּ י פ י ו ת — ווי אַ טומפּער מעסער אין האַרצען אריין. וואָס הייסט דאָס איינס־צוויי־דריי און אַ חופּה? און וואו בין איך? און וואו איז ביילקע? אַי, האָט זיך מיר געוואָלט איהם אריינהאַקען אַ פּאָר פסוקים מיט אַ מדרש, ער זאָל מיך האָבען צו געדענקען! נאַר צוריק האָב איך מיך מיישב געווען: „ל מ ה ז ה א נ כ י — וואָס דאַרפסט דו זיך מישען, טביה, צווישען קינדער? אַ סך האָסט דו גע'פּועל'ט ביי דיינע עלטערע טעכטער, אַז דו האָסט געוואָלט זאָגען דעות אויף זייערע שידוכים? האָסט זיך אָנגערעדט ווי אַ פּויק, אויסגעשאָטען די גאַנצע תורה דיינע, און ווער איז געבליבען אַ נאַר? — טביה!"

הקיצור, לאָמיר אָוועקוואַרפען, ווי זאָגט איהר דאַרטען אין אייערע ביכלעך, דעם בן־מלך און זיך נעמען צו דער בת־מלכה.

האב איך זיי, הייסט דאס, צוליעב געטהאן און ביז צו זיי געקומען קיין יעהופּעץ, און עס האט זיך אנגעהויבען א חתונה: שלום־עליכם! עליכם־שלום! ווי געהט עס? וואס מאכט איהר גוטס? זיצט! א דאנק, מע קאן באשטעהן! — מיט די אלע איבעריגע צערעמאניעס, ווי געוויינטליך. איך זאל זיין דער ערשטער אויפ'ן ארויספּאהר, זיי א פרעג טהון: מה יום מיומים — וואס איז דאס רופען, וואס איהר האט מיך גערופען? — פּאסט נישט. טביה איז נישט קיין אידינע, ער האט צייט. דערווייל קומט־צו א פּארשוין מיט גרויסע ווייסע הענטשקעס און זאגט, אז דער אנ־בייסען שטעהט שוין אויפ'ן טיש, און מיר הויבען זיך אויף אלע דריי, און מיר קומען אריין אין א חדר אריין פון גאלע דעמב: דער טיש א דעמבענער, די בענקלעך דעמבענע, די ווענט פון דעמב, די סטעלי דעמב, און אלץ איז געשניצט און געפּארבט און געמאהלט און געצאצקעט, און אויפ'ן טיש — בגדי מלכות: טיי מיט קאווע און מיט טשאקאלאדע, און מיט פּוטער־געבעקס, און מיט גוטען קאניאק, און די בעסטע געזאלצענס, און אזעלכע מינים מאכלים, פּירות און אויבסען, ס'איז מיר א חרפּה אויסצוזאגען, נאר איך האב מורא, אז מייןביילקע האט זיי ביי איהר טאטענס טיש קיינ־מאל נישט געזעהן אפילו. און מע גיסט מיר אן א כוסה און נאך א כוסה, און איך טרינק לחיים, און איך קוק אויף איהר, אויף ביילקען הייסט עס, און איך טראכט מיר: „האסט זיך עס דער־לעבט, טביה'ס טאכטער, ווי מיר זאגען אין הלל: מקימי מעפר דל — אז גאט העלפט דעם ארעמאן, מאשפות ירים אביון — איז איהם גארנישט צו דערקענען. דאכט זיך, ביילקע — און פּארט נישט ביילקע". און איך דערמאן מיך אן יענער ביילקע פון אמאל און איך פארגלייך זי מיט דער ביילקע, וואס אצינד, און עס טהוט מיר הארצעדיג באנג — גלייך ווי איך וואלט עפּיס געמאכט א שלעכט געשעפט, אפּגעטהאן א זאך, וואס איז פארפאלען, אשטייגער, כדומה למשל, ווי איך וואלט אויסבייטען מיין הארעפּאשנעם פערדעל אויף א לאשאקעל, וואס מע ווייסט

נאָך נישט, וואָס פון דעם וועט אַמאָל זיין, אָדער אַ פערד, אָדער אַ דראָנג. „עך, ביילקע, ביילקע, טראַכט איך מיר, וואָס פון דיר איז געוואָרען! אַמאָל, געדענקסט דו, ווי דו פלעגסט זיצען ביי־נאַכט ביי אַ רויכערדיג לעמפּעל און נייהען און זינגען אַ ליעדעל, אָדער נעמען אין איין כהרף־עין אויסמעלקען צוויי בהמה׳לעך, אָדער גאָר פאַרקאַטשען די אַרבעל און אָפּקאָכען מיר אַ פּראָסטען מילכיגען באָרשט, אָדער טייגלעך מיט פאַסאָלים, אָדער פּאַמפּעשקעס מיט קעז, אָדער שקצים מיט מאָהן, און אַ זאָג טהון צו מיר: „טאַטע, געה וואַש זיך!" — איז דאָך עס געוועזן, ווי דער בעסטער ניגון! איצטער זיצט זי מיט איהר פּדהצור׳ן, ווי אַ בת־מלכה, צוויי מענטשען דערלאַנגען צום טיש, קלאַפּען מיט די טעלער, און ביילקע? זי זאָל עס אויסרעדען אפילו אַ וואָרט! זעהט איהר, ער, פּדהצור הייסט עס, רעדט שוין פאַר זיי ביידען, דאָס מויל מאַכט זיך איהם נישט צו! זינט איך לעב האָב איך נישט געזעהן, אַ מענטש זאָל אַזוי ליעב האָבען פּלאַפּלען און פּלוידערען, דער שוואַרץ יאָהר ווייסט וואָס, און בשעת־מעשה לאַכען דריבניטשקע מיט אַ קליין געלעכטערעל. דאָס ווערד אָנגערופען ביי אונז: אַליין געזאָגט אַ חכמה, אַליין געלאַכט... אחוץ אונז דריי זיצט נאָך איין פאַרשוין ביי׳ם טיש, אַ נפש מיט רויטע באַקען, איך וויים נישט, ווער ער איז און וואָס ער איז, נאָר איין אַכל׳ער, ווייזט אויס, דאַרף ער זיין נישט קיין קליינער, וואָרום די גאַנצע צייט, וואָס דער פּדהצור האָט גערעדט און געלאַכט, האָט ער געפּאַקט אין די באַקען, ווי אין פּרק שטעהט געשריבען: ש ל ש ה ש אָ כ ל ו — ער האָט געגעסען פאַר דריי... דער האָט געגעסען, און יענער האָט גערעדט, און אַלץ עפּיס אַזעלכע פּוסטע זאַכען, וואָס קריכען מיר נישט אין דער לינקער פּאה: פּאָדראַד, גובערנסקי פּראַוולעניע, אודעלני וועדאָמאָסט, קאַזנאַטשייסטווע, יאַפּאַניע... פון אַלסדינג האָט מיך אינטערעסירט נאָר איין יאַפּאַניע, ווייל מיט יאַפּאַניע האָב איך מיך אָנגעקעהרט אַ שטיקעל מחותן. בשעת מלחמה, ווייסט איהר דאָך, זענען פערד געוואָרען בחשיבות גדול, מע האָט זיי געזוכט

מיט ליכט, האט מען געטראָפען מסתמא צו מיר אויך און מע האט גענומען מיין פערדעל צום סמיק, אויסגעמאָסטען מיט איין אַרשין, אַ טרייב געטהאָן אַהין־אַהער און מע האט דעם געגעבען אַ ווייסען בילעט. האָב איך זיי געזאָגט, זאָג איך: „איך האָב געוואוסט פריהער, זאָג איך, אַז ס'איז אומזיסט אייער טרחה, ווי אין פסוק שטעהט: יודע צדיק נפש בהמתו — נישט טביה'ס פערד געהט אויף מלחמה"... נאר האט קיין פאַראיבעל נישט, פאַני שלום־עליכם, איך מיש אייך איינס מיט'ן אַנדערען און קאָן אַזוי חלילה אַראָפּשלאָגען זיך פון'ם שליאַך. ווי זאָגט איהר, נחזור לענייננו — לאָמיר בעסער געהן צום עיקר המעשה.

בקיצור, האָבען מיר, הייסט עס, גאַנץ פיין אויסגעטרונקען און פאַרביסען, אַזוי ווי גאָט האט געבאָטען, און אַז מען איז אויפגעשטאַנען פון'ם טיש, נעמט ער מיך, פֿרהצור הייסט עס, אונטער דער האַנט און פיהרט מיך אַריין אין אַ באַזונדער קאַבינעט אַריין, אויפגעפּוצט כיד המלך — מיט ביקסען און מיט שפּיזען אויף די ווענט און מיט האַרמאַטען אויפ'ן טיש, און זעצט מיך אַוועק אין אַ מין דיוואַן, ווייך ווי פּוטער, און נעמט אַרויס פון אַ גאָלדענער פּושקע צוויי גרויסע גראָבע שמעקענדיגע ציגאַרען און פאַררויכערט, איינע זיך, די אַנדערע מיר, און זעצט זיך אַוועק אַקעגען מיר, ציהט אויס די פיס און מאַכט צו מיר אַזוי: „ווייסט איהר, וואָס איך האָב געשיקט נאָך אייך?" „אַהאַ! — קלער איך מיר. — אט דאָס וויל ער מסתמא אַ שמועס טהון מכח אַכצעהן און דרייצעהן". נאָר איך מאַך מיך תמ'עוואַטע און רוף מיך אָן צו איהם אַזוי: „השומר אחי אנכי — פון וואַנען זאָל איך וויסען?" מאַכט ער צו מיר: „איך האָב געוואָלט רעדען מיט אייך טאַקי וועגען אייך אַליין". „אַ סלוזשבע", טראַכט איך מיר און טהו אַ מאַך צו איהם: „אַבי נאָר עפּיס גוטס, מהכתיתי, לאָמיר האָרכען". נעמט ער אַרויס דעם ציגייער פון די ציינער, פֿרהצור הייסט עס, און הויבט מיר אָן מיט אַ גאַנצער דרשה: „איהר זענט, זאָגט ער, אַ איד נישט קיין נאָר און וועט קיין פאַראיבעל נישט האָבען, וואָס

איך וועל מיט אייך רעדען אָפּענטליך. איהר דאַרפט וויסען, זאָגט ער, אַז איך פיהר גרויסע געשעפטען, און אַז מע פיהרט אַזעלכע גרויסע געשעפטען, ווי איך...״ „יאָ, טראַכט איך מיר, דאָס מיינט ער מיך״, — און איך האַק איהם איבער אין מיטען און רוף מיך אָן צו איהם: „ווי די גמרא זאָגט, זאָג איך, שבת אין פּרק: מ ר ב ה נ כ ס י ם מ ר ב ה ד א ג ה. ווייסט איהר, זאָג איך, דעם פּשט פון דער גמרא?״ ענטפערט ער מיר אָפּ גאַנץ אָפּענטליך: „איך וועל אייך זאָגען, זאָגט ער, דעם ריינעם אמת, זאָגט ער, איך האָב, זאָגט ער, קיין גמרא קיינמאָל נישט געלערענט, זאָגט ער, און איך וויים אפילו נישט, זאָגט ער, וואָסער אַ פּנים זי האָט״. אַזוי זאָגט ער צו מיר, פדהצור הייסט עס, און צעלאַכט זיך דריבניטשקע מיט זיין קליין געלעכטערעל. איהר פאַרשטעהט אייך עסק? דאַכט מיר, אַז גאָט האָט דיך געשטראָפט, ביזט איין עם־הארץ, טאָ לאָז האַטש זיין האַטאָ פּאַקרישקע, וואָס דאַרפסט דו זיך נאָך באַריהמען דער־מיט? אַזוי טראַכט איך מיר און מאַך צו איהם: „איך האָב אייך טאַקי אַזוי געשאַצט, זאָג איך, אַז צו די זאַכען זענט איהר נישט שייך, נאָר לאָמיר, זאָג איך, הערען, וואָס ווייטער?״ מאַכט ער צו מיר: „ווייטער האָב איך אייך געוואָלט, זאָגט ער, זאָגען, אַז צו מיינע געשעפטען מיט מיין נאָמען, זאָגט ער, מיט מיין פּאָלאַ־זשעניע, פּאַסט מיר נישט, זאָגט ער, אַט דאָס, וואָס מע רופט אייך, זאָגט ער, טביה דער מילכיגער. איהר דאַרפט וויסען, זאָגט ער, אַז איך בין באַקאַנט ליטשנע מיט'ן גובערנאַטאָר, זאָגט ער, און צו מיר איין שטוב אריין, זאָגט ער, קאָן אַמאָל קומען אַ בראָצקי, אַ פּאָליאַקאָוו, און אפשר אַ רויטשילד אויך, טשעם טשאָרט ניע שוטיט?״... אַזוי מאַכט ער צו מיר, פדהצור הייסט עס, און איך זיץ און קוק אויף זיין גלאַנצענדיגע ליסינע און טראַכט מיר: „עס קאָן זעהר זיין, אַז דו קאָנסט זיך ליטשנע מיט'ן גובערנאַטאָר און אַז רויטשילד זאָל אַמאָל קומען צו דיר אין שטוב אריין, נאָר רעדען רעדסט דו, ווי אַ כלב שבכלבים״... און איך רוף מיך אָן צו איהם שוין אַ ביסעל מיט פאַרדראָס: „וואָס־זשע, זאָג איך, טהוט מען

דערצו, טאַמער, זאָג איך, קומט טאַקי צו אייך אַמאָל רויטשילד?״ מיינט איהר דאָך, אַז ער פאַרשטעהט דעם שטאָך? לא דובים ולא יער — עס הויבט זיך גאָרנישט אָן!

„איך האָב געוואָלט, זאָגט ער, אַז איהר זאָלט אַוועקוואַרפען, זאָגט ער, אָט דאָס מילכיגס, און זאָלט זיך פאַרנעמען, זאָגט ער, מיט עפּיס אַנדערש״. „דהיינו, זאָג איך, מיט וואָס?״ „מיט וואָס איהר ווילט, זאָגט ער, ווינציג געשעפטען, זאָגט ער, פאַרהאַן אויף דער וועלט? איך וועל אייך, זאָגט ער, אונטערהעלפען מיט געלט, ווי־פיעל מע וועט באַדאַרפען, אַבי, זאָגט ער, איהר זאָלט ווערען אויס טביה דער מילכיגער. אָדער שאָט, זאָגט ער, ווייסט איהר וואָס? טאַמער וואָלט איהר, זאָגט ער, גאָר איינס־צוויי־דריי אַוועקגעפאָה־רען קיין אַמעריקע? האַ?״ אַזוי מאַכט ער צו מיר, רוקט אַריין דעם ציגייער אין די צייהן אַריין און קוקט מיר גלייך אין די אויגען אַריין, און די ליסינע גלאַנצט... נו? וואָס ענטפערט מען אַזאַ גראָבען יונג? תחילת האָב איך מיר געטראַכט: „וואָס זיצסט דו, טביה, ווי אַ לייהמענער גולם? הויב דיך אויף, טהו אַ קוש די מזוזה, געב אַ קלאַפּ מיט דער טהיר און הלך לעולמו — פּאַשאָל אַהן אַ זיי־געזונט!״... אַזוי שטאַרק האָט דאָס מיך אַ נעם געטהאָן ביי דער לעבער!... „איין עזות פון אַ פּאַדראַטשיק! וואָס הייסט, דו הייסט מיר אַוועקוואַרפען איין עהרליכע בכבוד׳ע פּרנסה און פאָהרען קיין אַמעריקע? באשר טאַמער וועט צו דיר אַמאָל קומען רויטשילד, בכן דאַרף טביה דער מילכיגער לויפען אין דער וועלט אַריין?!״... און דאָס האַרץ קאָכט אין מיר ווי אַ קעסעל, און אַ ביסעל אויפגעטראָגען בין איך נאָך פון פריהער; מיך האָט געברענט אויף איהר, טאַקי אויף מיין ביילקען: „וואָס זיצסט דו דאָרטען, ווי אַ בת־מלכה, צווישען די הונדערט זייגערס מיט די טויזענד שפּיעגלען, בשעת מע טרייבט דאָ דיין טאַטען, טביה׳ן, קאָליסטראַי, אויף הייסע קויהלען? לאָם איך האָבען די ברכות, טראַכט איך מיר, וואָס דיין שוועסטער האָדעל האָט בעסער געמאַכט פון דיר! וואָס אמת איז אמת, זי האָט נישט אַזאַ שטוב מיט

אַזוי פיעל שמאַכטעליאַקעס, ווי דו, דערפאַר האָט זי אָבער אַ מאַן, אַ פעפערעל, איז ער דאַך אַ מענטש, וואָס קאָטאָרי ער אַליין איז ביי זיך הפקר, און דער גאַנצער עיקר איז די וועלט... און דערצו האָט ער אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס, נישט קיין לאָקשענטעפּעל מיט אַ גלאַנצענדיגער ליסינע, און אַ פּיסק האָט פעפערעל — איז דאָך עס גאָלד מיט גאָלד! איהם, אַז איהר זאָגט אַ פּסוק, גיט ער אייך דריי פּסוקים סדראַטשעו! וואַרט אויס, פּאַדראַטשיק מיינער, אַט וועל איך דיר באַלד אַריינהאַקען אַ פּסוק, וועט דיר ווערען פינסטער אין די אויגען!"... אַזוי טראַכט איך מיר און רוף מיך אָן צו איהם בזה הלשון: „מילא, זאָג איך, וואָס די גמרא איז פאַר אייך אַ סוד, בין איך, זאָג איך, אייך מוחל; אַז אַ איד זיצט אין יעהופּעץ און הייסט פּדהצור און איז אַ פּאַדראַטשיק, מעג, זאָג איך, די גמרא ליגען אויפ'ן בוידעם. אָבער אַ פּראָסטען פּסוק, זאָג איך, דאָס וועט דאָך שוין פאַרשטעהן, זאָג איך, אַ גוי אין פּאָסטעלעס אויך. איהר ווייסט דאָך, זאָג איך, וואָס דער תרגום אונקלוס זאָגט אויף לבן הארמי: מ ז נ ב ת א ד ח ז י ר ת א ל א מ א כ א נ ת ש ט ר י י מ י ל ת א ?"... קוקט ער אויף מיר, ווי אַ האָהן אין בני־אָדם, און מאַכט צו מיר: „וואָס־זשע הייסט עס?" „דאָס הייסט, זאָג איך, אַז פון אַ חזיר'שען עק קאָן מען קיין שטריימעל נישט מאַכען". „אקעגען וואָס, זאָגט ער, זאָגט איהר דאָס?" „אקעגען דעם, זאָג איך, וואָס איהר הייסט מיר פאָהרען קיין אַמעריקע". צעלאַכט ער זיך דריבניטשקע און מאַכט צו מיר: „אַמעריקע ניט, איז אפשר קיין ארץ־ישראל? אַלע אַלטע אידען פאָהרען קיין ארץ־ישראל"... אַזוי ווי ער האָט דאָס מיר אויסגע־רעדט, אַזוי איז דאָס מיר אַריין, ווי איין אייזערנער צוויאַק אין מוח אַריין: „שאַ! אפשר איז דאָס גאָרניט אַזוי קרום, טביה, ווי דו מיינסט? אפשר איז דאָס טאַקי אַ פּלאַן? וואָרום איידער האָבען אַזאַ נחת פון קינדער, ווי דו האָסט, איז שוין אפשר גלייכער ארץ־ישראל? בהמה! וואָס שטעלסט דו דאַ איין און וועמען האָסט דו דאַ? דיין גאָלדע עליו השלום ליגט דאָך שוין במילא

אין דער ערד, און דו אַליין, נישט אויסגערעדט זאָל זיין, ליגסט דען נים נייען איילען אין דער ערד? ביז וואַנען איז דער שיעור צו טאַפּטשען זיך אויף דער וועלט?"... און אַגב דאַרפט איהר וויסען, פּאַני שלום־עליכם, אַז מיך ציהט שוין לאַנג אַהין, קיין ארץ־ישראל; איך וואָלט אַ בעלן געווען זיין ביי דער כותל מערבי, מערת־המכפּלה, דער מוטער רחל׳ס קבר, אַנקוקען מיט מיינע אויגען דעם ירדן, דעם באַרג סיני, דעם ים־סוף, פּיתום מיט רעמסס, ווי זיי זעהען אויס, וכדומה אַזעלכע זאַכען. און מיינע מחשבות טראָגען מיך אַוועק אַהין, אינ׳ם געבענטשטען לאַנד כנען, ווי זאָגט איהר, ארץ זבת חלב ודבש. שלאָגט ער מיר איבער, פּדהצור הייסט עס, מיינע רעיונות סאַמע אין מיטען און רופט זיך אָן צו מיר: „נו? וואָס דאַרף מען דאָ, זאָגט ער, אַזוי לאַנג טראַכטען? איינס־צוויי־דריי"... „ביי אייך, זאָג איך, איז, ברוך־השם, אַלסדינג איינס־צוויי־דריי, ווי די גמרא זאָגט, זאָג איך: ה א ג ב ר א ו ה א ט ר ס ק א... און ביי מיר, זאָג איך, איז דאָס אַ האַרב שטיקעל משניות, וואָרום אויפּהויבען זיך, זאָג איך, און פֿאָהרען קיין ארץ־ישראל, דאַרף מען, זאָג איך, האָבען מיט וואָס"... צעלאַכט ער זיך דריבניטשקע מיט זיין קליין געלעכטערעל, שטעהט־אויף, געהט־צו צום טיש, עפענט אויף אַ טיש־קעסטעל און נעמט אַרויס פון דאָרטען אַ טייסטער און צעהלט מיר אָפּ אחת ואחת, לאָז זיך אייך דאַכטען, אַ שענע מטבע, און איך בין דוקא נישט פויל אויף דער פען און נעם צענויף דאָס ביסעל פּאַפּיער — דער כח פון געלט — און לאָז עס אַראָפּ העט־ווייט אין קעשענע, און וויל איהם זאָגען חאָטש אַ פּאָר פּסוקים מיט אַ מדרש, וואָס זאָל פּאַרענטפערען אַרום און אַרום, הערט ער מיך ווי דעם קאָטער און מאַכט צו מיר: „אָט דאָס וועט אייך זיין, זאָגט ער, גענוג ביז אַהין איבער׳ן קאָפּ, און אַז איהר וועט קומען, זאָגט ער, אויפ׳ן אָרט און וועט דאַרפען געלט, זאָלט איהר שרייבען, זאָגט ער, אַ בריעף, וועט מען אייך איינס־צוויי־דריי באַלד אַרויס־שיקען געלט. און דערמאַנען אייך נאָך אַ מאָל וועגען פּאָהרען, זאָגט ער, פּאַרשפּאַרט מען דאָך, וואָרום איהר זענט דאָך, זאָגט ער,

עפּים אַ איד מיט יושר און מיט סאָוועסט״... אָט אַזוי מאַכט ער צו מיר, פּדהצור הייסט עס, און צעלאַכט זיך דריבנישטשקע מיט זיין קליין געלעכטערעל, וואָס קריכט גלייך אין די קישקעס אריין. און עס פליהט מיר דורך אַ מחשבה אין קאָפּ: „טאָמער וואָלסט דו איהם אַ שמיץ געטהאָן דאָס געלט צוריק אין פּנים אריין און איהם דערצעהלט דעם פּסוק, אַז טביה׳ן קויפט מען נישט פאַר געלט און מיט טביה׳ן שמועסט מען נישט פון יושר און פון סאָוועסט?״... נאָר איידער איך עפן אַ מויל אויף צו רעדען, טהוט ער אַ קלונג און רופט אריין ביילקען און מאַכט צו איהר: „דושענקע, דו ווייסט? דיין פאָטער וואַרפט דאָך אונז אָוועק, ער פאַרקויפט אויס אַלץ, וואָס ער האָט, און פאָהרט אַרויס איינס־צוויי־דריי קיין ארץ־ישראל״... „ח ל ו ם ח ל מ ת י ו א י נ י י ו ד ע — וואָס ס׳האָט זיך מיר גע׳חלומ׳ט יענע נאַכט און הײנטיגע נאַכט!״... אַזוי טראַכט איך מיר און קוק אויף מיין ביילקען — איהר זאָלט זאָגען, זי זאָל זיך עס אפילו פאַרקרימען. שטעהט ווי אַ בוים, קיין טראָפּען בלוט אין פּנים, קוקט פון איהם אויף מיר, פון מיר אויף איהם, און קיין איינציג וואָרט! איך, אויף איהר קוקענדיג, שווייג אויך, שווייגען מיר, הייסט עס, אַלע ביידע, ווי אין תהלים שטעהט: ת ד ב ק ל ש ו נ י — עס האָט אונז אָפּגענומען דאָס לשון. דער קאָפּ דרעהט זיך מיר, די שלייפען קלאַפּען מיר, ווי פון אַ טשאַד. פון וואָס זאָל עס זיין? — טראַכט איך מיר. — אַפּנים, דאָס איז פון׳ם שענעם ציגייער, וואָס ער האָט מיר געגעבען רויכערען? אָט רויכערט דאָך אָבער ער אויך, פּדהצור הייסט עס! ער רויכערט און רעדט, דאָס מויל מאַכט זיך איהם גאָרנישט צו, חאָטש די אויגלעך קלעפּען זיך איהם, עס גלוסט זיך איהם, ווייזט אויס, חאַפּען אַ דרימעל. „פאָהרען דאַרפט איהר, זאָגט ער צו מיר, פון דאַנען קיין אָדעס, זאָגט ער, מיט׳ן קוריער, און פון אָדעס מיט׳ן ים אַזש ביז יאַפּע, און פאָהרען מיט׳ן ים, זאָגט ער, איז די בעסטע צייט נאָר איצט, ווארום, זאָגט ער, שפּעטער הויבען זיך אָן די ווינטען מיט די שנייען, מיט די בערעס, מיט, מיט, מיט...״ אַזוי זאָגט ער און די

צונג פלאנטעט זיך איהם שוין, אזוי ווי איינער, וואס וויל שלאפען, נאר ער הערט נישט אויף צו קלאפען ווייטער: „און אז איהר וועט זיין, זאגט ער, פארטיג צו דער נסיעה, זאלט איהר אונז, זאגט ער, געבען צו וויסען, וועלען מיר ארויספאהרען, זאגט ער,ביידע צום וואקזאל מיט אייך זיך אפגעזעגענען, ווארום ווען קאנען מיר זיך שוין זעהן?" אזוי לאזט ער אוים, איך בעט איבער אייער כבוד, מיט א גרויסען געהניץ, שטעהט־אויף און רופט זיך אן צו איהר, צו ביילקען הייסט עס: „דושענקע, וועסט, זאגט ער, זיצען דא א ביסעל, און איך וועל, זאגט ער, געהן זיך צו־לעגען א ווײַלע". „האסט נאך קיינמאל אזא גלייכם נישט געזאגט, ווי איך בין א איד! אצינד וועל איך חאטש האבען צו וועמען מיין ביטער הארץ אויסצולאזען". אזוי טראכט איך מיר און וויל מיך געבען א נעם צו מיין ביילקען, איהר אוים'לאמר'ן אלסדינג, וואס האט זיך צע־נויפגעזאמעלט ביי מיר פאר דעם גאנצען פריהמארגען, — ערשט אז זי טהוט א פאל צו מיר אויפ'ן האלז, ביילקע הייסט עס, או הויבט אן צו וויינען, אבער ווי אזוי, מיינט איהר, וויינען? מיינע טעכטער, נישט געדאכט זאלען זיי ווערען, האבען אלע אזא טבע: פריהער מענטשלען זיי זיך און בריה'ן זיך, און קומט צו עפים — וויינט מען, ווי א בערעזענע. אט נעמט, למשל, מיין עלטערע טאכטער, האדעל הייסט עס: קארג האט זי איינגעלעגט די וועלט אין דער לעצטער מינוט, בשעת זי האט באדארפט אוועקפאהרען אפריכטען גלות מיט איהר פעפערעל אין די קאלטע מדינות? נאר וויים איך, ס'א דמיון! יענע דארף ביי איהר הייצען די הרובע!

איך וועל אייך זאגען דעם רעכטען אמת: איך אליין, ווי איהר קענט מיך שוין א ביסעל, בין נישט קיין מענטש פון טרערען. גוט וויינען האב איך געוויינט נאר איין מאל, בשעת מיין גאלדע עליו השלום איז געלעגען אויף דער ערד, און נאך איין מאל האב איך מיך גאנץ געשמאק אויסגעוויינט, בשעת האדעל איז אוועקגעפאה־רען צו איהר פעפערעל, און איך בין געבליבען אויפ'ן וואקזאל, ווי א גרויסער נאר, איינער אליין מיט מיין פערדעל, און נאך עפים א

פאַר מאָל האָט זיך געטראָפּען, וואָס איך האָב מיך אַ ביסעל, ווי זאָגט איהר, צעיאַחמערט, און ווייטער געדענק איך עפּיס נישט, איך זאָל האָבען אַ טבע פון וויינען. נאָר ביילקע מיט איהרע טרערען האָבען מיך אַזוי פאַרקלעהמט ביי דער נשמה, אַז איך האָב מיך נישט געקאָנט איינהאַלטען, און איך האָב שוין נישט געהאַט דאָס האַרץ אפילו, איך זאָל איהר זאָגען אַ קרום וואָרט. מיט מיר באַדאַרף מען קיין סך נישט רעדען. איך הייס טביה. איך האָב באַלד פאַרשטאַנען איהרע טרערען. דאָס איז נישט געווען גלאַט אַזוי זיך טרערען. דאָס זענען געווען, פאַרשטעהט איהר מיך, טרערען פון על חטא שחטאתי לפניך בנישט פאָלגען אַ טאַטען... און אַנשטאָט דעם, וואָס איך זאָל זי מכבד זיין, ווי זי איז ווערטה, און אויסגיסען כל חמתי אויף איהר פּדהצור'ן, האָב איך גאָר גענומען אויסרעדען איהר דאָס האַרץ מיט אַזאַ משל און מיט אַזאַ משל, ווי טביה קאָן. הערט זי מיך אויס, ביילקע הייסט עס, און מאַכט צו מיר: „ניין, טאַטע, נישט דאָס, זאָגט זי, וויין איך. איך האָב צו קיינעם, זאָגט זי, קיין טענות נישט, נאָר אַט דאָס, זאָגט זי, וואָס דו פאָהרסט אוועק, זאָגט זי, איבער מיר און איך קאָן, זאָגט זי, דערצו גאָרנישט העלפען, אַט דאָס, זאָגט זי, בראָט מיך". „געה שוין, געה, זאָג איך, דו רעדסט, זאָג איך, ווי אַ קינד, האָסט פאַרגעסען, זאָג איך, אַז מיר האָבען נאָך אַ גרויסען גאָט און אַז דיין טאַטע איז נאָך, זאָג איך, ביי אַלע חושים. ביי דיין טאַטען, זאָג איך, שפּיעלט אַ ראַליע זיך דורכ־פאָהרען קיין ארץ־ישראל און קומען צוריק, ווי אין פּסוק, זאָג איך, שטעהט געשריבען: ויסעו ויחנו — טודאָ אי נאַזאַד"... אַזוי רעד איך איהר אויס דאָס האַרץ, און אינוועניג ביי זיך טראַכט איך מיר: „טביה, דו ליגסט! פאָהרסט דו אַוועק קיין ארץ־ישראל, איז עליו השלום — אויס טביה!"... און פּונקט ווי זי וואָלט טרעפען מיינע געדאַנקען, מאַכט זי צו מיר אַזוי: „ניין, זאָגט זי, טאַטע, אַט אַזוי טרייסט מען אַ קליין קינד; מע גיט דעם, זאָגט זי, אַ ליאַלקע, אַ שפּיעלעכעל אין די הענט אַריין און מע דערצעהלט

דעם, זאגט זי, א שענע מעשה פון א ציגעלע א ווייסע... אויב, זאגט זי, שוין יא דערצעהלען א מעשה, וועל איך, זאגט זי, דיר דערצעהלען, נישט דו מיר. נאר די מעשה, וואס איך וועל דיר דערצעהלען, טאטע, איז מעהר טרויעריג, ווי שען".

אט אזוי מאכט זי צו מיר, ביילקע הייסט עס; טביה'ס טעכ־טער רעדען נישט גלאט. און זי נעמט און זי לעגט מיר אוועק א מענה־לשון, א גאנצע מגילה, אדער א מעשה פון טויזענד־איין־נאכט, ווי אזוי אט דער פדהצור איהרער איז פון קליין גרויס געווארען, אויסגעוואקסען פון סאמע נידעריגסטען גראד, זיך אליין מיט זיין אייגענעם שכל ארויפגעשלאגען אויף דער העכסטער מדרגה, און איצט וויל ער דערגרייכען דערצו, אז צו איהם אין שטוב אריין זאל קומען בראצקי, שיט ער מיט נדבות, ווארפט מיט טויזענדער. נאר אזוי ווי געלט אליין איז נאך ווינציג, מע דארף נאך האבען יחוס אויך, לעגט ער איין די וועלט, פדהצור הייסט עס, צו באַ־ווייזען, אז ער איז נישט קיין אבי ווער, באריהמט זיך, אז ער שטאמט פון די גרויסע פדהצור'ס, אז זיין טאטע איז אויך געווען א באריהמטער פאדראטשיק. — „חאטש, זאגט זי, ער ווייסט גאנץ גוט, אז איך וויים, אז ער איז געווען א כלי־זמר. היינט, זאגט זי, דערצעהלט ער אלעמען, אז זיין ווייב'ס טאטע איז געווען א מי־ליאנשטשיק"... „וועמען, זאג איך, מיינט ער דאס? מיך? אפשר איז מיר, זאג איך, באשערט געווען אמאל צו האבען מיליאנען, זאג איך, זאל איך דערמיט אפקומען". „וואס ווייסט דו, טאטע, זאגט זי צו מיר, ווי עס פלאמט מיר מיין פנים, אז ער שטעלט מיך פאר, זאגט זי, פאר זיינע באקאנטע און הויבט זיי אן דערצעהלען גרויסקייט פון מיין טאטען און פון מיינע פעטערס און פון מיין גאנצער משפחה, אזעלכע זאכען, וואס ניט געשטויגען, ניט גע־פלויגען, און מע מוז דאס, זאגט זי, אלסדינג אויסהערען און מאכען א שווייג, ווארום ער איז, זאגט זי, אויף די זאכען א גרויסער קאפּ־ריזניק". „ביי דיר, זאג איך, הייסט דאס א קאפריזיניק, און ביי אונז, זאג איך, ווערד דאס אנגערופען פשוט א נכפה'ניק, זאג איך,

אדער אַ מה־יעשה׳ניק". „ניין, זאָגט זי, טאַטע, דו קענסט איהם ניט, ער איז גאָרניט אַזאַ שלעכטער, ווי דו מיינסט; ער איז נאָר אַ מענטש, וואָס אַ מינוט איז ער אַזוי און אַ מינוט איז ער אַנדערש. ער האָט, זאָגט זי, אַ גוט האַרץ און אַ ברייטע האַנט. איהם אַז מע מאַכט, זאָגט זי, אַ קרום פּנים, און אַבי מע טרעפט די גוטע מינוט, וועט ער אַוועקגעבען די נשמה, און ווער שמועסט, זאָגט זי, פון מיינעטוועגען — איז דאָס טעלערעל פונ׳ם הימעל! דו מיינסט, זאָגט זי, איך האָב אויף איהם שוין גאָר קיין שום שליטה ניט? אָט האָב איך ביי איהם נישט לאַנג גע׳פּועל׳ט ארויסראַטעוועז האַדלען מיט איהר מאַן פון די ווייטע גובערניעס. ער האָט מיר, זאָגט זי, געשוואָרען, אַז ער וועט זיך לאָזען קאָסטען אַ סך טויזענדער, נאָר מיט איין תנאי, אַז זיי זאָלען פון דאָרטען אַוועק גלייך קיין יאַפּאָניע". „וואָס עפּיס קיין יאַפּאָניע, זאָג איך, פאַר וואָס נישט קיין אינדיע, אָדער, למשל, קיין פּדן־ארם צו דער מלכה שבא?" „ווייל אין יאַפּאָניע, זאָגט זי, האָט ער געשעפטען. אויף דער גאַנצער וועלט, זאָגט זי, האָט ער געשעפטען; וואָס איהם קאָסט־אָפּ, זאָגט זי, אַ טאָג נאָר דעפּעשען אַליין, וואָלטען מיר אַלע, זאָגט זי, געהאַט אויף אַ האַלב יאָהר צו לעבען. נאָר וואָס קומט מיר אַרויס, זאָגט זי, אַז איך בין נישט איך?"... „עס קומט אויס, ווי מיר זאָגען, זאָג איך, אין פּרק: אם אין אני לי מי לי — איך בין נישט איך, דו ביזט נישט דו"... אָט אַזוי זאָג איך צו איהר מיט אַ ווערטעל און מיט אַ פּסוק, חאָטש דאָס האַרץ ווערד מיר צעריסען אויף שטיקער, זעהענדיג, ווי מיין קינד ווערד נעבאַך פאַרשוואַרצט, ווי זאָגט איהר, אין עושר און אין כבוד... „דיין שוועסטער האָדעל, זאָג איך, וואָלט נישט אַזוי געטהאָן"... שלאָגט זי מיך איבער, ביילקע הייסט עס, און מאַכט צו מיר אַזוי: „איך האָב דאָך דיר געזאָגט, זאָגט זי, אַז צו האָדלען זאָלסט דו מיך, טאַטע, נישט גלייכען. האָדעל האָט געלעבט, זאָגט זי, אין האָדעל׳ס צייטען, און ביילקע, זאָגט זי, לעבט אין ביילקע׳ס צייטען... פון האָדעל׳ס צייטען, זאָגט זי, ביז ביילקע׳ס צייטען, איז אַזוי ווייט,

זאגט זי, ווי פון דאנען קיין יאפאניע"... איהר פארשטעהט דעם פירוש־המלות פון אזא מין תרגום־לשון?

בקיצור, איך זעה, איהר האפט זיך, פאני; נאך צוויי מינוט, און א סוף צו אלע מעשיות. אנגעגעסען זיך זאט מיט צרות און יסורים פון מיין גליקליכער מיזינקע, בין איך ארויסגעגאנגען פון דארט א ב ל ו ח פ ו י ר א ש — א צעבראכענער, א צעברע־קעלטער, און האב געגעבען א שליידער אין דער ערד אריין דעם ציגייער, וואס האט מיר פארטשאדעט מיין קאפ, און רוף מיך אן צו איהם, צום ציגייער הייסט עס: „געהן זאלסט דו כף־הקלע, א רוח אין דיין טאטענס ערד אריין!" „וועמען איז, רב טביה?" הער איך א קול הינטער מיינע פלייצעס. איך דרעה אוים דעם קאפ, איך טהו א קוק — ס'איז ער, אפרים דער שדכן, פארחאפט זאל ער ווערען! „ברוך־הבא, א איד, זאג איך, וואס טהוט איהר דא?" „וואס, זאגט ער, טהוט א י ה ר דא?" „געוועז, זאג איך, צו־גאסט ביי מיינע קינדער". „וואס, זאגט ער, מאכען זיי?" „וואס, זאג איך, זאלען זיי מאכען? חוץ זייער שאדען אויף אונזביידען געזאגט געווארען!" „ווי איך זעה, זאגט ער, זענט איהר רעכט צופריעדען מיט מיין סחורה?" „נאך א מין צופריעדען, זאג איך, גאט זאל אייך ממלא זיין, זאג איך, בכפל כפלים". „א דאנק אייך, זאגט ער, פאר דער ברכה, אפשר וואלט איהר מיר נאך, זאגט ער, צו דער דאזיגער ברכה צו־קויפען א מתנה?" „איהר האט דען נישט גענומען, זאג איך, קיין שדכנות?" „נישט מעהר, זאגט ער, זאל ער פארמאגען, טאקי אייער פדהצור אליין". „וואס איז דען, זאג איך, ווינציגליך רח"ש?" „נישט אזוי ווינציג, זאגט ער, ווי מיט א גוט הארץ געגעבען". „דהיינו?" „דהיינו, ס'איז שוין נישטא, זאגט ער, א גראשען". „וואו איז דאס, זאג איך, אהינגע־קומען?" „חתונה געמאכט, זאגט ער, א טאכטער". „מזל־טוב אייך, זאג איך, לאז גאט געבען, ס'זאל זיין מיט מזל, איהר זאלט אין זיי דערלעבען, זאג איך, גרויס נחת"... „א שענעם נחת, זאגט ער, האב איך אין זיי דערלעבט. איך האב, זאגט ער, דערטאפט

איין איידעם א שארלאטאן, גע'הרג'עט, זאגט ער, געשלאגען די טאכטער, צוגענומען די עטליכע גילדען און אוועק, זאגט ער, קיין אמעריקע". „למאי האט איהר איהם, זאג איך, געלאזט פאהרען אזוי ווייט?" „וואס האב איך איהם, זאגט ער, געזאלט טהון?" „איהר האט געזאלט, זאג איך, איהם אנזאלצען אויפ'ן עק"... „ס'איז אייך, אפנים, זאגט ער, גוט אויפ'ן הארצען, רב טביה?" „הלואי, זאג איך, אויף אייך געזאגט געווארען, רבונו־של־עולם, חאטש האלב!" „אזוי גאר? און איך האב אייך, זאגט ער, גע־שאצט, אז איהר זענט א איד א נגיד; ווי באלד אזוי, זאגט ער, טא נאט־זשע אייך א שמעק טאבעקע"... אפגע'פטר'ט דעם שדכן מיט א שמעק טאבעקע, ביז איך געקומען צו פאהרען אהיים און האב מיך גענומען אויספארקויפען מיין בעל־הבית'שקייט פון אזוי פיעל יאהרען. מאהלט אייך, נישט אזוי גיך טהוט זיך עס, ווי סע רעדט זיך. איטליכם טעפעל מיט איטליכם נארישקייט האט ביי מיר צוגענומען א שטיק געזונט. די זאך האט מיר דערמאנט גאלדען עליו השלום, יענע זאך האט מיר דערמאנט די קינדער, זיי צו לענ־גערע יאהר. נאר קיין זאך האט מיר נישט דערלאנגט אזוי טיעף, ווי דאס פערדעל מיינס. אקעגען מיין פערדעל האב איך מיך גע־פיהלט עפים חייב... סטייטש, אפגעהארעוועט מיט דעם אזוי פיעל יאהרען, אינאיינעם געבידעוועט, אינאיינעם פארשווארצט געווארען, און פלוצים גענומען און פארקויפט! פארקויפען האב איך דאס פארקויפט צו א וואסער־פיהרער, ווארום פון די בעלי־עגלות קאן מען נאר מבוזה ווערען. איך קום צו זיי פארקויפען מיין פערדעל, מאכען זיי צו מיר: „גאט איז מיט אייך, רב טביה, ס'איז דען ביי אייך א פערד?" „וואס דען, זאג איך, איז דאס, א הענגלייכטער?" „ס'איז ביי אייך, זאגען זיי, נישט קיין הענגלייכטער, נאר א למד־ואו'ניק". „וואס הייסט דאס, זאג איך, א למד־ואו'ניק?" „דאס הייסט, זאגען זיי, א זקן פון זעכס און דרייסיג יאהר, אהן א סימן פון ציינער, מיט א גרויע ליפ, און טרייסעלט מיט די זייטען, ווי איין אלטע אידינע ערב־שבת אויפ'ן פראסט"... געפעלט אייך אזא

מיין בעל־עגלה־שפּראַך? איך וועל אייך גענץ שווערען, אַז דאָס פערדעל נעבאַך האָט פאַרשטאַנען איטליכס וואָרט, ווי אין פּסוק שטעהט: ידע שור קונהו — אַ סקאַטינע פיהלט, אַז מע האַלט דאָס ביי פּאַרקויפען. אַ סימן האָב איך, אַז בשעת איך האָב צוגעקלאַפּט דעם וואַסער־פיהרער און געזאָגט צו איהם: „מיט מזל־ברכה", האָט מיין סוס פּלוצים אויסגעדרעהט צו מיר די חנ'עוו־דיגע מאָרדע און קוקט אויף מיר מיט שטומע אויגען, ווי איינער רעדט: „זה חלקי מכל עמלי — אַט אַזוי דאַנקסט דו מיר אַפּ פאַר מיין סלוזשבע?"... איך חאַפּ אַ קוק אויף מיין פערדעל דאָס לעצטע מאָל, ווי דער וואַסער־פיהרער האָט דאָס גענומען אין די הענט אַריין לערנען מיט דעם בלק, און איך בלייב נאָכדעם שטעהן איינער אַליין און טראַכט מיר: „רבונו־של־עולם! ווי שכל'דיג דו פיהרסט דיין וועלטעל! אַט האָסט דו באַשאַפען אַ טביה'ן און האָסט באַשאַפען, להבדיל, אַ פערד, און ביידע האָבען זיי איין מזל אויף דער וועלט... נישמעהר, אַ מענטש האָט אַ מויל און קאָן זיך חאַטש אויס'טענה'ן, אויסרעדען דאָס האַרץ, און אַ פערד, להבדיל, וואָס? משטיינס געזאָגט, אַ שטומע צונג, ווי זאָגט איהר: „ומותר האדם מן הבהמה"...

---

איהר קוקט אויף מיר, פּאַני שלום־עליכם, וואָס סע האָבען זיך מיר געשטעלט טרערען אין די אויגען, און איהר טראַכט זיך אודאי: „אַט דער טביה האָט זיך פאַרבענקט, אַפּנים, נאָך זיין פערדעל?" וואָס עפּים נאָכ'ן פערדעל, מענטש איינער? אַלסדינג טהוט מיר באַנג, און נאָך אַלעמען וועל איך בענקען. איך וועל בענקען נאָכ'ן פערדעל, איך וועל בענקען נאָכ'ן דאָרף, איך וועל בענקען נאָכ'ן סטאַראַסטע מיט'ן אוראַטניק, נאָך די בויבעריקער דאַטשניקעס, נאָך די יעהופּעצער נגידים, און אפילו נאָך אפרים דעם שדכן, ס'זאָל אויף איהם קומען אַ מגפה, וואָרום סוף־כל־סוף, אַז מע זאָל וועלען אַריינטהאָן זיך אַ ביסעל אין חקירה, איז ער דאָך נישט מעהר, ווי אַ איד אַיין אביון, וואָס זוכט נעבאָך פּרנסה. אם־ירצה־השם, אַז

גאָט וועט מיך ברענגען בשלום אַהין, וואו איך פאָהר, ווייס איך נאָך אַליין נישט, וואָס איך וועל דאָרט טהון, נאָר דאָס איז קלאָר, ווי דער טאָג, אַז ראשית חכמה וועל איך זיין ביי דער מוטער רחל אויפ'ן קבר. איך וועל דאָרטען בעטען פאַר מיינע קינדער, וואָס איך וועל זיי מן הסתם שוין קיינמאָל נישט זעהן, וועל איך איהם אויך אין זינען האָבען, אפרים דעם שדכן מיין איך, איהם און אייך און כל ישראל. נאָט אייך דערווייל מיין האַנט תקיעת־כף און זייט מיר געזונט און פאָהרט געזונט און לאָזט גריסען איטליכען באַזונ־דער גאָר פריינדליך.

# לֶךְ־לְךָ

— א שענער, א גוטער, א ברייטער שלום־עליכם אויף אייך, פאני שלום־עליכם! עליכם ועל בניכם! איך קוק שוין אויף אייך לאנג ארויס, ס'האט זיך אנגעקלויבען ביי מיר א היבש ביסעל סחורה פאר אייך. איך פרעג מיך אלץ נאך: א י כ ה — פאר וואס זעהט מען אייך ניט? זאגט מען מיר, אז איהר פאהרט ארום דארט איבער דער וועלט, אין די ווייטע לענדער ערגיץ, ווי מיר זאגען אין דער מגילה: ש ב ע ו ע ש ר י ם ו מ א ה מ ד י נ ה... נאר מיר דאכט, אז איהר קוקט אויף מיר עפיס מאדנע? אפנים, איהר קווייקלט זיך און טראכט זיך בעת־מעשה: ס'איז ע ר, צי ניט ע ר ? ס'איז ער, פאני שלום־עליכם, ס'איז ער! אייער אלטער פריינד טביה, בכבודו ובעצמו, טביה דער מילכיגער, דער אייגענער טביה, נאר אוים מילכיגער, גלאט א איד, א איד פון א גאנץ יאהר, א איד א זקן, ווי איהר זעהט, האטש אפילו אין יאהרען גאר ניט אזוי אלט, ווי מיר זאגען אין דער הגדה: ה ר י א נ י כ ב ן ש ב ע י ם — נאך גאנץ ווייט צו זיעבעציג! אי, וואס עפיס אזוי ווייס די האר? גלויבט מיר, נישט פאר תענוג, ליעבער פריינד. א ביסעל אייגענע צרות, ניט צו פארזינדיגען, און א ביסעל פונ'ם כלל ישראל — א שלעכטע צייט! א ביטער שטי־קעל צייט אויף אידען!... נאר איך ווייס, וואס אייך קוועטשט. אייך קוועטשט איין אנדער זאך: איהר האט זיך דערמאנט מסתמא, אז מיר האבען זיך אמאל געהאט אפגעזעגענט, איידער איך האב באדארפט אוועקפאהרען קיין ארץ־ישראל. על־כן רעכענט איהר אודאי, אז דאס זעהט איהר שוין טביה'ן צוריקוועגס, פון ארץ־ישראל הייסט עס, און איהר גאהרט שוין מסתמא הארכען עפים

נייעס, אפּנעמען אַ גרוס פון דער מוטער רחל'ס קבר און פון דער מערת־המכפּלה און נאָך אַזעלכע זאַכען? באַדאַרף מען אייך באַ־רוהיגען, אויב איהר האָט צייט און ווילט האָרכען חידושים, אָבער טאַקי האָרכען מיט קאָפּ, ווי אין פּסוק שטעהט: ש מ ע נ י, — וועט איהר שוין דעמאָלט אַליין זאָגען, אַז אַ מענטש איז אַ בהמה און אַז מיר האָבען אַ שטאַרקען גאָט און ע ר פיהרט די וועלט.

בקיצור, וואָס פאַר אַ סדרה געהט ביי אייך איצט? ויקרא? ביי מיר געהט איין אַנדער סדרה: די סדרה לך־לך. ל ך ־ ל ך — האָט מען מיר געזאָגט — דו זאָלסט אַרויסגעהן, טביה, מ א ר צ ך — פון דיין לאַנד, ו מ מ ו ל ד ת ך — און פון דיין דאָרף, וואו דו ביזט געבוירען און אָפּגעלעבט אַלע דיינע יאָהרען, א ל ה א ר ץ א ש ר א ר א ך — וואוהין די אויגען וועלען דיך טראָגען!... און ווען דערמאַנט מען זיך צו זאָגען טביה'ן דעם דאָזיגען פּסוק? אַקוראַט דעמאָלט, ווען ער איז שוין אַלט און שוואַך און עלענד, ווי מיר זאָגען ראש־השנה אין די תפלות: א ל ת ש ל י כ נ ו ל ע ת ז ק נ ה!... נאָר איך האָפּ אייך איינס פאַר'ן אַנדערען, שיער פאַרגעסען, אַז מיר האָלטען נאָך גאָר פון פאָרענט און אַז איך האָב אייך נאָך ניט דערצעהלט, וואָס אין ארץ־ישראל הערט זיך. וואָס זאָל זיך דאָרטען הערען, ליעבער פריינד? אַ לאַנד — אויף אונז ביידען אַזאַ יאָהר! א ר ץ ז ב ת ח ל ב ו ד ב ש — שטעהט נאָך אין דער תורה געשריבען! איין חסרון נאָר, וואָס ארץ־ישראל איז אין ארץ־ישראל, און איך בין, ווי איהר זעהט אָטאָ, נאָך דערוויילע אין חוץ־לאָרץ... אויף טביה'ן, הערט איהר, איז, אַפּנים, געזאָגט געוואָרען דער פּסוק פון דער מגילה: כ א ש ר א ב ד ת י א ב ד ת י — געווען אַ שלים־מזל און אַ שלים־מזל וועל איך שוין שטאַרבען. דאַכט זיך, אָט־אָט שוין געשטאַנען כמעט מיט איין פוס אויף יענער זייט, אינ'ם הייליגען לאַנד הייסט עס, געבליבען נאָר נעמען אַ בילעט, זיך אויפזעצען אויפ'ן שיף און — פּאַשאָל. וואָס־זשע טהוט גאָט? איז זיך מיישב, וועט איהר הערען אַ שענס, מיין עלטערער איידעם, מאָטעל קאַמזויל, דער חייט פון

אנאטעווקע, ניט דא געדאכט, ניט פאר קיין אידען געדאכט, און לעגט זיך אוועקעט א געזונטער, א שטארקער, און מאכט א שטארב! דאס הייסט, קיין גרויסער גבר איז ער ניט געווען קיינמאל. משטיינס געזאגט, א בעל־מלאכה, געזעסען יומם ולילה על התורה ועל העבודה — אויף דער נאדעל מיט׳ן פאדעם און געשטשאבעט, מחילה, תחתונים. אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז ער האט באקומען דאס טרוקענע, אנגעהויבען קאכיקען, געקאכיקעט און געקאכיקעט, ביז ער האט אויסגעשפיגען דאס לעצטע ביסעל לונג — עס האט נישט געהאלפען שוין ניט קיין דאקטאר, ניט קיין טאטער, ניט קיין ציעגענמילך, ניט קיין טשעקאלאדע מיט האניג. א וואוילער יונגאטש געווען, אפילו א פראסטער, נישט קיין בן־תורה, נאר איין עהרליכער, אהן חכמות, ליעב געהאט מיין טאכ־טער — דאס חיות! און מפקיר געווען זיך פאר די קינדער, און פאר מיר — געווען גאר די כפרה!

בקיצור, אפגעזאגט דעם פסוק: וימת משה — גע־שטארבען מאטעל, האט ער איבערגעלאזט מיר א רעכטע באמבע: וואו האב איך שוין געקאנט אפילו אין זינען האבען דעמאלט ארץ־ישראל? איך האב שוין געהאט א גוטען ארץ־ישראל ביי זיך אין דער היים! ווי אזוי לאזט מען איבער, איך פרעג אייך אליין, א טאכטער איין אלמנה מיט פיצלעך קינדער יתומים אהן א שטיקעל ברויט? חאטש אפילו אין פלוג, אז מע וויל צוריק, וואס קאן איך איהר העלפען — א לעבערדיגען זאק? איך וועל דאך איהר דעם מאן איהרען צוריק ניט לעבעדיג מאכען, און איהרע קינדער דעם טאטען פון יענער וועלט ניט אומקעהרען, און אליין איז מען דאך אויך נישט מעהר ווי א זינדיגער מענטש, אויף דער עלטער ווילט זיך א ביסעל אויסרוהען די ביינער, פיהלען, אז מען איז א מענטש, ניט קיין סקאט. גענוג געטארעראמט! גענוג גע׳עולם־הזה׳וועט! מע באדארף שוין א ביסעל א טראכט געבען פון יענער וועלט אויך, שוין צייט! ובפרט, אז איך האב שוין געמאכט א תל פון מיין ביסעל הארעווע: דעם סוס, ווי איהר ווייסט, לאנג געגעבען דעם

וועג, די בהמה׳לעך אויסגעפּאַרקויפט עד לפ״ק, געבליבען נאָר אַ פּאָר ביקלעך, וואָס סע קאָן אַמאָל ווערען פון זיי לייט, אַז מע זאָל זיי גוט האָדעווען, — און פלוצים געה ווער אויף די עלטערע יאָהרען איין אבי יתומים, אַ טאַטע פון קליינע קינדער! זענט איהר שוין פאַרטיג? האָט צייט! די רעכטע געדיכטע געהט ערשט ווייטער, וואָרום ביי טביה׳ן, אַז עס טרעפט זיך אַ צרה, ווייסט איהר דאָך שוין, אַז סע שלעפּט זיך נאָך פון הינטען נאָך אַ צרה. אַשטייגער, אַז ס׳האָט זיך אַמאָל געמאַכט איין אומגליק — ס׳איז געפאַלען ביי מיר אַ בהמה׳לע, האָט זיך באַלד פאַוואָטירנע, ניט פאַר אייך געדאַכט, אַוועקגעלעגט נאָך אַ בהמה... אַזוי האָט שוין גאָט באַשאַפען זיין וועלטעל, און אַזוי וועט דאָס שוין בלייבען — אַ פאַרפאַלענע זאַך!

בקיצור המעשה, מיט מיין מיזינקע, מיט מיין ביילקען הייסט עס, געדענקט איהר דאָך די געשיכטע מיט׳ן גרויסען געווינס, וואָס זי האָט געמאַכט, געפּאַקט אַ העכט, אַ פדהצור, אַ קנאַקער, אַ פּאָד־ראַטשיק פון דער מלחמה, וואָס האָט געבראַכט צו פיהרען קיין יעהופּעץ פולע זעק און האָט זיך פאַרקאַכט אין מיין טאָכטער, גע־וואָלט אַ שענע, געשיקט צו מיר אפרים דעם שדכן ימח שמו, אויס־געשלאָגען אַ קניע ערד, שיער דעם שלאַק באַקומען, גענומען זי, ווי זי שטעהט און געהט, אָפּגעשיט פון אויבען ביז אַראָפּ מיט מתנות, דימענטען און בארליאַנטען — דאַכט זיך, אַזאַ גליק, איאָ? נו, האָט זיך פון דעם גאַנצען גליק אויסגעלאָזט מסתמא אַ טייך, און נאָך וואָס פאַר אַ טייך! אַ טייך מיט אַ בלאָטע, דער אויבערשטער זאָל שומר ומציל זיין! וואָרום אַז גאָט הייסט, דאָס רעדעל זאָל זיך געבען אַ דרעה־איבער צוריק, איז מיט דער פוטער אַראָפּ, ווי מיר זאָגען אין הלל: אָט, דאַכט זיך, נאָר־וואָס איז געווען מ ק י מ י מ ע פ ר ד ל, און איידער מע קוקט זיך אַרום, איז שוין טראַך: ה מ ש פ י ל י ל ר א ו ת ב ש מ י ם ו ב א ר ץ — אין דער ערד מיט די פּאַסטאַראַנקעס... גאָט האָט ליעב שפּיעלען זיך מיט אַ מענטשען. אוי, האָט ער ליעב שפּיעלען זיך! אַזוי האָט ער זיך געשפּיעלט מיט טביה׳ן וויפיעל מאָל: ע ו ל י ם

וויורדים — ארויף און אראפ! און אזוי איז געווען אויך מיט מיין פאדראטשיק, מיט פדהצור׳ען. איהר געדענקט דאך מסתמא דאס גרויסקייט זיינס מיט׳ן הייזעל, מיט די דרייצעהן דיענסטען, מיט די שפיגלען, און מיט די זייגערס, און מיט די צאצקעס אין יעהופעץ? פי—פו—פא! געדענקט איהר, איך האב אייך דער־צעהלט, דאכט זיך, ווי אזוי איך האב צוגערעדט דעמאלט מיין ביילקען, געבעטען זיך ביי איהר, זי זאל זעהן, אז ער זאל איהר אוועקקויפען דאס הייזעל, און למען־השם — אויף איהר נאמען? נו, האט מען דאך מיך מסתמא געהערט, ווי המן דעם גראגער — וואס פארשטהעט א טאטע? א טאטע פארשטעהט גארניט! וואס־זשע, מיינט איהר, איז געווען דער סוף? דער סוף איז געווען — וואו איהר האט ערגיץ א שונא: אחוץ וואס ער האט זיך פונ׳ם גאנצען טראסק געשטעלט, געבליבען דעראונטער, אויסגעפארקויפט אלע שפיגלען מיט אלע זייגערס, מיט׳ן ווייב׳ס דימענטען און בארליאנטען, האט ער זיך נאך פארשמירט מיט סכנת־נפשות, גע־מוזט ווערען א בורח, ניט פאר קיין אידען געדאכט, און מאכען איין אפטריט און אוועקגעפאהרען אהין, וואו דער ליעבער שבת־קודש געהט אוועק — קיין אמעריקע הייסט עס. אהינצו־צו פאהרען דאך אלע שווערע הערצער, זענען זיי אויך געפאהרען אהינצו־צו, די ערשטע צייט גוט פארשווארצט געווארען, דאס ביסעל מזומנ׳ס, וויפיעל ס׳איז געווען, האט מען אויפגעגעסען, און אז ס׳איז ניט געווען מעהר וואס צו קייען, האט מען נעבאך געמוזט נעמען זיך צו דער ארבייט, געטהאן כל עבודת־פרך, ווי די אידען אין מצרים, ביידע, אי ער, אי זי! איצט שרייבט זי, אז ס׳איז זיי שוין, ברוך־השם, נישקשה׳דיג: זיי ארבייטען זאקען אויף א מאשינע און מאכען א לעבאכטס... אזוי רעדט זיך עס דארטען, אין אמעריקע. אויף אונזער לשון וועט עס הייסען: דאס שטיקעל ברויט שלעפט זיך... דאס גאנצע שטיקעל גליק, וואס זיי זענען מעהר ניט ווי צוויי מענטשען, שרייבט זי, אהן א קינד, אהן א רינד — גם זו לטובה! נו, פרעג איך אייך, זאל ניט א רוח אין זיין פעטער׳ס מוהמע אריין

געפלויגען געווארען?... איך מיין טאקי אפרים דעם שדכן מיין איך, פאר'ן שענעם שידוך, וואס ער האט מיר נאראיעט, און פאר דער בלאטע, וואס ער האט מיך אריינגעפיהרט! וואס וואלט איהר געוועז אזוי ביטער, למשל, זי זאל געוועז חתונה האבען פאר א בעל־מלאכה, ווי צייטעל, אדער פאר א לעהרער, ווי האדעל? אי, די האבען אויך ניט געמאכט אזא גליק? איינע איז א יונגע אלמנה, און די אנדערע איז אין אלדי גוטע יאהר ערגיץ פארשיקט אויף פאסעליעניע? איז דאך עס א גאט־זאך — וואס קאן א מענטש פארזארגען?... הערט איהר, א חכמה א אידינע איז געוועז טאקי מיינע, גאלדע עליו השלום, דערמיט אליין שוין, וואס זי האט זיך באצייטענס ארומגעקוקט, אפגעזעגענט זיך מיט דער נארישער וועלט און הלך לעולמו. ווארום, זאגט שוין איהר אליין, איידער האבען אזא צער־גידול־בנים פון טעכטער, ווי טביה האט, איז ניט גלייכער טויזענד מאל ליגען אין דער ערד און באקען בייגעל?... נאר ווי שטעהט דארטען אין פרק: ב ע ל ־ כ ר ח ך א ת ה ח י — א מענטש נעמט זיך ניט אליין, און אז מע נעמט, גיט מען איבער די הענט, זאגט איהר... דערווייל האבען מיר זיך אראפגעשלאגען פונ'ם שליאך, איז דעריבער נ ח ז ו ר ל ע נ י נ נ ו ה ר א ש ו ן — לאמיר איבערלאזען, ווי איהר זאגט אין אייערע ביכלעך, דעם בן־מלך און זיך אומקעהרען צו דער בת־מלכה. וואו־זשע, הייסט עס, האלטען מיר? ביי דער סדרה לך־לך. נאר איידער מיר וועלען צוקומען צו דער סדרה לך־לך, וועל איך אייך בעטען זיך מטריח זיין מיט מיר אפשטעלען זיך אויף א ווייל ביי דער סדרה בלק. דער מנהג העולם איז אפילו פון זינט די וועלט שטעהט, אז פריהער לערענט מען לך־לך, דערנאך בלק. מיט מיר האט מען אבער, פאר־קעהרט, פריהער געלערענט בלק, דערנאך לך־לך. און געלערענט האט מען מיט מיר בלק אזוי שען, אז איהר מעגט עס הארכען. עס קאן אייך אמאל צונוץ קומען.

בקיצור, דאס איז געוועז שוין לאנג, באלד נאך דער מלחמה איז דאס געוועז, אין דער סאמע היץ פון קאסנעטוציעס, בעת עס

האבען זיך אנגעהויבען די ישועות ונחמות אויף אידען, פריהער אין די גרויסע שטעדט, דערנאך אין די קליינע שטעדטלעך, נאר צו מיר איז דאס ניט דערגאנגען, און עס האט ניט געקאנט דערגעהן בשום אופן. פאר וואס? פשוט! מע זיצט אפּ אזא צייט צווישען גויים, מיט סאמע עשו'ן, — איז מען אויסגעבונדען מיט אלע בעלי־בתים פון דארף. ידיד נפש אב הרחמן — „באטיושקא מעוועל" איז ביי זיי דאס אויבערשטע פון'ם שטויסעל! וואס איז שייך? איין עצה — איז „יאק מעוועל סקאזשע". א רפואה צו קדחת — איז „דא מעוועליא". א גמילות־חסד — אויך ביי טביה'ן. נו, האב איך עפּיס באדארפט אין זינען האבען אזעלכע זאכען, פאגראמען, נארישקייטען, אז די גויים אליין האבען מיר געזאגט וויפיעל מאל, אז איך זאל כלל וכלל קיין מורא ניט האבען — זיי וועלען ניט דערלאזען!... און כך הוה — וועט איהר הערען א שענס.

בקיצור, איך קום צו פאהרען איינמאל אהיים פון בויבעריק — איך בין נאך דעמאלט געווען בגדלותי — אין די פעדערען, ווי זאגט איהר, נאך געהאנדעלט מיט מילכיגס, קעז און פּוטער און שאר ירקות; אויסגעשפאנט דאס פערדעל, אונטערגעווארפען דעם היי און האבער, נישט צייט געהאט אפילו זיך וואשען צום עסען, איך טהו א קוק — א פולער הויף מיט גויים, די גאנצע הראמאדע, אלע פיינסטע בעלי־בתים, פון'ם סטאראסטע איוואן פּאפּערילע ביז דעם לעצטען גוי, טראכים דער טשערעדניק, און אלע זעהען זיי מיר אוים עפּיס מאדנע, יום־טוב'דיג!... האט מיר אפילו תחילת גע־געבען א טיאכקע אין הארצען: וואס פאר א יום־טוב אין מיטען דרינען? צי איז מען ניט געקומען מיט מיר לערנען בלק?... נאך צוריק טראכט איך מיר: פע, טביה! מעגסט זיך שעמען פאר זיך אליין: כל ימיו זיצסט דו איין איד, להבדיל, צווישען אזוי פיעל גויים בשלום ושלוה, און מע האט דיך ניט אנגעריהרט, איהר זאלט זאגען, אויף א האר!... און איך נעם און געה ארוים צו זיי מיט א ברייטען שלום־עליכם: „ברוכים הבאים, זאג איך צו זיי, וואס טהוט איהר דא, מיינע ליעבע בעלי־בתים? און וואס ועט

איהר עפּיס זאָגען גוטס? און וואָס וועט איהר דערצעהלען נייעס?״... טרעט ארויס דער סטאַראָסטע, איוואַן פּאַפּערילע הייסט עס, און רופט זיך אָן צו מיר גאַנץ אַפּענטליך און גאָר אָהן שום הקדמות: „מיר זענען געקומען, זאָגט ער, צו דיר, טעוועל, מיר ווילען דיך שלאָגען״. וואָס זאָגט איהר אויף דער שפּראַך? דאָס ווערד אָנגערופען ביי אונז „לשון סגי־נהור״ — גערעדט פאַרשטעלט הייסט עס... מילא, ווי אַזוי מיר איז געוואָרען אויפ׳ן הארצען — קאָנט איהר אייך משער זיין. נאָר ארויסבאַווייזען — פע! אדרבה ואדרבה! טביה איז ניט קיין יונגעלע... רוף איך מיך אָן צו זיי גאַנץ לעבעדיג: „מזל־טוב אייך, זאָג איך, נאָר וואָס האָט איהר זיך, קינדער, אַזוי שפּעט דערמאָנט? אין אַנדערע ערטער, זאָג איך, האָט מען שוין פון דעם כמעט פאַרגעסען!״... רופט זיך אָן צו מיר איוואַן פּאַפּערילע, דער סטאַראָסטע הייסט עס, שוין דוקא גאַנץ ערנסט: „פאַרשטעהסט דו מיך, טעוועל, זאָגט ער, מיר האָבען זיך, זאָגט ער, אַלץ גע׳ישוב׳ט, צי מיר זאָלען דיך שלאָגען, צי ניט שלאָגען? אומעדום, אין אַלע ערטער, שלאָגט מען אייך, פאַר וואָס, זאָגט ער, זאָלען מיר דיך דורכלאָזען?... איז געבליבען ביי דער הראמאָדע, זאָגט ער, אַז מיר זאָלען דיך שלאָגען... נאָר וואָס דען, מיר ווייסען נאָך אַליין ניט, וואָס מיר זאָלען מיט דיר טהון, טעוועל: צי מיר זאָלען דיר נאָר אויסהאַקען די שויבען, זאָגט ער, און צעטרענען די פּערינעס מיט די קישעלעך און ארויסלאָזען די פעדערען, צי מיר זאָלען דיר פאַרברענען, זאָגט ער, די חאַטע מיט דער שטאַל, מיט דער גאַנצער חאַזאַבע דיינער?״

דאָ איז מיר שוין געוואָרען גוט קאַלעמוטנע אויפ׳ן הארצען, און איך באַטראַכט מיינע לייט, ווי מע שטעהט אָנגעלעהנט אויף די לאָנגע שטעקענס און מע שושקעט זיך מיר עפּיס שטילערהייד. משמעות הייסט עס, אַז ס׳איז ביי זיי גאָר קיין קאַטאָוועס ניט? וויבאַלד אַזוי, טראַכט איך מיר, איז דאָך, ווי מיר זאָגען אין תהלים: ב א ו מ י ם ע ד נ פ ש — ביזט דאָך טאַקי, טביה, גוט אין דער ארבייט! ווארום טאָמער א ל ת פ ת ח פ ה ל ש ט ן — א

קשיא אויף כרוקעלע? „ע, טביה, קלער איך מיר, מיט׳ן מלאך־המות טאר מען זיך ניט שפּיעלען — מע באַדאַרף זיי עפּיס זאָגען!“... און וואָס זאָל איך אייך לאַנג מאריך בדרוש זיין, ליעבער פריינד, ס׳איז באַשערט געוועזן, אַפּנים, אַ נס, האָט מיר דער אויבערשטער אריינגעגעבען אַ זין, איך זאָל ביי זיך ניט אַראָפּפאַלען, און איך נעם מיך אָן מיט האַרץ און רוף מיך אָן צו זיי, צו די גויים הייסט עס, דוקא אין גוטען מוטה: „שמער־נאַ, רבותים, זאָג איך, הערט־זשע אויס, זאָג איך, מיינע ליעבע בעלי־בתים, וויבאַלד, זאָג איך, אַז הראַמאַדע האָט אַזוי גע׳פּסקנ׳ט, איז דאָך ניט שייך, זאָג איך, מסתמא ווייסט איהר, זאָג איך, בעסער, אַז טביה האָט ביי אייך פאַרדיענט, איהר זאָלט מאַכען אַ תל, זאָג איך, פון זיין חאַדאָבע און פון זיין גאַנץ פאַרמעגען... נאָר וואָס דען, זאָג איך, דאָס ווייסט איהר, זאָג איך, אַז ס׳איז פאַרהאַן נאָך העכערס פאַר אייער הראַמאַדע? איהר ווייסט, זאָג איך, אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט? איך זאָג ניט, זאָג איך, מ י י ן גאָט, א י י ע ר גאָט — איך שמועס פון יענעם גאָט, זאָג איך, פון אונזער אַלעמענס גאָט, וואָס זיצט, זאָג איך, אָט דאָרטען אויבען און זעהט צו אַלע פאַר־לאַסטען, זאָג איך, וואָס טהוען זיך אָפּ אָט דאָ אונטען... עס קאָן זיין, זאָג איך, אַז ער אַליין האָט מיר אָנגעצייכענט, אַז איך זאָל געשטראָפט ווערען אומזיסט־אומנישט דורך אייך, דורך מיינע בעסטע גוטע פריינד, און עס קאָן זיין ווידער, זאָג איך, אַקוראַט פאַרקעהרט, אַז ער וויל, אדרבה, בשום אופן ואופן ניט, אַז מע זאָל טביה׳ן טהון שלעכטס... ווער־זשע, זאָג איך, קאָן דאָס וויסען, וואָס גאָט וויל? אדרבה, זאָג איך, אפשר געפינט זיך דאָ צווישען אייך איינער, וואָס וועט זיך אונטערנעמען, זאָג איך, דערגעהן דאָ אַ טאָלק?“...

בקיצור, זיי האָבען, אַפּנים, געזעהען, אַז מיט טביה׳ן וועלען זיי זיך ניט אויס׳טענה׳ן, רופט זיך אָן צו מיר דער סטאַראָסטע, איוואַן פּאַפּערילע הייסט עס, בזה הלשון: „די מעשה, זאָגט ער, דערפון איז אַזוי. מיר האָבען צו דיר, טעוועל, אייגענטליך, גאָר־

נישט ניט. דו ביזט, זאָגט ער, טאַקי אַ זשיד, נאָר ניט קיין שלעכ־טער מענטש. נאָר איינס צום אַנדערען, זאָגט ער, געהער זיך ניט אָן — שלאָגען דאַרף מען דיך; הראַמאַדע האָט אַזוי גע׳פּסקנ׳ט — פאַרפאַלען! מיר וועלען דיר, זאָגט ער, האַטש אויסהאַקען די פענ־סטער. דאָס, זאָגט ער, מ ו ז ע ן מיר, ווייל טאָמער, זאָגט ער, פאָהרט עמיצער דורך, טאָ לאָז מען, זאָגט ער, זעהען, אַז מע האָט דיך געשלאָגען, אַניט, זאָגט ער, וועט מען אונז נאָך שטראָפירען“... אַט מיט די ווערטער און מיט דעם לשון, ווי איך דערצעהל אייך, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפען בכל אשר אפנה! נו, איצט פרעג איך אייך, פּאַני שלום-עליכם, איהר זענט דאָך עפּיס אַ איך וואָס קאַטאַרי איהר פאָהרט אויס די וועלט — איז שוין טביה גערעכט, וואָס ער זאָגט, אַז מיר האָבען אַ שטאַרקען גאָט?...

האָב איך אייך, הייסט עס, שוין גע׳פּטר׳ט די סדרה בלק. אַצינד וועלען מיר זיך אומקעהרען צוריק צו דער סדרה לך־לך. די דאָזיגע סדרה האָט מען מיט מיר געלערענט אַט דאָ ערשט ניט לאַנג, און טאַקי אויף דער רעכטער אמת. דאָ האָט שוין ניט געהאָלפען, פאַרשטעהט איהר מיך, קיין שום דרשות מיט קיין שום מוסר זאָגען. ומעשה שהיה כך היה — מע דאַרף עס אייך איבערגעבען אַקוראַט, מיט אַלע פּישטשעווקעס, כ א ש ר א ה ב ת י — אַזוי ווי איהר האָט ליעב.

ויהי בימי מענדעל ביילים — דאָס איז געווען אַקוראַט אין יענער צייט, ווען מענדעל ביילים, אונזער כפּרה-היהנדעל, איז אָפּ־געקומען חבוט-הקבר, געלייטערט די נשמה פאַר פרעמדע זינד, און די וועלט איז געגאַנגען האַדאַראַם, — זיץ איך מיר אַזוי איינמאָל אויף דער פּריזבע ביי מיין שטוב פאַרטיעפט אין מחשבות. זומער־לעבען. די זון באַקט, און דער קאָפּ טראַגט: „סטייטש, סטייטש, היתכן! היינטיגע צייטען! אַזאַ קלוגע וועלט! אַזעלכע גרויסע מענטשען! און וואו איז גאָט? דער אַלטער אידישער גאָט? וואָס שווייגט ער? ווי דערלאָזט ער אַזאַ זאַך? סטייטש און סטייטש און ווידער אַ מאָל סטייטש!“ און טראַכטענדיג אַזוי פון גאָט,

פארטיעפט מען זיך שוין אגב אין הימעל־זאכען און מע פאלט אריין אין חקירה: וואס איז די וועלט? און וואס איז י ע נ ע וועלט? און פאר וואס זאל ניט קומען משיח? „אי, טראכט איך מיר, וואלט ער געטהאן, ווי א חכם, טאקי משיח מיין איך, ווען ער חאפט זיך אראפ צו אונז אצינדערט רייטענדיג אויף זיין ווייס פערדעל! דאס וואלט געווען א שענע זאך! ער איז נאך קיינמאל, דאכט מיר, אזוי נויטיג ניט געווען פאר אונזערע אחינו בני ישראל, ווי היינט! איך וויים ניט, ווי אזוי די נגידים, די בראצקים, למשל, אין יעהופעץ, אדער די רויטשילדס אין פאריז? סע קאן זיין, אז זיי האבען איהם אין זינען אקוראט אין דער לינקער פאה; נאר מיר, אידען ארעמע לייט, פון כתריל'עווקע און פון מאזעפעווקע און פון זלאדייעווקע, און אפילו פון יעהופעץ, און אפילו פון אדעס, קוקען ארוים, אוי, קוקען מיר ארויסעט אויף איהם! ממש די אויגען קריכען אזש פון קאפ! אונזער גאנצע האפענונג אצינד איז דאך נאר, טאמער וועט גאט טהון א נס, עם וועט קומען משיח!“...

דערווייל, אזוי ווי איך זיץ מיר פארטיעפט אין די דאזיגע רעיונות, איך טהו א קוק — א ווייס פערדעל, און עמיצער זיצט אויף דעם רייטענדיג, און גלייך צום טויער פון מיין שטוב! טפררו — אפגעשטעלט זיך, אראפגעקראכען, צוגעבונדען דאס פערדעל צום טויער, און אליין גלייך צו מיר: „זדראסטאי, טעוועל!“ „זדראס־טאיטי, זדראסטאיטי, וואשע בלאהאראדיע!“ — ענטפער איך אפעט גאנץ ברייטליך, און אין הארצען טראכט איך מיר: ו י ב ו א ה מ ז — מאכט רש"י: אז מע קוקט ארוים אויף משיח'ן, קומט דער אוראטניק... און איך שטעה־אויף אקעגען איהם, אקעגען דעם אוראטניק הייסט עס: „ברוך הבא א גאסט, זאג איך, וואס הערט זיך עפים אויף דער גרויסער וועלט און וואס ווילסט דו, זאג איך, עפים זאגען גוטס, אדוני פריץ?“ און דאס הארץ פאלט מיר שיער נים ארוים — איך וויל שוין וויסען, וואס און ווען? און ער, דער אוראטניק הייסט עס, האט זיך אבער צייט. ער פארדרייט זיך גאנץ פיין א פאפירעסעל, בלאזט ארוים דעם רויך, שפייעט אוים

און רופט זיך אָן צו מיר: „ווײפּעל צײט, אַשטײגער, דאַרפסט דו האָבן, טעוועל, זאָלסט קאָנען פּאַרקויפן, זאָגט ער, דײַן חאַטע מיט דײַנע אַלע בעבעכעס?“ קוק איך איהם אָן: „צו וואָס, זאָג איך, זאָל איך פּאַרקויפן, זאָג איך, מײַן חאַטע? וועמען, למשל, מאַכט זי, זאָג איך, ענג?“ „ענג, זאָגט ער, מאַכט זי קײנעם ניט. נאָר איך בין געקומען, זאָגט ער, דיך אַרויסשיקן, זאָגט ער, פון דאָרף“. „סדר־הכל, זאָג איך, מעהר ניט? פאַר וואָסערע מעשים טובים? מיט וואָס, זאָג איך, האָב איך פאַרדיענט בײַ דיר אַזאַ כבוד?“... „דאָס איז ניט איך שיק דיך אַרויס, זאָגט ער, די גובערניע שיקט דיך אַרויס“. „די גובערניע? — זאָג איך. — וואָס האָט זי אַזעלכעס דערזעהן אויף מיר?“ „נישט נאָר דיך אַלײן, זאָגט ער, און נישט נאָר פון דאַנען, נאָר פון אַלע דערפער אַרום און אַרום, פון זלאָדילעווקע, זאָגט ער, און פון ראַבילעווקע, און פון קאָסטאָלאַמעווקע, און אפילו, זאָגט ער, אַנאַטעווקע, וואָס איז ביז אַהער געווען אַ שטעדטעל, ווערד דאָס שוין איצטער אויך, זאָגט ער, אַ דאָרף, און מע וועט אַרויסטרײַבן פון דאָרט, זאָגט ער, אַלע — אַלע אײַערע“... „אפילו לײזער־וואָלף דעם קצב, זאָג איך, אויך? און נפתלי־גרשון דעם לומער אויך? און דעם דאָרטיגען שוחט? און דעם רב?“ „אַלע! אַלע!“ — זאָגט ער און טהוט אַ מאַך מיט דער האַנד, ווי אַ שנײד־אָפּ מיט אַ מעסער... איז מיר אפילו געוואָרען עפּיס ווי אַ ביסעל גרינגער, ווי זאָגט איהר: צרת רבים חצי נחמה. נאָר פאַרדריסען פאַרדריסט דאָס מיך, און אַ פײַער ברענט אין מיר, און איך בין מיך מיישב און רוף מיך אָן צו איהם, צום אוראַטניק הײסט עס: „זאָג מיר, זאָג איך, דו ווײסט חאַטש, זאָג איך, וואָשע בלאַהאָראָדיע, אַז איך זיץ דאָ אין דעם דאָרף אַ סך פריהער פון דיר? דו ווײסט, זאָג איך, אַז אָט דאָ, אין דעם ווינקעל, איז נאָך מײַן טאַטע עליו השלום, זאָג איך, געזעסען, און מײַן זײדע עליו השלום, און מײַן באָבע עליו השלום?“ און איך פויל זיך ניט און רעכען איהם אויס די גאַנצע משפּחה בײַ די נעמען, וואו ווער ס'איז געזעסען און וואו ווער ס'איז געשטאָרבען... הערט ער מיך

דוקא אויסעט, דער אוראַטניק הייסט עס, און אַז איך האָב געקאַנ־
טשעט, מאַכט ער צו מיר: „דו ביזט אַ ציקאַווע איך, זאָגט ער,
טעוועל, און דו האָסט אין זיך נייען מאָס רעד. צו וואָס טויגען מיר
דיינע מעשיות, זאָגט ער, פון דיין באַבען מיט דיין זיידען? לאַזען
זיי, זאָגט ער, דיר האָבען אַ ליכטיגען גן־עדן! און דו, טעוועל,
נעם, זאָגט ער, צענויף דיינע בעבעכעס און פאָהר־פאָהר נאַ באַר־
דיטשעוו!“... פאַרדריסט עס מיך שוין נאָך מעהר: געננג דו
זאָגסט מיר אַז, עשו, אַזאַ גוטע בשורה טובה, מאַכסט דו נאָך
חוזק: פאָהר־פאָהר נאַ באַרדיטשעוו!... לאָם איך איהם חאַטש אַ
ביסעל אויס׳לאָמר׳ען... און איך רוף מיך אָן צו איהם: „וואשע,
זאָג איך, בלאַהאָראַדיע! וויפיעל צייט, זאָג איך, ביזט דו שוין
דאָ פּריץ, האָסט דו עפּיס געהערט, זאָג איך, אַ סך מאָל, עמיצער
פון די שכנים זאָל זיך אויף מיר באַקלאָגען, אַז טביה האָט איהם
באַ׳גנבה׳ט, אדער באַ׳גזל׳ט, אדער אויסגענאַרט, אדער אַזוי צוגע־
נומען? אָנו, צעפרעג זיך אַקאָרשט ביי די בעלי־בתים, זאָג איך,
צי האָב איך ניט געלעבט מיט זיי אַ סך בעסער, זאָג איך, ווי דער
בעסטער בעל־הבית? צי בין איך ניט געווען, זאָג איך, אדוני פּריץ,
ביי דיר אַליין, זאָג איך, וויפעל מאָל בעטען דיך פאַר די גויים,
זאָלסט זיי אַזוי ניט אָביזשאַיען?“... האָט דאָס איהם שוין, אַפּנים,
ניט געשמעקט! שטעהט ער אויף, דער אוראַטניק, צעקוועטשט דעם
פּאַפּיראָס מיט די פינגער, טהוט איהם אַ ווארף־אָפּ און מאַכט צו
מיר: „איך האָב, זאָגט ער, קיין צייט ניט מיט דיר צו באַלאַקען
פּוסטע רעד. ס׳איז מיר אַנגעקומען, זאָגט ער, אַ פּאַפּיער — און
ווייטער געהט מיך ניט אָן! קום, זאָגט ער, וועסט דו מיר, זאָגט
ער, חתמ׳ענען דאָס פּאַפּיער, און צייט אויף אַרויסצופאָהרען גיט
מען דיר, זאָגט ער, דריי טאָג, זאָלסט קאָנען, זאָגט ער, אויספאַר־
קויפען אַלסדינג און צוגרייטען זיך אין וועג אַריין“. דערזעהן, ס׳איז
ביטער, רוף איך מיך אָן צו איהם: „דו גיסט מיר, זאָג איך, דריי
טעג גיסט דו מיר? דריי יאָהר זאָלסט דו לעבען, זאָג איך, דערפאַר
איז עושר און אין כבוד. גאָט זאָל דיר, זאָג איך, צאַהלען בכפל

כפלים, זאג איך, פאר דער גוטער בשורה, וואס דו האסט מיר גע־בראכט אין שטוב אריין״... גוט־גוט אריינגעזאגט איהם, ווי טביה קאן! איך האב מיך מיישב געווען: ממה־נפשך, סאי ווי סאי מאטי פארד — וואס האב איך דא אנצוווערען? וואלט איך גע־ווען יונגער חאטש מיט א יאהר צוואנציג, און וואלט מיר געלעבט מיין גאלדע עליו השלום, און וואלט איך געווען דער אייגענער טביה דער מילכיגער, וואס אמאל, אין די שנים קדמוניות, — עהע־העו! וואלט איך זיך אזוי גיך ניט אונטערגעגעבען! איך וואלט זיך געבארעט, געשלאגען זיך ביז׳ן בלוט אריין! נאר אזוי — וואס? מ ה א נ ו מ ה ח י י נ ו — וואס בין איך היינט און ווער בין איך? א פלג־גוף, א שברי־כלי, א צעבראכענער שארבען! „אד טי, רבונו של עולם, גאטעניו! — טראכט איך מיר. — וואס האסט דו זיך עפים צוגעטשעפעט צו טביה׳ן גראד? פאר וואס זאלסט דו בעסער ניט א שפיעל טהון זיך א מאל אויף א טשיקאוועס, למשל, מיט א בראצקי׳ן, אדער מיט א רויטשילד׳ען? פאר וואס לערענט מען מיט זיי ניט די סדרה לך־לך? זיי וואלט, דאכט מיר, בעסער אנגעשטאנען? ערשטענס, וואלטען זיי דערפיהלט דעם אמת׳ען טעם, וואס הייסט א איד. והשנית, לאזען זיי אויך זעהען, אז מיר האבען א שטארקען גאט״...

בקיצור, דאס איז אבער אלץ פוסטע דבורים. מיט גאט טענה׳ט מען זיך ניט אויס, און איהם קיין עצות, ווי אזוי צו פיהרען די וועלט, גיט מען ניט. ער, אז ער זאגט: ל י ה ש מ י ם ו ל י ה א ר ץ — קומט אויס, אז ער איז בעל־הבית, און מיר דארפען איהם פאלגען. וואס ער זאגט, איז געזאגט!... געה איך אריין אין שטוב אריין און טהו מיר א זאג צו מיין טאכטער דער אלמנה: „צייטעל, זאג איך, מיר קלויבען זיך ארויס, זאג איך, פון דאנען ערגיץ אין א שטאדט אריין. געווג שוין געזעסען אין דארף, זאג איך. משנה מקום, משנה מזל... דו נעם אקארשט, זאג איך, און הויב אן באצייטענס זיך צו גרייטען מיט׳ן בעטגעוואנט, מיט׳ן סאמאוואר און מיט די שאר ירקות, און איך וועל, זאג איך, געהן

פאַרקויפֿען די חאַטע. ס׳איז אָנגעקומען, זאָג איך, אַ פּאַפּיער, אַז מיר זאָלען אַפּריינינגען, זאָג איך, דאָס אָרט און אין דריי טאָג אַרום זאָל דאַ אונזער דעך ניט בלייבען!"... דערהערט פֿון מיר אַזאַ בשורה, אַז זי מאַכט ניט קיין געוויין, די אַלמנה מיינע, און די קינ־דערלעך איהרע, אויף איהר קוקענדיג, האָבען זיך גלאַט צעוויינט, און ס׳איז געוואָרען, וואָס זאָל איך אייך זאָגען, תשעה־באָב אין שטוב! ווער איך שוין אין כעס און לאָז אוים מיין גאַנץ ביטער האַרץ אויף מיין טאָכטער נעבאָך: „וואָס האָט איהר זיך גענומען, זאָג איך, אויף מיין לעבען? וואָס האָט איהר זיך, זאָג איך, צע־יאַחמערט פּלוצים אין מיטען דרינען, ווי איין אַלטער חזן צו די ערשטע סליחות?... וואָס בין איך עפּים — אַ בן־יחיד, זאָג איך, ביי גאָט? אַ ציטעריגער? קאַרג אידען, זאָג איך, ווערען איצטער אַרויסגעטריבען פֿון די דערפֿער? געה האָרך, זאָג איך, וואָס דער אוראַטניק דערצעהלט זיך אָן! אַ סברא, זאָג איך, אַז דיין אַנאַ־טעווקע, וואָס איז ביז אַהער געווען אַ שטעדטעל, ווערד דאָס שוין אויך, זאָג איך, מיט גאָט׳ס הילף, אַ דאָרף, צוליעב די אַנאַטעווקער אידען, זאָג איך, מע זאָל זיי קאָנען אַרויסטרייבען אַלעמען. ווי־באַלד אַזוי, זאָג איך, מיט וואָס־זשע, זאָג איך, בין איך ערגער פֿון אַלע אידען?"... אַט אַזוי רעד איך איהר אוים דאָס האַרץ, דער טאָכטער מיינער. איז דאָך עס אָבער אַ אידינע. זאָגט זי צו מיר: „וואוהין וועלען מיר זיך, זאָגט זי, קלויבען פּלוצים אין מיטען דרינען? וואו וועלען מיר, זאָגט זי, געהן זוכען שטעדט?"... „שטיא! — זאָג איך. — אַז גאָט איז געקומען, זאָג איך, צו אונזער עלטער־עלטער־זיידען, צו אַברהם אבינו׳ן, און האָט איהם געזאָגט, זאָג איך, ל ך ־ ל ך מ אַ ר צ ך — זאָלסט אַרויסגעהן פֿון דיין לאַנד, האָט איהם דען אַברהם, זאָג איך, איבערגעפֿרעגט דאָס אַנ־דערע וואָרט אפילו: וואוהין?... גאָט האָט איהם געזאָגט, זאָג איך, א ל ה אַ ר ץ א ש ר אַ ר א ך — איז דער פּשט: נאַ ווסיע טשעטירע סטאָרעני... מיר וועלען געהן, זאָג איך, וואוהין די אויגען טראָגען, וואוהין אַלע אידען געהען! וואָס סע וועט זיין,

זאג איך, מיט כל ישראל, דאס וועט זיין מיט רב ישראל. און מיט וואס, זאג איך, ביזט דו מעהר מיוחסת פון דיין שוועסטער ביילקע, די נגידית'טע? איהר שטעהט אַן צו זיין מיט איהר פרהצור'ען אצינד אין אמעריקע און מאכען אַ לעבאכטס, מעג דיר אויך, זאג איך, אנשטעהן... דאנקען השם־יתברך, זאג איך, וואס מיר האבען האטש מיט וואס צו ריהרען זיך. אַ ביסעל, זאג איך, איז נאך דא פון פריהער, און אַ ביסעל פון דער חאדאבע, וואס מיר האבען פארקויפט, און אַ ביסעל וועט אריינפאלען פון דער חאטע. פון אַ ביסעל און אַ ביסעל, זאג איך, ווערד אַ פולע שיסעל — און גם זו לטובה! און אפילו מיר זאלען, זאג איך, חלילה גארנישט האבען, איז אונז, זאג איך, נאך אלץ בעסער פון מענדעל ביילים!"...

בקיצור, איך האב ביי איהר יאקאַש גע'פועל'ט, זי זאל זיך ניט שטארק פאר'עקשנ'ען. איך האב איהר געגעבען צו פארשטעהן מיט אַ שכל, אַז דער אוראַטניק קומט און ברענגט אַ פאַפּיער, אַז מע הייסט געהן, קאַן מען קיין חזיר ניט זיין און מע דאַרף געהן. און אליין בין איך אַוועק אין דאָרף מאכען אַ טאָלק מיט דער חאטע, און גלייך צו איוואַן פאַפּערילע, צום סטאַראַסטע הייסט עס. ער איז אַ גוי אַ בעל־הגוף און פגר'ט נאך מיין דירה! געקומען צו איוואַנ'ען, דערצעהל איך איהם ניט פון קיין פותר און פון קיין חלום — אַ איד איז קליגער פון אַ גוי — און איך זאג איהם, זאג איך: „הנה זיי וויסען, איוואַנו סערדצע, אַז איך וואָרף אייך אַוועקעט"... זאָגט ער: „וואָס עפּיס?" זאג איך: „איך פאָהר אריבער, זאג איך, אין שטאָדט אריין. איך וויל זיין, זאג איך, צווישען אידען. איך בין שוין ניט קיין יונגערמאַן, זאג איך, טאָמער חלילה טהוט מען אַ שטאַרב"... מאַכט צו מיר איוואַן: „פאַר וואָס זשע זאָלסט דו ניט שטאַרבען דאַ? ווער לאָזט דיך ניט?" דאַנק איך איהם זעהר און זאג איהם: „שטאַרבען דאַ שטאַרב שוין דו בעסער, זאג איך, דו ביזט בילכער, און איך וועל בעסער געהן שטאַרבען, זאג איך, צווישען מייניגע... קויף אַפּ, איוואַנו, ביי מיר, זאג איך צו איהם, מיין חאַטע מיט'ן גאַרטען. איין אַנדערען וועל איך, זאג

איך, ניט פארקויפעז, דיר — יא". „וויפיעל, זאגט ער, ווילסט דו פאר דיין האטע?" „וויפיעל, זאג איך, גיסט דו?" אהין־אהער, ער מיר: „וויפיעל ווילסט דו?" איך איהם: „וויפיעל גיסט דו?" — מע האט זיך גענומען דינגען זיך, פאטשען אין די הענט אריין, אזוי לאנג געדונגען זיך און געפאטשט זיך, א רענדעל ארויף, א רענדעל אראפ, ביז מע האט זיך אויסגעדונגען פאר'ן מקח, און טאקי פאווטירנע גענומען ביי איהם אויף דער יד א פיינעם אדערויף, ער זאל זיך חלילה ניט אויפטרענען — א איד איז קליגער פון א גוי, — און אט אזוי האב איך אויסגעפארקויפט אין איין טאג, בחצי־חנם געוויינטליך, דאס גאנצע דאברע־מזל, געמאכט פון אלס־דינג גאלד, און בין אוועק דינגען א פוהר, פארנעמען דאס איבער־געבליבענע ביסעל ארעמקייט — וועט איהר הערען נאך א שענס, וואס ביי טביה'ן קאן זיך פארלויפען! איהר לעגט נאר צו קאפ, איך וועל אייך שוין לאנג נישט האלטען, איבערגעבען עס אייך, ווי זאגט איהר, בשלשה דברים — אין צוויי ווערטער.

בקיצור, פאר'ן אוועקפאהר קום איך אהיים, טרעף איך שוין ניט קיין שטוב, נאר א חורבה. די ווענט נאקעט, זיי וויינען ממש מיט טרערען! אויף דער ערד — פעקלעך מיט פעקלעך מיט פעק־לעך! אויפ'ן פריפעטשיק זיצט די קאץ, ווי א יתומה נעבאך, טרויווערדיג — עס האט מיך אזש א נעם געגעבען ביי'ם הארצען און טרערען האבען זיך מיר געשטעלט אין די אויגען... איך זאל מיך ניט שעמען פאר מיין טאכטער, וואלט איך מיך גוט־גוט אויסגע־וויינט, ווי זאגט איהר, פארט באטקאווטשינע!... דא אויסגעוואק־סען, דא פארשווארצט געווארען כל ימיו, און פלוצים אין מיטען דרינען — לך־לך! זאגט אייך, וואס איהר ווילט, ס'א פאררדרא־סיגע זאך!... טביה איז דאך אבער ניט קיין אידינע, האלט איך מיך איין און מאך מיך פרייליך און רוף מיך אן צו מיין טאכטער דער אלמנה: „קום נאר אהער, זאג איך, צייטעל, וואו ביזט דו ערגיץ?" געהט זי ארויס פון צווייטען אלקיר, צייטעל הייסט עס, מיט רויטע אויגען און מיט א געשוואלענער נאז. אהא, טראכט

איך מיר, מיין טאכטער האט זיך דא שוין ווידער צע׳יעלה׳ט, ווי א אידינע צו ונתנה־תוקף! אט די ווייבער, הערט איהר, זענען אייך קיין קאטאוועס ניט — באלד עפּיס, איז געוויינט! וואלוועלע טרערען ביי זיי! „שטיא!" — זאג איך איהר. — וואס וויינסט דו שוין ווידער? ביזט דו ניט קיין נאר? — זאג איך. — בארעכען זיך נאר, זאג איך, דעם חילוק פון דיר ביז מענדעל ביילים"... וויל זי ניט הערען און מאכט צו מיר: „טאטע, זאגט זי, דו ווייסט ניט וואס איך וויין"... זאג איך: „איך וויים גאנץ גוט. פאר וואס זאל איך ניט וויסען? דו וויינסט, זאג איך, ס׳טהוט דיר באנג די היים... ביזט אט דא, זאג איך, געבוירען געווארען און אויסגע־וואכסען — פארדריסט עס דיך!... גלויב מיר, זאג איך, איך זאל ניט זיין טביה, איך זאל זיין איין אנדערער, וואלט איך אליין אויך, זאג איך, געקושט אט די נאקעטע ווענט מיט אט די לעדיגע פאלי־צעס... איך וואלט אליין אויך, זאג איך, צוגעפאלען צו אט דער דאזיגער ערד!... עס טהוט מיר באנג, זאג איך, איטליכם ברעקעל גלייך מיט דיר. נארעלע! אפילו אט די קאץ, זאג איך, זעהסט דו, אז זיצט זי דארט א פאר׳יתום׳טע אויפ׳ן פריפעטשיק? א שטומע צונג, א חיה, זאג איך, פון דעסטוועגען איז א רחמנות, זי בלייבט אליין אהן א בעל־הבית — צער־בעלי־חיים"... „ס׳איז דא, מאהל דיר, זאגט זי, א גרעסערער רחמנות"... „דהיינו?" „דהיינו, אט פאהרען מיר אוועק, זאגט זי, און לאזען איבער דא איין מענטשען אליין, עלענד ווי א שטיין". פארשטעה איך ניט, וואס זי מיינט, און רוף מיך אן צו איהר: „וואס בעלעבעטשעסט דו, זאג איך? וואסערע פלאמען? וואס מענטש? וואסער שטיין?" מאכט זי צו מיר: „טאטע, איך רעד ניט פונ׳ם ווענ, איך רעד, זאגט זי, פון אונזער חוה׳ן"... און ווי זי האט מיר אויסגערעדט דעם דאזיגען נאמען, איז שוועער אייך, ווי מיט א הייסען אקרעפ, אדער מיט א שייט־האלץ איבער׳ן קאפ! און איך פאל אן אויף מיין טאכטער און געב איהר אוועק א וויסטען סוף: „וואס עפּיס פלוצים איז מיטען דרינען חוה, זאג איך? איך האב דאך אנגעזאגט, זאג איך,

וויפיעל מאָל, אַז חוה לא יזכר ולא יפּקד!"... מיינט איהר, אַז זי שרעקט זיך איבער? אָבער גאָר לאָ! טביה'ס טעכטער האָבען אין זיך אַ כח! „טאַטע, מאַכט זי צו מיר, דו בייזער זיך נאָר ניט אַזוי שטאַרק און דערמאָן זיך בעסער, וואָס דו אַליין, זאָגט זי, האָסט געזאָגט וויפיעל מאָל, אַז סע שטעהט געשריבען, אַז אַ מענטש דאַרף האָבען רחמנות אויף אַ מענטשען, ווי אַ טאַטע אויף אַ קינר"... איהר הערט ווערטער? ווער איך מסתמא נאָך מעהר אויפגעקאָכט און געב איהר אַוועקעט אַ גאָב, ווי איהר קומט: „פון רחמנות, זאָג איך, רעדסט דו מיט מיר? וואו איז געוועזן, זאָג איך, איהר רחמנות, אַ. איך בין געלעגען ווי אַ הונט פאַר'ן גלח, ימח שמו, איהם געקושט די פיס, און זי איז אפשר געוועזן, זאָג איך, אין צווייטען חדר און אפשר געהערט איטליכס וואָרט?... אָדער וואו איז געוועזן, זאָג איך, איהר רחמנות, אַז די מאַמע עליו השלום איז געלעגען, זאָג איך, ניט פאַר דיר געדאַכט, אָט דאָ אויף דער ערד מיט שוואַרצען איבערגעדעקט? וואו איז זי דעמאָלט געוועזן?... און די נעכט, וואָס איך בין, זאָג איך, ניט געשלאָפען? און דאָס קרענקען, וואָס האָט מיך, זאָג איך, געקרענקט די גאַנצע צייט ביז היינטיגען טאָג נאָך, אַז איך דערמאָן מיך, זאָג איך, וואָס זי האָט מיר אָפּגעטהאָן, אויף וועמען זי האָט אונז אויסגעביטען — וואו איז, זאָג איך, דער רחמנות אויף מיר?"... און עס פאַרבאַקט מיך בײ'ם האַרצען און איך קאָן ניט רעדען מעהר... מיינט איהר דאָך אודאי, אַז טביה'ס טאָכטער האָט נישט געפונען, וואָס מיר דערויף אָפּצוענטפערען? „דו אַליין, זאָגט זי, זאָגסט דאָך, טאַטע, אַז דער מענטש, וואָס האָט חרטה, איז איהם אפילו גאָט אַליין אויך מוחל"... „חרטה? — זאָג איך. — צו שפּעט! דאָס צווייגעלע, זאָג איך, וואָס האָט זיך איינמאָל אָפּגעריסען פון בוים, מוז, זאָג איך, פאַרטריקענט ווערען! דאָס בלעטעל, זאָג איך, וואָס איז אָפּגעפאַלען, מוז פאַר־פוילט ווערען, און מעהר, זאָג איך, זאָלסט דו מיט מיר ניט רעדען דערפון — ע ד כ א ן א ו מ ר י ם ב ש ב ת ה ג ד ו ל !"...

בקיצור, דערזעהן, אז מיט ווערטער קאן זי מיט מיר גארניט מאכען, טביה איז ניט דער מענטש, וואס מע רעדט איהם איבער, פאלט זי צו מיר שוין גאר צו און הויבט מיך גאר אן צו קושען אין די הענט אריין און מאכט צו מיר: „טאטע, זאגט זי, זאל איך שלעכטס האבען, זאל איך שטארבען אט־א־דא אויפ'ן ארט, אויב דו וועסט זי איצטיגס מאל, זאגט זי, אפשטויסען, ווי דו האסט זי אפגעשטויסען דעמאלט אין וואלד, אז זי איז, זאגט זי, צוגעפאלען צו דיר, און דו האסט פארקערעוועט, זאגט זי, דאס פערדעל און ביזט אנטלאפען!“... „וואס פאר א פריטשעפע, זאג איך, אויף מיין קאפ? וואס פאר איין אנשיקעניש?! וואס האסט דו זיך גענומען, זאג איך, אויף מיין לעבען?!“... לאזט זי מיך ניט אפעט, האלט מיך צו ביי די הענט און טענה'ט זיך איהרס: „זאל איך שלעכטס האבען, זאגט זי, זאל איך שטארבען, אויב דו וועסט איהר ניט מוחל זיין, זאגט זי, ווארום זי איז דיר א טאכטער, זאגט זי, גלייך ווי איך!“... „וואס ווילסט דו, זאג איך, פון מיין לעבען? זי איז ניט מיין טאכטער מעהר! זי איז שוין, זאג איך, לאנג געשטארבען!“... „ניין, זאגט זי, זי איז ניט געשטארבען און זי איז שוין צוריק דיין טאכטער, זאגט זי, ווי געווען, ווארום פון דער ערשטער מינוט, זאגט זי, אז זי איז געוואוירע געווארען, אז מע שיקט אונז ארויס, האט זי געזאגט צו זיך אליין, אז דאס שיקט מען אוי'ים אונז אלעמען, זי אויך, הייסט עס. דארט וואו מיר — אזוי האט מיר חוה אליין געזאגט — דארט איז זי. אונזער גלות — דאס איז איהר גלות... א סימן, זאגט זי, האסט דו, טאטע, אט איז אפילו דאס פעקעל איהרס“... אזוי מאכט צו מיר מיין טאכטער, צייטעל הייסט עס, אין איין אטעם, ווי די עשרת בני המן אין דער מגילה, און לאזט מיך אפילו ניט א ווארט ארויסרעדען און טהוט מיר א ווייז־אן אויף עפים א פעקעל אין א רויטער פעטשיילע איינגעוויקעלט, און טאקי פאווטירנע טהוט זי איין עפען־אויף די טהיר פון צווייטען אלקיר און א רוף־אויס: „חוה!“ — ווי איהר זעהט מיך א אידען... און וואס זאל איך אייך זאגען, ליעבער פריינד? טאקי

פּונקט אַזוי ווי ביי אייך אין די ביכלער ווערד באַשריבען, באַווייזט זי זיך, חוה הייסט עס, פון אַלקיר אַרויס — אַ געזונטע, אַ גלאַטע, אַ שענע, ווי געווען, ניט געמינערט אַ האָר, נאָר דאָס פּנים אַ ביסעל פאַרזאָרגט, די אויגען אַ ביסעל פאַרצווייגען, און דעם קאָפּ האַלט זי הויך, מיט גדלות, בלייבט שטעהן אַ ווײַלע, קוקט אויף מיר, איך — אויף איהר. דערנאָך ציהט זי אויס צו מיר ביידע הענט, און נאָר איין וואָרט קאָן זי אַרויסרעדען, איין־און־איינציג וואָרט, און שטיל:

— טאַ־טע... . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

האָט קיין פאַראיבעל ניט, אַז איך דערמאָן מיך, שטעלען זיך מיר נאָך איצט אויך טרערען אין די אויגען. נאָר מיינט ניט פון דעסטוועגען, אַז טביה האָט חלילה געלאָזט אַ טרער, אָדער אַרויסבאַ־וויזען, ווי זאָגט איהר, מיאַבּכי לבבות — בלאָטע!... דאָס הייסט, וואָס איך האָב געפיהלט בעת־מעשה אינוועניג אין האַרצען — דאָס איז עפּיס אַנדערש. איהר זענט דאָך אַליין אויך אַ טאַטע פון קינדער און איהר ווייסט גלייך מיט מיר דעם פּשט פון׳ם פּסוק „כרחם אָב על בנים“ און דעם טעם פון דעם, בעת אַ קינד, עס מעג זיך ווי פאַרזינדיגען, נאָר אַז סע קוקט אייך גלייך אין דער נשמה אַריין און זאָגט אייך: „טאַטע!“ — אַנו, זייט דערמאָלט אַ בריה, אַדרבה, און טרייבט עס אָפּ!... און צוריק אָבער, דער כח־הדם אַרבייט, און עס קומען מיר אַקעגען באַלד דאָס שענע שפּיצעל, וואָס זי האָט מיר אָפּגעטהאָן... חוועדקע גאַלאַגאַן, איינגעזונקען זאָל ער ווערען... און דער גלח, ימח שמו... און מיינע טרערען... און גאָלדע עליו השלום׳ס טוידט... ניין! זאָגט שוין איהר אַליין, ווי קאָן מען דאָס פאַרגעסען, ווי קאָן מען דאָס פאַרגעסען?... און וויעדער צוריק — סטייטש! פאַרט אַ קינד... כרחם אָב על בנים... ווי טאָר אַ מענטש זיין אַיין אַכזר, אַז גאָט אַליין זאָגט אויף זיך, אַז ער איז אַיין אל

ארד אפּים!... ובפרט, זי האָט חרטה און וויל זיך אומקערן צוריק צו איהר טאַטען און צו איהר גאָט!... וואָס זאָגט איהר, פּאַני שלום־עליכם? איהר זענט דאָך עפּיס אַ איד, וואָס קאַטאַרי איהר מאַכט ביכלעך און איהר גיט דער וועלט עצות — זאָגט שוין איהר אליין, וואָס האָט טביה באַדאַרפט טהון? אַרומנעמען זי, ווי איין איינענע, קושען זי און האַלזען זי און זאָגען איהר, ווי מיר זאָגען יום־כּפּור צו כּל־נדרי: ס ל ח ת י כ ד ב ר י ך — קום צו מיר, דו ביזט מיין קינד? צי אפשר פאַרקערעווען דעם דישעל, אַזוי ווי דעמאָלט, און זאָגען איהר: ל ך ־ ל ך — געה דיר געזונדערהייד פון וואַנען דו ביזט געקומען?... ניין, לאָז זיך אייך דאַכטען, למשל, עלעהיי איהר זענט אויף טביה'ס אָרט, און זאָגט מיר בהן שלי, נאָר אָפּענטליך, ווי פאַר איין אמת'ען גוטען פריינד: ווי אַזוי וואָלט א י ה ר זיך נוהג געוועזן?... און אויב איהר קאָנט עס מיר ניט זאָגען באַלד, געב איך אייך צייט אויף צו באַטראַכטען זיך... און דערווייל דאַרף מען געהן — די אייניקלעך וואַרטען שוין אויף מיר, קוקען אַרויס אויפ'ן זיידען. איהר דאַרפט וויסען, אַז אייניקלעך זענען נאָך טויזענד מאָל טייערער און איינגעבאַקענער פון קינדער. ב נ י ם ו ב נ י ב נ י ם — אַ קלייניגקייט! זייט מיר געזונט און האָט קיין פאַראיבעל ניט, איך האָב אייך אָנגעקלאַפּט אַ קאָפּ — איהר וועט שוין דערפאַר האָבען וואָס צו שרייבען... אַז גאָט וועט העלפען, וועלען מיר זיך נאָך זעהען מסתמא. אַ גוטען!

# וחלקלקות

**אַ פערשפּעטיגטע מעשה פון טביה דעם מילכיגען, דערצעהלט נאָך פאַר דער מלחמה, נאָר איבּער דעם גלות און איבּער דער מהומה האָט זי ביז אַהער ניט געקאָנט זעהען די ליכטיגע וועלט.**

**געשריבען אין יאָהרען 1914—1916.**

# וְחַלַקְלַקּוֹת

— איהר געדענקט דאך מסתמא, פאני שלום־עליכם, ווי איך האב אייך אנומעלטען איינגעטייטשט די פרשה „לך־לך" מיט אלע ל"ב פירושים, דערצעהלט, ווי אזוי עשו האט זיך פיין צערעכענט מיט זיין ברודער יעקב, גוט באצאהלט איהם פאר דער בכורה, ארויס־גע'משלח'ט מיך פונ'ם דארף מיט האק און פאק, מיט קינדער און קינדס־קינדער און מיט די בעבעכעס, ווי עס באדארף צו זיין, גע־מאכט א תל־עולם פון דער גאנצער האדאבע מיט'ן ביסעל ארעמ־קייט, מיט'ן פערדעל, להבדיל, פון וועלכען איך קאן נאך עד־היום ניט רעדען אהן טרערען אין די אויגען, ווי מיר זאגען תשעה־באב אין די קינות: ע ל א ל ה א נ י ב ו כ י ה — עס האט פאר־דיענט, מע זאל נאך דעם לאזען א טרער... מילא, בין איך אייך דאס מוחל. ווארום, צוריק שמועסענדיג, איז דאך וויעדער א מאל די אייגענע מעשה: מיט וואס בין איך דאס מעהר בן־יחיד ביי דעם רבונו־של־עולם פון אלע אנדערע אחינו בני ישראל, וואס פאני טרייבט האלז־און־נאקען פון די הייליגע דערפער, קעהרט און רוימט און רייניגט און קארעניעט אוים מיט'ן ווארצעל וואו נאר ס'איז פארהאן א סימן פון א איד, ווי מיר זאגען אין „יעלה ויבוא": ו י פ ק ד ו י ז כ ר — עס זאל גאר קיין סליאד ניט בלייבען? מיט וואס האב איך דא, משטיינס געזאגט, זיך איבערצוגעמען פאר גאט מעהר פון אלע ארויסגעטריבענע דארפישע אידען, וואס בלאנ־קען זיך איצט ארום אויף אלע וועגען מיט ווייב און קינדער, ווי די בלודנע שאף, וויסען ניט וואו א נאכט איבערצונעכטיגען, האבען ניט וואו א קאפ אנצושפארען, ציטערען יעדע מינוט, טאמער באוויזט זיך פון דער ווייטען א קנעפעל פון א אוראטניק, אדער גלאט אזוי א שווארציאהר, ווי מיר זאגען אין מעביר סדרה זיין:

י ש א ה׳ ע ל י ך ג ו י ?... אי, וואס? טביה איז נישט קיין עם־הארץ, ווי אנדערע דארפישע אידען, פארשטעהט א קאפיטעל תהלים, איז נישט פרעמד אין א מדרש און קאן אפדראפען, מיט גאט׳ס הילף, א פרשה חומש מיט רש״י אויך? — מילא בכן? ווילט איהר, אז עשו זאל דאס אפשאצען, ווי עס געהער צו זיין, און זאל האבען דרך־ארץ פאר אזא אידען? אדער אפשר קומט מיר גאר א דאנק דערפאר? חאטש אין תוך גערעדט, איז דא נישטא מיט וואס צו שעמען זיך, און קיין חסרון איז דאס אודאי ניט, — איך מיין טאקי דאס, וואס מען איז, גאט צו דאנקען, א איד מיט לייטען גלייך, מען איז ניט בלינד אין די שווארצע פינ־טעלער, מען איז בא׳הבינ׳ט אין א פסוק און מע ווייסט, וואו איין און וואו אויס, ווי אין פרק שטעהט געשריבען: ו ד ע מ ה ש ת ש י ב — אז וואויל איז דעם וואס ווייסט... איהר מיינט אפשר, פאני שלום־עליכם, איך זאג דאס אייך גלאט אזוי, פונ׳ם ארבעל? אדער איך וויל זיך דא אויספיינען פאר אייך, באריהמען זיך אין מיטען דרינען מיט מיין גרויס קענטשאפט און מיט מיין לומדות? האט קיין פאראיבעל ניט, דאס קאן זאגען נאר אזעלכער, וואס קען ניט טביה׳ן. טביה רעדט ניט גלאט אזוי אין דער וועלט אריין, און קיין פוסטער באריהמער, ווייסט איהר דאך, איז ער קיינמאל ניט געווען. טביה האט ליעב צו דערצעהלען א זאך, וואס טאקי ב ע י נ י ר א י ת י — ער אליין האט דאס דורכגעמאכט, מיט איהם אליין האט זיך דאס געטראפען. זעצט אייך צו אט־א־דא אויף א ווייל׳עטשקע, וועט איהר הארכען א שענס, ווי אזוי עס קומט א מאל צונויף א מענטשען, אז מען איז ניט קיין פראסטער בשר ודגים און מע האט א שטיקעל בעגריפיע אויך אין די עולמות העליונים און מע ווייסט, ווען און וואו און ווי אזוי ארייננצושרויפען א פסוק, חאטשבי פון אונזער אלטען תהלים.

בקיצור, דאס איז געווען, אויב איך האב קיין טעות ניט, שוין לאנג, גאר לאנג, איך האב מורא, אויב נישט אין דער סאמע היץ פון ב י מ י ם ה ה ם — פון פאני׳ס רעוואלוציעס מיט קאסנע־

טוציעס, בעת כרוקעלע האט זיך א לאז געטהאן איבער אידישע שטעדט און שטעדטלעך מיט א פריי געמיט און מיט אויפגעבונ־דענע הענט און גענומען מאכען א תכלית פון אידישען האב־און־גוטס, ככתוב, ווי אין סידור שטעהט געשריבען: שׁ ו ב ר א ו י ב י ם ו מ כ נ י ע ז ד י ם — געבראכען פענסטער און געריסען בעטגעוואנט... איך האב אייך שוין, דאכט זיך, א מאל געהאט געזאגט, אז איך אליין ווער ניט נתפעל פון אזעלכע זאכען, און שרעקען שרעק איך מיך אויך ניט איבער, ווארום ס'איז דאך א ממה־נפשך: איז דאס א באשערטע זאך, א גזירה מן השמים, דארף איך דאך ניט זיין קיין אויסנאם פונ'ם כלל ישראל, ווי מיר זאגען אין פרק: כ ל י ש ר א ל י ש ל ה ם ח ל ק? אלא וואס דען? ס'איז גלאט איין עפידעמיע, א מין אונטערגאנג, רחמנא ליצלן, א שטורעמווינט, וואס געהט פארביי, — איז דאך אודאי ניטא וואס אראפצופאלען ביי זיך! דער שטורעמווינט וועט זיך איינשטילען, דער הימעל וועט זיך אויסלייטערען און עס וועט זיין ח ד ש י מ י נ ו כ ק ד ם. ווי זאגט דער גוי, להבדיל: „נע בולא או מיקיטע הראשע אי נע בודע"...

און כד הוה — אזוי איז געוועז איצט אויך, אז ס'איז געקומען צו מיר די הראמאדע פון דארף, ווי איך האב אייך, דאכט זיך, שוין געהאט דערצעהלט אמאל, און מיר אנגעזאגט די גוטע בשורה טובה, אז מען איז דאס געקומען צו מיר טהון, וואס מע טהוט מיט כל ישראל, דאס הייסט, מקיים זיין די מצוה פון „בעי זשידאוו". האב איך דאך מסתמא, ראשית חכמה, אויסגע'בטל'ט צו זייער קאפ אלע בייזע וויסטע חלומות, גענומען טענה'ן און פרעגען קשיות, ווי טביה קאן: סטייטש, ווי אזוי, און פאר וואס, און פאר ווען, און וואס איז דאס גלאט פאר א שטייגער אנפאלען אויף א מענ־טשען, זאג איך, אין מיטען העלען טאג און ארויסלאזען איהם די פעדערען פון די קישענס?...

מילא, טענות אהין, טענות אהער — איך זעה, ס'איז ארויס־געווארפען אלע מיינע רעד. כרוקעלע האט זיך איינגעשפארט.

זיי מוזען, זאגען זיי, יוצא זיין פאר נאטשאלסטווא. זיי האבען מורא, זאגען זיי, טאמער טראגט אן דער רוח א קנעפעל, א שווארץ־יאהר — לאז ער זעהען, זאגען זיי, אז זיי זענען לייטען־גלייך, ניט דורכגעלאזט א אידען גלאט אזוי, אהן א שום סימן פון א פאגראם. וואס פאר א פנים, זאגען זיי, וועלען זיי האבען ביי נאטשאלסטווא?... על־כן, זאגען זיי, איז געבליבען ביי הראמאדע, אז עפּיס טהון מיט מיר — דאס מוזען זיי!...

האב איך מיך מיישב געווען סאמע אין דער לעצטער מינוט: „ווייסט איהר וואס, זאג איך זיי, וויבאלד אז הראמאדע האט אזוי גע׳פסקנ׳ט, זאג איך, איז דאך ניט שייך. וואס קאן זיין העכער פון הראמאדע? נאר וואס דען, זאג איך, דאס ווייסט איהר, זאג איך, אז ס׳איז פארהאן א זאך, וואס ס׳איז נאך העכער פון הראמאדע?“... זאגען זיי: „דהיינו, וואס קאן נאך זיין העכער?“ זאג איך: „גאט. איך מיין ניט, זאג איך, אלהינו — נאש באג, אדער אלהיכם — וואש באג. איך מיין, זאג איך, א ל ה י נ ו ו א ל ה י א ב ו ת י נ ו — אונזער אלעמענס גאט... אט יענער, זאג איך, וואס האט באשאפען מיך און אייך, להבדיל, און אייער גאנצע הראמאדע — אט, זאג איך, וועמען איך מיין. איז ביי איהם, זאג איך, דארף מען א טאפ טהון, אויב ער וויל, אויב ער הייסט, איהר זאלט מיר שלעכטס טהון. ווארום עס קאן זיין, זאג איך, אז ער הייסט טאקי אזוי, און עס קאן ווידער צוריק זיין, אז ער וויל עס בשום אופן ואופן ניט. אי, ווי אזוי קאנען מיר עס וויסען? וועלען מיר ווארפען, זאג איך, גורל. אט, זאג איך, ליגט א תהלים פון גאט. איהר ווייסט דאך, זאג איך, וואס תהלים באדייט? ביי אונז הייסט עס תהלים, ביי אייך הייסט עס פסאלטיר. אט דער הייליגער פסאלטיר, זאג איך, וועט זיין צווישען אונז דער שופט, דער מיראוואי סודיא הייסט עס. ער, זאג איך, וועט פסק׳ענען, צי איהר דארפט מיך שלאגען, צי ניט“...

קוקען זיי זיך איבער ציקאווע, און איוואן פאפערילע דער סטאראסטע געהט ארויס פון אינמיטען און רופט זיך אן צו מיר:

„אשטייגער, זאגט ער, ווי אזוי וועט דאס דער הייליגער פסאלטיר פסק'ענען?"... זאג איך: „אז דו וועסט מיר געבען, איוואנו, דיין הן שלי און טאקי דיין האנד תקיעת־כף, אז הראמאדע וועט פאלגען אלץ, וואס דער תהלים וועט פסק'ענען, וועל איך דיר, זאג איך, דעמאלט באווייזען"... נעמט איוואן און ציהט מיר אויס א יד און מאכט צו מיר: „גערעדט איז גערעדט". „אויב אזוי, זאג איך, איז גוט. איצט, זאג איך, וועל איך אויפמישען אין תהלים א בלעטעל, און דאס ערשטע ווארט, זאג איך, וואס ס'וועט זיך מירווארפען אין די אויגען, וועל איך אייך זאגען, און איהר, זאג איך, וועט אזוי גוט און פרום זיין דאס מיר נאכזאגען. איז אויב, זאג איך, עמיצער פון אייך אט־דא וועט עס קאנען מיר נאכזאגען, איז א סימן, זאג איך, אז גאט הייסט, איהר זאלט טהון מיט טביה'ן, וואס איהר ווילט, און אויב, זאג איך, ניט, איז א סימן, אז גאט הייסט ניט... זענט איהר מסכים?" קוקט זיך איבער איוואן דער סטאראסטע מיט הראמאדע און מאכט צו מיר: „לאדנא". „אויב אזוי, זאג איך, און געב א עפען־אויף דאס תהלים'על פאר זיי, איז רעכט. אט, זאג איך, האט איהר עס: „ו ח ל ק ל ק ו ת"... קאנט איהר, זאג איך, זיך אונטערנעמען מיר נאכזאגען דאס ווארט „וחלקלקות"?"... קוקען זיי איינס אויף דאס אנדערע און אלע אויף מיר און הייסען זיך איבער'חזר'ען דאס ווארט נאך א מאל. זאג איך: „ביי מיר האט איהר גע'פועל'ט האטש דריי מאל, אויב איהר ווילט: „וחלקלקות! וחלקלקות! וחלקלקות!"... זאגען זיי: „נייז, טעוועל, דו זאג ניט: חאל־חאל־חאל! דו, זאגען זיי, זאג אונז מיט א מויל און מיט א טאלק און פאוואלינקע!" זאג איך: „אויך גע'פועל'ט! איך וועל אייך, זאג איך, זאגען מיט א מויל, און מיט א טאלק, און פאוואלינקע: ו־חלק־ל־קות! צו־פריעדען?"...

האט זיך היטשקע פארטראכט א ווייל, און האט זיך א נעם געטהאן צו דער ארבייט, איטליכער אויף זיין שטייגער: איינער האט א זאג געגעבען: „היידאמאקי". דער אנדערער: „לאמאקי".

ביי'ם דריטען איז שוין גאר אויסגעקומען: חייקאליא". וואס איז איהם עפיס געפעלען „חייקאליא"? נאך חיה־לאה נפתלי־גרשון דעם לומער'ס, וואס איז אנטלאפען אנאטעווקע. איך זעה, ס'איז א מעשה אהן איין עק, רוף איך מיך אן צו זיי: „איהר ווייסט, זאג איך, קינדער? איך זעה, אז די ארבייט, זאג איך, געהט ביי אייך צו שווערליך. אפנים, זאג איך, אז „וחלקלקות" איז ניט פאר אייער קאפ; וועל איך אייך געבען, זאג איך, איין אנדער ווארט, אויך פון אונזער תהלים: „ממעמקים"... „ממעמקים קראתיך"...

האט זיך דאך מסתמא ווידער א מאל אנגעהויבען די אייגענע חתונה: ביי איינעם איז דאס אויסגעקומען „לאחאנקא קעראסינא". ביי'ם צווייטען — „קריווליאקא בוזינא". דער דריטער האט גאר א שפיי געטהאן: „טפו! נעחאי טובי ליחא האדינא!"...

בקיצור, זיי האבען, אפנים, געזעהען, אז מיט טביה'ן וועלען זיי זיך ניט אויס'טענה'ן, רופט זיך אן צו מיר דער סטאראסטע, איוואן פאפערילע הייסט עס, בזה הלשון: „די מעשה, זאגט ער, דערפון איז אזוי. מיר האבען צו דיר, טעוועל, אייגענטליך, גאר־נישט ניט. דו ביזט טאקי א זשיד, נאר ניט קיין שלעכטער מענטש. איינס צום אנדערען אבער געהער זיך ניט אן — שלאגען דארף מען דיך. הראמאדע האט אזוי גע'פסק'ענט — פארפאלען. מיר וועלען דיר, זאגט ער, האטש אויסהאקען א פאר פענסטער. און פאר נויט, זאגט ער, קאנסט דו אליין זיך אויסהאקען א פאר שויבען — אבי פארשטאפען זיי דאס מויל, האפט זיי דער שווארצער יאהר! טאמער, זאגט ער, פאהרט דורך נאטשאלסטווא, לאזען זיי, זאגט ער, זעהען, אז מע האט דיך ניט דורכגעלאזט. אניט, זאגט ער, וועט מען איבער דיר אונז נאך שטראפירען... און אצינדערט, זאגט ער, טעוועל, שטעל דעם סאמאוואר און זיי אונז מכבד מיט טיי, און, פארשטעהט זיך, א האלב עמער בראנפען פאר הראמאדע, וועלען מיר נעמען צו גלעזלעך און טרינקען פאר דיין געזונט, ווארום דו ביזט, זאגט ער, א קלוגער איד, פון גאט'ס מענטשען"...

אט מיט די ווערטער און מיט דעם לשון, ווי איך דערצעהל אייך, גאט זאל מיר אזוי העלפען מיט אייך אינאיינעם בכל אשר אפנה!

נו, איצט פרעג איך אייך, פּאני שלום־עליכם, איהר זענט דאך עפּיס א איד, וואס קאטארי איהר שרייבט — איז שוין טביה גערעכט, וואס ער זאגט, אז מיר האבען א שטארקען גאט און אז א מענטש, כל־זמן ער לעבט, טאר ביי זיך קיינמאל ניט אראפּ־פאלען, ובפרט א איד, ובפרט אזעלכער, וואס איז ניט פרעמד פון אנשי שלומנו — פון די שווארצע פינטעלעך! ווארום נאך אלעמען, הערט איהר, קומט טאקי פארט אוים, ווי מיר זאגען אלע טאג אין דאווגען: אשרי יושבי — אז וואויל און אז גוט איז דעם, וואס קען. און ווי מיר זאלען זיך גיט קליגען און ווי מיר זאלען ניט ווערען גערן מיט אויבער־הסברות, מוזען מיר מודה זיין, אז מיר אידען זענען פארט דאס בעסטע און דאס קליגסטע פאלק פון אלע פעלקער, ווי דער נביא זאגט: מי כעמך ישראל גוי אחד — ווי קאן זיך גלייכען א גוי צו א אידען? א גוי איז א גוי, און א איד איז פארט א איד, ווי איהר אליין זאגט אין אייערע מעשה־ביכלעך, אז א איד באדארף מען זיין געבוירען... אשריך ישראל — אז וואויל איז צו מיר, וואס איך בין געבוירען געווארען א איד, ווייס איך דעם טעם פון גלות־יון און פון ארומשלעפּען זיך צווישען די פעלקער און פון ויסעו ויחנו — וואו געטאגט, דארט ניט גענעכטיגט, ווארום פון זינט מע האט מיט מיר געלערענט די סדרה „לך־לך“, — געדענקט איהר, איך האב אייך אמאל געהאט דערצעהלט ווענען דעם באריכות? — האלט איך נאך אלץ אין איין געהן, און איך ווייס ניט פון קיין מקום־מנוחה איך זאל קאנען זאגען: „אט־א־דא, טביה, בלייבסט דו זיצען“. טביה פרעגט ניט קיין קשיות. מע האט איהם געזאגט, ער זאל געהן — געהט ער... אט האבען מיר זיך היינט באגעגענט מיט אייך, פּאני שלום־עליכם, אט־דא, אויף דער באהן. מארגען קאן עס אונז פארטראגען קיין יעהופּעץ. איבער־א־יאהר קאן עס אונז פארשליידערען קיין אדעס, קיין ווארשא, אדער גאר קיין

אמעריקע — סיידען דער אויבערשטער זאָל זיך אַרומקוקען און זאָגען: „ווייסט איהר וואָס, קינדערלעך? איך וועל אייך גאָר אַראָפּברענגען משיח'ן!“... הלואי טהוט ער אונז דעם צו־להכעיס, דער אַלטער רבונו־של־עולם! דערווייל זייט מיר געזונט, פאָהרט געזונטערהייד און לאָזט געריסען אונזערע אידעלעך און זאָגט זיי דאָרטען, זיי זאָלען זיך ניט זאָרגען: אונזער אַלטער גאָט לעבט!...

# אינהאלט

# צו דער צווייטער אויפלאגע

מנחם־מענדעל איז נישט קיין העלד פון א ראמאן, און איבערהויפט נישט קיין אויסגעקלערטע פיגור. דאס איז נעבאך א איד פון א גאנץ יאהר, מיט וועלכען דער פערפאסער איז פערזענליך און נאהענט בעקענט. ער איז דורכגעגאנגען מיט איהם א שטיק לעבען פון כמעט צוואנציג יאהר. בעגעגענט זיך אינ׳ם יאהר 1892 אויף דער אדעסער „קליינער בערזע“, האבען מיר נאכדעם דורכגעמאכט האנד ביי האנד אלע שבעה מדורי גיהנם, אין יעהופעץ אויף דער בערזע, „געגאנגען“ מיט איהם קיין פעטערבורג און קיין ווארשא, אויסגעשטאנען א סך קריזיסען, זיך געווארפען מיט איהם פון איין פרנסה אויף דער אנדערער, און — אוי וועה! — נישט געפונען קיין גליק אין ערגיץ, געמוזט סוף־כל־סוף טהון דאס, וואס אלע אידען טהוען — עמיגרירען קיין אמעריקא. דארט, זאגט מען, מאכען אידען ניט שלעכט... דאס וועלען מיר זעהען פון זיינע שפעטעריגע בריעף פון אמעריקא.

דערוויל, ביז עפים וואס, האב איך צענויפגעזאמעלט אלע זיינע בריעף, וואס ער האט אין פערלויף פון די אכצעהן יאהר געשריבען אין פערשיעדענע צייטען, און גענדרוקט אין פערשיעדענע ערטער, צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל, ווי אויך די בריעף פון זיין ווייב צו איהם, און געמאכט פון זיי א בוך, מע קאן זאגען, כמעט א בריעפענשטעלער.

טאקי א בריעפענשטעלער, איינגעטיילט אין זעכס בעזונדערע אפטיילונגען, און דערביי געהאט א מיין: א איד א סוחר, אז ער

## II.

וועט וועלען שרייבען א בריעף צו זיין ווייב, למשל, פון אדעס — זאל ער זוכען אינ'ם ערשטען בוך „לאנדאן". א שפעקולאנט אויף דער בערזע פון יקנה"ז, פון אקציעס וכדומה אזעלכע סחורות — וועט געפינען א מוסטער אינ'ם צווייטען בוך „פאפיערלעך", אדער אינ'ם דריטען בוך „מיליאנען". א איד א מעקלער, א שדכן, אדער איין אגענט — לאז זוכען ווייטער. מיט איינעם ווארט — יעדער וועט זיך געפינען זיינס. און אזוי ווי אידישע געשעפטען זענען, ברוך השם, אומעדום אלץ איינס, דאס הייסט, הויבען זיי זיך אן, דאכט זיך, גאנץ נישקשה'דיג, מיט אזוי פיעל בטחון און גלענצענדע האפענונגען, און אויסלאזען לאזען זיי זיך אוים, צום מיינסטען, מיט שלים־שלים־מזל, ווי ביי מיין מנחם־מענדלען, לכן בעדארף מען לאנג ניט הארעווען ביי'ם צענויפשטעלען א בריעף. מע קאן איהם נעמען גלייך, ווי ער שטעהט און געהט. און טאמער וועט זיך געפינען איינער פון טויזענד, וואס די געשעפטען זיינע געהען איהם דערווייל גוט, קאן ער זיכער זיין, אז ס'איז ניט אויף לאנג. אלץ, וואס איז געבויעט אויף לופט און אויף ווינט, מוז סוף־כל־סוף פאלען. שטארק אנגעלעגט איז דאס ניט. דערפאר איז דאס אבער אמת, און דעם אמת האבען דאך אלע מענשען ליעב...

ביי'ם צענויפשטעלען די בריעף צו דער צווייטער אויפלאגע, האב איך א סך בריוולעך שטארק פערקירצט און א סך בריוולעך גאר ארויסגעווארפען. אנגעווארען דערביי האבען נאר די זעצערס, ווייטער קיינער נישט. דער מחבר פון דעם בוך געהט מיט דעם גאנג, אז א ווערק, וואס ס'איז קירצער, איז דאס אלץ בעסער. די וואס וועלען געפינען, אז ס'איז נאך א ביסעל צו לאנג, קאנען זיכער זיין, אז, אם ירצה השם, ביי די ווייטעריגע אויפלאגען זאל דאס ווערען אלע מאל קירצער און קירצער, ביז עס וועט קומען צום רעכטען אידעאל: **„צו ניט זאגען קומט דאס ניט"...**

**שלום־עליכם.**

נערווי (איטאליא), ערב חנוכה תר"ע.

# לאָנדאָן

(אדעסער בערזע).

---

## I.

מנחם־מענדעל פון אדעס צו זיין וייב שיינה־שיינדעל אין כתריעלוקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי'.

ראשית באתי להודיעך, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פונ'ם אנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

והשנית זיי וויסען, אז איך בין גאָר ניט אימשטאַנד דיר צו בעשרייבען די שטאָדט אדעס, ווי גרויס און שען זי איז, און די מענשען די היגע מיט זייערע גוטע כאַראַקטערען, און די גאָלדענע געשעפטען, וואָס מע קאָן דאָ מאַכען. שטעל דיר פאָר, איך געה מיר ארויס מיט'ן שטעקעל אין גרעצק אריין, אזוי הייסט דאָ אין אדעס די גאַס, וואו אידען האנדלען, האָב איך צוואַנציג טויזענד געשעפטלעך: וויל איך ווייץ — איז ווייץ, קלייען — איז קלייען, וואָל — איז וואָל, מעהל, זאַלץ, פעדערען, ראָזינקעס, זעק, הערינג — הכלל, וואָס אַ מויל קאָן אויסרעדען געפינסט דו דאָ אין דעם אדעס. איך האָב לכתחילה אפילו אָנגעשמעקט אַ צוויי־דריי גוטע געשעפטלעך, נאָר עס איז מיר אַלץ ניט געווען צום הארצען. האָב איך מיך אזוי לאַנג ארומגעדרעהט אין גרעצק, ביז איך האָב מיך פאָרט צוגעשלאָגען צו עפּיס רעכטס, היינו: איך האַנדעל מיט „לאָנדאָן" און פערדיען דערביי גאָר נישקשה־דיג! מע האפּט

א מאָל א כּף־הא׳ער, א מאָל א פּופּציגער, און א מאָל, אז עס געראָט, א הונדערטער אויך. הכּלל, דאָס „לאָנדאָן“ איז אזא מסחר, וואָס מע קאָן דערביי גליקליך ווערען אין איין טאָג. אָט איז ניט לאַנג ארויסגעקומען אהער איינער, עפּיס א שמש, און האָט געהאַפּט אין איין שמע־ישראל דרייסיג טויזענד, און האָרכט זיי היינט אלע־מען מיט׳ן קאָטער. איך זאָג דיר, זוגתי היקרה, ממש עס וואַלגערט זיך דאָ געלט אין די גאסען! איך האָב, ברוך השם, קיין חרטה ניט, וואָס איך בין אראָפּגעפאָהרען אהער קיין אדעס. ווערסט דו דאָך פרעגען: ווי קום איך קיין אדעס, אז געפאָהרען בין איך גאָר קיין קעשענעוו? אפנים, אז ס׳איז מיר בעשערט פון גאָט, איך זאָל פערדיענען גראָבע עטליכע קערבלעך! אָט ווערסט דו הערען, ווי אזוי דער אויבערשטער פיהרט מיט א מענשען.

אז איך בין געקומען קיין קעשענעוו צום פעטער מנשה אָפּ־נעמען דאָס נדן, פרעגט ער מיך: וואָס בעדאַרף איך דאָס נדן? זאָג איך: מסתמא דאַרף איך; איך זאָל ניט דאַרפען, וואָלט איך ניט קומען. זאָגט ער, אז קיין מזומן געלד האָט ער איצט ניט, ער קאָן מיר, זאָגט ער, געבען איין אָנווייזונג צו בראָצקי׳ן קיין יעהופּעץ. זאָג איך: לאָז זיין קיין יעהופּעץ, אבי געלד. זאָגט ער: ער ווייסט ניט, צי אין יעהופּעץ איז איצטער דאָ געלד. ער קאָן מיר געבען, זאָגט ער, איין אָנווייזונג צו באַכראַכ׳ען קיין ווארשאָ. זאָג איך: לאָז זיין קיין ווארשאָ, אבי געלד. זאָגט ער: וואָס טויג דיר װארשאָ? ווארשאָ איז ווייט. אויב איך וויל, קאָן ער מיר געבען, זאָגט ער, איין אָנווייזונג צו בארבאש׳ען קיין אדעס. זאָג איך: לאָז זיין אדעס, אבי געלד. זאָגט ער מיר נאָך א מאָל: אויף וואָס דאַרפסט דו אזוי געלד? זאָג איך איהם: מסתמא דאַרף איך; איך זאָל ניט דאַרפען, וואָלט איך ניט קומען. בקיצור, ער דרעהט זיך אהין־אהער, עס האָט איהם אָבער געהאָלפען, ווי א טוידטען באַנקעס; איך, אז איך זאָג געלד, איז געלד! געהט ער און נעמט ארויס צוויי וועכסעלעך צו ת״ק קערבלעך אויף סך־הכּל פינף חדשים, און אויף שי״ן קערבלעך גיט ער מיר איין אָנווייזונג צו

באַרבאַש'ען קיין אַדעס, און דאָס איבעריגע גיט ער מיר מזומן, — וועט מיר זיין, זאָגט ער, צו־שטייער אויף דער הוצאה. און מחמת איך האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ'ם אַנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באַריכות. זיי געזונד און לאָז גריסען שווער און שוויגער און די קינדערלעך זאָלען לעבען, איטליכען בעזונדער גאָר פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר ש כ ח ת י. אַז איך בין געקומען מיט דער אַנווייזונג צו באַרבאַש'ען, זאָגט מען מיר, אַז די אַנווייזונג איז גאָרניט קיין אַנווייזונג. וואָס דען איז דאָס? ס'איז אַ סוכה־שער! לאָז פריהער אָנקומען, זאָגען זיי, פון אייער פעטער מנשה דער וואַגאָן ווייץ, און לאָז מען אָקאָרשט די ווייץ פערקויפען, וועט מען אייך דעמאָלט געבען געלד. אַ שענע מעשה, נאָר אַ קורצע! האָב איך באַלד אַוועקגעשריבען קיין קעשענעוו איין אָטקריטקע, און האָב איהם געשריבען, אַז טאָמער שיקט ער ניט אַרויס תיכף ומיד די ווייץ, וועל איך איהם קלאַפּען אַ דעפּעש. בקיצור, אַ שרייב אַהער, אַ שרייב אַהין — איך בין אַרומגעגאַנגען אין איינע יסורים. און ערשט נעכטען איז מיר אָנגעקומען פון קעשענעוו אַ מזומנ'ער הונ־דערטער און אויף רי"ש קערבלעך אַ וועכסעלע. אַצינד פערשטעהסט דו שוין, פאַר וואָס איך האָב דיר די גאַנצע צייט ניט געשריבען? איך האָב גערעכענט, אַז די שי"ן קערבלעך זענען לעזאזל. דערפון זעהט מען אַרויס, אַז אַ מענש טאָר ניט איבערטראַכטען אויפ'ן ערגסטען. ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, וואָס פיהרט אויס. איך האָב דאָס גאַנצע ביסעל מזומנ'ס אַריינגעבראַקט אין „לאָנדאָן" אַריין, איינגעהאַנדעלט אַ רעמעל סחורה, „האָסלעך" און „בעסלעך", און דאַנקען השם יתברך — מע זאָגט, אַז ס'איז שוין דאָ ריוח!

הנ"ל.

## II.

שיינה־שיינדעל פון כתרילעווקע צו איהר מאן מנחם־מענדעל אין אדעס.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ערשטענס קום איך דיר צו מעלדען, אז מיר זענען אלע גאט צו דאנקען אין בעסטען געזונד, געב גאט דאס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטענס שרייב איך דיר, אז עס האט זיך מיר ווידער אנגערופען די אמאליגע ספאזמע, אויף דיין פעטער מנשה געזאגט געווארען, וואס האט דיר געמאכט אזא שענעם מחק פון די פופ־צעהנהונדערט קרעפלעך נדן, אזא יאהר, אזא מזל! ווי זאגט די מאמע מיינע זאל לעבען: „געשיקט דורך דער קאץ שלח־מנות"... וועכסעלעך וואלט איך ביי איהם נעמען! קרענק וואלט איך ביי איהם נעמען! קדחת אויף פינף חדשים! הערסט דו, הלוואי איך זאל ליגען זאגען, נאר כ'האב מורא, דו וועסט די איבעריגע קערב־לעך נישט אנקוקען, ווי דו קוקסט ניט אן די אויהערען דיינע, וואס דו האסט זיי פערטראגען אזש אהין קיין אדעס. דיין גליק, וואס די מאמע ווייסט ניט פון קיין וועכסעלעך; עס וואלט זיך געטהאן חושך! און דאס, מענדעל, וואס דו שרייבסט, אז דו פערדיענסט, דאנקען גאט, געלה, איז ביי אונז אלעמען אוודאי זעהר אנגעלעגט. נאר וואס דען? האב דיר אכציג שווארצע יאהר, מיינע שונאים, אז דו שרייבסט שוין יא, שרייב זשע ווי א מענש! פאר וואס זאלסט דו ניט ארויסשרייבען אקוראט, וואס איז דאס פאר א מין סחורה אט דאס, וואס דו האנדעלסט מיט דעם? ווי טייער לייזט מען דאס איין ארשין? צי אפשר פערקויפט זיך עס אויף דער

וואָג? פרעג מיך בחרם וואָס דאָס איז, און מיט וואָס מע עסט דאָס! היינט פערשטעה איך ניט, דו זאָגסט, אז אָט האָסט דו איינגעקויפט סחורה, און אָט איז שוין דאָ ריוח. וואָס איז דאָס פאר א מין סחורה, וואָס וואַכסט ביי דיר אזוי גע׳שמעיה׳דיג? „פעטשעריצעס, זאָגט די מאַמע, בעדאַרפען אויך א רעגען!“... און אז ס׳איז דאָ ריוח, פאַר וואָס פערקויפסט דו ניט? אויף וואָס וואַרטסט דו? אויף א יקרות? און פאַר וואָס שרייבסט דו ניט, וואו דו שטעהסט איין און וואָס עסט דו? עפּיס גלייך, ווי איך וואָלט דיר זיין א פרעמדע, ניט קיין ווייב ביז הונדערט צוואַנציג יאָהר, נאָר עפּיס א פּאָליובאָווניצע, להבדיל, ווי זאָגט די מאַמע זאָל לעבען: „אז א קוה געהט אוועק אין טשערעדע, פערגעסט זי דעם זיי־געזונד“. מיר דאַכט, דו זאָלסט מיך וועלען פאָלגען, וואָלסט דו געזעהען אויסהאַנדלען זיך וואָס גיכער און קומען בעסער אַהיים מיט׳ן ביסעל מזומנ׳ס, וועסט דו דיר געפינען שענערע געשעפטען, ווי אָט דאָס דאָזיגע... איך זאָל אזוי וויסען פון קרחת, ווי איך וויים ווי מע רופט עס! און זיי געזונד, ווי עס ווינשט דיר פון טיעפען הארצען

דיין באמת געטרייע פרוי שיינה־שיינדעל.

## III.

מנחם־מענדעל פון אדעס צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתריליעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי'.

ראשית באתי להודיעך, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פונ'ם אנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

והשנית זיי וויסען, אז עס איז מיר קיין חידוש ניט, וואָס דו פערשטעהסט ניט דעם שכל פון „לאָנדאָן", וואָרום אז ווי באַלד אידען סוחרים, אידען מיט בערד, ווייסען ניט ווער עס האָט זיי געשלייערט, הייגט לא כל־שכן אַ אידינע! על כן וועל איך דיר קלאָר מאַכען, זאָלסט פערשטעהן דאָס געשעפט אַקוראַט. הנה זיי וויסען, אז דאָס „לאָנדאָן" גופא איז איין איידעלע מאַטעריע. פער־קויפען פערקויפט זיך עס אויפ'ן וואָרט, און זעהן זעהט מען דאָס ניט. אַלע מינוט בייט זיך עס: אַט איז דאָס טייער, אַט איז דאָס וואָלוועל, אַט איז „האָס", אַט איז „בעס", דאָס הייסט, דאָס קערבעל דאַרט אין בערלין אָדער עס הויבט זיך, אָדער עס פאַלט, עס ווענדט זיך אין בערלין; ווי אַזוי בערלין זאָגט, אַזוי איז דאָס. עס לויפען די קורסען אויף און אָפּ משוגענערווייז, עס פליהען דע־פעשען אַהין און צוריק, און אידען לויפען אַרום ווי אויף אַ יריד, מאַכען געשעפטען און ווערען גליקליך, און איך אויך בתוכם. עס איז אַ טומעל, אַ בהלה, מע קאָן דאָ פערדולט ווערען. אַט, למשל, האָב איך נעכטען געמאַכט אַ „סטאַלאַזש", מיך געקאָסט אַ פופ־ציגער, איז ער היינט אין דער פריה, פונקט זייגער צוועלף, אויסגע־

רונען געוואָרען. נאָר דו ווייסט דאָך ניט מסתמא, וואָס הייסט „מאַ־
כען אַ סטאַלאַזש", — בעדאַרף מען דיר געבען צו פערשטעהן. למשל,
מע גיט אַוועק אַ פופציגער פאַר אַ טאָג, און יענער „שטעלט אַ
קורס", קאָנסט דו דיר מאַכען פונ'ם „סטאַלאַזש" „צוויי זייטען",
היינו: צוויי „בעסען", אָדער צוויי „האָסען", אָדער גאָר בלייבען
שטעהן און פערקויפען יענעם אַ „בלינדערעכט" ביז נאָך „שלום"
(„שלום" הייסט ביי אונז אין אָדעס פאַר־נאַכט, ווי ביי אייך בין
מנחה למעריב). איז ווי באַלד דער קורס „שטעהט אָפּ", איז כפּרה
דער גאַנצער פופציגער — הייסט דאָס געמאַכט אַ „סטאַלאַזש".
זאָלסט אָבער גאָר קיין יסורים ניט האָבען, זוגתי היקרה! דער־
לעגען אַ פופציגער איז דאָ פון די קלייניגקייטען. השם יתברך וועט
העלפען, עס וועט „אַוועקגעהן די רעכטע זייט", וועל איך, אם ירצה
השם, פערדיענען געלד, און אַ סך! און וואָס דו זאָגסט מכח דעם
פעטער מנשה'ס וועכסעלעך, האָסט דו אַ גרויסען טעות. דער גוטער
יאָהר האָט איהם ניט גענומען, ער איז נאָך אַ שענער בטוח! לאָם
איך נאָר וועלען אַראָפּגעבען אַ „סקידקעלע", קאָן איך זיי פערצור־
קערען. נאָר איך וויל נישט. איך זאָל דאַרפען געלד, האָב איך
גענוג: איך קאָן פערהאַנדלען אַ פּאָר „האָסלעך", אָדער אַ פּאָר
„בעסלעך". נאָר איך בין קיין בעלן ניט דערויף. איך קאָן בע־
שטעהן בעסער צו קויפען נאָך אַ „סטאַלאַזש". וואָס מעהר „סטאַ־
לאַזשען" איז אַלץ בעסער. אַז מע לעגט זיך שלאָפען מיט אַ „סטאַ־
לאַזש", שלאָפט זיך גאָר אַנדערש! און מחמת איך האָב קיין צייט
ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ'ם אַנדערען בריעף
וועל איך דיר אָרויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לעת־עתה לאָז גאָט
געבען מיט געזונד און מיט הצלחה.

ממני בעלך מ נ ח ם - מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר ש כ ח ת י. וואָס דו פרעגסט מיך, וואו איך שטעה
איין און וואָס איך עס, שרייב איך דיר, זוגתי היקרה, איך ווייס

אליין ניט אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך בין. די שטאָדט אַדעם איז אונגעהייער גרויס, און אַלסדינג קאָסט דאָ טייער, און די הייזער זענען דאָ הויך ביז'ן הימעל, מע דאַרף קלעטערען אויף אייזערנע טרעפּ אַ האַלבע שעה, ביז מע קומט אַהיים, אַזש אונטער'ן הימעל, און אַ פענסטערעל איז אַ קליינס, ווי אין אַ טורמע. איך בין זיך מחיה, אַז ס'ווערד טאָג און איך קאָן מיך אַרויסהאַפּען פון דער טורמע אַהין אין גרעצק אריין, און דאָרטען טאַקי עס איך שטעהענדיג, דאָס הייסט, מע חאַפּט איבער וואָס גאָט גיט, וואָרום ווער האָט צייט זיך אָוועקזעצען עסען, אַז מע דאַרף אַלע מינוט געוואָהר ווערען די קורסען פון בערלין? דערפאַר איז דאָ פרוכטען בזיל הזול. וויינטרויבען עסט מען דאָ נישט ווי ביי אייך אין כתריל'עווקע ראש השנה אויף שהחיינו, — דאָ עסט מען וויינ־טרויבען אַלע טאָג, און אין מיטען גאַס, מע שעמט זיך גאָר ניט.

הנ"ל.

## IV.

שיינה־שיינדעל פון כתריל־עווקע צו איהר מאן מנחם־מענדעל אין אדעס.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר״ר מנחם־מענדעל נ״י.

ע ר ש ט ע נ ס קום איך דיר צו מעלדען, אז מיר זענען אלע גאט צו דאנקען אין בעסטען געזונד, געב גאט דאס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צ ו ו י י ט ע נ ס שרייב איך דיר, אז איך האב דיך אנגעקוקט טאקי נאר ווי א משוגענעם! לאם איך אזוי וויסען, אויף א פולער וואך ניט אויסגערעדט זאל זיין, פון דער שטאדט אדעס, ווי איך הויב אפילו אן צו וויסען, וואס דו פלאפעלסט מיר אין דעם בריעף „העם" און „באס" און „דעלעזשאנס", דער שווארצער יאהר וייסט אייך דארטען! עם פליהען ביי דיר פופציגערס, ווי האלעשקעס, עפּיס איז ביי דיר דארטען געלט — שמעלט, הפקר ציבעלעס! אוודאי קאן מען געהן אין גאלד ביי אזעלכע פרנסות! איך פערשטעה ניט, האטש נעם מיר אראפּ דעם קאפּ, וואס איז דאס פאר א מין סחורה, וואס מע זעהט זי ניט? א קאץ אין א זאק!?... הערסט דו, מענדעל? מיר געפעלט דאס ניט. איך בין ביי מיין טאטען נישט געפּרובט געווארען צו אזעלכע לופטיגע פרנסות, לאז מיך גאט היטען אויף ווייטער אויך. ווי זאגט די מאמע זאל לעבען: „פון לופט האפּט מען א פערקיהלונג"... דו שרייבסט: „אז מע לעגט זיך שלאפען מיט א דעלעזשאנס, שלאפט זיך גאר בעסער"... ווער לעגט זיך עם שלאפען מיט א דעלעזשאנס? עפּיס מאדנע דבורים, טערקיש לשון! און וואס דו שרייבסט מיר, אז דו קאנסט פערצו־קערען דעם פעטער מנשה'ס וועכסעלעך, איז טאמער וועל איך אין

דעם נ י ט גלויבען, וועל איך אויך ניט זיין קיין אפיקורס'טע, ווי די מאמע זאגט: „גלויב נישט ביז דו צעהלסט ניט איבער"... ווייסט דו וואס, מענדעל? פאלג מיך, א ווייב, טהו א שפיי אויף דעם אדעס, און קום בעסער צו פאהרען אהיים, קיין כתרילעווקע. פופצעהנהונדערט קערבלעך האסט דו, א דירה גיט אונז דער טאטע זאל לעבען, קלייטען פערדינגען זיך, היינט וואס פעהלט דיר נאך? צו וואס בעדארף איך ליגען ביי יענעם אין מויל, און שונאים זאלען מומלען, אז דו האסט זיך אוועקגעלאזט קיין אדעס און מיך האסט דו אוועקגעווארפען, ניט דערלעבען זאלסט דו דאס! דערווייל מעג נאך דיין אדעס זיין די כפרה פאר אונזער כתרילעווקע מיט אלע דיינע הויכע מויערען מיט די אייזערנע טרעפ. וואס מע דארף זיך דראפען אויף זיי משוגענערווייז! טאקי כדאי צוליעב דעם זיך קאלי מאכען דעם מאגען, — וואס איז? ס'איז א זול אויף ווייג־טרויבען! וויינטרויבען דארף מען פרעסען, פלוימען איז ביטער? ס'איז ביי אונז היינט א געראטען אויף פלוימען, א גילדען איין עמער! נאר עס געהט דיר שטארק אן וואס ביי אונז אין דער היים טהוט זיך. דו פרעגסט אפילו ניט אויף די קינדער, וואס זיי מאכען. האסט שוין גאר פערגעסען, אז דו ביזט א טאטע פון דריי קינ־דערלעך זאלען געזונד זיין, ווי זאגט די מאמע: „דאלי אטשע, דאלי סערדצע"... אזא מכה זאל זיך דיר זעצען, ווי זי איז גערעכט! דערווייל בלייב געזונד און פיעל גליקליך, ווי עס ווינשט דיר

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה - ש י י נ ד ע ל.

## V.

מנחם־מענדעל פון אדעס צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי׳.

ר א ש י ת באתי להודיעך, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פונ׳ם אנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת זיי וויסען, אז עס געהט אצינד אַ מורא׳דיגער „בעס“, האָב איך מיך אָנגעקויפט מיט „לאָנדאָן“ ווי אַ פויק, און איך האָב מיך בעוואָהרענט מיט זיעבעצעהן „בעסען“ און מיט אַכט „סטאַלאַזשען“. היינט בעדאַרף איך אָפּנעמען „דיפערענצען“ עט־ליכע הונדערט קערבלעך, וועל איך, אם ירצה השם, ווייטער מאַכען „בעסען“. זאָלסט אָנקוקען, זוגתי היקרה, ווי אַזוי עס ווערען דאָ געמאַכט געשעפטען אויפ׳ן וואָרט. וואָלסט דו פערשטאַנען, וואָס הייסט אדעס; אַ שאָקעל מיט׳ן קאָפּ איז דאָ פונקט ווי געמאַכט אַ קאָנטראַקט. איך געה מיר אַרויס אין ג ר ע צ ק, קום אַריין אין אַ „קאַפיי“, זעץ מיך אַנידער ביי אַ טישעל און שאַף מיר אַ גלעזעל טיי, צי קאַווע, צי עפּיס אַנדערש; קומט צו געהן איין מעקלער, דער אַנדערער, דער דריטער; מע דאַרף נישט האָבען נישט קיין קאָנטראַקט, נישט קיין קוויטעל, קיין איינגעטונקענע פּען אפילו! יעדער מעקלער האָט ביי זיך אַ ביכעלע מיט אַ שטיפטעל, נעמט ער אַרויס דאָס ביכעלע און פערשרייבט, אַז איך האָב ביי איהם צוויי „בעסען“, און איך נעם אַרויס און צאָהל איהם אָפּ די עטליכע קערבלעך — מחיה! און שפּעטער מיט אַ פּאָר שעה, אַז גאָט הייסט, מע ווערד געוואָהר דאָס „טאַקסירעכץ“ פון בערלין, קומט צו לויפען

טאקי דער אייגענער מעקלער און גיט שוין א פינפאונצוואנציגער פון אויבען, און נאך שפעטער, אז מע ווייסט שוין „אנפאנג" אויך, שטופט ער א פופציגער, און אז גאט וויל צו „שלום", וואכסט אן א גאנצער הונדערטער, און א מאל קאן געמאהלט זיין, אז טאקי צוויי הונדערט, און א מאל דריי הונדערט אויך, פאר וואס ניט? דערויף איז דאך עס א בערזע! א בערזע איז א שפיעל, א גליק־זאך. און וואס דו שרייבסט מיר, אז דו גלויבסט נישט אינ'ם פעטער מנשה'ס וועכסעלעך, קאן איך דיר אנזאגען א בשורה, אז איך האב זיי שוין פערצוקערט. א סימן האסט דו: וואו האב איך גענומען געלד אויף אזוי פיעל „בעסען" מיט אזוי פיעל „סטאלאזשען"? „סטאלאזשען" איז ניט, ווי דו רופט עס אן, „דעלעזשאנסען". דעלעזשאנסען איז דאס, וואס מע פאהרט אויף דעם קיין ראדא־מישל און קיין זשיטאמיר, און „סטאלאזש" איז א שטיקעל פא־פיער, וואס יענער שרייבט אן און חתמ'עט זיך אונטער, אז ס'וועט קומען „אולטימא", דאס הייסט סוף חודש, איז ער מחויב אזוי פיעל און אזוי פיעל פונטען צו דעם און דעם קורס דיר געבען און ביי דיר נעמען. די ברירה, הייסט עס, איז ביי דיר, וואס דו ווילסט — דאס טהוסט דו: ווילסט דו, גיסט דו, ווילסט דו, נעמסט דו. היינט פערשטעהסט דו שוין דעם שכל פון „סטאלאזש"? ווען גאט העלפט רעכטע „וואריאציעס" אויף „לאנדאן", און מע טהוט, למשל, א שמועס אויף די בלעטער מכח מלחמה, פאלט דאס רוסישע קער־בעל אראפ אין דער ערד אריין, און דאס „לאנדאן" טהוט זיך מיט א מאל א רוק, אז מע דערקענט נישט דעם פלאץ. אט האט מען געשמועסט יענע וואך פון דער איינגעלשער מלכה, אז זי איז עפים נישט אין בעסטען געזונד, איז באלד געפאלען דאס רוסישע קערבעל, און „סטאלאזשען" האבען זיך געגעבען א הויב־אויף העכער הייזער! איצט שרייבען די גאזעטען, אז ס'איז איהר בעסער, האט זיך דאס רוסישע קערבעל אויפגעהויבען, און מע קאן שוין קויפען „סטאלא־זשען" וויפיעל מע וויל. הכלל, זאלסט גאר ניט זארגען, זוגתי היקרה, עס וועט, אם ירצה השם, זיין אלסדינג, ווי מע זאגט ביי

אונז אין אַדעס, „אין בעסטען אָרדענונג“! און מחמת איך האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אין די שפּעטעריגע בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלס־דינג באריכות. לעת־עתה זאָל גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. און לאָז גריסען די קינדערלעך זאָלען לעבען און אַלעמען גאָר פריינדליך.

ממני בעלך מנחם־מענדעל.

עיקר שכחתי. ביי אונז אין אַדעס זענען די היצען אַזוי גרויס, אַז מע ווערד פערברענט, און ביי נאַכט ווערד מען צעגאַנגען, אַזוי ווי וואַקס. דעריבער אַז סע קומט פאַר־נאַכט, ווערד די שטאָדט פוסט. דער עולם צעפאָהרט זיך אויף די פאָנטאַנען, אויפ׳ן גרויסען פאָנטאַן, אָדער אויפ׳ן קליינעם פאָנטאַן, אָדער גאָר אויפ׳ן „לאַנד־זשעראָן“. דאָרטען קריגסט דו וואָס דו ווילסט, וואָס דיין הארץ גלוסט, און קאָנסט זיך באָדען אין ים, און קאָנסט הערען מוזיק, און דוקא אומזיסט, אָהן אַ גראָשען געלד!

הנ״ל.

## VI.

שיינה־שיינדעל פון כתרילעווקע צו איהר מאן מנחם־מענדעל אין יעהופעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ערשטענס קום איך דיר צו מעלדען, אז מיר זענען אלע גאט צו דאנקען אין בעסטען געזונד, געב גאט דאס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטענס שרייב איך דיר, אז איך האב שוין ווידער צו טהון מיט די צייהן, אויף דיינע אדעסער „דראנזשיקעס" געזאגט געווארען. איך דארף זיך רייסען דא אויף די צייהן און מוטשען מיט די קינדער זיינע, און ער — גארניט, לעבט זיך אפ, ווי גאט אין אדעס, פאהרט ארום רייטענדיג אויף „דראנזשיקעס", באדט זיך אין „קאראטקי וויק" און כלי־זמר שפיעלען איהם צו. וואס פעהלט איהם, אשטייגער? ווי זאגט די מאמע: „רייטענדיג וואלט ער געפאהרען ביי מיר אויף א בעזעם, ניט אויף קיין דראנזשי־קעס!"... ממה נפשך, ביזט דו א סוחר און האנדעלסט מיט דער שענער סחורה דארטען, וואס מע רופט זי „לאנדאן", טא האב אין זינען מסחר, ניט די איינגעלשע מלכה. האב בעסער אין זינען דיין ווייב, האסט א ווייב ביז הונדערט צוואנציג יאהר מיט קינ־דערלעך דריי, זאלען געזונד זיין, ווי זאגט די מאמע: „האב אין זינען זיך, וועסט דו פערגעסען אין יענעם"... און וואס דו שרייבסט מיר פון דיינע גליקען, זאג איך דיר דעם אמת, עס דרעהט זיך מיר אזש דער קאפ! עס גלויבט זיך מיר עפּים ניט, חאטש קוילע מיך, אז אט אזוי פליהען דאס הונדערטערם גלייך אין די הענד אריין! וואס איז דאס פאר א מין כשוף דארטען, א פערבלענדעניש, צי

וואָס? זעה נאָר, אז פון די אַלע גדולות זאָלסט דו חלילה דאָס נדן־געלד נישט אָנריהרען, וואָרום טאָמער ווערד געמינערט אַ גראָשען פונ'ם נדן, וועט דיר דעמאָלט מעהר נישט אָפּגעהן פון דער מאַמע זאָל לעבען!... ער זאָל זיך עס אפילו דערמאָנען, מיר דאַכט, דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך בעדאַרף האָבען אַ זיידען מענטעלע ווי אין לעבען אַריין, און וואָלענס אויף אַ קלייד, און אַ צוויי שטיקלעך מאַראָזעוו'ס זאָנע. אַ מינדסטע נאַרישקייט בעדאַרף איך איהם אָנזאָגען, אַליין ווייסט ער נעבאַך נים, דער מוח איז איהם אויסגעדאַרט געוואָרען, ווי די מאַמע זאָגט: „ווער סע שטויסט זיך ניט אַליין, דעם גיט מען אין זייט אַריין"... ווי עס ווינשט דיר פון טיעפען האַרצען

דיין באמת געטרייע פרוי שיינה־שיינדעל.

## VII.

מנחם־מענדעל פֿון אַדעס צו זײַן װײַב שײנה־שײנדעל אין כתרילעװקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שײנה־שײנדעל שתחי'.

ראשית באתי להודיעך, אַז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפֿען, מע זאָל תמיד האָרכען אײנס פֿונ'ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

והשנית זײ װיסען, אַז איך האַלט שױן װײַט, הײנו, איך האָב מיך גוט אַרײַנגעחאַפּט אין „בעס" אַרײַן און גײ שױן אַצינד מיט „פּעסט־לאָנדאָן", דאָס הײסט, איך טהו שױן אַ געב אָדער אַ נעם מיט אַ מאָל צעהן טױזענד פֿונט, צװאַנציג טױזענד פֿונט, נאַטירליך, מיט אַ „דעפּאָ". איך האָב שױן גרױס קענטשאַפֿט אין די קאַנטאָרען, און עס קאָמפּענירט מיר שױן זיצען בײַ פֿאַנקאָני'ן אין דער קאַפֿײ גלײַך מיט אַלע גרױסע שפּעגעלאַנטען בײַ װײַסע טישלעך פֿון מירמעלשטײן, און הײס זיך געבען אַ פּאָרציע מאַראָזשענע, מחמת בײַ אונז אין אַדעס איז אַ מנהג, װי באַלד מע זעצט זיך נאָר אַנידער, אַזױ קומט צו אַ מענש מיט אַ פֿראַק און הײסט, מע זאָל הײסען געבען מאַראָזשענע. קאָן מען ניט זײַן קײן דבר־אחר און מע מוז הײסען געבען; און אַז מע עסט אױף די פּאָרציע מאַראָזשענע, הײסט ער, מע זאָל הײסען געבען נאָך אַ פּאָרציע, און אַז ניט, טאָר מען ניט זיצען און מע בעדאַרף זיך אַרומדרעהען אױף דער גאַס, איז עפּיס ניט שען פֿאַר אַ שפּעגעלאַנט, און אַגב שטעהט דאָרט אַ גאָראָדאָװאָי און לאָקערט, מע זאָל זיך ניט אַרומדרעהען אױף דער גאַס... אידען בעדאַרפֿען דאָך אָבער זיך יאָ אַרומדרעהען, קליגען זײ זיך מיט איהם, נאַרען איהם

אַפּ, אַנטלויפֿען, בעהאַלטען זיך אוים ווי ווייט מעגליך, און אַז ער
חאַפּט איינעם, טראָגט ער איהם אַפּ, ווי איין אבן־טוב, גלייך אין
אוטשאַסטאָק אריין, ווי איינער רעדט: „אַט האָב איך אייך גע־
בראַכט אַ אידען"... און וואָס דו שרייבסט מיר, אַז דו גלויבסט
ניט אין גרויסע „וואַריאַציעס" מיט „דיפערענצען", איז אַ סימן,
אַז דו ביזט שוואַך אין פּאָליטיקע. אַט, למשל, זיצט איינער ביי
אונז אין קאַפֿיי, ביי פֿאַנקאָני'ן, רופֿט מען איהם „גאַמבעטע", טאָג
ווי נאַכט רעדט ער פון פּאָליטיקע און נאָר פון פּאָליטיקע! ער
בעווייזט אוים מיט טויזענד ראיות, אַז סע שמעקט מיט מלחמה.
ער הערט, זאָגט ער, אַלע נאַכט האַרמאַטען שיסען — ניט דאָ,
דאָרטען, ביי די פראַנצויזען. די פראַנצויזען, זאָגט ער, וועלען
נישט פערגעסען אַט דעם ביסמאַרק'ען ווייל זיי וועלען לעבען!
עס מוז, עס מוז, זאָגט ער, אַרויסשפּרינגען אין גיכען אַ מלחמה,
עס קאָן גאָר אַנדערש ניט זיין! האָרכען גאַמבעטע'ן דרש'ענען,
בעדאַרף מען פערקויפֿען וואָס מע האָט, די קאַפּאָטע אויסטהון און
קויפֿען „סטאַלאַזשען" און „בעסען", „בעסען" — אָהן אַ שיעור
„בעסען"! און וואָס דו שרייבסט מיר מכח אַ מענטעלע, אַז איך
זאָל דיר קויפֿען, האָב איך פון דיינעטוועגען, זוגתי היקרה, בעסער
אויסגעקוקט אַ שענערע זאַך, דהיינו: אַ זייגערעל אַ גילדענס מיט
אַ מענדעליאָן און מיט אַ גילדען קייטעל מיט אַ בראָש, און בראַנ־
זעליעטען האָב איך געזעהען אין פענסטער, טאַקי ניט ווייט פון
פאַנקאָני'ן — זאָג איך דיר: פּרימאַ שבפּרימאַ! און מחמת איך
האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ'ם
אַנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות.
לעת־עתה לאָז גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה.

ממני בעלך מ נ ח ם - מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר ש כ ח ת י. די שפע איז דאָ, קיין עין־הרע, גרוים און
אידען זענען דאָ אַזוי פערטהאָן אין פּרנסה, אַז מע פערגעסט פון

שבת און פון יום־טוב. פערשטעהט זיך, אז ביי מיר איז שבת — שבת. עס מעגען פאַלען שטיינער פונ׳ם הימעל, מוז איך מיך שבת דורכגעהן אין שוהל אריין. די אדעסער שוהל מעג מען געהן אָנ־קוקען. ערשטענס, רופט מען דאָס „באַר־שוהל“, מחמת אויבען געהט זי מיט אַ קאָלפּעק, און קיין מזרח איז ניטאָ. אַלע זיצען מיט׳ן פּנים אַהין. און דער חזן (פּיני הייסט ער, שווין איין מאָל אַ חזן!) געהט דוקא געגאָלט די באָרד, נאָר עברי קען ער אַ ביסעל בעסער פון אייער אַלטען דראַנג משה־דוד! זאָלסט זעהן, אז סע קומט צו „בריך־שמיה־דמרא עלמא“, נעמט ער איין אַ מיתה־משונה! זיין „מזמור־שיר־ליום־השבת“ מעג מען האָרכען אויף ביי־לעטען. אַלע זינגערלעך שטעהען אויסגעשטעלט ארום איהם, אָנ־געטהאָן אין קליינע טליתים׳לעך — מחיה! ס׳זאָל זיין צוויי מאָל אין וואָך שבת, וואָלט איך צוויי מאָל אין וואָך געגאַנגען הערען פּיני׳ן דאַוונען. איך פערשטעה ניט די היגע אידען, פאַר וואָס זיי געהען ניט דאַוונען. און אַפילו די, וואָס געהען דאַוונען, דאַוונען אויך ניט; זיי זיצען ווי די טאָקען אין די צילינדערס, מיט די פעטע אויסגעפּאַשעטע פּנימ׳ער, מיט די קליינע טליתים׳לעך, און — שאַ! טאָמער וויל אַ איד אַ דאַוונען טהון אַ ביסעל העכער, קומט־צו צו איהם דער שמש מיט די קנעפּ, און זאָגט, ס׳זאָל זיין שטיל. — מאָרנע אידען אין דעם אדעס!

מנ״ל.

## VIII.

**שיינה־שיינדעל פון כתרילעווקע צו איהר מאַן מנחם־מענדעל אין אָדעס.**

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ערשטענס קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטענס שרייב איך דיר, בעלי היקר, אַז איך פערשטעה ניט, וואָס איז די גדולה, וואָס מע דאַרף זיצען ביי פראַנקאָני'ן, ברענען זאָל זי, ביי מירמעלשטיינערנע טישלעך און פרעסען פון אין דערפריה ביז אויף דער נאַכט דער רוח ווייסט וואָס? אַבי אויסברענגען געלד? און וואָס איז דאָס פאַר אַ משוגענער דאָרטען ביי אייך אין אָדעס, וואָס סע חלומ'ט זיך איהם, אַז מע שיסט, געשאָסען זאָל ער ווערען פון גאָט? מלחמות גלוסט זיך איהם! ווי זאָגט די מאַמע: „יענעמס בלוט איז ביי איהם וואַסער"... גילדענע זייגערלעך מיט בראַנזעליעטען האָסט דו דערזעהן אין די פענסטער אין אָדעס? אַ גדולה אויף דער באָבע! וואָס טויגען מיר דיינע מתנות, מענדעל, וואָס דו זעהסט זיי דורכ'ן פענסטער? ווי זאָגט די מאַמע זאָל לעבען: „קרעפּלעך אין חלום איז ניט קיין קרעפּלעך, נאָר אַ חלום"... דו חאַפּ זיך אַריין בעסער אין אַ קלייט אַריין און קויף מיר אַ שטיקעל וועבעל אויף וועש, און מאַדעפּאַלאַן אויף ציכלעך, און אַ פּאָר בייענע קאָלדרעס, און אַ ביסעל זילבער אין שטוב אַריין, און עפּיס נאָך. מאָהל דיר, אַז ליובע־זלאַטע בעדאַרף זיך שוין אָקעגען מיר בלאָזען (אויפבלאָזען זאָל עס זי, ווי אַ פּאָחיר!). וואָס איז? זי טראָגט אַ האַלז פּערעל, זאָל עס

איהר טאַקי נאַר פערשטעהרט ווערען! זי האָט דאָס אַ דאַלי ביי איהר מאַן! לייט האָבען גליק צו אַלסדינג; נאָר איך איינע בין עפּיס אין אַזאַ פינסטערער, וויסטער שעה געבאָרען געוואָרען, אַז אַ מינדסטע זאַך בעדאַרף איך איהם דערמאַנען! לאָז זיך דיר דאַכ־טען, עלעהיי דו האָסט געקויפט נאָך אַ „העם" מיט נאָך אַ „באָס" מיט נאָך אַ דער שווארץ יאָהר ווייסט אייך דאָרט, ווי דו רופסט עס אָן. איך זאָג איהם: פערקויף דאָס, וואָס דו האָסט, און צעהל געלד, געהט ער און קויפט נאָך! וואָס האָסט דו מורא? וועסט ניט קריגען די סחורה נאָכדעם? איך זעה שוין אַרויס, וואָס דאָס איז פאַר מסחרים און וואָס דאָס איז פאַר אַ שטאָדט אַדעס, אַז שבת איז קיין שבת ניט און יום־טוב איז קיין יום־טוב ניט, און דער חזן איז מיט אַ געגאָלטער מאָרדע, מיינע וועהטיגען אויף זיין קאָפּ! מיר דאַכט, אַז פון אַזאַ שטאָדט און פון אַזעלכע מענשען דאַרף מען לויפען, ווי פון איין עפּוש, צום סוף ליגט ער דאָרט און וויל ניט אַרויסקריכען, ווי זאָגט די מאַמע: „דער וואָרעם ליגט אין חריין און מיינט, אַז ס'איז גאָר קיין זיסערס נישטאָ"... לכן שרייב איך דיר, בעלי היקר, זאָלסט זיך גוט בערעכענען וואָס דו טהוסט און אויפהערען הוליען אין דעם זיסען אַדעס, ס'זאָל אויף דעם קו־מען אַ שרפה, ווי עס ווינשט דיר

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

יאָ! זאָג נאָר, מענדעל, ווער איז אָט די „פראַנקאָני", וואָס דו שרייבסט מיר אַלץ, אַז איהר זיצט דאָרטען טאָג ווי נאַכט? ס'איז איין „ער", צי אַ „זי"?...

## IX.

מנחם־מענדעל פון אדעס צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי'.

ר א ש י ת באתי להודיעך, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פונ'ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת זיי וויסען, אַז עס שמעקט שוין מיט גראָבע טויזענדער! אַז גאָט וועט העלפען און דאָס „אולטימאָ" וועט אָפּ־לויפען גלאַט, וועל איך מאַכען אַ הויפּט־טרעפער. איך וועל איינ־קאַסירען מיינע אַלע „דיפערענצען" און וועל זיך דורכפאָהרען אַהיים און וועל דיך, אם ירצה השם, אַרויסנעמען אַהער, קיין אַדעס. אַ דירה וועלען מיר דינגען אויף דער „רישעליי", איינקוי־פען שען מעבעל און וועלען לעבען, ווי מע לעבט דאָ ביי אונז אין אַדעס. דערווייל האָב איך צו טהון, ניט פאַר דיר געדאַכט, מיט'ן מאָגען; אַפּנים, דאָס מאַראָזשענע האָט מיר פערשאַדט... אַז איך קום צו פאַנקאָני'ן, עס איך שוין ניט קיין מאַראָזשענע. וואָס דען? איך הייס מיר געבען אַזאַ געטראַנק, וואָס מע ציהט דאָס דורך אַ שטרוי; ס'איז אי זיס, אי ביטערליך, אַזוי ווי אַ מין סאַלץ מיט לאַקריץ, און מע קאָן דאָס מעהר ניט פערדייען ווי צוויי, העכס־טענס — דריי גלעזער. מוז מען זיך די איבעריגע צייט אַרומדרעהען אויף דער גאַס און האָבען צו טהון מיט'ן גאָראָדאָוואָי, און דאָס איז זעהר נישט אַנגענעהם! ער קוקט שוין אויף מיר פון אַ צייט, נאָר מיט חסד, גאָט האָט מיך ביז אַהער אויסגעפיהרט, איך אַנטלויף פון איהם אַלע מאָל און בעהאַלט זיך אויס. וואָס טהוט דען ניט אַ איד

צוליעב פרנסה? דער אויבערשטער זאָל העלפען, אז די „ראַליזאציע“ זאָל אָפּלויפען בשלום, וועל איך דיר, אם ירצה השם, אַלסדינג קויפען בכפל־כפלים, אַ סך מעהר ווי דו קאָנסט זיך נאָר פאָרשטעלען. און וואָס דו זאָגסט, אז דער גאָמבעטע איז אַ משוגענער, האָסט דו אַ טעות; ער איז נאָר אַ ביסעל אַ „ספּילשלעווער“. גאָט זאָל היטען, עמיצער זאָל איהם אַ זאָג טהון אין פּאָליטיקע ניט אזוי, ווי ער וויל! ער איז דעמאָלט קאַפּאַבל יענעם צערייסען אויף שטיקלעך! ער דרינגט, אז היינט־מאָרגען מוז עפּיס אַרויסשפּרינגען, און דאָס, זאָגט ער, וואָס ס'איז איצטער מיט אַ מאָל שטיל געוואָרען, איז ערשט אַ בעוויז, זאָגט ער, אויף מלחמה. „פאַר אַ בורע איז תמיד, זאָגט ער, שטיל“... איך האָב נעכטען געקאָנט פערקויפען עטליכע „בעסלעך“ מיט אַ צוויי־דריי „סטאַלאַזשען“ און פערדיענען שען געלד, האָט מיך גאָמבעטע נישט דערלאָזט. „איך וועל אייך, זאָגט ער, דעם קאָפּ צעשלאָגען, טאָמער לאָזט איהר אַרויס אין אזאַ צייט אַ שטיקעל סחורה פון דער האַנד!“ עס געהט, זאָגט ער, אַ צייט, וואָס אַ „סטאַלאַזש“ פון אַ פופציגער וועט ווערטה זיין רי"ש קאַרבען, און שי"ן, און ת"ק, און טויזענד, און פאַר וואָס ניט קיין צוויי טויזענד?... עס זאָל זיין ווי גאָמבעטע זאָגט, האָטש האַלב ווי ער זאָגט, — ווער איך נתעשר! איך האָף, אז איך וועל, אם ירצה השם, תיכף נאָך דער „ראַליזאַציע“ זיך געבען אַ קעהר איבער צוריק אויפ'ן „האָם“ און וועל אָנהויבען קויפען קערבלעך און געבען „לאָנדאָן“ אויף וואָס די וועלט שטעהט! איך וועל זיי בעווייזען, וואָס הייסט „לאָנדאָן“ און וואָס הייסט קערבלעך! און מחמת איך האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינם אַנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לעת־עתה לאָז גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר ש כ ח ת י. וואָס דו פרעגסט זיך נאָך אויף פּאַנקאָבי'ן (ניט ווי דו רופסט דאָס אָן „פּראַנקאָני“), איז דאָס ניט קיין

„ער“ און ניט קיין „זי“. ס׳איז אזא קאפיי, וואָס מע טרינקט דאָרט קאווע און מע עסט מאראזשענע און מע מאכט געשעפטען אויף „לאָנדאָן“. לאָם איך דאָס פערמאָגען האָטש האלב, וואָס דאָרט ווערד געמאכט אין איין טאָג!

הנ״ל.

# X.

שיינה־שיינדעל פון כתרילעווקע צו איהר מאן מנחם־מענדעל אין אדעס.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ערשטענס קום איך דיר צו מעלדען, אז מיר זענען אלע גאט צו דאנקען אין בעסטען געזונד, געב גאט דאס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטענס שרייב איך דיר, אז די קינדער מאזלען אלע דריי, און איך שלאף נישט קיין נעכט, און ער טרינקט דארטען קובעבע מיט לאקריץ! וואס געהט איהם אפ, איך בעט אייך, קאפ־וועהטיג? ער האט זיך עם אביסעל צעהעצקעט! קיין אדעס וויל ער מיך ארויסנעמען! ער מיינט, אז ער וועט מיר זאגען אדעס, פליה איך באלד! הערסט דו, מענדעל, זאלסט דיר ארויסשלאגען פון קאפ, מענדעל, וועסט מיך אהינצו ניט פערנארען. זיי רוהיג! מיין באבע'ס באבע איז דארטען קיינמאל ניט געוועזן און האט זיך בעגאנגען אהן דעם, וועל איך זיך מסתמא אויך אהן דעם בע־געהן. דו וועסט מיך ניט איינרעדען, מענדעל, אז איך זאל דיר אוועקווארפען מיין טאטע־מאמע מיט אלע ליעבע פריינד און זיך אוועקלאזען אין דעם ווינסטען אדעס, ברענען זאל עס דיר אויפ'ן פייער! מעגסט זיך זאגען, מענדעל, וואס דו ווילסט, דיין אדעס הויבט מיר נישט אן צו געפעלען. איך האב עס פיינט, איך וויים ניט פאר וואס. נאך מיין שכל נאך קומט אויס, אז דו בעדארפסט די סחורה דיינע ביסלעכווייז אויספערקויפען און מא־כען דערפון געלד, ווי זאגט די מאמע זאל לעבען: „פון אלע מיל־כיגע מאכלים איז דאס בעסטע — א שטיקעל פלייש“... אי, וואס?

טאָמער האָסט דו זיך גענארט? פאַר יענעם דאָס גליק! און וואָס דיין משוגענער גאַמבעט (איך זאָג דיר פאָרט, אז ער איז אַ משוגע־נער!) לאָזט דיך ניט פערקויפען, פערשטעה איך ניט. וואָס געהט עס איהם אָן? וואָס איז זיין באַבע'ס דאגה? שפּיי איהם אָן אַ פולען פּנים. וואָס ער ווען דיר דערצעהלען מלחמות! פּאַלג מיך, מענדעל, שנייד־אָפּ, פערקויף אוים, ווי גאָט איז דיר ליעב! האָסט פערדיענט עטליכע קערבלעך? געגוג! ביז וואַנעט איז דער שיעור צו חאַליען דאַרטען? נאַר גאַרניט, משטיינס געזאָגט, איך האָב דען עפּיס אויך אַ ווערטה? איך בין דאָך שיינה־שיינדעל. ניט בליומע־זלאַטע; בליומע־זלאַטע, אז זי טהוט נאָר אַ פּיפּס דעם מאַן איהרען, ווארפט דאָס מיט איהם דאָס נייעניעהריגע קדחת! למען השם, מענדעל סערדצע, פערקויף און פּאַק זיך אין וועג אריין. פערגעס נאָר נישט אַ טוץ געשטיקטע העמדער פון מיינעטוועגען, סאַמעט אויף אַ מלבוש פון דער מאַ־מעס וועגען — לאָז זי אויך געדענקען, ווען דער איידעם איהרער איז געוועזען אין אדעס און געהאַנדעלט מיט משוגעים. — ציץ אַ שטיקעל פון היינטיגע מוסטערען, און, אז עס וועט קריכען אין טשעמאָדאַן אריין, אַ ביסעל גלאַזוואַרג, און דאָס איבעריגע דאַרטען, ווי דו פערשטעהסט, און קום צו פאָהרען אהיים, לאָז אויפהערען די וועלט מיר שטעכען די אויגען און שווארצען דאָס פּנים, און לאָם איך זעהן, אז דו זאָלסט מיך ניט פאָלגען, אזא מכה מיינע שונאים, ווי דו וועסט מיך פאָלגען, ווי עס ווינשט דיר פון טיעפען הארצען

דיין באמת געטרייע פרוי שיינה־שיינדעל.

## XI.

**מנחם־מענדעל פון אדעס צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.**

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי'.

ר א ש י ת באתי להודיעך, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פונ'ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת זיי וויסען, אז דאָס „אולטימאַ“ איז אָנגעקומען, און ס'איז געוואָרען איין איבערקעהרעניש, זאָל גאָט שומר ומציל זיין! פון דער גרויסער „וואַריאַציע“, וואָס איך האָב אויף איהר ארויסגעקוקט ווי אויף משיח'ן, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. ביסמאַרק, שמועסט מען, האָט זיך צוגעקיהלט, בעקומען דעם קאַ־טער, — איז אין דער פּאָליטיקע געוואָרען אַ מהומה, מע ווייסט ניט וואָס סע טהוט זיך. „לאָנדאָן“ איז טאַקי געוואָרען מיט גאָלד גלייך, און דאָס קערבעל איז טאַקי געפאַלען אין שאול תחתיה אריין. און ס'איז אוועק אַ מורא'דיגער „בעס“! ווערסט דו דאָך פרעגען: וואו זענען מיינע „בעסען“ מיט מיינע „סטאַלאַזשען“? איז דער תירוץ: די „בעסען“ זענען ניט קיין „בעסען“, די „סטאַלאַזשען“ זענען ניט קיין „סטאַלאַזשען“, קיינער וויל ניט נ ע מ ע ן. קיינער וויל ניט ג ע ב ע ן — און רוף מיך קנאַקניסעל! און ווי אויף־צו־להכעיס, האָב איך געשטעקט מיט מיין סחורה אַלץ ביי אַזעלכע מענשלעך, וואָס מיט איין קוועטש זענען זיי דערשטיקט געוואָרען. הכלל, עס איז אַ שרפה, אַ מגפה, גאָר נישט צו דערקע־נען דעם פּלאַץ! אוי, ווען איך קעהר זיך איבער מיט איין טאָג פריהער! נו גער, זיי אַ נביא! אַלע לויפען ארום, ווי די פער־

סמ׳טע מיז; עפּיס אַ מהומה אויף איטליכען בעזונדער! אַלע שרייען „לאָנדאָן“! וואו איז מיין „לאָנדאָן“? געב מיר דאָס „לאָנדאָן“! „לאָנדאָן“, „לאָנדאָן“! נאָר ווער מיר „לאָנדאָן“? וואָס מיר „לאָנדאָן“? עס פליהען פּעטש, פייגען, אין טאַטענס טאַטען, און איך אויך בתוכם... דער שפּיץ — ס׳איז, אַפּנים, גאָר נישטאָ קיין „לאָנדאָן“ אין ערגיץ ניט! — הכלל, זוגתי היקרה, ס׳איז ביטער און פינסטער, איך האָב אוועקגעגעבען דאָס גאַנצע פערדיענסט, מיט׳ן קרן, מיט׳ן ציערונג, וואָס איך האָב דיר איינגעקויפט, אַפילו די קאַפּאָטע ז׳י שבת׳דיגע אויסגעטהאָן און פערזעצט — און דאָס איז אַלסדינג אַריין אַהין... און איך געפין זיך איצט אין אַזאַ טרויעריגער לאַגע, וואָס איז אין לשער, און אַהיים בענג איך אַזוי, אַז ממש עס געהט מיר אוים דאָס חיות! איך פערשעלט מיר דאָס געביין הונדערט מאָל אַ טאָג. בעסער וואָלט איך זיך אויסגעבראָכען אַ פוס, איידער איך בין געקומען אַהער אין אַדעס, וואו אַ מענש האָט קיין שום ווערדע נישט; אַ מענש קאָן דאָ געהענדיג שטאַרבען אין מיטען גאַס, און קיינער וועט זיך אַפילו ניט אָפּשטעלען אַ קוק טהון. וויפיעל מעקלערס האָבען געלעבט אַרום מיר, אָפּגעלעקט אַ ביינדעל, און היינט דערקענען זיי מיך שוין גאָר ניט! פריהער האָב איך דאָ געהאַט אַ נאָמען „דער כתרילעווקער בלייכרעדער“, און היינט מאַכען זיי פון מיר חוזק, טאַקי די מעקלערס אַליין. זיי זאָגען, באשר איך פערשטעה ניט דאָס געשעפט. „לאָנדאָן, זאָגען זיי, בעדאַרף מען פערשטעהן“. וואו זענען זיי געווען פריהער, די חכמים? — מע רעדט שוין גאָר קיינער ניט פון מיר, גלייך ווי איך וואָלט גאָר געווען אַ געשטאָרבענער! הלואי וואָלט איך טאַקי געשטאָרבען, איידער אַזעלכעס דערלעבען! און ווי אויף־צו־להכעים, זיצט אָט דער גאַמבעטע, ימח שמו זאָל ער ווערען, און הערט ניט אויף צו גראַגערען אין די אויהערען מיט זיין פּאָליטיקע: „הא, זאָגט ער, האָב איך אייך געזאָגט אַ בעס?“ — „וואָס קומט מיר אַרויס, זאָג איך, פון אייער בעס, אַז מע גיט מיר ניט, זאָג איך, קיין לאָנדאָן?“ לאַכט ער און זאָגט

מיר: „ווער איז אייך שולדיג? די ברוזע, זאָגט ער, דאַרף מען פערשטעהן, און אז מע קאָן ניט האַנדלען מיט „לאָנדאָן", דאַרף מען, זאָגט ער, האַנדלען מיט אתרוגים"... איך זאָג דיר, זוגתי היקרה, ס'איז מיר אַזוי נמאס אָט דאָס אַדעס, מיט דער היגער ברוזע, מיט דעם פאַנקאָני, מיט די אַלע מענשלעך! איך וואָלט געלאָפען אין דער וועלט אריין! און מחמת איך האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אין די ווייטערע בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לעת־עתה לאָז גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. און גריס די קינדערלעך אַלע און שווער און שוויעגער גאָר פריינדליך.

ממני בעלך מנחם־מענדעל.

עיקר שכחתי. דאָ אין דעם אַדעס איז אַ מנהג, אַז עמיצער דאַרף אַ גמילות־חסד, געהט ער נישט צו אַ שכן, צו אַ קרוב אָדער צו אַ בעקאַנטען, ווי, למשל, ביי אונז אין כתרילעווקע; נישט מחמת מע פוילט זיך געהן, נאָר פשוט, מע ווייסט פריהער, אַז יענער וועט ניט שטעקען; מע נתנ'ט ניט — און שוין! וואָס זשע טהוט מען פאַרט, אַז מע דאַרף? איז געמאַכט געוואָרען אַ „לאָמבאַרד", וואָס גיט אַרויס געלד וויפיעל דו ווילסט, אַבי נאָר דו ברענגסט אַ רעכטען משכון: גאָלד איז גאָלד, זילבער איז זילבער, מעש איז מעש, און אַ מלבוש, און אַ סאַמאָוואַר, און אַ בענקעל, און אַפילו די בהמה, אַז דו ברענגסט צו פיהרען, גיט מען דיר אויך אַרויס אויף איהר געלד. דער חסרון איז נאָר, וואָס זיי שאַצען אַלסדינג זעהר וואָלוועל, בחצי חנם! דערפאַר האָבען זיי אַ מעלה: פּריצענט נעמען זיי געשמאַקע, בייסענדיגע, אַזוי, אַז דאָס פּריצענט עסט אויף דאָס קרן; מוז מען אַלע צוויי וואָכען מאַכען דאָרט אַ „לעסיטאַציע", דאָס הייסט, מע פערקויפט אויס די איבערגעבליבענע משכונות, און מענשען האַנדלען מציאות, מאַכען דערפון אַ שען קערבעל. ווען איך בין איצטער ביי געלד, וואָלט איך געקאָנט אַ

האנדעל טהון אויפ'ן לאמבארד און אומקעהרען מיין היזק אפשר נאָך מיט א סמיטשיק... נאָר געה מאך! אָהן געלד זאָל מען נאָר ניט געבאָרען ווערען אויף דער וועלט, און טאָמער איז מען געבאָרען געוואָרען, זאָל מען בעסער שטארבען... איך קאָן מעהר ניט שריי־בען. שרייב מיר פון דיין געזונד, און וואָס מאכען די קינדערלעך זאָלען לעבען, און גרים שוועער און שוויעגער און אלעמען בעזונדער גאָר פריינדליך.

הנ"ל.

## XII.

**שיינה־שיינדעל פון כתריעלווקע צו איהר מאן מנחם־מענדעל אין אדעס.**

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ע ר ש ט ע נ ס קום איך דיר צו מעלדען, אז מיר זענען אלע גאָט צו דאנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צ ו ו י י ט ע נ ס שרייב איך דיר, נארישער לעקיש, זעה וואָס דו האָסט געטהאָן! וועלכער רוח האָט דיך גאָר געטראָגען קיין אדעס? וואָס האָסט דו דאָרטען אָנגעשמעקט אזעלכעס? געבראָטענע פויגעלעך האָט זיך איהם פערגלוסט! „לאָנדאָן"! מאראָזש־נעווע! קובעבע מיט לאקריץ! האָסט דערהערט, אז מע זעצט דיר אָן אינ'ם „לאָנדאָן" אריין, פאר וואָס זשע האָסט דו ניט געזעהן בעצייטענס אָפּצוּועקען אויף פּריצענטען, דו בהמה, ווי עס פיהרט זיך צווישען סוחרים? וואו איז מענשען? וואו איז א רב? אין גאָטעס ווילען, וואָס איז דאָס פאר א תירוץ אולטימאָ־שמולטימאָ? האָסט געקויפט סחורה, וואו איז די סחורה?! אוי, אזאָ־נ־אומגליק! דאָס הארץ האָט מיר אָבער געזאָגט, אז פונ'ם אדעס, ברענען זאָל דאָס, וועט קיין גוטס ניט ארויס! איך שרייב איהם: פאָהר אוועק, מענדעל, טהו א שפּיי אויף זיי מיט זייער „לאָנדאָן", עס זאָל אויף דעם קומען א חלירע, רבונו של עולם! אנטלויף, זאָג איך איהם, אנטלויף, מענדעל, ווי זאָגט די מאמע: „אָרעמער דאַך, וואָס קנאקסט דו?"... ניין, הערט ער מיך ניט, וואָרום איך בין דאָך ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל, אז אָך און וועה איז מיר, ניט ב ל י ו ־ מ ע ־ ז ל א ט ע. אוי, די מאמע מיינע איז טאקי א חכמה! זי

טענה'ט מיט מיר כסדר, אַז אַ מאַן טאָר מען נישט נאָכגעבען די שמה, אַז מע בעדאַרף אַ מאַן האַלטען אין די הענד אַזוי, אַז ער זאָל פ י ה ל ע ן , אַז ער האָט אַ ווייב! נאָר גאָה, אַז ס'איז ביי מיר אַזאַ טבע, איך קאָן ניט זיין אַזוי גראָב, ווי בליומע־זלאַטע; איך קאָן זיך ניט שעלטען, אריינלעגען אַ מאַן אין דער ערד אריין, אַזוי ווי זי, איך קאָן ניט! זאָלסט האָבען בליומע־זלאַטע'ן, ניט דער־הארען זאָל זי, פאַר אַ ווייב, וואָלסט דו שוין געוואוסט וואָס פאַר אַ גאָט מיר האָבען! און וואָס דו זאָגסט מכח שטאַרבען, חכם איי־נער, ביזט דו אַ גרויסער נאַר: אַ מענש נעמט זיך ניט אַליין דאָס לעבען, אַ מענש נעמט זיך ניט אַליין דעם טוידט. און אַז מע ווערט אָן דאָס נדן, בעדאַרף מען זיך שוין טאַקי אַ מעשה אָנטהון? דו נאַר איינער, וואו שטעהט דאָס דען אָנגעצייכענט, אַז מנחם־מענדעל בעדאַרף האָבען געלד? און מיט געלד איז מנחם־מענדעל דען ניט דער אייגענער מנחם־מענדעל, וואָס אָהן געלד? שוטה! דו ווילסט געהן קעגען גאָט? זעהסט דאָך, אַז ע ר הייסט ניט, היינט וואָס פילדערסט דו? אַ שענע ריינע כפרה! לאָז זיך דיר דאַכטען, עלעהיי גזלנים האָבען דיך בעפאַלען אין מיטען וואַלד, אָדער ביזט קראַנק געלעגען און חלילה פערקרענקט דאָס נדן צו אַלדי שוואַרצע יאָהר! דער עיקר, זאָלסט ניט זיין קיין אידינע, מענדעל! פערלאָז דיך אויף דעם וואָס לעבט אייביג, ער איז אַ זן ומפרנס. קום צו פאָהרען אהיים, ווערסט דו זיין, אם ירצה השם, אַ גאַסט ביי די קינדער... איך שיק דיר אויף דער הוצאה עטליכע קערבלעך, און זעה, מענדעל, זאָלסט נישט געהן אויף קיין „לעסטאַציעס" און נישט האַנדלען מיט קיין אַלטע שמאַטעס. — נאָך דאָס געהט דיר אָפּ! למען השם, באַלד ווי דו ווערסט בעקומען מיין בריעף מיט'ן געלד, זאָלסט דו זיך אויפזעצען און אָפּגעזעגענען זיך מיט אַדעס, און ווי באַלד דו ווערסט נאָר ארויספאָהרען פון שטאָדט, אַזוי זאָל עס זיך אָנצינדען פון אַלע פיער זייטען, און עס זאָל ברענען און

פלאָקערען, שרפה׳נען און פער׳שרפה׳ט ווערען, ס׳זאָל פון דעם ניט בלייבען קיין שריד ופליט, ווי עס ווינשט דיר פון טיעפען הארצען

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

סוף פונ׳ם ערשטען בוך.

# פּאַפּיערלעך

## (יעהופּעצער בערזע).

---

### I.

מנחם־מענדעל פון יעהופּעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה החכמה הצנועה מרת שיינה־שיינדעל שתחי׳.

ראשית בין איך דיר מודיע, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פון׳ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

והשנית זיי וויסען, אז איך בין שוין ניט אין אדעס, איך בין אין יעהופּעץ (אויך אַ שענע שטאָדט, לאָם איך האָבען אַזאַ יאָהר !), און האַנדעל שוין מעהר נישט מיט קיין ווינד, מיט קיין לופט, מיט קיין „לאָנדאָן" — איך האָב שוין היינט, ברוך השם, אַביסעל אַ לייטישער געשעפט אין האַנד, אַ קאָראַנטנע געשעפט, אַ פּאַפּיער־געשעפט, דאָס הייסט, איך האַנדעל מיט „פּאַפּיערלעך" האַנדעל איך. וועסט דו דאָך מיך פרעגען, ווי קום איך קיין יעהופּעץ? דאַרף איך דיר דערצעהלען, זוגתי היקרה, אַ גאַנצע מעשה, און בעטען דיך, זאָלסט קיין פּאַראיבעל ניט האָבען, וואָס איך האָב דיר אַזאַ צייט קיין בריעף ניט געשריבען. ס׳איז פּשוט ניט געווען וואָס צו שרייבען. און חוץ לזה האָב איך גערעכענט, אַט־אַט פאָהר איך אַהיים, און גאָט איז יודע דעם אמת, ווי ווייט

עס האָט מיך געצויגען אַהיים, נאָר ס'איז, אַפּנים, מן השמים מיר אָנגעצייכענט געוואָרען, אַז איך זאָל מגולגל ווערען קיין יעהופּעץ און זאָל האַנדלען מיט „פּאַפּיערלעך". איך שווער דיר, זוגתי היקרה, ביי מיין לעבען, אַז איך בין שוין געזעסען אין וואַגאָן צו פאָהרען קיין כתרילעווקע, בעדאַרף איך מיך בעגעגענען מיט איינעם איין אַדעסער שפּעגעלאַנט, וואָס פאָהרט קיין יעהופּעץ. וואָס טהוט ער, פרעג איך איהם, אין יעהופּעץ? זאָגט ער מיר: ער האַנדעלט מיט פּאַפּיערלעך. וואָס הייסט דאָס פּאַפּיערלעך? גיט ער מיר צו פערשטעהן, אַז „פּאַפּיערלעך" איז ניט קיין „לאָנדאָן", וואָס הענגט אָפּ פון בערלין און פון ביסמאַרק'ען און פון דער איינגעלשער מלכה. פּאַפּיערלעך — דאָס איז אַזאַ מין געשעפט, וואָס ווענדט זיך נאָר אין פּייטערבאַרג און אין וואַרשאַ. הייסט האָט דאָס נאָך אַ מעלה: ס'איז אַ זאַך, וואָס מע קאָן דאָס זעהען, אָנטאַפּען מיט די הענד, נישט אַזוי ווי „לאָנדאָן", וואָס ס'איז נאָר אַ דמיון, אַ מין חלום. הייסט האָט ער מיר גענומען אָפּלויבען די שטאָדט יעהופּעץ מיט די יעהופּעצער שפּעגעלאַנטען אין טאָג אַריין: ס'איז גאָר לא זו הדרך, זאָגט ער, איידעלע מענשען! ער וועט ניט אַוועקגעבען, זאָגט ער, קיין צעהן אויסגעפּאַשעטע אַדעסיטען פאַר איין יעהופּעצער שפּעגעלאַנט! הקיצור, דער פערשוין האָט מיך אַזוי צענומען, אַז איך בין אַ בעלן געווען, איך פאָהר דאָך במילא פאַרביי פאַסטאָוו, וועל איך מיך אַראָפּחאַפּען שוין קיין יעהופּעץ אויף אַ טשיקאַווען, אָנקוקען די היגע בערזע מיט די היגע שפּעגעלאַנטען. און, ווי גאָט פיהרט, בעדאַרף איך אָנטרעפען אַקוראַט אויף אַזאַ צייט, וואָס עס געהט אַ מורא'דיגער בעם אויף פּאַפּיערלעך, און „פּרעמיעס" פערקויפען זיך בחצי חנם. קיין סך געלד אַריינלעגען דאַרף מען נישט. האָב איך מיך מיישב געווען, איך וועל מיך אַ שפּיעל טהון, אולי ירחם, אַ קשיא אויף אַ מעשה, טאָמער וועל איך חאַפּען פון אויבען, וועל איך האָבען צושטייער אויף הוצאות. און דער אויבערשטער האָט רחמנות געהאַט, „פּאַפּיערלעך" האָבען זיך אַ הויב געטהאָן, און איך האָב מיין פּרעמיע פערקויפט מיט רוחים און גע־

קויפט אַ פּאָר פרישע פּרעמיעס, און האָב ווידער געחאַפּט פון אוי־בען און האָב מיך אַרויפגעשלאָגען אויף שענע עטליכע הונדערט קערבלעך, און דווקא מזומנ׳ע. האָב איך מיך מיישב געווען: דאַרף איך צאָהלען יענעם „פּרעמיעס", אַמעהר איך וועל מיר אַליין „איינ־גאַזשירען" מזומנ׳ע „פּאַפּיערלעך"! און בין אַוועק דורך אַ קאַנ־טאָר קיין פּייטערבאָרג און האָב מיר צענויפגעשטעלט אַ „פּאָרטע־פעל" פון כל מאמינים שהוא: „פּוטיוויל" מיט „טראַנספּאָרט", מיט „וואָלגע", מיט „מאַלצעוו׳ער", וכדומה אַזעלכע אַקציעס. וואָס הויבען זיך, און דאַנקען השם יתברך, איך וואַקס! און מחמת איך האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ׳ם אַנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לעת־עתה לאָז גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. לאָז גריסען די קינדערלעך אַלע און שווער און שוויגער גאָר פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר ש כ ח ת י. אַז דו וועסט מיר שרייבען, זאָלסט דו מיר שרייבען אויף מיין נאָמען קיין ב ו י ב ע ר י ק, מחמת אין יעהופּעץ טאָר איך ניט זיין... דרעה איך מיך אַרום דעם גאַנצען טאָג אויף „קרעשטשאַטעק" ביי דער בערזע, און קומט ביי נאַכט, חאַפּ איך מיך אַראָפּ קיין בויבעריק. דאָרט זיצט די גאַנצע חברה „שפּעגעלאַנטען" אויף די דאַטשעס און מע שפּילט אַ גאַנצע נאַכט אין קאָרטען (זכרים מיט נקבות אינאיינעם — אַזוי איז דאָ דער מנהג...), און גאַנץ פריה לויפען אַלע קיין יעהופּעץ, און איך אויך בתוכם.

הנ"ל.

## II.

**שיינה־שיינדעל פון כתרילעווקע צו איהר מאַן מנחם־מענדעל אין יעהופּעץ.**

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ע ר ש ט ע נ ס קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צ ו ו י י ט ע נ ס שרייב איך דיר, בעלי היקר, מיינע שונאים זאָלען אַזוי כח האָבען צו לעבען, רבונו של עולם, ווי איך האָב כח שוין צו שרייבען דיר אפילו אַ בריוועל, אַז קוים־קוים וואָס איך פּלאָנטע מיט די פיס; ס'איז נאָר אַ סברא, אַז איך וועל דאַרפען אַ „רעפּעראַציע", אַזוי זאָגט דער נייער דאָקטאָר, געזאָגט זאָל איהם ווערען צרות מיט פּרעה'ס שלעק! ער מיינט, ער וועט ביי מיר צאַפּען קערבלעך! און פון וואָס, מיינסט דו, איז דאָס מיר געקור־מען? נאָר פון גרייזאָטע, נאָר פון האַרצוועהטיג. סטייטש, איך שיק דיר אַרוים אויף הוצאות און זאָג דיר אָן, זאָלסט קומען אַהיים. נעמסט דו און פּאָהרסט אַראָפּ קיין יעהעפּעץ — ביזט דו ניט ווערטה, מע זאָל דיך בעגראָבען אַ לעבעדיגען? הייננט דער בזיון! די חרפּה פאַר דער וועלט! ווי זאָגט די מאמע: „שנייץ די נאָז, שמיר דאָס פּנים"... מסחרים! געשעפטען! איך האָב אַלץ גע־מיינט, אַז דאָס שענע „לאָנדאָן" האָט שוין יאָ איינגענומען אַ מיתה משונה, וועל איך אויך שוין אויפגערעכט ווערען, און ער וועט קור־מען אַהיים האָטש מיט'ן לעבען, דער זיסער ברויטגעבער מיינער. וואָס לאָזט זיך אויס דער סוף? אַ נייער חלום, אַ וויסטער, אַ פינ־סטערער „יעהופּעץ"! „פּאַפּיערלעך"! נאַ דיר אַזאַ משא־ומתן!

אידען זאָלען נאָר האנדלען דער שווארץ יאָהר ווייסט מיט וואָס, מיט שטיקלעך פּאפּיער!... איך לייען דיין בריוועל, בעלי היקר, און קלער מיר בשעת מעשה: ליעבער פּאָטער, הארציגער געטריי־ער! צי ד ו ביזט חלילה משוגע, צי א י ך בין ניט ביי אָלע געדאַנקען? עפּיס רעדסט דו מיט מיר טאַטערש: „פּאַפּיערלעך"... „פּיימערבארג"... „קרעשטשאַטעק"... „פּאַרטעפּעל"... עפּיס א קליפּה, א ניט־גוטער האָט זיך אין איהם אריינגעחאַפּט! ביי טאָג איז ער אין יעהופּעץ, און ביי נאכט איז ער אין בויבעריק, מיט די מאַנסבילען און מיט די ווייבער אינאיינעם... וואָס טהוסט דו ביי נאכט אין בויבעריק? וואָס טראַכסט דו זיך? ממה נפשך, ווילסט מיך ניט, קום צו פאָהרען און גט מיך אָפּ; אלא ניט, פאָהר שוין בעסער אוועק צו אַלדי שווארצע יאָהר קיין אמעריקע, ווי יוסיל לייב־אהרן'ס, און לאָם איך חאָטש ניט וויסען וואו דיין געביין איז אהינגעקומען, אויב ס'איז מיר שוין יאָ בעשערט צו בלייבען איין אייביגע עגונה מיט קליינע קינדער פּיסקליאַטעס! נאָר אזוי לאַנג קרענקען מיינע שונאים! דיין טרפה'נע הצלחה, וואָס איך קאָן אצינד צו דיר ניט פאָהרען; איך בין, משטיינס געזאָגט, אזוי גע־שטראָפט, אז איך מוז נאָר ליגען צום בעט, ווי זאָגט די מאַמע מיינע זאָל געזונד זיין: „אז מע האָט ניט קיין פינגער, קאָן מען קיין פייג ניט שטעלען"... אניט, וואָלט איך באַלד נאָך דיין שענעם בריעף אראָפּגעפאָהרען צו דיר קיין יעהופּעץ און וואָלט דיך שוין אראָפּגע־בראַכט אהיים! איך וואָלט דיר געוויזען, אז א ווייב איז א ווייב! אי וואָס, איך חאַפּ זיך ארוים א מאָל מיט א הארב וואָרט? איז דאָס נאָר מחמת גריזאָטע, און ניט אויף לאַנג. ווי זאָגט די מאַמע: „א שוועבעלע צינדט זיך גיך אָן און ווערד באַלד פערלאָשען"... ווי עס ווינשט דיר

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

## III.

מנחם־מענדעל פון יעהופּעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה החכמה הצנועה מרת שיינה־שיינדעל שתחי׳.

ר א ש י ת בין איך דיר מודיע, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פון׳ם אנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת זיי וויסען, אז דער ענין פון פּאַפּירלעך איז ניט, ווי דו מיינסט, טאַקי פּאַפּיער ממש. עס רעדט זיך נאָר אַזוי פּאַפּיער, מיינען מיינט מען גאָר אַקציעס, פּייטערבאַרגער אַקציעס, למשל: „פּוטיוויל״, „טראַנספּאָרט״, „וואָלגע״, מאַלצעווער״ וכדומה. דאָס זענען אַזעלכע פאַבריקעס, וואָס עס ארבייטען זיך דאָרטען אייזענבאַהנען אויף אַקציעס, דאָס הייסט, מע לאָזט אַרויס אַקציעס אויף אַ הונדערטער און מע צאָהלט פאַר זיי דריי, וואָרום מע גיט „דעוועגדענט״; וואָס מעהר „דעוועגדענט״, איז אַלץ בעסער. נאָר כפי אַזוי ווי עס ווייסט קיינער נישט פאַר׳ן יאָהר, וואָס פאַר אַ „דעוועגדענט״ מע וועט אַרויסגעבען, לכן געהט מען בלינד און מע קויפט און מע קויפט; און דערפון ווערד אַ „האָס״, דאָס הייסט, פּאַפּיער שטייגט, און אידען פערדיענען געלד, און איך אויך בתוכם. זאָלסט אָנקוקען, זוגתי היקרה, ווי אַזוי קליינע מענשעלעך, מעקלערס, אָרעמע לייט זענען פּלוצים מיט אַ מאָל אויסגעוואַכסען, געוואָרען גבירים אדירים! מע זיצט שוין אויף דאַטשעס אין בויבעריק, מע פאָהרט זיך באָדען קיין אויסלאַמד, זייערע דאַמעס געהען אייגגעטונקען אין גאָלד און אין סאַמעט, די קינדער פאָהרען אַרום אויף לעסעפּעדען, אין שטוב האַלט מען גובערנאַנטקעס, מע רעדט

אויף פראַנצויזיש און מע שפּיעלט פּיאַנע, מע עסט איינגעמאַכטס און מע טרינקט ווישניק, אַ קערבעל איז אַ ממזר, ס'איז חי געלעבט און איין עק, און אַלץ פון די „פּאַפּיערלעך"! אַז עס קומט דער טאָג, זאָלסט דו זעהען וואָס עס טהוט זיך אויף „קרעשטשאַטעק": פול און פיל מיט אידען! נאָר וואָס איז דאָס חידוש? אַז פון די קאַנטאָרען טרייבט מען, און אויף דער גאַס לאָזט מען ניט שטעהן, ווילט זיך איטליכען וויסען וואָס פריהער — איז חושך! חושך! אָט איז היינט אָנגעקומען פון פּייטערבאַרג „פּוטיוויל" הונדערט אַכט און זיעבעציג, — נו, ווי אזוי קויפט מען נישט קיין „פּוטיוויל"? צי, למשל, „מאַלצעווער", זאָגט מען, זענען אָנגעקומען שוין דריי־צעהן הונדערט פופציג, — זאָל מען ניט קויפען קיין „מאַלצעווער"? אַז אַלע טאָג, אַלע טאָג שפּרינגט עס אַרויף! אויף מיין „פּוטיוויל", ברוך השם, שטעהט מיר איצטער צו פערדיענען שענע עטליכע הונ־דערטער! נאָר אזוי לאַנג שמייסט מען זיי, ווי לאַנג איך וועל זיי פערקויפען! אדרבה, איך רעכען נאָך צוקויפען אַ ק"ן שטיקלעך „פּוטיוויל" מיט אַ פינף „מאַלצעווער" מיט נאָך אביסעל „וואָלגע", און אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבען — צו קויפען אביסעל „טראַנספּאָרט", מחמת מע שרייבט פון פּייטערבאַרג, מע זאָל למען השם קויפען „טראַנספּאָרט"! אַלע האָבען דאָ טראַנספּאָרט: אי־דען, ווייבער, דאָקטוירים, מלמדים, משרתים, דיענסטען, בעלי־מלאכות — ווער האָט ניט קיין „טראַנספּאָרט"? דאָ, אַז אַ איד בעגעגענט זיך מיט אַ אידען, איז דער ערשטער ברוך־הבא: „ווי אזוי איז היינט „טראַנספּאָרט"?" קומסט אריין אין אַ רעסטאָ־ראַציע, בעגעגענט דיך די בעל־הבית'טע: „ווי טייער איז היינט „טראַנספּאָרט"?" געהסט דו קויפען אַ פּעקעל שוועבעלעך, פרעגט דיך דער קרעמער: „ווי טייער איז היינט „טראַנספּאָרט"?" הכלל, יעהופּעץ איז טאַקי אַ מקום פרנסה. אַלע שפּעגעלירען, אַלע וואַכ־סען, אַלע פערדיענען געלד, און איך אויך בתוכם! נאָר מחמת איך האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ'ם אַנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות.

לעת־עתה לאָז גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. גרים אַלע־מען בעזונדער גאָר פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

**ע י ק ר ש כ ח ת י.** וואָס דו פרעגסט, וואָס טהו איך ביי־נאַכט אין בויבעריק, האָב איך דאָך דיר שוין געזאָגט, אז יעהופּעץ איז א שטאָדט, וואָס א איד טאָר דאָרט ניט זיין, סיידען א „פּער־וועגעלדיע". אַז איך וועל זיך אָפּוויקלען מיט מיין „פּאָרטעפּעל" און וועל זעהען די אונטערשטע שורה, וועל איך אריינטראָגען „געלדיע", וועל איך מעגען זיין אין יעהופּעץ גלייך מיט אַלע. לעת־עתה מוז מען זיך אויסבעהאַלטען, און קיין בעסערע בעהעלטעניש, ווי בוי־בעריק, איז ניטאָ. ס'איז איין ערטעל פון דאַטשעס. פאַרהאַן א סך דאַטשניקעס. די דאַטשניקעס לויפען, לויף איך אויך — היינט פער־שטעהסט דו שוין?

הנ"ל.

# IV.

### שיינה־שיינדעל פון כתרילעווקע צו איהר מאַן מנחם־מענדעל אין יעהופּעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ערשטענס קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטענס שרייב איך דיר, בעלי היקר, אַז ביי אונז האָט זיך געטראָפען איין אומגליק מיט אַ גליק אינאיינעם. אונזער משה־הערשעלי האָט איינגעשלונגען אַ קאָפּיקע! איך בין געקומען פון'ם מאַרק, פרייטאָג איז דאָס געוועזן, געקויפט פיש, פרישע, צאַפּעלדיגע, זיך נאָך געוואָרפען, און דאָס קינד שרייט. ווערד צעריסען! איך שלאָג דאָס, איך הרג'ע דאָס — עס האַלט אין איין שרייען! „וואָס ווילסט דו? שלים־מזל! באַשעפעניש! נאַ דיר צרות מיינע! נאַ דיר אַ קאָפּיקע! נאַ דיר בויכוועהטיג!" קוים מיט צרות אנשוויגען געוואָרען. אין עטליכע מינוט אַרום, איך טהו מיך אַ חאַפּ: „משה־הערשעלי! וואו איז די קאָפּיקע?" „ניטאַ טאַפּעטע!" — מאַכט ער צו מיר און ווייזט מיט'ן הענטעל אין מויל אַריין. איינגעשלונגען? אַ צרה איז מיר! אַ שלאַק איז מיר! איך נעם דאָס קינד, איך קוק דעם אין מויל אַריין, וועה און ווינד איז מיר! „משה־הערשעניו! נשמה מיינע! מיר זאָל זיין פאַר דיינע ביינדעלעך! זאָג, וואו האָסט דו אַהינגעטהאָן די קאָפּיקע?" איך טרייסעל איהם, איך שלאָג איהם, קנייפּ איהם, מאַך איהם ברוין און בלוי — ער שרייט אין איין קול: „ניטאַ, האָם טאַפּעטע, האַם!" בקיצור, איך האָב איהם געבראַכט צום דאָקטאָר, האָט ער געהייסען

מע זאָל איהם געבען קאַרטאָפּליס. צוויי טאָג האָט מען דאָס קינד נעבאָך געמוטשעט, געשטאָפּט מיט גוואַלד, נישט קיין מילך, נישט קיין טרונק וואַסער, נאָר קאַרטאָפּליס, נאָר קאַרטאָפּליס, — איך האָב געמיינט, ס'איז איין עק פון מיין קינד! ערשט אויפ'ן דריטען טאָג, איך נעם אויפראַמען די שטוב, איך טהו אַ קוק אין בעט אונ־טער'ן קישען — ליגט נים די קאָפּיקע? דאָקטוירים זאָלען אַזוי ווי־סען פון זייער געזונד, ווי זיי ווייסען, ווער עס האָט זיי געשלייערט! נאַ דיר נאָך, טאָמער איז קאַרג, ווי זאָגט די מאַמע: „אַ רעשטעל צו די צרות"... איך דאַרף האָבען צו טהון מיט זיינע קינדער, מיט דאָקטוירים, מיט רוחות און מיט שדים, און ער, דער גאָלדשפּינער, גאַרנישט, פליהט אַרום פון אַדעס קיין יעהופּעץ, פון יעהופּעץ קיין בויבעריק! וואָס איז? אַ גדולה אויף איהם, אַ היץ: „פּאַפּיער־לעך!" „טראַנספּאָרטען!" „פּאַרטעפּעלען!" האָט זיך איינגערעדט, אַז מע קאָן ווערען אין איין שמע־ישראל אַ נגיד! „איין איינרעדע־ניש, זאָגט די מאַמע, איז ערגער פון אַ קרענק"... נאַרעלע, וואָס וועסט דו מיר דערצעהלען גליקען, פּזמונות: „אַקציעס, שמאַקציעס, דעווענדענט, מעדעווענט" — ס'איז ווערטה איין אויסגעבלאָזען איי! מיט פינף פינגער ווערד מען נים רייך. „אַז מע לעגט אַריין, זאָגט די מאַמע, קדחת, נעמט מען אַרויס אַ קרענק"... פערשרייב דיר, מענדעל, וואָס איך זאָג דיר, אַז אַלע דיינע יעהופּעצער לייט, וואָס דו שרייבסט, אַז זיי זענען מיט אַ מאָל בעגליקט געוואָרען, וועלען אם ירצה השם אין גיכען ווערען צוריק די אייגענע קבצנים, וואָס פריהער, נאָך מיט מעהר פּרישקייט. וואָרום איך גלויב אַזוי אין דיינע „טראַנספּאָרטען" מיט דיינע „שמאַלצעווער", ווי אין דעם אַדעסער „לאָנדאָן"; אין כשוף און אין שרעטעלעך גלויב איך שוין אַ סך מעהר, ווי אין אַלע דיינע יעהופּעצער „פּאַרטעפּעלען". אוי, אַ הונד זאָל אויפעסען מיין האַרץ, וואָלט ער משוגע געוואָרען, אַז איך זעה ביי לייטען וויבער האָבען אויך אַ שטיקעל דעה ביי זיי־ערע מאַנען, מישען זיך אַריין אַמאָל מיט אַ וואָרט, טהוען אַ גע־שריי, אַ הוק, אַז עס וואַרפט מיט'ן מאַן דאָס נייעניעהריגע, נישט

אזוי ווי איך דאַרף מיט איהם געהן מיט ווייבע רעדעלעך, נישט דערוועגען זיך חלילה א קרום וואָרט, צי אויסשעלטען אמאָל פאַר די בזיונות, וואָס איך טראָג דאָ איבער פאַר דיר, אז איך דאַרף נאָך פאַר איטליכען בעזונדער מאַכען א פריילינך פנים, ווי זאָגט די מאַמע: „א קניפּ אין באַק, די פאַרב זאָל שטעהן"... נאָר גוואַלד, מה אָנו מה חיינו? איך וועל אזוי לאַנג צאַנקען און צאַנקען שטי־לערהייד, ביז איך וועל, שונאי ציון, אויסגעהן, ווי א ליכט מיינע שונאים, אָדער אזוי חלילה צעזעצט ווערען פון גריזאָטע, צעזעצט און צעשפּרונגען זאָלען ווערען אַלע דיינע יעהופּעצער קנאַקערס. ווי עס ווינשט דיר היינט און אַלע מאָל פון'ם טיעפען הארצען

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

שא, בערעל דעם פעטער מנשה'ס האָט שוין אויף זיך א נייעם אומגליק: ער איז יענע וואָך אָפּגעברענט געוואָרען, אַרוים ווי די מאַמע האָט איהם געהאַט. און איצט האָט ער נאָך דאָס לויפעניש — שונאים האָבען איהם גע'מסר'ט: אזוי ווי ס'איז ביי איהם געווען „געסטרעכעוועט" אַלסדינג דריי מאָל אזוי פיעל, האָט ער דאָך מסתמא אַליין געמאַכט „בורא מאורי האש". האָט מען איהם גערו־פען צום סליעדאָוואַטעל. בערעל איז אָבער אויך ניט פון די וואָס צעהן א דרייער; שטעלט ער עדות, וואָס געהען שווערען, אַז ער איז יענע נאַכט גאָר ניט געווען היע. דערוויייל האָט מען איהם איינגעזעצט, און זלאַטקע איז פאַר שרעק געלעגען געוואָרען און גע־האַט א זיעבעלע. מזל טוב!

## V.

**מנחם־מענדעל פון יעהופּעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.**

לזוגתי היקרה החכמה הצנועה מרת שיינה־שיינדעל שתחי'.

ר א ש י ת בין איך דיר מודיע, אַז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פונ'ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת זיי וויסען, אַז איך געה שוין קיין וואַרשאַ. ווערסט דאָך מיך וועלען פרעגען מסתמא, אַז ווי באַלד אַז איך זיץ אין יע־הופּעץ און האַנדעל מיט פּייטערבאַרג, היינט ווי קום איך קיין וואַרשאַ? זאָלסט דו גאָר קיין יסורים ניט האָבען: וואַרשאַ איז אויך אַ שטאָדט! וואַרשאַ האָט אויך פּאַפּיערלעך, און נאָך וואָסע־רע פּאַפּיערלעך! אויף וואַרשאַ זענען שפּעגעלאַנטען גליקליך גע־וואָרען! וואַרשאַ איז ניט פּייטערבאַרג; וואַרשאַ שמייסט מיט הונדערטערס! וואַרשאַ איז זיך מיישב ערשט יענע וואָך און הויבט־אויף „לילעפּוטען" פון צוועלף הונדערט אויף צוויי טויזענד! נו, פרעג איך דיך, געה זעץ זיך אַנידער און קויף ניט אַזאַ פּאַפּיערעל! צי, למשל, „וועגעלעך". געשטאַנען אָט ערשט, פריהער מיט אַ וואָך דריי, פערצעהן הונדערט. וויפיעל, מיינסט דו, שטעהען זיי היינט? צוויי טויזענד. און דוקא אָהן דעם קאַפּאָן!! מע דאַרף דאָך זיין, דאַכט מיר, אַ רוצח, מע זאָל ניט אוועקגעהן קויפען קיין „וועגע־לעך"! היינט האָט דיר וואַרשאַ גלאָט אַ מעלה: זי פאָדערט נישט קיין געלד; זי וויל נישט וויסען פון קיין „דעפּאָ". דו ווילסט האָ־בען „לילעפּוטען", „וועגעלעך"? צאָהל איבער אַ פּאָר הונדערט רובעל אויפ'ן קורס און מאַך דיר אַ „פּרעמיע" אויף „אולטימאָ":

אויף אונזער לשון הייסט דאָס ביז ראש־חודש. עס וועט קומען ראש־חודש, וועסט דו דעמאָלט האָבען די ברירה: צי נעמען די פאפיערלעך, צי ניין. נאָר ווער וועט דיך לאָזען וואַרטען אויף ראש־חודש? דערויף האָט דאָך גאָט בעשאַפען מעקלערס אויף דער וועלט, זיי זאָלען נישט לאָזען דורכגעהן די גאַס: „אפשר האָט איהר „לילעפּוטען"? אפשר האָט איהר „וועגעלעך"?" אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז זיי גיבען דיר עפּיס „פון אויבען" און נאַרען־אויס ביי דיר דיינע פאפיערלעך. אָט האָבען זיך ערשט נעכטען צוגע־טשעפּעט צו מיר צוויי אָדעסער מעקלערס; איין מאָל פאַר אַלע מאָל זיי האָבען זיך נאַסיאַדעט, איך זאָל זיי אָפּגעבען מיינע „לי־לעפּוטען" מיט מיינע „וועגעלעך". געפונען דעם אָרט, וואו אויס־צונאַרען סחורה! „ברידערלעך, — טענה איך צו זיי — איך האָב ניט. איך זאָל אַזוי ריין זיין פון שלעכטס!" הקיצור, איך האָב מיך מיט זיי אַזוי לאַנג געראַנגעלט, ביז זיי האָבען פאַרט אויסגע־נאַרט ביי מיר מיינע פינף „לילעפּוטלעך" מיט די פינף „וועגעלעך". נאָר וואָס דענן? איך האָב זיי אָבער אויך גוט אָפּגעטהאָן. איך האָב מיך באַלד „אָפּגעדעקט", איך האָב „אַריבערגעשמיסען", און צו גאָט אַ האָפענונג, איך וועל, אם ירצה השם, חאַפּען אַ פון־אוי־בען, וואָרום עס געהט מיר, קיין עין־הרע, די לעצטע צייט אַזוי, אַז וואָס איך קויף היינט, ווערד מאָרגען טהייערער; אַלע זאָגען, אַז איך בין אַ מוצלח! לאָז גאָט געבען, דאָס „אולטימאָ" אין וואַרשאַ זאָל אָפּלויפען גלאַט, ווערד ביי מיר פריי דער גאַנצער „פּאָרטעפּעל". דעמאָלט טראָג איך מיך איבער אין איין אַנדער קאַנטאָר, וואָרום אין דער קאַנטאָר, וואָס איך אַרבייט אַצינד, איז פאַרהאַן, קיין עין־הרע, אַזוי פיעל אידען, אַז מע ווייסט ניט וואו מע איז אין דער וועלט. יענע וואָך איז שיער אַרוים אַ גאַנצער שקאַנדאַל: עס האָט שוין געהאַלטען כמעט ביי פּעטש, דאָס הייסט, איינער פון אונז האָט געחאַפּט אַ פּאַטש... נאָר מחמת איך האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ'ם אַנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באַריכות. לעת־עתה זאָל גאָט געבען

מיט געזונד און מיט הצלחה. גרים אלעמען בעזונדער גאר פריינד־ליך.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

עיקר שכחתי. וואס דו שרייבסט מיר מכח בערעל דעם פעטער מנשה׳ס, איז ביי מיר זעהר צו גלויבען: ביי אייערע כתרילעווקער פרנסות קאן זיך קיין סוחר אנדערש נישט אויסהאנד־לען. זעהסט דו, ביי אונז אין יעהופעץ קאן זיך שוין אזא מעשה נישט טרעפען. ראשית, איז דא איטליכען בעזונדער, קיין עין־הרע, זעהר גוט; והשנית, אז עס מאכט זיך דא חלילה א שרפה, לעשט מען דא גאר אנדערש, היינו: נאך איידער עס הויבט אן צו נעצען, לויפט שוין די קאמאנדע מיט די מעשענע קיווערס, שפרינגען אין פייער אריין און שפריצען מיט דער קישקע. דו וואלסט געמענט זיך פערגינען אנקוקען אין יעהופעץ א שרפה!

הנ״ל.

# VI.

שיינה־שיינדעל פון כתרילעווקע צו איהר מאַן מנחם־מענדעל אין יעהופּעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ערשטענס קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטענס שרייב איך דיר, בעלי היקר, אַז איך האַלט, אַז דו ביזט שוין חלילה פאַרמאַלנע משוגע, מעגסט שוין באַלד אָנהויבען לויפען אין די גאַסען. קאַרג פאַר איהם וואָס מע קען איהם אין אדעס, אין יעהופּעץ, אין בויבעריק, בעדאַרף ער נאָך האָבען, אַז אין וואַרשא זאָל מען אויך וויסען, אַז ס'איז דאָ אויף דער וועלט אַ מנחם־מענדעל, וואָס פערנעמט זיך מיט הענדעל; אַמאָל האָט ער געהאַנדעלט מיט „לאָנדאָן", און היינט האַנדעלט ער מיט אַלטע פּידקאָוועס, אָפּגעשלאָגענע הושענות, עפּיס „פּאַפּיערלעך", „פּאַרטעפּעלען", „וועועלעך", „פּיפּערנאָטערס", וואָס מע דאַרף נאָך געהן זוכען עס אַזש אין וואַרשאָ, און זיך נאָך שלאָגען איבער דעם. הלואי, רבונו של עולם, זאָל זיך געפינען אַ חכם, וואָס זאָל דיר אַרויסשלאָגען דעם נאַר דיינעם, זאָלסט ניט אין זינען האָבען דאַרטען דער שוואַרץ יאָהר ווייסט וואָס, בעת דאָ אין דער היים האָסט דו אַ ווייב ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר, וואָס האָט צו טהון מיט די קינדער זיינע טאָג ווי נאַכט, טאָ דאָס, טאָ דאָס! ערשט נעכטען שיער אָפּגעקאָכט אַ קינד מיט זודיג וואַסער פון אַ דורכשלאַג. אַ גליק, וואָס ניט אויפ'ן גאַנצען קעפּעל, ווי זאָגט די מאַמע: „צום שלים־מזל דאַרף מען אויך האָבען מזל!"... און ער—גאָרניט, שפּאַצירט דאָרט

ארום אויף שרפות, א גדולה אויף איהם: יעהופּעץ ברענט, פּער־ברענט און פּער'שרפה'ט זאָל דאָס דיר ווערען מיט וואַרשאַ און מיט פּייטערבאַרג אינאיינעם, ליעבער גאָט! ווער עס האָט נאָר גאָט אין האַרצען, דער באַדט זיך אין מיין בלוט. איך קאָן דען דורכ־געהן די גאַס אפּילו? יעדער טייט אויף מיר מיט די פינגער: „אָט געהט זי, מנחם־מענדעל'ס פּלונית'טע פון יעהופּעץ!“ א שענער נאָ־מען, אז אָך און וועה איז מיר! לעבען זאָל טאַקי די מאַמע מיינע. זי טענה'ט איינס: „א מאַן, זאָגט זי, טאָר מען ניט אָפּלאָזען אויף קיין מינוט, דען, זאָגט זי, אז דער טעסער זיצט אויף די שפּענער, זענען די שפּענער — שפּענער... איך האָב, זאָגט זי, פריהער גע־וואוסט, אז קיין גוטער סוף וועט דערפון נישט ארויס; א געלד־שדוך, זאָגט זי, האָט זיך מיר פערגלוסט, ווי זאָגט מען: חזיר, האָסט געלד? זיי מיין מחותן!... א שמאַלץ־גרוב, זאָגט זי, די שמאַלץ רינט אויס, די גרוב בלייבט איבער. בריוולעך, זאָגט זי, וואָלט איך איהם געשריבען? פון קרחת וואָלט איך איהם געשרי־בען! ווער עס פערשטעהט ניט אויפ'ן וואונק, זאָגט זי, דעם גיט מען מיט'ן שטעקען... איך וואָלט איהם, זאָגט זי, אויף א בעזעב אראָפּגעבראַכט אהיים! אויף א קאָטשערע!“... זאָג אפשר, אז זי איז אומגערעכט? נאָר וואָס זאָל איך טהון, אז איך בין, משטיינס געזאָגט, אזא ציעג, אז וואָס מע זאָגט מיר איז רעכט, און וואָס מע וויל פּועלט מען ביי מיר!־איין אנדערע אויף מיין אָרט, למשל, ב ל י ו מ ע ־ ז ל א ט ע , וואָלט שוין לאַנג געוועזן אין יעהופּעץ ביי אלע רבנים און דיינים, דיך אַנגעפּאַלען אין גאַס און געגעבען דיר א וויסטען, א פינסטערען סוף, אז דו וואָלסט פערגעסען אפילו, צי דו הייסט מנחם־מענדעל, און צי דו האַנדעלסט מיט פּיפּערנאָ־טערס... מאָהל דיר, דיינע גילדענע געשעפטען מיט די גליקען, וואָס דו האָפּסט דאָרטען, זעהט מען שוין ארויס פון די מתנות, וואָס דו שיקסט מיר איבער פון יעהופּעץ; די דימענטען מיט די באַרליאַנ־טען, מיט די געשטיקטע העמדער, מיט די געשטעפּטע קאָלדרעס, א קליינינגקייט? איך זאָג דיר מיט גוטען, בעלי היקר, איך קאָן

דאָס שוין מעהר ניט אויסהאַלטען! איינס פון דיביידע: אָדער קום צו פאָהרען וואָס גיכער אהיים און זיי א מענש גלייך מיט אַלע־מען, אָדער לאָז קומען אַ מיתה משונה אויף מיינע שונאים, און לאָז דאָס האָבען איין עק, ווי עס ווינשט דיר היינט און אַלע מאָל

דיין באמת געטרייע פרוי שיינע־שיינדעל.

## VII.

מנחם־מענדעל פון יעהופעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה החכמה הצנועה מרת שיינה־שיינדעל שתחי'.

ר א ש י ת בין איך דיר מודיע, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פונ'ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת זיי וויסען, אַז איך קנאַק און פּליה, איך ברען, איך שפּרינג אין פייער, איך וואַכס, איך וואַכס! אַ סך זענען מיר מקנא, וואָרום וואָס איך קויף היינט, ווערד מאָרגען טייער. „וועד־געלעך" האָבען זיך אַ רוק געטהאָן נאָך אויף צוויי הונדערט רובעל, און מיינע „לילעפּוטען" שטעהען שוין, ברוך השם, אויף יענער זייט דריטהאַלבענטויזענד; נאָר מיר לוינט נאָך נישט צו פערקוי־פען, ווייל אַלע זאָגען, אַז עס וועט נאָך געהן און געהן. ס'איז גאָר אַ סברא, אַז „אויסלאַמד" האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף אונזערע פּאַפּיערלעך. מע מאַכט אַ „סענדעקאַט", דאָס הייסט, יד אחת, מע וויל זיי אויסקויפען עד לפ"ק, נישט איבערלאָזען אפילו אויף אַ רפואה! וועסט דו דאָך מסתמא פרעגען: פאַר וואָס? גאַנץ פּשוט! געלד, פערשטעהסט דו מיך, איז היינט פאַרהאַן ביי דער וועלט אָהן אַ שעור; עס וואַלגערט זיך אין די גאַסען; פּריצענט איז בזיל הזול — פיער־פינף לשנה איז פאַר אונז איבערגענוג; היינט אַז עס טראָגט גאָר צעהן־פופצעהן, איז דאָך דאָס טאַקי אַ גליק! און וואָס דו זאָגסט „לילעפּוטען" (נישט, ווי דו רופסט עס אָן, „פּיפּערנאָ־טערם"), האָב איך דיר שוין געשריבען, אַז דאָס איז אַזאַ מין פּאַפּיע־

רעל פון א פאבריקע, וואס מע ארבייט דארטען אייזענבאהנען און מע גיט דערויף „דעוועגדענט“. די אייזענבאהנען זענען אין סימ־ביר, די פאפיערלעך זענען אין ווארשא, און די קונים זענען אין יעהופעץ, — היינט פערשטעהסט דו שוין? דאס אייגענע איז מיט די „וועגעלעך“, מיט „פוטיוויל“ און מיט „טראנספארט“. נאר דו קעהרסט מיינען, אז מע קויפט פאפיערלעך, קוקט זיי עמיצער אן אין די אויגען? האסט דו ווידער א טעות. מע מוז דיר קלאר מא־כען אקוראט, זאלסט פערשטעהן דאס געשעפט. למשל, עס פער־גלוסט זיך דיר קויפען „טראנספארט“; געהסט דו אריין אין א קאנטאר, טראגסט אריין אין קאסע עטליכע קערבלעך א „דעפא“, און דו הייסט דיר פערשרייבען אביסעל סחורה, און מע גיט דיר ארויס א בריוועל, אז מע האט איינגעקויפט פון דיינעטוועגען אזוי פיעל און אזוי פיעל „טראנספארט“, אויף אזא און אזא מקח מיט אזא און אזא „דעפא“, און באם חלילה עס פאלט אראפ, ביזט דו מחויב צוטראגען נאך געלד; — נאר ס'איז בלאטע, ניט אזוי גיך פאלט דאס אראפ, און מע בעדארף ניט צוטראגען קיין געלד; אדרבה, עס הויבט זיך גאר אויף! אט אזוי ארבייט איך כסדר און מאך, ברוך השם, הלואי ווייטער ניט ערגער. גאט זאל העלפען, איך זאל מיך קאנען אפרייסען אויף א פאר טאג, וואלט איך זיך אראפגעחאפט קיין וואסילקאוו און וואלט אריינגעטראגען „געלדיע“; דעמאלט וואלט איך פערשפארט זיין נע־ונד, ביי־טאג א יעהופע־צער און ביי־נאכט א בויבעריקער. אלע מעקלערס זענען היינט גע־ווארען „קופצים“. זאלסט זעהן ווי מע לעבט, ווי מע עסט! היינט די דאמעס זייערע מיט די דימענטען און בארליאנטען — איך האב מיך צעפרעגט, וואו קויפט מע דא בארליאנטען, און האב בעטראכט פון דיינעטוועגען דארטען א פאר זאכען, זאג איך דיר, אז ניט נאר ביי אייך אין כתרילעווקע, אפילו ביי אונז אין יעהופעץ וועט דאס אויך אנמאכען א רעש! און מחמת איך האב קיין צייט ניט, מאך איך דאס בקיצור. אם ירצה השם, אינ'ם אנדערען בריעף וועל איך דיר ארויסשרייבען אלסדינג באריכות. לעת־עתה זאל גאט געבען

מיט געזונד און מיט הצלחה. גרים איטליכען בעזונדער גאַר פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר ש כ ח ת י. דו מיינסט, אפנים, זוגתי היקרה, אז איך בין איינער אויפ'ן ירידה, וואָס איך האַנדעל מיט פּאַפּיערלעך? בראָצקי האַנדעלט אויך דערמיט. דער חילוק איז: איך, אַז איך געה קויפען פּאַפּיערלעך, בעדאַרף איך פריהער אויסרעכענען וויפיעל מיין מאָגען קאָן פערדייען, און בראָצקי, אַז ער טהוט אַ קויף פּאַפּיערלעך, קויפט ער מיט אַ מאָל טויזענד שטיק, פינף טויזענד שטיק, צעהן טויזענד שטיק. דו שפּיעלסט זיך מיט בראָצקי'ן? יענער, אַז ער פאָהרט דורך אין דער קאַרעטע, ציטערט דער „קרעשטשאַטעק“, און אַלע אידען נעמען אראָפּ די היטלען, און איך אויך בתוכם. שען וואָלט זיין, ווען איך ווער אמאָל אַ בראָצקי!... אַז גאָט וויל, נאַרעלע...

הנ"ל.

# VIII.

שיינה־שיינדעל פון כתרילעווקע צו איהר מאן מנחם־מענדעל אין יעהופעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ע ר ש ט ע נ ס קום איך דיר צו מעלדען, אז מיר זענען אלע גאט צו דאנקען אין בעסטען געזונד, געב גאט דאס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צ ו ו י י ט ע נ ס שרייב איך דיר, בעלי היקר, „אז פון א חזיר'שען עק, זאגט די מאמע, קאן מען קיין שטריימעל ניט מאַכען"... איך שמועס עס קעגען דיין שענער שוועגערין, קעגען דיין יענטלען טאקי, ברענען זאל זי דיר אויפ'ן פייער! זי איז זיך מיישב יענע וואך און לאזט ארויס א קלאנג איבער דער גאנצער שטאדט, אז דו ביזט אוועק קיין אמעריקע און מיך האסט דו, ניט דערלעבען וועט זי דאס, אוועקגעוואָרפען איין אלמנה חיה. פון וואנען, זאגט זי, האט זי דאס גענומען? שרה־נחמה האט געהערט פון לייזי־הערשקע־אברהמ'ס מויל, אז ברוך־בן־ציונ'ס האט אליין געזעהן ביי משה־שמואל'ן א בריוועל, וואס מאיר־מאטעל שרייבט איהם פון אמעריקע. לויף איך דאך אוועק צו משה־שמואל'ן: וואו איז דאס בריוועל? פרעגט ער מיך: וואסער בריוועל? זאג איך: וואס מאיר־מאטעל שרייבט אייך פון אמעריקע. זאגט ער: ווער האט אייך געזאגט? זאג איך: ברוך־בן־ציונ'ס. זאגט ער: ווי האט אייך געקאנט זאגען אט דער שקרן, אט דער כזבן אזא מעשה, אז איך רעד ניט מיט איהם שוין העכער א יאהר? לויף איך דאך אוועק פון דארטען צו ברוך־בן־ציונ'ס מיט א צעיושעטען קאפ. לאזט זיך אויס א מעשה, אז ער איז גאר נישטא אין כתרילעווקע שוין די דריטע וואך. פליה איך דאך פון דארטען אוועק מסתמא צו

ליוזי־הערשקע־אַברהמ׳ס און גיב איהם אַוועק אַ פּאַרציע, ווי עס געהער צו זיין, לְמַאי האָט ער דערצעהלט שרה־נחמה׳ן אַזאַ פּזמון מיט אַ בריוועל, וואָס ניט געשטויגען, ניט געפלויגען? קוקט ער מיך אָן, ווי אַ משוגענע: וואָסערע פּלוימען? לאָזט זיך אויס אַ מעשה, אַז דאָס האָט זי טאַקי אַליין, דיין יענטעל הייסט עס, די כּפּרה זאָל זי זיין פאַר אונז ביידען, אויסגעטראַכט פון׳ם קאָפּ. אַ הולטייקע קאָן! נאָר עס קריכט דיר שטאַרק אין קאָפּ אריין אודאי וואָס איך שרייב דיר, אַז דיר ליגען גאָר אין זינען מסתמא דיינע יעהופּעצער דאַמעס, צע׳דמ׳ט און צעבלוטיגט זאָלען זיי דיר ווערען מיט זייערע בּאַרליאַנטען! הערסט דו, מענדעל! איך קאָן ניט הערען זייער נאָמען אַפּילו, אַזוי פיינד האָב איך זיי! עס איז מיר שוין נמאס אַפּילו די מתנה דיינע, וואָס דו ווילסט מיר דאָרטען קויפען! איך זאָג דיר פריהער, בעלי היקר, אויב דו ווילסט מיר עפּיס קויפען, זאָלסט דו מיר קויפען אַזעלכעס, וואָס מע טראָגט דאָרט ניט; איך דאַרף ניט, דו זאָלסט מיך פערגלייכען צו עמיצען, לאָזען זיי דיר זיין מיין כּפּרה היינטיגען טאָג! נאָר לאָמיך שוין דערלעבען זעהען טאַקי עפּיס פון דיר אויף דער רעכטער אמת, ניט אויף פּאַפּיער, ווי זאָגט די מאַמע: „ווינציגער מיט אַ וואָרט, מעהר מיט אַ ביסען"... וואָס טויג דיר אָפּלעגען אויף מאָרגען, נאַרעלע? ביי אַזאַ געשעפט, אַז מע רייסט נישט אָפּ מיט גוואַלד, האָט מען ניט! נאָר מעגסט דיר זאָגען וואָס דו ווילסט, ביז איך וועל נישט זעהען אַליין מיט מיינע אויגען, וועל איך דיר נישט גלויבען; נישט מחמת איך האַלט דיך חלילה פאַר אַ ליגנער, נאָר דערפאַר ווייל אַלסדינג, וואָס די יעהופּעצער פיינע מענשלעך דערצעהלען דיר, מיינסט דו, אַז ס׳איז תורת לאָקש. וואָס גלייכסט דו זיך צו בראָצקי׳ן? האָסט מיט זיי אינאיינעם חזירים געפּאַשעט? מע גיט דיר פאַר דיינע פּאַפּיערלעך עפּיס געלד — נעם! וואָס מאַכסט דו אָנשטעלען? די אַדעסער שאַרלאַטאַנעם האָבען געטראָפען צו דיר קיין בויבעריק אַזש, געוואָלט אויסנאַרען ביי דיר דעם טייערען אַנטיק? — מיט מזל ברכה! פאַר זיי די מציאה! ווי זאָגט די מאַמע

מיינע: „חאַפּ אויס די יאַרמעלקע מיט נים און אַנטלויף"... נאָר נעה רעד מיט אַ משוגע'נעם! אַט האָט זיך איהם פּלוצים פער־וואָלט ווערען אַ קופּעץ, און נאָך אַ וואַסילקאָווער דערצו! ער ווייסט שוין גאָרניט וואָס אויסצוטראַכטען פאַר גרויס ראָסקאָש! וואָס איז דיר עפּיס געפעלען געוואָרען וואַסילקאָוו? נאָר וואָס איז דאָס חידוש: אַז ביי־טאָג איז מען אַ יעהופּעצער, ביי־נאַכט אַ בויבעריי־קער, און געהן געהט מען קיין פּייטערבאָרג און קיין וואַרשאַ, מעג מען שוין זיין נישט נאָר אַ וואַסילקאָווער נכתב — אַפילו פון האָצע־פּלאַץ. מענדעל, זעה נאָר, אַז פון אַלע גליקען זאָל איך דיר נישט דאַרפען חלילה אַרויסשיקען פון דאַנען נאָך אַ מאָל אויף דער הוצאה, ווי עס ווינשט דיר היינט און אַלע מאָל

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

איך דאַרף דיר, בעלי היקר, אַנזאָגען אַ בשורה, און נישט קיין פריילינכע: דיין ברודער בערעל־בנימין איז געבליבען איין אַלמן... שוין אַז דער בריעף איז געווען פער'חתמ'ט איז מען געקומען און מע האָט אונז געזאָגט, אַז יענטעל איז געשטאָרבען. פון אַ קימ־פּעט איז דאָס איהר געקומען, זי האָט געהאַט אַ צווילינג. דאָס צווילינג לעבט, און זי איז געשטאָרבען. דאַכט מיר, עס וואָלט געמעגט זיין דאָס אייגענע קאַפּויר? ווי זאָגט די מאַמע: „גאָט איז אַ גרויסער צו־להכעיס'ניק"... לאָז זי זיין ווייט אָפּגעשיידט פון מיר. דיין שוועגערין איז תמיד געווען מיט מיר קידער־ווידער, לאָז זי מיר מוחל זיין, נאָר אויף מיין ערד איז זי דאָך ניט געגאַנגען. וואָס וואָלט מיך אהרען, אַז זי זאָל לעבען נאָך הונדערט יאָהר און נישט איבערלאָזען קיין זיבען יתומים'לעך, איינס קלענער פונ'ם אַנדע־רען? ביי דער לויה בין איך דוקא געווען און האָב מיך דוקא אַזוי אָנגעוויינט, אַז איך בין קוים געקומען אַ לעבעדיגע אַהיים. ווי זאָגט די מאַמע: „אַז מע דערמאָנט זיך אינ'ם טוידט, איז מען נים זיכער מיט'ן לעבען"...

## IX.

מנחם־מענדעל פון יעהופּעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתריליווקע.

לזוגתי היקרה החכמה הצנועה מרת שיינה־שיינדעל שתחי׳.

ר א ש י ת בין איך דיר מודיע, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פון׳ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת זיי וויסען, אז איך בין אַ גאַנצע וואָך געלעגען אין בויבעריק, דאָס הייסט, חלילה נישט מסוכן, נאָר אַ פּאַסקודנע שלאָפקייט: איך בין געפאַלען אויפ׳ן רוקען, קאָן זיך נישט איבער־קעהרען אויף דער אַנדערער זייט. איצט איז מיר שוין אַביסעל גרינגער. איך האָב געמיינט די גאַנצע וואָך, אז איך וועל אַראָפּ פון זינען: אַ קלייניגקייט, אַכט טאָג כסדר זיין אָפּגעריסען פון דער בערזע, נישט וויסען פון קיין קורסען? עס האָט זיך מיר נאָר אויסגעוויזען, אז דאָרט קעהרט זיך איבער די וועלט! אם ירצה השם, מאָרגען־איבערמאָרגען פאָהר איך שוין געוויס אין שטאָדט אריין. דערווייל שרייב איך דיר אַ בריוועל, עס ווילט זיך מיר אַביסעל דורכשמועסען מיט דיר, און אַגב דיר געבען אַ ריכטיגען חשבון, וואו איך האַלט, זאָלסט נישט מיינען, אז איך „פלוטעווע“, אז איך בין חלילה פערדרעהט אָדער איך בין גענאַרט. מיין „פּאָר־טעפעל“ בעשטעהט אַצינד סך־הכל פון הונדערט פּופציג שטיקלעך „פּוטיוויל“, הונדערט שטיקלעך „טראַנספּאָרט“, פינף „מאַלצעוווער“, פינף „לילעפּוטלעך“ און פינף „וועגעלעך“, אַ חוץ „פּרעמיעס“. מילא, „פּוטיוויל“ און „טראַנספּאָרט“ איז ביי מיר פערקויפט אויף שפּעטער (מיט אַ דרייערעל האַנדגעלד); ווי באַלד מע קויפט זיי

ביי מיר אוים צום זמן, — און אויסקויפען וועט מען זיי דאָך גע־
ווים — בלייבט מיר איבער אויף זיי ריין פערדיענסט נאָך אַלע
הוצאות אַ רובעל פיער־פינף טויזענד. חוץ לזה, האָב איך אַ פּאָר
צעהנדליג „האָסלעך" אויף „פּוטיוויל" און אויף „מאַלצעוווער", פּרי־
מאַ בריוועלעך, — רעכען איך האָפען אויף זיי אויך אַ רובעל זיעבע־
צעהן־אַכטצעהן הונדערט. האָסט דו שוין כמעט גוטע זיעבען טוי־
זענד רובעל. אויף די פינף „מאַלצעוווער" מזומן רעכען איך אויף
טרפות פיער טויזענד רובעל, וואָרום עס וועט דאָך זיין אַ חרפה,
אַ בזיון, אויב זיי וועלען נימ שטעהן אין גיכען, צום ווענינגסטען,
צוויי טויזענד רובעל אַ שטיק, חאָטש אפילו זיי האָבען זיך די לעצ־
טע טעג אַ קאַפּעלע אראָפּגערוקט; נאָר דאָס איז נישט מעהר ווי
אַ מאַניפּאָרגעלע פון די פּייטערבאָרגער „בלאַנקיסטען", בכדי זיי
זאָלען זיך קאָנען „אָפּדעקען"! בלייבט איבער דער רעכטער שפּיע־
געל: איך מיין די „לילעפּוטלעך" מיט די „וועגעלעך"; דאָ איז
אַ ריינער חשבון, ווי גאָלד: ביז „אולטימאָ" האָבען מיר נאָך אַזוי
גרויס ווי אַכטצעהן טאָג, און אַזוי ווי די „לילעפּוטלעך" הויבען
זיך אויף הונדערט רובעל אַ טאָג, האָסט דו אַ קיימאַ־לן פון אַכט־
צעהן מאָל הונדערט גע׳כפל׳ט אויף פינף, בעטרעפט דאָס פּונקט
נייען טויזענד רובעל. און די „וועגעלעך"? זיי שפּרינגען דאָך אויף
ק"ן רובעל אַ טאָג, — האָסט דו אַכטצעהן מאָל ק"ן גע׳כפל׳ט אויף
פינף, — בעטרעפט דאָס נימ קיין דרייצעהן טויזענד פינף הונדערט
רובעל? היינט וואו איז עפּיס „וואָלגע"? „דניעפּר"? „דאָן"? און
שאר ירקות? הכלל, גאָר קיין גרויסען בייטעל נעה איך מיר נישט,
נאָר איך רעכען אַלסדינג, שוין נאָך אַלע הוצאות: „קאַרטאָזש",
„גנבה׳זש" אַרום און אַרום, — קרוב צו פערציג־פופציג טויזענד!
השם יתברך זאָל העלפען, דאָס „אולטימאָ" זאָל נאָר אָפּלויפען גלאַט,
וועל איך, אם ירצה השם, „ראַליזירען" אַלע מיינע פּאַפּיערלעך און
וועל מיך „איבערקעהרען אויף דער אַנדערער זייט", דאָס הייסט,
איך וועל געהן „אַ־לאַ־בעס", ווערען אַ מוכר אויף אַלסדינג, און וועל
פערדיענען געלד אויף דער „לינקער זייט"; נאָכדעם וועל איך

מיך אַ וואָרף טהון צוריק „אַ־לאַ־האַס“ און ווידער אַ מאָל חאַפּען אַ גראַבס. אַזוי, אַז דער אויבערשטער זאָל נאָר װעלען, קאָן פון די פופציג טויזענד ווערען מאה אלף, פון די מאה אלף — רי״ש אלפים, פון די רי״ש אלפים — ת״ק, און אַזוי ווייטער, ביז אַ מי־ליאָן. ווי אַזוי זשע דען, נאַרעלע, ווערד מען אַ מיליאָנשטשיק, אַ בראַצקי? און וואָס, מיינסט דו, איז בראַצקי? אַ בשר־ודם, וואָס עסט און טרינקט און שלאָפט. איך האָב איהם אַליין געזעהן, איך זאָל אַזוי זעהען אַלדאָס גוטס!... הכלל, זאָלסט גאָר קיין יסורים ניט האָבען, זוגתי היקרה, איך האָב מיך גוט צוגעקוקט צו דער שפּעגעלאַציע און בין געוואָרען אויף דער בערזע אַזאַ חריף, אַז מע קומט שוין אַ מאָל צו מיר, נישקשה, מיט איין עצה; מיט גאָטס הילף, איך פערשטעה דאָס שפּיעל! און וואָס דו גלויבסט נישט און הייסט מיר אָפּשניידען, איז ביי מיר קיין חידוש ניט. למאַי חינקים? פאַרהאַן ביי אונז אַ שפּעגעלאַנט, חינקים רופט מען איהם, זעהר אַ הייסער שפּעגעלאַנט און אַ מורא׳דיגער קאָרטענשפּיעלער; ביי־טאָג שפּיעלט ער אויף דער בערזע, און ביי־נאַכט שפּיעלט ער אין קאָרטען. האָט זיך געטראָפען מיט איהם אַ מעשה ערשט יענע וואָך. עס האָט זיך איהם ביי־נאַכט גע׳חלומ׳ט אַ שלעכטע קאָרט, — אַ סימן אויף אַ „בעס“ — איז ער אַוועק קיין פּיטערבאָרג און קיין וואַרשאַ און האָט אָפּגעשניטען אין איין טאָג דעם גאַנצען „פּאָרטע־פעל“; אודאי רייסט ער איצט נעבאַך אויף זיך די האָר! אַ מצוה אויף איהם! לאָז ער ניט גלויבען אין חלומות! איך קוק שוין אַרויס אויף מאָרגענדיגען טאָג, געוואָהר ווערען די קורסען. איך האָב מיך בעשלאָסען, תיכף ווי באַלד איך קום אין שטאָדט אַריין, זיין ביי׳ם יובעלירער נאָך דיין „בראָש“ מיט די באַרליאַנטענע אויהרינגלעך, און אַז איך וועל נאָר האָבען צייט, חאַפּ איך מיך אַראָפּ אויף „פּאַדאָל“ איינקויפען דיר אַביסעל וועש, טישטיכער, האַנדטיכער, און די קינדער אויף העמדלעך, און נאָך עפּיס אין בעל־הבתישקייט אַריין, נישט ווי דו זאָגסט, אַז איך האָב דיך חלילה פערגעסען. און מחמת איך האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס

בקיצור. אם ירצה השם, אינים אנדערען בריעף וועל איך דיר ארויס־שרייבען אלסדינג באריכות. לעת־עתה זאָל גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. קוש די קינדער און גייס שוער און שוויעגער און אלעמען בעזונדער גאָר פריינדליך. און בערעל־בנימינ׳ען זאָלסט דו זאָגען פון מיינעטוועגען, אז ער זאָל זיך אזוי ניט נעמען צום האַרצען. די גרויסע שפּיעלען אין אזא שפּיעל, וואָס הייסט „פּרעפערענץ״, און די קליינע שפּיעלען אין „סטוקעל־קע״, אין „אָקע״ אָדער גאָר אין „טערטעל־מערטעל״.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר ש כ ח ת י. וואָס דו שרייבסט מיר מכח וואסיל־קאָוו, האָסט דו, אפּנים, גאָרנישט פערשטאַנען, וואָס איך מיין. אזוי ווי מחמת איך טאָר דאָ ניט זיין, וויל איך ווערען א היגער קור־פּעץ, קאָן מען אנדערש נישט אויספיהרען, סיידען מען איז פריהער חאָטש א האלב יאָהר א וואסילקאָווער נכתב. און קוים ווער איך א היגער, דינג איך, אם ירצה השם, א דירה אויף פּאדאָל און נעם דיך ארויס אהערצו מיט די קינדער אין א גוטער שעה. און וואָס דו ביזט אזוי אויפגעטראָגען אויף יעהופּעץ, איז נאָר דערפאר, ווייל דו קענסט נאָך נישט די שטאָדט מיט די היגע מענשען; מילא די שטאָדט אליין, שמועסט מען נישט — ס׳איז א צאַצקעלע, און די מענשען די היגע זענען ממש גאָלד און זילבער; וויים איך, ווי קומט דאָס צו אדעם? די היגע מענשען זענען אלע אזוי מילד, אזוי צוגעלאָזט, סאַי די מאַנסבילען, סאַי די נקבות... איין שטיקעל חסרון האָבען זיי דאָ, וואָס זיי האָבען ליעב א קערטעל; קומט די נאכט — נעמט מען זיך צו דער ארבייט און מע זיצט אוועק ביז טאָג און מע שרייט: „פּאס!״ די גרויסע שפּיעלען אין אזא שפּיעל, וואָס הייסט „פּרעפעראנץ״, און די קליינע שפּיעלען אין „סטוקעל־קע״, אין „אָקע״ אָדער גאָר אין „טערטעל־מערטעל״.

ה נ ״ ל.

# X.

שיינה־שיינדעל פון כתריעלעווקע צו איהר מאַן מנחם־מענדעל אין יעהופּעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ערשטענס קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטענס שרייב איך דיר, בעלי היקר, זאָלסט גאָר נישט איבערטראַכטען חלילה קיין שלעכטס, עס קומט דיר מזל־טוב: דער בראַטישעק דיינער, דיין בערעל־בנימין, האָט שוין חתונה געהאַט, אין אַ גוטער שעה, אַ מזל'דיגער! ער האָט קיין צייט ניט געהאַט צו וואַרטען אפילו גאַנצע צוויי חדשים: ער איז אוועקגעפאָהרען קיין באַרדיטשעוו, פון וואַנען מע בעציהט אויף דער גאַנצער וועלט שטיפמאַמעס, און האָט אַראָפּגעבראַכט פאַר זיינע קינדער אַ מאַמע, און דוקא אַ מיידעל פון אַ יאָהר נייענצעהן! אַזאַ יאָהר, אַזאַ מזל אויף אַלע מאַנסבילען, וואָס פאַר אַ פּנים דאָס האָט! ווי זאָגט די מאַמע זאָל לעבען: „בעסער זאָלען מיר בלייבען נאָך אייך אַלמנות, איידער איהר זאָלט מאַכען אונזערע קינדער פאַר יתומים!“... איך שטעל מיר פאָר דיינע טרערען, מענדעל, ווען דו זאָלסט מיך, אשטייגער, חלילה איבערלעבען, ניט דערלעבען זאָלען דאָס די יעהופּעצער דאַמעס! זיי וואָלטען דיך בעפאַלען, ווי די ביענען, איין אויסחאַפּעניש וואָלט אויף דיר געקומען נאָך פאַר שלשים! עס וואָלט געוועזען ביי דיר, ווי די מאַמע זאָגט: „אַ כשר'ער טאָפּ מיט אַ כשר'ען לעפעל“. וואָלסט שוין דעמאָלט געקאָנט בלייבען אַ יעהופּעצער אויף אייביג! דו קנאַקסט, זאָגסט דו, מענדעל?

קנאק! פליה! שפּרינג אין פייער! איך וועל צו דיר נישט פאָה־רען, איך זאָל וויסען, אַז דו ליגסט דאָרט אויפ׳ן טוידטען בעט! און דיינע פופציג טויזענד שרעקען מיך אויך קאַרג וואָס. ערשטענס, ביזט דו מיינער מיט די פופציג טויזענד, אַזוי ווי אָהן די פופציג טויזענד. און, צווייטענס, האָבען ביי מיר דיינע פופציג טויזענד אַ ממש, פונקט ווי אַ שמעק טאַבעקע, ווי זאָגט די מאַמע: „כל זמן דאָס געלד איז אויכ׳ן פּאַפּיער, איז דאָס פּאַפּיער“... איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, בעלי היקר, אַז דו האָסט איצט ביך איבערצוצעה־לען עטליכע קערבלעך און ווילסט וואַרטען ביז עס וועט ווערען דוקא פופציג טויזענד, ביזט דו אָדער אַ משוגע׳נער, אָדער אַ גזלן, אַ רוצח, האָסט קיין רחמנות נישט אויף דיין ווייב ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר און אויף דיינע קינדער. עס געפעלט מיר, ווי ער האָדעוועט מיך מיט „זאַווטריקלעך“: מ אָ ר ג ע ן וועט ער זיין ביי׳ם גאָלדוואַרגער, מ אָ ר ג ע ן וועט ער מיר קויפען וועש — אַלץ אויף מאָרגען. נאַר איינער! פאַר מאָרגען לאָז זיך גאָט זאָר־גען! דו קויף בעסער היינט. רייס אָפּ, חאַפּ אריין, עס וועט זיין גליך ווי געפונען! די מאַמע מיינע, זאָל לעבען און געזונד זיין, זאָגט גאַנץ קלוג. זי זאָגט: „וואָס טויג דיר, טאָכטער, מתנות, טישטיכער, האַנדטיכער? געלד, זאָגט זי, לאָז ער דיר שיקען! דער מלאך־המות, זאָגט זי, פרעגט נישט, צי דער מת האָט תכריכים“... איך וועל וואַרטען נאָך אַ פּאָר וואָכען, ביז איך וועל מיך פיהלען אין גאַנצען געזונד, דעמאָלט זעץ איך מיך אויף און פאָהר, אם ירצה השם, אַראָפּ צו דיר אהינצו, און דעמאָלט בין איך דיר נים מקנא! איך וועל דיר דאָרטען נאָכגעהן פיס־טריט, איך וועל דאָר־טען זיין אומעדום. איך בין דיר ערב, אַז דו וועסט אַנטלויפען פון דאָרטען אין מיטען האַלבע נאַכט, ווי עס ווינשט דיר פון טיעפען הארצען

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

## XI.

מנחם־מענדעל פון יעהופעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי'.

ר א ש י ת  בין איך דיר מודיע, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פונ'ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת  זיי וויסען, אַז עס טהוט זיך חושך! היינו, עס איז אָנגעקומען פון פּייטערבאַרג אַזעלכע קורסען, אַז ס'איז אונז אַלע־מען פינסטער געוואָרען אין די אויגען! ווי אַ דונער האָט דאָס אונז דערשלאָגען, ווי אַ באָמבע! עס איז געוואָרען פינסטער אין אַלע קאַנטאָרען, ערד־ציטערניש אויף „קרעשטשאַטעק“! און תיכף נאָך פּייטערבאַרג האָט אויך וואַרשאַ געגעבען אַ זעץ איהרע קורסען! ס'איז געוואָרען אַ לויפעריי, אַ בהלה, אַ פּחד, אַ מהומה! די שפּעגעלאַנטען זענען זיך צעלאָפען, אויסגעטריקענט געוואָרען, און איך אויך בתוכם. אוים בערזע! די קאַנטאָרען זענען געבליבען פּוסט, די באַנקירען פּערזאָרגט, ס'איז חורבן בית־המקדש! שטעל דיר פאָר, זוגתי היקרה, אַז די „מאַלצעווער“, וואָס איך האָב זיי גערעכענט אויף טרפות צוויי טויזענד קערבלעך, האָבען זיך מיישב געווען און האָבען זיך אַראָפּגערוקט ביז נייענהונדערט פופציג! צי, למשל, „פּוטיוויל“: ניכער וואָלט איך זיך גערעכט אויף זיי אַ מפּלה, איידער זיי זאָלען ווערען פון הונדערט אכציג צוריק זיעבען און זעכציג! פון „טראַנספּאָרט“ שמועסט מען נישט; „טראַנספּאָרט“ איז גאָר אין דער ערד, קיינער נעמט דאָס נישט אין די הענד אריין! דאָס איינענע איז מיט „וואָלגע“, מיט „דאָן“ און מיט אַלע

אנדערע פאפירלעך. נאר דאס אלסדינג איז נאך גאלד קעגען וואר־שא. אין ווארשא איז גאר איין אומגליק! זינט די וועלט שטעהט איז נאך אזא שחיטה נישט געשעהן, ווי אין ווארשא. ווארשא איז זיך מיישב און טהוט א שמיץ די „לילעפוטען" פון צוויי טויזענד פיער הונדערט פופציג גאר אויף זעכס הונדערט צוואנציג! היינט „וועגעלעך"! די זענען שוין געשטאנען אזוי שען, אזוי פיין; מיר האבען געמיינט, אט־אט זענען זיי דריי טויזענד קארבען! וויפיעל, מיינסטו, שטעהען זיי היינט? וועסט גאר נישט טרעפען: פיער־הונדערט שמארדאוועצעס! ווי געפעלט דיר א קורס? ס'איז עק וועלט! אז אך און וועה איז ווארשא, זיך שען אויסגעפיינט: גע־טריבען, געטריבען, און פלוצים אין מיטען דרינען — נא דיר א חתונה! פון וואנען נעמט זיך דאס איבערקעהרעניש — ווייסט קיינער נישט. דער זאגט דאס, דער זאגט דאס. עס וואכסט פון געלד, דאס הייסט, פון דעם, וואס עס איז נישטא קיין געלד. אויף דייטש רופען זיי דאס אן: „געלד־מאנגעל", און אויף אונזער לשון הייסט דאס פשוט: „נישטא א פרוטה". וועסט דו דאך מסתמא פרעגען: סטייטש, עס האט זיך דאך ערשט נעכטען געוואלגערט אין אלע גאסען? תיקו, בלייבט א קשיא! נאר ווי אזוי די מעשה איז, שפעגעלאנטען זענען געווארען אפגעקאכט, און איך אויך בתוכם. איך וועל דיר זאגען דעם אמת, אויף פיטערבארג פערדריסט מיך ניט אזוי, ווי אויף ווארשא. מילא פיטערבארג — גארנישט, געהט זיך פאוואלינקע, אלע טאג פאלט דארטען צוואנציג־דרייסיג רובעל און געגוג; ס'איז חאטש, ווי זאגט ער, מעשה סוחר. ווארשא — קיין גור־טער איד זאל דאס ניט קענען! דאס איז עפיס א מין סדום, רחמנא לצלן! נישטא דער טאג ווארשא זאל ניט געבען א ריס מיט ק"ן, מיט רי"ש, מיט שי"ן קערבלעך נידעריגער, א פאטש נאך א פאטש, אזוי, אז מיר זענען דא אלע געבליבען פריהלישעט, גאר קיין צייט נישט געהאט אפילו זיך ארומצוקוקען! מיליאנען קאסט אונז אפ אט דאס ווארשא, מיליאנען! גוואלד, וואו איז געוועזן אונזער שכל? הלואי וואלט איך דיך געפאלגט, זוגתי היקרה, וואלט איך

איצט אַרויסגעשטעלט דער וועלט דריי פייגען; בראָצקי וואָלט צו מיר נישט געווען גלייך! נאָר מסתמא הייסט גאָט אַזוי; ס'איז, אַפּנים, נאָך נישט געקומען די רעכטע צייט... אַ שטיקעל גליק, וואָס מיין באַנקיר, לאַנג לעבען זאָל ער, מאַהנט מיך חאָטש נישט די עטליכע קערבלעך, וואָס איך בין איהם געבליבען שטעהן אין קאַנטאָר. אַדרבה, ער האָט אויף מיר רחמנות. ער זאָגט מיר צו, אַז עס וועט זיך אַביסעל פערבעסערען די צייט, וועט ער אפשר זעהן מיר „צושאַרען“, איך זאָל אַרום איהם קאָנען אַ מאָל פערדיענען אַ קערבעל... נאָר דערווייל̇ע איז נישטאָ וואָס צו טהון. עס געהען אַרום אויף דער בערזע מתים, נישט קיין שפּעגולאַנטען. מעקלערס דרעהען זיך אַרום פּוסט און פּאַס. ס'איז ביטער און פינסטער אַרום און אַרום. די שפּעגולאַציע, זאָגט מען, איז אָפּגעשטאָרבען, קאָן שוין תחית־המתים נישט אויפשטעהן. נישטאָ צו וואָס זיך צו נעמען. איך זאָל האָבען מיט וואָס, וואָלט איך מיך נאָך פּאָרט יאַקאָש דורכגעשלאָגען, איבערגעוואַרט די שלעכטע צייט. דער הימעל, ווי זאָגט ער, איז נאָך צו דער ערד נישט געפאַלען. נאַרישקייטען! דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז עס וועט נאָך זיין וואָס צו טהון, גאָט לעבט און יעהופּעץ איז אַ שטאָדט; אַז נישט דאָס, איז דאָס... נאָר וואו נעמט מען קלינגערס? ווי זאָגט די מאַמע דיינע: „אַז מע האָט נישט קיין פינגער, קאָן מען נישט שטעלען קיין פייג“... איך האָב מיך געפּרובט אָנמוטען אַ פּאָר מענשלעך מכח אַ גמילות־חסד'על אויף אַ קליינער צייט, האָבען זיי מיר געשוואָרען, אַז אין שטאָדט איז איצט ענג אין געלד, אַפילו גאָר ביי די גרויסע איז ענג, ממש מע פאַלט מיט'ן פּנים צו דער ערד, מע ציהט זיך אויס פאַר אַ גראָשען... השם יתברך זאָל עפּיס אַ נס טהון מיט מיר: גזלנים זאָלען אויף מיר אָנפאַלען און מיך הרג'ענען, אָדער איך זאָל אַזוי שטאַרבען געהענדיג אין גאַס, וואָרום, זוגתי היקרה, איך קאָן דאָס שוין מעהר נית איבערטראָגען! סטייטש, סטייטש! אַזוי פיין, אַזוי שען געשטאַנען אויפ'ן פּלאַץ! געהאַט, ווי מע זאָגט, אַ פולע היטעל — און פּלוצים נאַ דיר! און מחמת איך בין זעהר דערשלאָ־

גען, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ׳ם אַנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לעת־עתה זאָל גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. שרייב מיר וואָס מאַכען די קינדערלעך זאָלען לעבען, און ווי געהט דיר אין געזונד, און גריס שווער און שוויגער און איטליכען בעזונדער גאָר פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

**ע י ק ר ש כ ח ת י.** די וועלט זאָגט אַ ווערטעל, אַז נאָך אַ שרפה ווערד מען רייך. איך מיין, אַז נאָך אַזאַ מפלה, ווי מיר האָבען דאָ אַצינד, קאָן מען ערשט מאַכען גאָלדענע געשעפטען. וואָרום ס׳איז אַלסדינג געוואָרען בחצי חנם. מע קאָן היינט מאַכען „האָס־לעך" מיט „פּרעמיעס" אויף די בעסטע „פּאַפּיערלעך" כמעט אָהן געלד. איך זאָג נביאות, און קאָן דיר געהן שווערען, אַז ווער עס וועט איצט אָוועקגעהן קיין פּייטערבאַרג אָדער קיין וואַרשאָ עפּיס קויפען, וועט ער גליקליך ווערען! וואָרום נאָך אַלע מעשות קאָן איך מיך בערימען, אַז איך פערשטעה דאָס שפּיעל אין תוך אַריין. צו דער שפּעגולאַציע בעדאַרף מען האָבען נאָר דריי זאַכען: ש כ ל, מ ז ל און ג ע ל ד. ש כ ל איז, ברוך השם, פאַרהאַן ביי מיר אַזוי פיעל, וויפיעל ביי אַלע היגע שפּעגולאַנטען. מ ז ל איז ביי גאָט. און ג ע ל ד? — געלד איז ביי די בראָצקים.

הנ״ל.

## XII.

שיינה־שיינדעל פון כתריליעווקע צו איהר מאן מנחם־מענדעל אין יעהופעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ערשטענס קום איך דיר צו מעלדען, אז מיר זענען אלע גאט צו דאנקען אין בעסטען געזונד, געב גאט דאס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטענס שרייב איך דיר, בעלי היקר, אז, אייגענטליך, וואלט איך דיר בעדארפט שרייבען גאר א סך, נאר איך האב דיר נישט וואס צו שרייבען, עס האט זיך שוין אויסגעלאזט ביי מיר שטאף. ווארום וואס וועט מיר ארויסקומען, אז איך וועל דיך שוין ארייןלעגען אין דער ערד אריין, חלילה, לעבעדיגערהייד, עס וועט מיר דען עפּיס העלפען? איך בין דאך ניט בליומע־זלאטע, וואס האט ליעב „עסען מאן"; איך וועל דיך נישט עסען, איך וועל דיר ניט זאגען קיין קרום ווארט, נישט איבערקעהרען די צונג אפילו. נאר איין זאך וועל איך ביי דיר פרעגען, א שלאק זאל אריין אין מיינע שונאים'ס ביינער אריין: זאג, צי האב איך דיר נישט געזאגט פריהער, אז עס וועט אזוי זיין דער סוף? זאג, צי האב איך דיר נישט געשריבען די גאנצע צייט: אנטלויף, זאג איך, מענדעל, ווי פאר פייער! וואס טויג דיר, זאג איך, שמאטעס, פאפיערלעך? ווי די מאמע זאגט: „זיץ אין דערהיים, וועסט דו נישט רייסען קיין שטיוועל"... פאלגט ער מיך נישט! עס האט איהם צוגעקאוועט צו יעהופעץ! ער איז גאר די כפרה נאך די דארטיגע פיינע מענשלעך, די כפרה מעגען זיי שוין זיין פאר דיר און פאר מיר און פאר אונז אלע און פאר כל ישראל, נישט איך

זאָל מיך פאַר זיי אויסציהען אַ גמילות־חסד, געבען זאָל זיי גאָט גרינגע קרענק מיט מאַיאָווע קדחת אויף אַ גאַנץ יאָהר! ווי זאָגט די מאַמע זאָל לעבען: „בעסער אָנקומען צו עלינו, איידער צום בעסטען מענשען"... אויף דיר איז מיר אַ חידוש, מענדעל. דו ווייסט דאָך יאָ, וואָס אין די הייליגע ספרים שטעהט געשריבען: „מיט גוואַלד טהוט לעבען דער מענש און מיט גוואַלד טהוט ער שטאַרבען", — היינט וואָס רעדסט דו נאַרישקייטען? ס'איז אַלס־דינג פון גאָט. דו זעהסט דאָך, ווי דער רבונו־של־עולם פיהרט מיט דיר, עס זאָל זיך דיר נישט גלוסטען קיין גרינגע פויגעלעך אין יעהופּעץ! אַ איד בעדאַרף האָרעווען, פערשוואַרצט ווערען און געבען אַ ווייב ברויט! אָט איז נחמיה אויך אַ לייטישער יונגער־מאַן, אַ יודע־ספר — לאָם איך האָבען אַזאַ יאָהר! פון דעסטוועגען טהו אַ קוק, ווי אַזוי ער ווערד אויסגעריסען, פאָהרט אויף אַלע ירידים, געהט צו־פוס, קריכט אין דער ערד אריין, האָרעוועט ווי איין אייזעל. עס קאָן זיין, ער וואָלט אפשר אויך געוואָלט, אַזוי ווי דו, אַרומגעהן מיט'ן שטעקעלע איבער יעהופּעץ, אויך נישט טהון קיין האַנד אין קאַלט וואַסער, אויך האַנדלען מיט שמות, אויך שליטלען זיך קיין בויבעריק און אויך קוקען, ווי די יעהופּעצער דאַמעס שפּיעלען דאַרטען אין דער גוטער שפּיעל „פּערדעל־מערדעל". האָט ער אָבער זיין אייגענס אַ ווייב, וואָס זי הייסט ב ל י ו מ ע ־ ז ל א ט ע. ב ל י ו מ ע ־ ז ל א ט ע, אַז זי טהוט נאָר איין קוק אויף נחמיה'ן, נעמט איהם שוין אָפּ דאָס לשון: ער פערשטעהט זי שוין אויפ'ן וואונק. אָנו, לאָז איהם גאָט געבען אַזאַ זין, ער זאָל קומען, למשל, פון יאַרמעלינעץ און נישט ברענגען איהר קיין מענטעלע, קיין היטעלע, קיין זאָנטיקעל, מיט צרות, מיט שלעק איהר אין האַרצען?! וואָס זשע? אַזוי ווי איך קום אָפּ נאָר דערמיט, וואָס דו שרייבסט מיר אַלע מאָל: אָט קויפסט דו מיר דאָס, אָט קויפסט דו מיר דאָס, און ביז עפּים וואָס — לאָזט זיך אויס אַ בוידעם! נאָר דו מיינסט אודאי, אַז איך געה־אויס נאָך דיינע מתנות? איך דאַרף זיי אויך כפּרות, דיינע בראָשען

מיט דיינע בארליאנטען! אבי לאָם איך דערלעבען זעהן דיך געזונדערהייד! עס גלויבט זיך מיר גאָר ניט, אז דו לעבסט! היינטיגע נאכט האָט זיך מיר גע'חלומ'ט די באבע צייטעל, עליה השלום, פונקט אזוי ווי זי איז געווען, נישט געמינערט. דעריבער וואָלט איך שוין געוואָלט דערלעבען זעהן דיך געזונדערהייד, און וואָס פריהער, ווי עס ווינשט דיר פיעל גוטס היינט און אלע מאָל

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה - ש י י נ ד ע ל.

סוף פונ'ם צווייטען בוך.

# מיליאָנען

(סוחרים, מעקלערס און „שפּעגעלאַנטען").

---

### I.

מנחם־מענדעל פון יעהופּעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי' עכב"ב.

ר א ש י ת בין איך דיר מודיע, אַז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פונ'ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת זיי וויסען, אַז איך בין שוין אוים שפּעגעלאַנט. כ'האָב אַ שפּיי געטהאָן אויף דער שפּעגעלאַציע, קיין איד זאָל זי ניט קענען! זי האָט מיך אויסגעמוטשעט ווי אַ קדחת, מיך גע־מאַכט גרוי און אַלט! אַ ווערטעלע אויסצורעדען, וואָס מיר האָבען דאָ איבערגעטראָגען! עס איז געוואָרען אַ תל פון יעהופּעץ, איין איבערקעהרעניש אויף דער בערזע, חושך אין אַלע ווינקעלעך, ווי נאָך אַ מלחמה, נאָך ערגער ווי, ניט היינט געדאַכט, אין אַדעס! עס איז געקומען אויף אַלעמען אַ מפּלה, אַ בהלה. דער עולם האָט אָנגעהויבען שטאַרק צו באַנקראָטירען, און איך אויך בתוכם. אַלע טאָג האָט זיך געלאָזט הערען אַ נייער אָנזעץ. אָנזעצען — איז גאָר אַריין אין דער מאָדע! וואָס דאַרפסט דו מעהר? גרויסע באַנקירען,

בערען, האָבען אָנגעהויבען צו מאַכען פּליטה. דעם ערשטען פּעטשאַטעק האָט געמאַכט יענער באַנקיר, וואָס דורך איהם פלעגען מיר אַלע געהן מיט אונזערע „פּאַפּיערלעך“ קיין פּיטערבאָרג און קיין וואַרשאָ. אין אַ שענעם פריהמאָרגען קום איך אריין אין קאַנטאָר, איך האָב געהאַט ביי איהם צו שטעקען מיט אַ פּאָר „מאַלצעווער“ און מיט עטליכע „פּוטיוויל־עווער“ אַקציעס, וואָס ס'איז איהם אַרויסגעקומען פון מיר אַ קליינער דיפערענץ. איך הויב מיך אָן נאָכצופרעגען, וואו איז ער ערגיץ, דער פריץ? זאָגט מען מיר: הלך לעולמו — ער איז שוין לאַנג אין אַמעריקע! הקיצור, ס'איז געוואָרען אַ גוואַלד! מע האָט זיך באַלד אַ נעם געטהאָן צו דער אייזערנער קאַסע און מע האָט געפונען דאָרט אַ פלעשעל טינט מיט איין אַלטען אָפּגעריבענעם גילדען, און נאָך מיט אַ לעכעל דערצו. דער אַנדערער האָט איבערגעלאָזט אין דער אייזערנער שאַפע אַ גאַנצען פּאַק מיט אַלטע לוחות אויף עברי־טייטש פון שנת תרל"ג ביז היינטיגם יאָהר, און איז אַוועק קיין ארץ־ישראל. דער דריטער, גאָר אַ גרויסער באַנקיר, האָט נישט באַנקראָטירט, נאָר גלאַט ניזוק ונהרג געוואָרען מיט עטליכע מיליאָן אין איין וואָך און איז געבליבען ביי'ם נאָמען. נאָר די בראָצקים זענען עפּים מיט נסים אַרויסגעשפּרונגען גליקליך. איין מאָל פּאַר אַלע מאָל — איך האָב אַרויסגעזעהען, אַז סאיז נים בעשערט, העלפט נישט קיין חכמות! אַ שטיקעל גליק, וואָס איך האָב מיך בעציי־טענס אַרומגעקוקט און האָב מיך אַ וואָרף געטהאָן אויף איין אַנדער פּרנסה, אַ בכבוד'ע פּרנסה, היינו: איך בין איצט געוואָרען, אַ מעקלער, פּשוט אַ מעקלער, טאַקי דאָ אין יעהופּעץ אויף דער בערזע. פאַרהאַן אין יעהופּעץ מעקלערס, קיין עין־הרע, אַזוי פּיעל, ווי שטערען אין הימעל, מיט וואָס בין איך ערגער פון זיי? דאַכט זיך, איך האָב אויך הענד און פיס און אַ נאָז מיט אויגען גלייך מיט אַלע אידען, און אַזעלכע מיוחסים ווי איך איז דאָ אַ סך, — פון דעססטוועגען שטעהט זיי אָן נעמען דאָס שטעקעל און געהן מעק־לערען. די גרויסע תורה, וואָס מע בעדאַרף דאָ האָבען? אבי

מע קאָן זאָגען אַ ליגען, און דערצו, אַז מע איז נאָך אַ שטיקעל עזות־פּנים אויך, קאָן מען שוין זיין אַ מעקלער; און אדרבה, וואָס מעהר ליגנער און וואָס מעהר עזות־פּנים, איז אַלץ מעהר מעקלער! מעגסט מיר גלויבען, פאַרהאַן דאָ אין יעהופּעץ מעקלערס, וואָס קאַטאָרי ביי אייך אין כתרילעווקע וואָלט זיי אָנגעשטאָנען זיין בעהעלפערס אָדער בעלי־עגלות, זיי קאָנען זיך קוים חתמ'ענען, און פון דעסטוועגען — זעהסט דאָך, ווי זאָגט די מאַמע דיינע: „אַז גאָט וויל, שיסט אַ בעזעם"... מע בעדאַרף נאָר אָנטהון אַ ווייס העמד מיט אַ שענעם קאַפעליש, קריכען, שמעקען, האַפּען אַ וואָרט, אַ לויף אַהער, אַ שפּרונג אַהין — „פּאָזשאַלעטי קאַרטאָזש!" „קאַר־טאָזש" הייסט מעקלעריי, „שחיטה־געלד". אי איז דאָס אַ זיסער גראָשען, אָט דאָס „קאַרטאָזש"! אָהן קאָפּ־דרעהעניש, אָהן בויך־וועהטיג! אָט האָב איך געהאַפּט ערשט נעכטען אַ פּופּציגער „קאַר־טאָזש" — זאָל מיך אַזוי וויסען אַ בייזע וועטשערע מיט דיר אינ־איינעם, ווי איך וויים פאַר וואָס! איך האָב געמאַכט צעהן טוי־זענד פּוד צוקער גרינג, נאָך גרינגער ווי אויסרויכערען אַ פּאַפּיראָס. דאָס הייסט, געמאַכט האָבען אַנדערע, נאָר איך בין אַריינגעשפּרונ־גען אין מיטען. הקיצור, איך האָב מיט גאָט'ס הילף געהאַפּט אַ פּופּציגער! אַז גאָט העלפט, עס געהט אַוועק אַזוי איין האַלב יאָהר, שטעל איך מיך צוריק אויף די פיס און ווער דער אייגענער ווי פריהער, וואָרום ביי אונז אין יעהופּעץ שפּיעלט דאָס געלד די גרעסטע ראָלע! דער מענש אַליין איז בלאָטע, יחוס וויל מען דאָ נישט וויסען. מעגסט זיך זיין ווער דו ווילסט און וואָס אין דער קאָרט — אבי געלד! און מחמת איך בין פערנומען און האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ'ם אַנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לעת־עתה לאָז גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. גריס די קינדער זאָלען לעבען, און שווער און שוויגער, און איטליכען בעזונדער גאָר פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

עיקר שכחתי. שרייב מיר, איך בעט דיך, וואָס האָרכט זיך עפּיס ביי אייך, צי געהען רעגענס, און וואָס מאַכען די בורע־קעס, און צי ס׳איז פאַרהאַן עפּיס אַ סך זשוקלעך? איך בעדאַרף דאָס זעהר נויטיג וויסען, און וואָס גיכער!

הנ״ל.

## II.

שיינה־שיינדעל פון כתריליעווקע צו איהר מאַן מנחם־מענדעל אין יעהופּעץ.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי׳ מענדעל נ״י.

ע ר ש ט ע נ ס קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד. געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צ ו ו י י ט ע נ ס שרייב איך דיר, מיין זיס לעבען, אַ מיתה־משונה, אַ חלירע אויף מיינע שונאים! דו רוצח, דו טיטוס, דו גזלן איינער! דו ווייסט, אַז דיין ווייב איז געלעגען טוידט־קראַנק, נאָך דער רעפּעראַציע, וואָס דער שענער דאָקטאָר האָט מיר גע־מאַכט, אויף דיינע יעהופּעצער בעלי־בית׳טעס געזאָגט געוואָרען, אַז קוים וואָס איך פּלאָנטע מיט די פיס, און די קינדער דיינע האָב איך צו טהון מיט זיי, צייהנדלעך, העלזלעך, בייכלעך, דיפטעריט, מיט שלעק, מיט צרות אויף מיינע שונאים׳ס קעפּ! ווי אַזוי שווייגט מען אָפּ אַזאַ צייט און מע שרייבט נישט אריין קיין בריוועל? ממה נפשך: ביזט דו געשטאָרבען — שרייב, אַלא דו לעבסט נאָך, בעדאַרפסט דו דאָך אודאי שרייבען! נאָר געה טענה זיך אוים מיט אַ חושים, ווי זאָגט די מאַמע מיינע זאָל טאַקי לעבען און געזונד זיין: „גיכער וועט זיך אַ שכור אויסניכטערען, איידער אַ נאַר וועט קליגער ווערען“... מאָהל דיר, אַז אָך און וועה, אַז שיינה־שיינדעל־ברוך־הערש־לאה־דוואָסים בעדאַרף האָבען אַ מאַן אַ מעקלער! נאָר ס׳איז אָבער אַלץ כדאי: זיין אַ מעקלער, אַ

ביינעל־טרעגער, א הונט־שלעגער — אבי אין יעהופּעץ, איינגעזונ־
קען זאָל דאָס ווערען! היינט שרייבסט דו מיר, אז דו האָסט גע־
האַפּט א פּופּציגער ביי דער איצטיגער שענער פּרנסה דיינער, און
דו האָפסט, אז דאָס האַפּסט דו אַלע טאָג א פּופּציגער. נישט אַלע
מאָנטאָג איז פּורים. דו מיינסט, ס'איז דיר דאָס אמאָליגע אדעסער
„לאָנדאָן", מיט די „פּאַפּיערלעך", מיט די „פּיפּערנאָטערס", מיט
די אַלע איבעריגע גליקען דיינע, וואָס ליגען מיר נאָך ער היום אין
טעם? נאָר איינער, עס וועט דיר פּופּציג מאָל ארויס די אויגען
פונ'ם קאָפּ, איידער דו וועסט דערלעבען זעהען דעם אנדערען פּופּ־
ציגער! און אויסערדעם גלויב איך עפּיס גלאַט ניט אין די יעהו־
פּעצער פּערדיענסטען, וואָס הויבען זיך אָן תמיד מיט א גליק און
לאָזען זיך אויס מיט א בוידעם. און וואָס דו שרייבסט מיר, אז
דו ביזט גליקליך, וואָס דו ביזט ניט אראָפּ פונ'ם זינען, זאָג איך
דיר, אז פון דיינע דבורים זעה איך דאָס ניט ארויס; עפּיס רעדסט
דו מיר ניט צו דער זאַך. דו פרעגסט זיך נאָך אויף בורעקעס, און
צי עס געהען ביי אונז רעגענס? וואָס דען האָסט דו געוואָלט —
עס זאָל זומער־לעבען שיטען א שניי? און וואָס געהער זיך אָן
מיט א מאָנסביל בורעקעס? און וואו האָסט דו היינט בורעקעס?
ביי אונז קאָכט מען א באָרשט פון ראָסעל, אָדער פון שטשאַוועל;
בורעקעס איז ערשט העט־העט ארום סוכות! היינט פרעגסט דו
זיך עפּיס נאָך אויף זשוקלעך? וואָס פאַר זשוקלעך אויף דיר?
נא דיר גאָר זשוקלעך! קאַרג האָט מען פון די וואַנצען, דאַרפען
מיר נאָך זשוקלעך! נו, פרעג איך דיך אַליין: אין יעהופּעץ זיצסט
דו, צוקער מאַכסט דו, פּופּציגערס האַפּסט דו, — פעהלט דיר נאָר
בורעקעס, רעגען און זשוקלעך! ביזט עפּיס א מבין דערויף? נאָר
די מאַמע, זאָל טאַקי לעבען און געזונד זיין, זאָגט זעהר גלייך:
„א משוגענער שלאָגט פרעמדע פענסטער, נישט קיין איי־
גענע"... לכן פאָלג מיך, מענדעל, וואַרף אוועק די נאַרישע
וועלט, און אויב דו האָסט נאָך עפּיס פונ'ם פּופּציגער, נעם און
קום צו פאָהרען אהיים, און אויב ניט, וועל איך דיר ארויסשיקען

אויף דער הוצאה. דערמאָן דיך, אַז דו האָסט אַ ווייב ביז הונדערט צוואַנציג יאָהר און קליינע קינדער, וואָס קוקען אַרויס אויף דיר אַלע טאָג, און לאָז די וועלט אויפהערען צו טהון מיט מיר, און לאָז מיר אויפהערען ברענען מיין פּנים, ווי עס ווינשט דיר פיעל גוטס און אימער גליק

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

יאָ, פאַר וואָס פרעגסט דו ניט, וואָס הערט זיך עפּיס אין דער היים? אַפּנים, עס אַהרט דיך ווינציג־וואָס, וואָס די מאַמע מיינע האָט אָפּגעלאָזט דעם שדוך מיט מיין שוועסטערעל? דו מיינסט, איבער געלד האָט זיך דאָס צעגאַנגען? געלד איז אַ חוץ אַ מעשה. נאָר געמומען האָט זיך דאָס דערפון, וואָס דער מחותן איז דאָ געווען אויף שבת, האָט זיך מיט איהם די מאַמע צעווערטעלט, איהם געגעבען אָנצוהערעניש, אַז ער שטאַמט פון קצבים, געזאָגט אַ ווערטעל, אַז פון איין אָכס קאָן מען מעהר ווי אָכסענפלייש ניט פערלאַנגען, וכדומה אַזעלכע שטעכווערטלעך; איז ער געקומען אַהיים, אַ מכה איהם, און האָט אָפּגעשיקט די תנאים, און דערווייל איז נעבאַך נחמה־בריינדעל דאָס דריטע מאָל „אויס כלה און ווידער אַ מויד“.

## III.

מנחם־מענדעל פון יעהופעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתריליעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי׳ עכב״ב.

ר א ש י ת בין איך דיר מודיע, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פונ׳ם אנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת זיי וויסען, אז דו האָסט ניט רעכט צעקייעט וואָס איך האָב דיר געשריבען. זאָלסט גאָר קיין יסורים ניט האָבען, וואָס איך בין געוואָרען פון אַ שפּעגעלאַנט אַ מעקלער — ס׳איז גם זו לטובה. איך בין נישט איינער אין יעהופעץ. פאַרהאַן ביי אונז, קיין עין־הרע, אַ סך מעקלערס, מעקלערס פון צוקער, מעקלערס פון אַקציעס, מעקלערס פון ברויט, מעקלערס פון געלד, פון הייזער, פון אימעניעס, פון וועלדער, פון מאַשינעס, פון בערלינעס, פון קלעצער, פון פאַבריקעס, פון זאַוואָדען, פון באַהנען, און וואָס אַ מויל קאָן אויסרעדען און וואָס דאָס הארץ פערגלוסט — איז דערויף דאָ אַ מעקלער... עס ווערד דאָ נישט געמאַכט קיין שום געשעפט אָהן אַ מעקלער. און יעדער מעקלער קומט־אָן צום אַנדערען מעקלער, וואָרום ד ע ר מעקלער האָט אַ קונה, און י ע נ ע ר מעקלער האָט אַ מוכר, קומט דאָס אויס אינאַיינעם אַ זיווג; היינט מאַכט זיך אָפּט, אז צו איטליכען מעקלער טשעפּען זיך צו נאָך צוויי־דריי מעקלערס, טיילען זיי זיך אַלע מיט׳ן „קאַרטאַזש“ חלק בחלק, און אז מע קאָן זיך ניט איינטיילען מיט די חלקים, איז אָדער מע פערלאָזט זיך אויף מענשען, אָדער מע טהוט, ווי מע

פּלענט טהון אין אַרעס, דאָס הייסט, מע „קאָמפּעזירט“ מיט פּעטש... היינט פערשטעהסט דו שוין דעם ענין המעקלעריי? נאָר די גרעסטע מעקלערס פון אַלע זענען די צוקער־מעקלערס, וואָרום אַלע צוקערען געהען דורך זייערע הענד, זענען זיי מאסף ממון, פאָהרען מיט אייגענע קאַרעטעס, זיצען אין בויבעריק אויף דאַטשעס, שפּיעלען אין קאָרטען און האָבען „סאָרערזשאַנקעס מיט שאַנשע־נעטקעס“... הכלל, איך האָב אַרויסגעזעהען, אַז מעקלעריי איז דאָס בעסטע געשעפט, וואָרום וואָס האָט אַ מעקלער איינצושטעלען? ממה נפשך: האָב איך געטראָפען, וועט יענער פערדיענען געלד, אלא ניט — וועלען מירביידע ליגען אין דער ערד! אמת, דו ביזט גערעכט, נישט אַלע טאָג האַפּט מען פּופּציגערס. איך האָב פון דעם ערשטען געשעפט אָן לעת־עתה מעהר ניט געמאַכט גאָר־נישט, און דער פּופּציגער איז צעקראָכען געוואָרען אין איין כהרף־עין, וואָרום אַ בעל־חוב בין איך געווען, אַז די האָר זענען נישט מיינע, און אַ פּאָר קערבלעך האָב איך צעטיילט גמילות־חסדים, און איך זיץ שוין ווידער אָהן אַ גראָשען. נאָר וואָס דען? איך האָף, אַז איך וועל, אם ירצה השם, מיט׳ן אויבערשטענ׳ס הילף, מאַכען אַ געשעפט אין גיכען, און דעמאָלט וועל איך דיר צושיקען עטליכע קערבלעך דורך איין אַנווייזונג. און וואָס איך פרעג דיך מכח רעגענס, איז אַ פּשוט׳ער שכל: ווייל צוקער, פערשטעהסט דו, מאַכט מען דאָך פון בורעקעס, און בורעקעס בעדאַרפען האָבען רעגען, אַנדערש קאָנען זיי ניט וואַכסען. לכן פרעג איך דיך, צי עס געהען ביי אייך אָפּטער רעגענס. נאָר הלוואי זאָל גאָט געבען, אַז קיין רעגען זאָל בעסער נישט געהן, און די זשוקלעך זאָלען עסען די בורעקעס אויף וואָס די וועלט שטעהט, וואָרום ווי באַלד אַז עס וועט ניט זיין קיין בורעקעס, וועט דאָך ניט זיין קיין צוקער, און אַז עס וועט ניט זיין קיין צוקער, וועט צוקער זיין מיט גאָלד גלייך, וועלען די שפּעגעלאַנטען מאַכען געשעפטען, די מעקלערס וועלען פערדיענען געלד, און איך אויך בתוכם. און מחמת איך בין פער־נומען און איך האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. לעת־

עתה זאָל גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. גריס די קינ־דערלעך און איטליכען בעזונדער גאָר פריינד׳ליך.

ממני בעלך מנחם־מענדעל.

עיקר שכחתי. וואָס דו שרייבסט מכח דיין שוועסטערעל, איז אויב זי איז נאָך נישט קיין כלה, האָב איך פון איהרטוועגען א חתן, איין אנטיקעל, טאַקי פון היע, און דוקא א בחור, חאָטש אָפילו נישט קיין יונגער, טאַקי רעכט אין די יאָהרען, שוין מיט א גרויליך בערדעל. קיין גביר איז ער ניט. נאָר א מלאכה אין דער האַנד האָט ער, היינו: ער איז א מעקלער און רייבט זיך ארום צוקער. אָט דער שידוך איז פאַר איהר אָנגעמאָסטען, וויל דער בחור איז זעהר א שטילער בחור. אויב עס לעגט זיך דיר אויפ׳ן מוח, קלאָפּ מיר א דעפּעש, אָדער שרייב מיר אריין איין אָטקריטקע, וועל איך מאַכען, מע זאָל זיך צענויפפאָהרען.

הנ״ל.

## IV.

שיינה־שיינדעל פון כתרילעווקע צו איהר מאַן מנחם־מענדעל אין יעהופּעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ערשטענס קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטענס שרייב איך דיר, וואָס עס האָט זיך מיר גע־חלום'ט יענע נאַכט און היינטיגע נאַכט און אַ גאַנץ יאָהר — זאָל אויסגעהן צו מיינע שונאים'ס קעפּ! אַ גדולה אויף דער באָבע — אַז עס וועט ניט געהן קיין רעגען, וועט ניט זיין קיין בורעקעס, און אַז עס וועט ניט זיין קיין בורעקעס, וועט ניט זיין קיין צוקער, און אַז עס וועט ניט זיין קיין צוקער, וועט ער דעמאָלט פערדיענען געלד! פּונקט די מעשה מיט'ן ציגיינער און מיט'ן בער! און וואָס וועט זיין, מענדעל, אַז איך וועל דיר אָנזאָגען אַ בשורה, אַז ביי אונז גיסען אַלע טאָג שלאַקס־רעגענס, און די בורעקעס וואַכסען מיט רוחות, און קיין זשוקלעך איז ביי אונז נישטאָ, חוץ וואַנצען מיט טאַראַקאַנעס — וועט דיר שוין זיין גרינגער? גאָט זאָל מיר טאַקי אַזוי העלפען, ווי איך האָב דאָס געוואוסט פריהער, אַז פון'ם פּופּציגער האָסט דו שוין אַ גוט־אויג, נישט קיין געלד. איך האָב געוואוסט פריהער, אַז דו וועסט גיכער צעטרענצלען די עטליכע קערבלעך אויף גמילות־חסדים, איידער נעמען אויפ'ן קאָפּ, אַז דו האָסט אַ ווייב ביז הונדערט צוואַנציג יאָהר. גמילות־חסדים? קרענק וואָלט איך זיי געגעבען מיט צרות מיינע, וואָרום אַז דו

וועסט בעדאַרפֿען צו זיי אָנקומען מיט אַ גמילות־חסד, וועסט דו זעהן, אַז קיינער וועט ניט זיין אין דער היים, ווי זאָגט די מאַמע: „אַ נעמערקאַווער איז ניט קיין געבערקאַווער, און אַ גוטער ברודער איז נאָר ביז צו דער קעשענע"... נאָר ווער איז שולדיג, ווען ניט איך אַליין? אַ קליינינגקייט, מע גיט אַזוי נאָך אַ מאַן! ער ווייסט דען וואָס צו טהון פֿאַר גרוים ראַסקאָש? ער דרעהט זיך דאָרט אַרום אין יעהופּעץ, ווי אַ גראַף, עס פֿעהלט איהם נאָר רעגענס מיט זשוקלעך, און איך ליג דאָ ווי אַ הונד בע־גראָבען, שלים־שלים־מזל אויף יעדען טריט! געהט אַ קינד, משה־הערשעלי, ברענען זאָל ער, פֿאַלט דאָס און האַקט זיך איבער אַ ליפּ; האָב איך אַ פֿינגערעל מיט שפּריצלעך, גנבה'ט דאָס אַוועק ביי מיר די דיענסט — עס געהט, קיין עין־הרע, פֿון אַלע זייטען, ווי זאָגט די מאַמע: „קומט אָן דאָס גליק, גיס־אויס די פּאָמע־ניצע"... נו, בין איך נישט גערעכט געווען, וואָס איך האָב דיר געזאָגט, אַז ניט אַלע מאָנטאָג איז פּורים, און אַז קיין פּופּציגערס וואַלגערען זיך נישט? און מכח דעם שענעם שדוך, וואָס דו לעגסט־פֿיר פֿאַר מיין נחמה־בריינדלען, מעג ער זיצען דאָרטען אין גע־האַקטע וואונדען, דער אַלטער בחור דיינער מיט דער גרויער באָרד; ניט דערלעבען וועט יעהופּעץ, אַז מיר זאָלען פֿון דאָרטען אַ שדוך טהון! מע רעדט איהר, ווייסט דו, וועמען? טאַקי דעם ערשטען חתן איהרען; ער האָט זיך מיט'ן ערשטען ווייב גע'גט, און איצט שדכנ'ט ער זיך ווידער אַ מאָל צו מיין שוועסטערעל. זי איז איהם, אַפֿנים, שטאַרק געפֿעלען, דעם שאַרלאַטאַן! נאָר, ווי זאָגט די מאַמע זאָל לעבען: „גלייכער מיט אַ היימישען גנב, איידער מיט אַ פֿרעמדען רב"... און ווי באַלד דער שידוך וועט ווערען, אַזוי שטעלט מען באַלד אַ חופּה, און לאָם איך זעהען, אַז דו וועסט ניט קומען צו נחמה־בריינדלען אויף דער חתונה, ווי עס ווינשט דיר פֿיעל גוטס און אימער גליק

דיין באמת געטריייע פֿרוי שיינה־שיינדעל.

אונזער קאַפּעל האָט זיך ווידער אַ מאָל געזאָגט דעם פּסוק, אַנגעזעצט אַפשר דריי הונדערט קערבלעך און איז שוין ווידער אַ בטוח אין שטעדטעל. און בערעל דעם פעטער מנשה׳ס האָט ווידער אַ מאָל געטראָפען איין אומגליק — ער איז אָפּגעברענט געוואָרען אפשר אויף אַ הונדערטער און נעמען נעמט ער דריטהאַל־בען הונדערט קאַרבען. נאָר מיר דאַכט, אַז דאָס איז שוין ביי אונז די לעצטע שרפה אין שטאָדט, וואָרום ס׳איז אַ סברה, אַז די חברה „יאַקער“ האָט שוין אויפגעהערט סטריכירען אידישע הייזער מיט אידישע קלייטען אין כתרילעווקע. און מרים־ביילה האָט זיך מיישב געווען: וואָס טויג איהר אַ פאַבריק? אַ מעהר וועט זי געהן פאַרמאָלגע מיט די האָר! גלייכט זיך צו אונזער גביר׳ס שניר, אַ מכה זיי, וואָס שפּיעלען מיט יונגע לייט אין קאָרטען. נאָר איך האָב פיינד יענעם צו בערעדען, ווי זאָגט די מאַמע: „האָב אין זינען זיך, וועסט דו פערגעסען אין יענעם“... און שרייב מיר, למען השם, וואָס הייסט דאָס „שאַרעזאַנקעס“ מיט „שענזעשעט־קעס“? וואָס איז דאָס און׳אויף וואָס דאַרף מען דאָס?

## V.

מנחם-מענדעל פון יעהופעץ צו זיין ווייב שיינה-שיינדעל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה החכמה הצנועה מרת שיינה-שיינדעל שתחי' עכב"ב.

ראשית בין איך דיר מודיע, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השב יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פונ'ם אנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

והשנית זיי וויסען, אז דו האָסט געטראָפען. דאָס צוקער-געשעפט איז פאַר מיר טאַקי קיין געשעפט נישט: ערשטענס, איז פון די גרויסע צוקער-מעקלערס נישט אויסצושטעהן; איידער מע טהוט זיך אַ ריהר, פליהט-אונטער דער גרעסטער פון אַלע צוקער-מעקלערס און חאַפּט-אויס פון אונטער די הענד, חאָטש ער איז אַ גרויסער גביר, און געה לאָד איהם צום „ונתנה תוקף"! ווערסט דו דאָך פרעגען: היתכן? וואו איז יושר? זאָלסט דו וויסען, אַז אַזעלכע קשיות אין יעהופעץ פרעגט מען נישט; יושר איז דאָ נישט קיין מטבע; קיין „צוליעב" מיט קיין „רחמנות" איז דאָ נישטאָ. דאָס איז איין מאָל אוועק. צווייטענס, פרעג איך דיך, וואָס איז דאָס פאַר איין עסק, אָט דאָס צוקער-געשעפט, אז טאָג ווי נאַכט בעדאַרפסט דו קוקען אויפ'ן הימעל און בעטען גאָט, אז אַ טאָג זאָל געהן אַ רעגען, און אַ טאָג זאָל ניט געהן קיין רעגען? הכלל, איך האָב ארויסגעזעהען, אז דער עסק איז ניט פאַר מיר; מע בעדאַרף זיין אַ גרויסער עזות-פנים, דעם לוח מאַכען מיט דער

בלאָטע, און דעם שפּעגעלאַנט איינדרינגען, אַז ער פערשטעהט ניט פון דאַנען אהין, און אַזוי לאַנג רעדען, ביז עס זאָל איהם נמאס ווערען הערענדיג, און עס זאָל איהם בעשלאָגען אַ קאַלטער שווייס... איין גאָט איז אָבער יודע דעם אמת, אַז איך קאָן דאָס נישט; איך האָב ליעב צו פערדיענען אַ קערבעל בכבוד. מיט גאָט'ס הילף, איך האָב איצט אַ געשעפט אין די הענד, ווייס איך, אַז ס'איז אַ געשעפט; היינו: איך געה ארום געלד, איך מאַך הלוואות, שקאָנטע, דאָס הייסט, איך לייה און פערלייה געלד אויף וועכ־סעלעך, דאָס הייסט, איך שקאָנטיר דער וועלט'ס וועכסלען, און דווקא אויף בעלי־בתישע פּריצענטען, ווי זאָגט ער, ווינציגער פּער־דיענט, אבי געשלאָפען רוהיג. דאָס איז אַזאַ מין עסק, וואָס מע גיט דיר אָפּ כבוד פון אַלע זייטען, וואָרום אַז מע בעדאַרף האָבען די קלינגערס, ווערד מען ווייך ווי טייג, מע קריכט אין דער ערד אריין און מע זאָגט־צו דעם מעקלער גילדענע בערג... אָט האָט מיר גאָט צוגעשיקט איינעם אַ געוועזענעם פון באַרדיטשעוו. איך האָב מיך מיט איהם בעקענט אויף דער אכסניא, וואו איך שטעה — אַ זעלטענער יונגערמאַן מיט אַ גילדענעם כאַראַקטער. ער זאָגט מיר צו, אַז אויב איך מאַך איהם היע אַ קרעדיט פון אַ צעהן־פופ־צעהן טויזענד קערבלעך, וועט ער מיך אַזוי שען בעפריעדיגען, אַז איך וועל פערשפּאָרען זיין אַ מעקלער... און הגם איך האָב איהם ביז אהער קיין געלד נאָך נישט געקריגען, נאָר צו גאָט אַ האָפענונג, אַז איך וועל, אם ירצה השם, מיט גאָט'ס הילף געוויס קריגען... אַלע מעקלערס, וואָס דרעהען זיך דאָ ארום געלד, ווערען גליקליך, פאָהרען ארוים מיט אייגענע פערדלעך. איין אייגען פערד־און־וועגעלע, זאָלסט דו וויסען, איז אַ סגולה צו פּרנסה, וואָרום דאָ, אין יעהופּעץ, האָט מען פאַר אַ שען פערד־און־וועגעלע אַ סך מעהר דרך־ארץ, ווי פאַר אַ מענשען... און מחמת איך בין פערנומען און האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ'ם אנדערען בריעף וועל איך דיר ארויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לעת־עתה לאָז גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה.

גרים די קינדערלעך, און שווער און שוויעגער, און איטליכען בע־
זונדער גאר פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר ש כ ח ת י. וואס דו שרייבסט מכח קאפעל'ס אנזעץ,
האט דאס ביי מיר א שענעם פנים קעגען די היגע אנזעצען! א
סוחר, וואס האט נאך ניט אנגעזעצט קיין דריי מאל, הייסט דא
גאר קיין סוחר ניט. אמאל פלעגט דא זיין א מאדע, אז איין אנ־
זעצער האט געמוזט מאכען איין אפטריט; היינט איז שוין גע־
ווארען אוים מאדע אנטלויפען. דא הייסט דאס גארניט „אנזעץ";
דא הייסט דאס „ער צאהלט ניט", דאס הייסט, ער וויל ניט צאה־
לען — און רוף מיך קנאקניסעל! — און וואס דו פרעגסט זיך נאך,
וואס בעדייט „סאדערזשאנקעס און שאנשענעטקעס"? אויף לשון־
קודש הייסט דאס „פילגשים", און בלשון אשכנז רופט מען דאס
„קעפסווייבער". נאר מעגסט מיר גלויבען בנאמנות, אז עס קריכט
מיר אין דער לינקער פאה...

הנ"ל.

## VI.

**שיינה־שיינדעל פון כתריליעווקע צו איהר מאַן מנחם־מענדעל אין יעהופּעץ.**

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ערשטענס קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטענס שרייב איך דיר, אַז פון דיינע זיסע בריוולעך האָב איך שוין, כלעבען, אַ געשוואָלען האַרץ, געשוואָלען זאָלען ווערען די שונאים, ווי אַ באַרג. אָט ערשט ביזט דו, דאַכט זיך, געווען אַ צוקערמאַכער, פּלוצים — גאָר אַ בעל־הלוואה! וואו האָסט דו גענומען געלד? און אַז גאָט האָט דיר שוין יאָ אַמאָל געהאָלפען עטליכע קערבלעך, בעדאַרפסט דו זיי טאַקי צעפּלעכטען אין דער גיך? האָסט דאָך מיר אַליין ערשט ניט לאַנג געשריבען, אַז ווי באַלד עס פאַלט דיר אַריין אַ ביסעל געלד, אַזוי חאַפּסט דו און שיקסט מיר אַרויס דורך איין אַנווייזונג. וואו זענען דיינע ווער־טער? נאָר די מאַמע זאָל לעבען און געזונד זיין איז טאַקי גע־רעכט; זי זאָגט מיר: „טאָכטער מיינע, פון דאָרט קיין געלד זאָלסט דו גאָר נישט וואַרטען, וואָרום פון'ם בית־עולם צוריק טראָגט מען נישט, ובפרט, זאָגט זי, פון דער שענער לייטישער שטאָדט יע־הופּעץ, ברענען זאָל זי! איך האָב דיר שוין, זאָגט זי, לאַנג געזאָגט דאָס ווערטעל: „היט מיך, גאָט, פון באַרדיטשעווער נגידים, פון אומעניער חסידים, פון קאָנסטאַנטינער משרתים, פון מאַהליווער אפּיקורסים, פון קאַמעניצער האָדאָטאַיעס, פון יעהופּעצער הול־טייעס"... זאָג אפשר, אַז זי איז אומגערעכט? נאָר וואָס נעהט

איהם אָן אַ זייב, וואָס גנעהט איהם אָן קינדער? טאָג ווי נאַכט — טאַ דאַס, טאַ דאָס! קארג האָט מען געהאַט צו טהון פאַר אַ יאָה־רען, ניט היינט געדאַכט, מיט דער קאָפּיקע, וואָס מיר האָבען גע־מיינט, אז משה־הערשעלי האָט איינגעשלונגען, איז ער זיך מיישב יענע וואָך (נאָר אַ רוח, ניט קיין קינד!) און טראָגט זיך שיער נישט אָפּ אויף יענער וועלט. געוועזן געזונד און שטארק. פּלוצים — איך זעה, מיין קינד איז אוים קינד; האַלט דאָס קעפּעל אויף אַ זייט און שרייט נישט מיט זיין קול. „וואָס איז דיר, זוהנעניו, גאָלד מיינער, זאָג, וואָס טהוט דיר וועה?" ווייזט ער מיט'ן הענ־טעל אויפ'ן לינקען אויהער און שרייט. איך שטיק איהם, איך קוש איהם, איך קנייפּ איהם, איך האַלז איהם — ער האַלט אין איין שרייען. ערשט אויפ'ן דריטען טאָג האָב איך געבראַכט דעם דאָקטאָר. פרעגט ער מיך, דער חכם, צי האָב איך געקוקט דעם קינד אין אויהער אריין? זאָג איך: נישט נאָר געקוקט, איך האָב שוין אפּילו געדרילעוועט מיט אַ שפּיזעל, און מע זעהט נישט גאָר־נישט! פרעגט ער מיך: וואָס האָבען מיר געגעסען היינטיגען שבת? זאָג איך: וואָס עסט מען ביי אידען שבת — רעטאַך, ציבעלקעס, פּעטשאַי, קוגעל — וואָס ווילט איהר נאָך? זאָגט ער צו מיר: אפשר האָט איהר געקאָכט פּאַסאָליעס, אָדער ארבעס, אָדער איין אַנדער מין אויבסט? זאָג איך: ס'אַ משל! אַז מיר האָבען געגעסען אַרבעס, דעריבער בעדאַרף דאָס קינד האַלטען דאָס קעפּעל אויף אַ זייט און שרייען? מאַכט ער צו מיר: ווי באַלד איהר האָט געהאַט אין שטוב אַרבעס, האָט זיך אייער קינד מסתמא געשפּיעלט מיט'ן אַרבעס רויערהייד אַזוי לאַנג, ביז ער האָט אויף קאַטאָוועס אריינגעלעגט זיך איין אַרבעסעל אין אויהער אריין, האָט דאָס אַרבעסעל אָנגעהויבען ביי'ם קינד אין אויהער צו שפּראָ־צען און צו וואַכסען... בקיצור, ער האָט געבראַכט צו טראָגען אַ גאַנצע מאַשין, אָפּגעמוטשעט דאָס קינד נעבאַך אַ האַלבע שעה און האָט אַרויסגענומען פונ'ם אויהער אַ גאַנצע זשמעני מיט אַרבעס! נאַ דיר נאָך, טאָמער איז קאַרג! די גאַנצע וועלט פרעסט אַרבעס

צעזעצטערהייד — און גאָר ניט, און ביי מיר בעדאַרף זיין מיט נסים, ווי זאָגט די מאַמע זאָל לעבען: „אַ שלים־מזל פאַלט אויף גראָז און צעשלאָגט זיך די נאָז"... לכן, בעלי היקר, וואָס טויג דיר די הלוואות, האָבען צו טהון מיט באַרדיטשעווער שווינדלערס, אָנ־זעצערס, — נעם צענויף בעסער די עטליכע קערבלעך און קום צו פאָהרען אהיים, וועסט געפינען דאָ אויך אַ געשעפט, ווי זאָגט די מאַמע: „פאַר געלד קריגט מען אַלץ, חוץ קדחת"... ווי עס ווינשט דיר פיעל גוטס און אימער גליק

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

ווייסט דו, וואָס איך וועל דיך בעטען, מענדעל? שרייב מיר נישט פון דיינע יעהופּעצער שאַרלאַטאַנעס מיט זייערע קעפּסוויי־בער — איך וויל נישט האָרכען זייער טרפה'נעם נאָמען אפילו. לאָזען זיי דיר דאָרטען ברענען אויפ'ן פייער! הער בעסער, וואָס ביי אונז האָט זיך פערלאָפען פאַר אַ מעשה: לוי משה־מענדי'ס זוהנדעלע, „באַריש" רופט מען איהם, נאָכ'ן זיידען רב בערישעל עליו השאָלעכץ, אַ טייערער שייגעץ, ער מעג זיין די כפּרה פאַר אונזער משה־הערשעלי'ן אַלע מינוט, איז זיך מיישב יענע וואָך און קומט אַריין מיט צוויי שמשים צו ליבע משה־מרדכי'ס, אין קלייט אַריין און רופט זיך אָן צו ליבע'ס טעכטערעל פייגעלע'ן („פאַניטש־קע" האָט זי זיך גאָר אַ נאָמען געגעבען!): „פאַניטשקע, נשמה מיינע, וויז נאָר אַהער אַ פינגער!" געהט פאַניטשקע און וויזט אַ פינגער. נעמט ער און טהוט איהר אָן אַ פינגערעל און רופט זיך אָן צו די שמשים: „זייט עדות, רבותים, אַז איך האָב זי מקדש געווען כדת משה וישראל!" איז געוואָרען אַ גוואַלד, אַ ליאַרעם, אַ געפּילדער. ליבע איז געפאַלען חלשות. די גאַנצע שטאָדט איז זיך צענויפגעלאָפען אויף זייער בייז וואונדער. עס האָבען זיך אַריינגעמישט מענשען, מע איז געלאָפען צום רב. זאָגט דער רב, ער מוז איהר געבען אַ גט! זאָגט אָבער פאַניטשקע, אַז זי וויל ניט קיין גט, זי איז אין איהם פערקאָכעט שוין פון לאַנג.

אַ בייז פּערליאַפּעניש ביי זיי, אַיין אָפּגערעדטע זאַך נאָך פון אַמאָל — וואָס זאָגסט דו אויף איהר טאַטען? זאָל ניט זיין מיינע צרות אויף זייער קאָפּ?

## VII.

מנחם־מענדעל פון יעהופּעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי׳ עכב״ב.

ר א ש י ת בין איך דיר מודיע, אַז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פון׳ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת זיי וויסען, אַז דאָס געלד־געשעפט איז אַ קבצנ׳יי־שער עסק. הלוואה איז אַפילו נישקשה, נאָר וואָס דען? אַז גאָט העלפט מיט אייגען געלד, נישט מיט פרעמדס; מע לויפט און מע לויפט — און ס׳איז אַרויסגעוואָרפען! אַז אַך און וועה איז שוין דעם, וואָס בעדאַרף אָנקומען צו דער לאַסקע פון די היגע בעלי־הלוואות, די אַלע באַרדימשעוועד, די וויניצער און די שפּאָלער פּריצענטניקעס, וואָס וואַכסען אָהן רעגען, ווי קראָפּיווע... און אַפילו די גרויסע שוין, כלומר׳שט די באַנקירען, — איידער אָנ־קומען צו זיי, איז אויך גלייכער שוין זיצען אין דערהיים און שנייַ־דען „קאָמפּאָנעס"... הכלל, איך האָב אַ שפּיי געטהאָן אויף דעם געלד־געשעפט און האָב מיך גענומען צו הייזער. וואָס עפּיס צו הייזער? ווייל דאָ, אין יעהופּעץ, איז היינט געוואָרען אַ נייע שפּעגעלאַציע — הייזער. דו קעהרסט אוודאי מיינען, אַז אין יע־הופּעץ קויפט מען אַ שטוב, אַזוי ווי ביי אייך אין כתרילעווקע? האָסט דו אַ טעות. דאָ אין יעהופּעץ, אַז מע קויפט אַ שטוב, טראָגט מען זי באַלד אַוועק אין באַנק און מע נעמט אויף איהר געלד; נאָכ־דעם פערזעצט מען זי און מע נעמט נאָך אַ מאָל געלד; נאָכדעם

פערדינגט מען די דירות און מע נעמט ווידער אַ מאָל געלד. הכלל, מע קויפט אַ שטוב אָהן אַ גראָשען געלד און מע ווערד למזל אַ בעל־הבית. ווערסט דו דאָך פרעגען: ווי באַלד אַזוי, קאָן דאָך איטליכער האָבען אַ שטוב? איז דער תירוץ: וואו נעמט מען איין אַדערויף?... אַוודאי ווען גאָט העלפט מיר, איך פיהר־אויס דאָס געשעפט, וואָס איך דרעה מיך אַצינד (איך האַלט איצט ביי מאַכען אַ פּאָר הייזלעך), קויף איך מיר דעמאָלט אַליין אַ הייזעל (אויף דיין נאָמען) פאַר אַ קערבעל צוואַנציג טויזענד, און וועל נישט אַריינלעגען קיין דריי צעבראָכענע גראָשענס. וואָרום אָט האָסט דו דעם חשבון אויבען־אויף: פופצעהן טויזענד גיט מיר אַרויס די באַנק, זעכס טויזענד נעם איך אַרויס פון דער צווייטער זאַקלאַדנע, בלייבט מיר נישט איבער קיין טויזענד קערבלעך אין קעשעני? האָב איך שוין צו־שטייער אויף הוצאות אויך! היינט וואו איז דירה־געלד און שאר ירקות? פון וואַנען דען, מיינסט דו, וואַכסט מען אויס אַ גביר אין יעהופּעץ? און מחמת איך בין פערנומען און איך האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ׳ם אַנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באַריכות. לעת־עתה לאָז גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. גריס די קינדערלעך און איטליכען בעזונדער גאָר פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם - מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר ש כ ח ת י. וואָס דו בעשרייבסט מיר די מעשה מיט לוי משה־מענדי׳ס זוהנדעל, וואָס ער האָט מקדש געווען ליבע׳ס טאָכטער, איז דאָס ביי מיר פון די קליינע חידושים. דאָ אין יעהופּעץ איז מען זיך נוהג נאָר מיט פערליעבעניש; חתן־כלה מוזען פריהרען פריהער אַ פערליעבעניש, אַנדערש איז דער שדוך קיין שדוך ניט. דאָ טרעפט זיך אָפט־מאָל, אַז אַ מאַן וואַרפט־אַוועק אַ ווייב און פערליעבט זיך אין יענעמ׳ס ווייב, אָדער אַ ווייב וואַרפט־אַוועק איהר מאַן און פערליעבט זיך אין יענער׳ם

מאַן, און דאָס ווייב פון יענעם מאַן פערליעבט זיך אין יענער'ס ווייב'ס מאַנ'ס ווייב, איך מיין, אין יענעמ'ס ווייב'ס מאַן — מע פערבייט זיך מיט די יוצרות, שלי שלך ושלך שלי... ס'איז ניט כתרילעווקע, ס'איז יעהופּעץ...

הנ"ל.

## VIII.

שיינה־שיינדעל פון כתריִלעווקע צו איהר מאַן מנחם־מענדעל אין יעהופּעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ערשטענס קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטענס שרייב איך דיר, וואו איז דאָס געהערט געוואָרען אויף דער וועלט, אַז אַ יונגערמאַן זאָל נעמען און אַוועקוואַרפען ווייב און קינדער, שווער און שוויגער, און אַוועקלאָזען זיך אין אַ פרעמדער שטאָדט און פערנעמען זיך אַלע מאָל מיט איין אַנדער געשעפט: אָט איז ער אַ צוקער־מאַכער, אָט איז ער אַ בעל־הלוואה, און אָט ווערד ער גאָר אַ בעל־הבית פון איין אייגענעם מויער אין יעהופּעץ אָהן אַ גראָשען געלד! ? ס'איז טאַקי כדאי, כלעבען! איידער צו האָבען אַ שטוב און זיין אויף איהר שולדיג מעהר וויפיעל זי איז ווערטה, איז גלייכער זי זאָל פריהער פערברענט און פער'שרפה'ט ווערען אינאיינעם מיט אַלע הייזער אין יעהופּעץ. אַ גליק וועט מיך טרעפען, אַז ער וועט מאַכען אַ געשעפט און וועט פערדיענען געלד, וועט ער מיר קויפען אַ הייזעל אויף מיין נאָמען. וואָס טויג מיר הייזלעך ? דו שיק מיר בעסער געלד, וועל איך מיר שוין געפינען וואָס צו קויפען, ווי זאָגט די מאַמע זאָל געזונד זיין: „געב מיר נאָר אָהער דאָס ברויט, אַ מעסער וועל איך מיר אַליין געפינען"... עס איז נאָר איין אָנשיקעניש, אַ גוט אויג אויף מיר — און נענוג! דאַכט זיך, איך ווייס, איך בין אויך אַזאַ אידישע טאָכטער, ווי בליומע־זלאַטע, און אַזוי שען

אויך ווי זי, און אַזוי קלוג און ציקאַווע ווי זי אוודאי, — פאַר וואָס זשע, גוואַלד, פאַר וואָס קומט דאָס מיר, אַז איך זאָל האָבן אַזאַ וויסט פינסטער מזל, און בליומע־זלאַטע זאָל ווערן וואָס אַ טאָג גרעבער ווי לענגער, איינגעדאַרט און אויסגעדיווערט זאָל זי ווערן, ליעבער גאָט! נאָר צוריק שמועסענדיג, וואָס האָב איך, אייגענט־ליך, צו בליומע־זלאַטע׳ן? אויף מיין ערד געהט זי נישט אַרום? לאָז זי זיין געזונד און שטאַרק און זיך עלטערען מיט איהר נחמיה׳ן, און מיר לאָז גאָט העלפען אין מיין שטייגער. ווי זאָגט די מאַמע: „בעסער זיך געוואונשען, איידער יענעם געשאָלטען"... נישמעהר, ס׳איז מיר נאָר אַ וועהטיג צו זעהן ביי לייטען, ווי מע לעבט און ווי מע טהוט זיך אָן, און איך בעדאַרף זיצען איין אַלמנה חיה און אַרויסקוקען אויף מיין שענעם ברויטגעבער, טאָמער וועט איהם דאַרט טרעפען דאָס גליק: אַ גלח וועט פערלירען און ער וועט געפינען, וועט ער מיר מויערען אַ מויער אין יעהופּעץ! נישט דערהאַרען וועט דאָס נאָך יעהופּעץ, איך זאָל מיך צוליעב דיינע שענע לייט, וואָס בייטען זיך מיט די ווייבער, מפקיר זיין און אוועקלאָזען זיך צו דיר אַהינצוצו, אַראָפּוואַרפען פון זיך דעם פאַבריק און ווערען ביי דיר אַ קעפּסוויב, — דעם קאָפּ זאָלען זיי ברעכען, רבונו של עולם, אויפ׳ן גלייכען וועג, ווי עס ווינשט דיר פיעל גוטס און אימער גליק

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

„מע בעדאַרף נים זיין שען, זאָגט די מאַמע, מע בעדאַרף נים זיין קלוג, מע בעדאַרף נאָר האָבען מזל". נעם, אַשטייגער, מיין נחמה־ברײנדלען און נעם רחל דער מוהמע דבורה׳ס. די איז שען, ווי די זון אים תמוז, און יענע איז זויער, ווי עסיג. זיצט נחמה־ברײנדעל נעבאַך אַ מיידעל, און רחל האָט חתונה און נעמט אַ חתן, עפּים אַ שלים־מזל פון יאַמפּעלע, און דוקא אַ פיינעם, איין עהרליכען, אַ שטילען, דאָס הייסט, נאַרעשעוואַטע, נאָר פון אַ גרוי־

מען יחוס. ער האָט, זאָגט מען, אַ שוועסטער אַ משומדת. דער חסרון, וואָס ער איז אַביסעל נישט קיין געזונדער, האָט ער אָבער קיין מורא נים פאַר'ן פריזיוו. אַ פערגעניגען אָנצוקוקען אָט דאָס פּאָרעל! זי מיינט, ס'איז נישטאָ קיין קליגערס, און ער מיינט, אַז ס'איז נישטאָ קיין שענערס, ווי זאָגט די מאַמע: „נישט דאָס איז ליעב וואָס ס'איז שען, נאָר דאָס איז שען וואָס ס'איז ליעב"...

## IX.

מנחם־מענדעל פון יעהופּעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתריליעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי' עכב"ב.

ר א ש י ת בין איך דיר מודיע, אַז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד הערכען איינס פון'ם אנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

והשנית זיי וויסען, אַז דאָס געשעפט פון הייזער איז בלאָטע. איך האָב מיך בעצייטענס אַ נעם געטהאָן צו אַנדערע מסחרים, צו „אימעניעס" (גיטער). אימעניעס — דאָס איז גאָר איין אנדער מין מסחר! ראשית, בעדאַרף מען דערצו נישט רייסען קיין שטיוועל; מע שרייבט אריין אַ בריוועל, מע שיקט אוועק איין „אַפּיס", יענער פאָהרט זיך דורך, קוקט־אָן די ערד — און עס ווערד מיט גאָט'ס הילף אַ געשעפט. און והשנית האנדעלט מען ניט מיט קיין זלידנים, מיט קיין קבצנים; מע האָט צו טהון מיט פריצים, פּאָמעשטשיקעס, פירשטען, גראַפען. וועסט דו דאָך מיך פרעגען: ווי קום איך צו גראַפען? איז דרינען אַ גאַנצע מעשה! אַזוי ווי דו ווייסט דאָך, אַז איך טאָר ניט זיין היע... און עס טרעפט זיך, אַז פּאָליציע קומט אַמאָל ביי־נאַכט אויף דער אכסניא בודק חמץ זיין, גיט אונז די בעל־הבית'טע פריהער אַ ידיעה, בכדי מיר זאָלען זיך בעצייטענס צעגעהן, ווי זאָלץ אין וואַסער, דער קיין בויבעריק, דער אויף דער דעמעיעווקע, און דער אויף דער סלאָבאָדקע... נאָר אַ מאָל טרעפט זיך, אַז די בעל־הבית'טע אַליין ווייסט אויך ניט, ווען עס וועט זיין די בהלה, איז דעמאָלט זעהר ניט גוט! יענע

וואָך ליגען מיר אַזוי אַלע אורחים און שלאָפען, דערווייל האָרכען מיר, מע קלאַפּט. שפּרינגט אַראָפּ די בעל־הבית׳טע אין איין ציט׳רניש און רופט זיך אָן צו אונז: „יהודים בלא, קריכט אין שטרוי!“ — איז געוואָרען אַ שפּרינגערייַ מיט אַ בעהאַלטעריי: ווער אין קעלער, און איך — אויף מיין אַלט אָרט, אויפ׳ן בוידעם. און באַלד נאָך מיר נאָך איינער, אַ אידעל פון קאַמעניץ. ליגענדיג אַזוי אין געהאַקטע וואונדען אויפ׳ן בוידעם, הער איך, ווי דאָס אידעל נעבאָך קרעכצט. — וואָס קרעכצט איהר? — פרעג איך איהם שטילערהייד. „אַז אָך און וועה איז צו מיר, זאָגט ער, מיינע פּאַפּיערען האָב איך געלאָזט צוקאָפּענס! איך האָב מורא פאַר מיינע פּאַפּיערען!“ — וואָס פאַר פּאַפּיערען? — מאַך איך צו איהם. „אוי, מאַכט ער, זעהר נויטיגע פּאַפּיערען! טרעפען אָן בלי נוזמא אפשר אַ האַלבען מיליאָן!“ איך האָב דערהערט אַ האַלבען מיליאָן, האָב איך מיך שטילערהייד צוגערוקט צו מיין אידעל און פרעג איהם: ווי קומט צו אייך אַזוי פיעל פּאַפּיערען און וואָס איז דאָס פאַר אַ מין פּאַפּיערען? „ס׳איז אימעניעס, מאַכט ער צו מיר, איך האָב אימעניעס אין וואָהלינער גובערניע, גרויסע אימעניעס, מיט די בעסטע רעמאַנענטען, פערד און אָכסען און שאָף אָהן אַ שיעור, מיט וואַסערמיהלען, מיט גוראַלניעס, מיט הויפען שאַרפע, אויסגעצייכענטע גערטנער, מיט אַלדאָס גוטס!“ דערהערט אַזעלכע דבורים, רוק איך מיך צו מיין אידעל נאָך נעהענטער: ווי קומט צו אייך אַזוי פיעל אימעניעס מיט אַזאַ גוטס? „די אימעניעס, מאַכט ער צו מיר, זענען נישט אויף מיין מיסט געוואַכסען געוואָרען; די אימעניעס זענען פּריצישע אי־מעניעס, נאָר איך האָב זיי אויף דער האַנד, דאָס הייסט, איך בין פון זיי דער פערקויפער, דערויף טאַקי בין איך געקומען אַהער צו פאָהרען, געבראַכט מיט זיך אַלע פּאַפּיערען, די אָפּיסען פון זיי. ווי מיינט איהר, איך וועל חלילה ניט האָבען קיין שאָדען?“ — חס ושלום, זאָג איך, ווער דאַרף דאָס פרעמדס? דער אויבער־שטער זאָל העלפען, מע זאָל חלילה ניט פערקריכען, זאָג איך, אַהער

צו אונז אויפ׳ן בוידעם. און דערווייל טהו איך איהם א טאפּ פון יענער זייט: — נו, האָט איהר עפּיס געמאכט היע מיט אייערע אימעניעס? „ניין, מאכט ער, לעת־עתה נאָך גאָרניט. איך האָב מורא פאַר די היגע מעקלערס. זיי זענען, זאָגט מען, גרויסע ליג־נערס. האָבען ניט אין זיך קיין וואָהר וואָרט! אפשר ווייסט איהר א מעקלער פון אימעניעס, נאָר א רעכטער מעקלער זאָל זיין, דער עיקר איין עהרליכער, ניט קיין ליגנער?" — אָך, זאָג איך, מיט׳ן גרעסטען כבוד! איך אליין, זאָג איך, בין א מעקלער פון אימע־ניעס, דאָס הייסט, זאָג איך, קיין אימעניעס האָב איך נאָך אויף מיין לעבען ניט אויסגעמעקעלט, נאָר גאָרניט, זאָג איך, הלואי זאָל גאָט צושיקען א קונה, איז קיין מלאכה ניט צו מאכען א אימעניע אויך. „איך זעה, מאכט ער צו מיר, אז איך האָב צו טהון מיט איין אמת׳ען מענשען און מיט איין עהרליכען מאַן, ניט זשע מיר די האַנד תקיעת־כף, אז צווישען אונז וועט דאָס בלייבען, וועל איך אייך איבערגעבען אלסדינג, וואו די אימעניעס מיינע ליגען, און וואָס ביי מיר געפינט זיך". הקיצור, מיר האָבען מיט גאָט׳ס הילף געמאכט א געשעפט, דאָס הייסט, מיר האָבען געשלאָסען שותפות אויף אלע געשעפטען: ער לעגט אריין אין שותפות אלע זיינע אימעניעס, און איך לעג אריין מיינע קונים. נאָר מחמת איך בין פערנומען און האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ׳ם אַנדערען בריעף וועל איך דיר ארויסשרייבען אלסדינג באריכות. לעת-עתה לאָז גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. גרים די קינדער זאָלען לעבען און איטליכען בע־זונדער גאָר פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

עיקר שכחתי. די בהלה, וואָס ס׳איז געוועזען אויף דער אכסניא, איז געוועזען איין אומזיסטע בהלה. דאָס האָט איינער עפּיס א שכן על־פּי טעות געקלאַפּט צו אונז אין פענסטער, און

מיר זענען זיך אומזיסט צעלאָפּען. נאָר דאָ זעהט מען ארויס, ווי אזוי דער אויבערשטער פיהרט. אזוי איז גוט. למשל, ווען דער שכן זאָל ניט געווען קלאָפּען אין פענסטער, וואָלט ניט געווען קיין בהלה, און איך וואָלט ניט געווען אויפ׳ן בוידעם, און וואָלט מיך ניט בעקענט מיט דעם קאָמעניצער איד, און וואָלט ניט געוואוסט פון קיין אימעניעס און פון קיין גראַפען. עס פעהלט איצט נאָר איין שטיקעלע הצלחה!

הנ״ל.

# X.

שיינה־שיינדעל פון כתריעלעווקע צו איהר מאַן מנחם־מענדעל אין יעהופּעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ערשטענס קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטענס שרייב איך דיר, אַז איך האָב בעקומען אַ הוסט, אויף דיינע יעהופּעצער „מאַדאַמען" געזאָגט געוואָרען. איך טרינק שוין ציעגען־מילך, איך בין שוין געוועזען ביי'ם דאָקטאָר אויך. אין די פּאָר יאָהר האָבען די דאָקטוירים ביי מיר אויסגעצאַפּט געלד, זיי מעגען דאָס אויסקרענקען מיט דער אַפּטייק אינאיינעם! אַ שטיקעל גליק, וואָס עס האָט זיך געעפענט ביי אונז נאָך איין אַפּטייק, און מע קאָן זיך דינגען! מזל טוב דיר מיט דיין נייעם מסחר, מיט די אימעניעס און מיט די גראַפען! בראַש וואַרפט ער זיך מיט געשעפטען, אַלע טאָג אַ נייעס. גענוג וואָס ער איז אַזאַ בריה און אַזאַ גרויסער מוצלח, פערעבענדיוועט ער נאָך און זוכט חסרונות, ווי זאָגט די מאַמע: „אַז דאָס מיידעל קאָן ניט טאַנצען, זאָגט זי — די כלי־זמר קאָנען ניט שפּיעלען"... איך האָב מורא, מענדעל, דו וועסט אַזוי לאַנג פּרובען מיט געשעפטען, ביז דו וועסט אָנהויבען אַרומטראָגען שוועבעלעך צו פערקויפען, אַזוי ווי געצעל דער מוהמע סאָסי'ס, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין אַמעריקע, געמיינט, אַז דאָרט האַפּט מען דעם קאַטער, צום סוף שרייבט ער היינט אַזעלכע בריוולעך, אַז אפילו אַ שטיין קאָן דאָס ריהרען. ער שרייבט, אַז דאָרט, אין אַמעריקע, מוז יעדער איינציגער אַר־

בייטען מיט דער נשמה, אלא ניט — מעג ער געשוואָלען ווערען פאַר הונגער, וועט איהם קיינער ניט געבען קיין שטיקעל ברויט. אַ שען לאַנד, ברענען זאָל דאָס מיט דיין יעהופּעץ אויף איין פייער! אַ מצוה אויף אייך אַ גרויסע, ווי זאָגט די מאַמע: „אַז מע האָט ברויט, זאָל זיך ניט גלוסטען קיין צוקערלעקאַך“... הלואי זאָל גאָט אַ נס טהון, איך זאָל חאָטש ניט הערען פון דיר אין גיכען וואָס מע הערט פון געצעל דער מוהמע סאָסי'ס, און נאָך מיט מעהר פרישקייט, ווי עס ווינשט דיר פיעל גוטס און אימער גליק

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

„הימעל און ערד, זאָגט די מאַמע, האָבען געשוואָרען, אַז קיין פערפאַלענע זאַך זאָל ניט מעהר זיין אויף דער וועלט!“ ס'איז אַראָפּגעקומען צו אונז אַ טשינאָווניק פון דער גובערניע און זוכט און נישטערט, ער וויל זיך דערגרונטעווען, וואו איז אהינגעקומען דאָס געלד, וואָס משה־מרדכי האָט אָפּגעזאָגט אויף עולמות? שקצים האָבען גע'מסר'ט, אַז דאָס געלד איז געבליבען ביי'ם גביר, און דער גביר ווייזט אַ חשבון, אַז ס'איז אַוועק! וואוהין איז דאָס אַוועק? מיט'ן ווינט און מיט'ן רויך... הלואי ער זאָל חאָטש האָבען אויף זיך ריסטאַנסקי ראָטע, ליעבער גאָט!...

## XI.

מנחם־מענדעל פון יעהופּעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתריליעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי' עכב"ב.

ראשית בין איך דיר מודיע, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פון'ם אנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

והשנית זיי וויסען, אז איך האָב אימעניעס אויף אריבער א מיליאָן. איך האָב אזעלכע אימעניעס, וואָס זענען א חריפות. מע זעהט דאָס גאָרניט! וועסט דו דאָך מיך פרעגען: ווי קומט צו מיר אזא גוטס? וועסט דו הערען: אז איך בין ארויסגעקומען אויף דער בערזע מיט מיין שותף פון קאַמעניץ און האָב אויסגע־פויקט, אז איך האָב צו פערקויפען אימעניעס, האָבען זיך א שאָט געטהאָן מעקלערס, וואָס האָבען אויך אימעניעס צו פערקויפען, און מיר האָבען געמאַכט א געשעפט, היינו: מיר האָבען געביטען אימעניעס אויף אימעניעס, דאָס הייסט, מיר האָבען זיי געגעבען „אָפּיסען" פון אונזערע אימעניעס, און זיי האָבען אונז געגע־בען „אָפּיסען" פון זייערע אימעניעס. איז דאָך ממה־נפשך: וועלען מיר מאַכען זייערע אימעניעס, וועלען מיר דאָך אוודאי פערדיענען געלד; וועלען זיי מאַכען אונזערע אימעניעס, וועלען מיר ווידער פערדיענען געלד, — סאַי ווי סאַי דערלעגען וועלען מיר שוין ניט! הכלל, איך האָב מיך אריינגע־חאַפּט אין דער חברה מעקלערס און בין געוואָרען מיט גאָט'ס הילף א מעקלער צווישען די גרויסע, און איך זיץ שוין אינוועניג ביי „סעמעדעני'ן", ווי אַלע, ארום די ווייסע מירמעלשטיינערנע טיש־לעך, ווי אין אדעס, און איך טרינק קאַווע מיט פּוטערגעבעקס.

אזוי איז דאָ דער מנהג, אלא נים, געהט־צו אַ מענש און טרייבט ארויס. דאָ ביי „סעמעדעני׳ן" איז די רעכטע בערזע. עס קומען זיך צענויף אהער די גאַנצע וועלט מיט מעקלערס. עס איז דאָ שטענדיג אַ געשריי, אַ טומעל, אַ הו־האַ, ווי להבדיל אין שוהל: אַלע רעדען, לאַכען, מאַכען מיט די הענד. אמאָל קריעגט מען זיך, מע אמפּערט זיך און נאָכדעם לאָזט מען זיך, מחמת ביי׳ם טיילען זיך מיט׳ן „קאַרטאַזש" איז תמיד פאַרהאַן טענות מיט פּרעטענ־ציעס, מיט פערלאַזענישען, מיט קללות, מיט פייגען, מיט פּעטש. און איך בין אויך בתוכם. און מחמת איך בין פערנומען און האָב קיין צייט נים, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ׳ם אַנ־דערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לעת־עתה לאָז גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. גריס די קינדער זאָלען געזונד זיין, און שוועער און שוויעגער, איטליכען בעזונדער גאָר פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר ש כ ח ת י. איין אימעניע האָב איך אין וואָהלינער גובערניע מיט אַ פּאַלאַץ. איז דאָרטען פאַרהאַן זעכס און זעכציג חדרים, וואָס די ווענד מיט דער סטעלי מיט די בריקען זענען בסך־הכל דורכאויס פון שפּיעגעל־גלאָז, מיט אַ גאָרטען, וואָס ווערד אָנגערופען „האַנדזשיריי", און וואָס זומער און ווינטער וואַכסען דאָרטען לימענעס מיט פּאָמעראַנצען, היינט די פערד מיט די קאַ־רעטעס, וואָס דאָרט געפינט זיך, נעמט אָפּ איין אויג, — און דאָס אַלסדינג פערקויפט זיך בחצי חנם! ווען גאָט ברוך־הוא שיקט מיר צו דעם רעכטען קונה, ווער וואָלט צו מיר דעמאָלט געווען גלייך? ס׳איז נאָר איין שטיקעל חסרון, וואָס די מעקלערס פון אימעניעס זענען, צום מיינסטען, געהאַפּט אויף דער צונג, דאָס הייסט, זיי האָבען ליעב אמאָל מגזם זיין דעם עסק. נאָר וואָס זאָל מען טהון? פון פּרנסה וועגען מוז מען אַ מאָל זאָגען אַ ליגען אויך!...

ה נ " ל.

## XII.

שיינה־שיינדעל פון כתריליעווקע צו איהר מאַן מנחם־מענדעל אין יעהופּעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ערשטענס קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ביז ערגער.

צווייטענס שרייב איך דיר, אַז איך שפּיי שוין מיט בלוט פון דיינע שענע בריוולעך! ס'איז מיר אַ חרפּה אַ בושה צו ווייזען אפילו עמיצען וואָס דו שרייבסט מיר, ווי זאָגט די מאַמע זאָל לעבען: „דער גרעסטער וועהטיג איז דער, וואָס מע קאָן איהם נישט אַרויסרעדען"... וואָס איז דאָס פאַר איין עובדא, פרעג איך דיך, זיצען גאַנצע טעג ביי סימע־דינה'ן (ווער איז זי אָט די סימע־דינה, צו אַלדי שוואַרצע יאָהר? ביי אונז איז געוועזען אַמאָל סימע־דינה די רופאַ'טע, איז זי שוין לאַנג אויף דער אמת'ער וועלט!) און טרינקען קאַווע מיט פּוטערגעבעקסלעך אין מיטען מיטוואָך שבת־צו־נאַכטס? אַ גדולה אויף איהם, ער האָט „זשעמעניעס" אויף צו פערקויפען מיט זעכס און זעכציג חדרים, זעכס און זעכציג מכות זאָל זיך זעצען מיינע שונאים אויף דער צונג! וואָרום וואָס געהט איהם אָן, אַשטייגער, דאָרטען אין יעהופּעץ, וואָס איך האָב דאָ צו טהון טאָג ווי נאַכט מיט זיינע קינדער? אָט האָט זיך ערשט נעכטען לאה'ניו, מיר זאָל זיין פאַר איהר, צעשלאָגען מיט משה־הערשעלי'ן, לעבען זאָל ער, האָט זי איהם דערלאַנגט מיט אַ גאָפּעל אין פּנים אַריין, אַ גליק וואָס ניט אין אויג! נאָר וואָס העלפט מיר דאָס רעדען מיינס, אַז ס'איז אין איין אויהער אַריין, פונ'ם

אנדערען ארוים? אזא רציחה! איך שרייב און שרייב, איך ווער צעזעצט שרייבענדיג, און ער זיצט זיך אין געהאקטע וואונדען אין יעהופעץ און טרינקט קאווע, און קוקט ווי מעקלערם פאטשען זיך אויף דער בערזע! הלואי זאל טאקי עמיצען גאט געבען א זינען, ער זאל זיך מיט דיר אפרעבענען, ווי דו ביזט ווערטה, וואלסט דו אפשר קליגער געווארען, ווי עס ווינשט דיר פיעל גוטס און אימער גליק

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה - ש י י נ ד ע ל.

מעגסט זיך איבערנעמען, מענדעל, מיט דיינע „סטעקראטען“, אזא יאהר אויף זיי! זאלסט הערען, וואס סע טהוט זיך ביי אונז אין שטאדט מיט אונזערע צוויי יונגע דאקטוירים׳לעך, דאקטאר קובעבע און דאקטאר לאקריץ. זיי רייסען זיך ווי די קעץ. דער דאקטאר קובעבע האט זיך מיישב געווען און האט איינגעגעבען אויפ׳ן דאקטאר לאקריץ, אז דער דאקטאר לאקריץ האט גע׳סמ׳ט א קינד... איז געגאנגען דער דאקטאר לאקריץ און האט איינגעגעבען אויפ׳ן דאקטאר קובעבע, אז דער דאקטאר קובעבע האט אינאיינעם מיט פייוועל דעם אגענט פערסטרעכירט א טוידטען אין דער חברה „יאקער“... איז געגאנגען דער דאקטאר קובעבע און האט איינגעגעבען אויפ׳ן דאקטאר לאקריץ, אז דער דאקטאר לאקריץ — — — נאר לאזען זיי דיר זיין ביידע די כפרה פאר מיר און פאר מיין משפחה און פאר אלע מיינע ליעבע און פאר כל ישראל!

## XIII.

**מנחם־מענדעל פון יעהופּעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.**

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי' עכב"ב.

ר א ש י ת בין איך דיר מודיע, אַז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פונ'ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת זיי וויסען, אַז איך האַנדעל שוין אַצינד נאָר מיט וואַלד, וואָרום אַ אימעניע אָליין אָהן אַ וואַלד איז ווי אַ שטוב אָהן אַ קוימען. דער גאַנצער אַנטיק פון יעדער אימעניע איז דער וואַלד. פון וועלדער זענען אידען גליקליך געוואָרען, געמאַכט מיליאָנען! זועסט דו דאָך מיך געווים פרעגען: ווי קום איך צו וואַלד? הער ווי גאָט פיהרט: אַז איך בין דאָ געוואָרען אַ מעקלער פון אימע־ניעס און האָב מיך אָנגעהויבען רייבען אַרום מעקלערס, האָב איך אָנגעטראָפען גראָדע צו איינעם פון די גרויסע מעקלערס. פרעגט ער מיך: „וואָס האָט איהר פאַר סחורה, אַנו ווייזט?“ געה איך און נעם אַרויס מיין פּעקעל מיט „אָפּיסען“ פון אימעניעס אויף אַ מיליאָן מיט זיעבענהונדערט טויזענד. רופט ער זיך אָן צו מיר: „האָט קיין פאַראיבעל ניט, וואָס איך וועל אייך זאָגען, אַלע אייערע אימעניעס זענען ניט ווערטה קיין דריי שמעקטאַבעקע“. פרעג איך איהם מסתמא — פאַר וואָס? מאַכט ער צו מיר: „דערפאַר, ווייל ביי אייך זענען אַלע אימעניעס נאַקעטע אימעניעס, ערד און הימעל, און ווידער אַ מאָל ערד און הימעל, און אָבער אַ מאָל ערד און הימעל! וואו איז עפּיס וואַלד? וואָס טויג מיר אַ אימעניע, אַז

זי האָט ניט קיין וואַלד? וואָס שווייגט איהר? וואַלד גיט מיר אהער, וואַלד!!" בקיצור, איך האָב געמאַכט אַ שווייג, וואָרום ס'איז מיר געווען אַ חרפה אַ בושה פאַר זיך אַליין, וואָס איך טראָג מיך אַרום מיט אַזאַ מין סחורה, וואָס איז גאָר קיין סחורה ניט! — אַז ס'איז יאָ אַזוי, רוף איך מיך אָן צו איהם, גיט זשע מיר עפּיס אַ רעכטע אימעניע מיט אַ וואַלד, איך האָב קונים. „אַך, מאַכט ער צו מיר, מיט'ן גרעסטען כבוד! איך האָב, זאָגט ער, פון אייערטוועגען אַ וואַלד — קיין בן־אָדם, זאָגט ער, איז דאָרט נאָך נישט געוועזען; ס'איז דאָרטען, זאָגט ער, פאַרהאַן בוימער מששת ימי בראשית, פון זינט די וועלט שטעהט, דעמבעס הויכע ביז דער חמאַרע, ארזי לבנון, פון איין זייט אַ באַהן, פון דער אַנדערער זייט אַ טייך. נאָר ווי אַזוי מיינט איהר, זאָגט ער, אַ טייך? אַט איז דער וואַלד און אַט איז דער טייך. אַ האַק אַ בוים, אַ פליוך אין וואַסער!" — — — דערהערט אַזעלכע דבורים, בין איך באַלד אוועק נאָכשמעקען אַ קונה אויף דעם דאָזיגען וואַלד, און גאָט האָט מיר געהאָלפען, איך האָב געפּאַקט אַ קונה. אָנגעשמעקט האָב איך איהם, געוויינטליך, דורך אַ מעקלער, און דער מעקלער — דורך נאָך אַ מעקלער; נאָר עס מאַכט נישט אויס, לאָז גאָט געבען, דאָס געשעפט זאָל זיין אַ געשעפט, וועט זיין גענוג פאַר אַלעמען. אַז איך בין געקומען צום קונה און האָב איהם פאָרגעלעגט, אַז איך האָב אַזאַ און אַזאַ וואַלד מששת ימי בראשית, פון איין זייט אַ באַהן, פון דער אַנדערער זייט אַ טייך, אַ האַק אַ בוים, אַ פליוך אין וואַסער, — איז איהם דאָס געשעפט באַלד געפעלען געוואָרען; האָט ער מיך באַלד אַ נעם געטהאָן אויפ'ן צימבעל און האָט מיך אָנגעהויבען צו פערהערען אין הלכות וואַלד: ווי אַזוי הייסט דער וואַלד, און וואו שטעהט ער, און וואָסערע בוימער וואַכסען דאָרט, וויפיעל אַרשין זענען זיי פון דער ערד, וויפיעל האַלטען זיי די הויך און וויפיעל די ברייט, פון וואַנען הויבען זיך אָן די צווייגען, וואָס פאַר אַ קאָרע איז אויף זיי, און ווי אַזוי געהען די סלאָיעס אינוועניג, און ווי אַזוי פאָהרט מען אַהין, און ווי אַזוי איז דער וועג, און צי

ס'איז דאָרטען ווינטער שנייען?... הכלל, ער האָט מיך בעשאָטען מיט רעד און מיך נישט געלאָזט אויסרעדען אַ וואָרט. ערשט אויפ'ן סוף רופט ער זיך אָן צו מיר: „וואָס טויג אונז פוסטע דבורים? איהר ברענגט מיר בעסער איין אָפּיס פונ'ם וואַלד, וועלען מיר נאָכ־דעם רעדען". — צו וואָס טויג אייך, זאָג איך, אָפּיסען? אמעהר, אָט טהו איך אַ שפּרונג אויף איין פוס און ברענג אייך אהער צו פיהרען דעם מוכר אַליין, דעם בעל־הבית פונ'ם וואַלד, איז דאָך בע־סער פון טויזענד אָפּיסען! הכלל, איך לויף אַוועק צו מיין מוכר און חאַפּ איהם און ברענג איהם אַריין גלייך צום קונה אין נומער אַריין. מיין קונה מיט'ן מוכר האָבען זיך דערזעהן, איז אויף זיי אָנגעפאַלען אַ געלעכטער, איך האָב געמיינט, זיי וועלעןביידע דעם שלאַג בעקומען. „אָט דאָס איז אייער בעל־הבית פונ'ם וואַלד?" מאַכט צו מיר דער קונה. „אָט דאָס איז אייער קונה אויפ'ן וואַלד?" מאַכט צו מיר דער מוכר. אין דעם עפענט זיך די טהיר און עס קומען אַריין נאָך צוויי אידען, ביידע פון שדה־לבן, און מע מאַכט נישט קיין לאַנגע דבורים, מע בעלעגט דאָס טישעל, מע נעמט אַרויס די קאָרטען און מע זעצט זיך אַוועק אַלע פיער מאַכען איין „אָקע", און דאָס געשעפט האָט מען געלאָזט אויף אם ירצה השם מאָרגען. און מחמת איך בין פערנומען און האָב קיין צייט נים, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ'ם אַנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לעת־עתה זאָל גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. גרים שווער און שוויעגער, און די קינדער זאָלען לעבען, און איטליכען בעזונדער גאָר פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם - מ ע נ ד ע ל.

## XIV.

שיינה־שיינדעל פון כתריעלעווקע צו איהר מאן מנחם־מענדעל אין יעהופעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ערשטענס קום איך דיר צו מעלדען, אז מיר זענען אלע גאט צו דאנקען אין בעסטען געזונד, געב גאט דאס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטענס שרייב איך דיר, אז מיין לעבען איז קיין לעבען ניט, ווי זאגט די מאמע: „איידער אזוי צו פאהרען, איז שוין גלייכער געהן צו פוס"... איך קאן מיר פארשטעלען, אז אך און אז וועה, ווער דיינע סוחרים זענען, אז מע קומט זיך צענויף רעדען פון א וואלד, וואס טרעפט אן „מילי מיליאסען", ווארפט מען אוועק האק און פאק און מע זעצט זיך אנידער אויף א גאנצער נאכט שפיעלען אין „אקע", עס זאל אייך אזוי אקען אין קאפ, ווי עס אקעט מיר אין הארצען, בשעת דער וויסטער פינסטערער הוסט קומט מיר אן! וועה איז מיר, ווינד איז מיר, צו וואס איך האב מיך דערלעבט, אז מיין מאן, וואס האט קיינמאל ניט געוואוסט קיין צורה פון קיין קארט, זאל ער אצינד רעדען פון קארטען! עס געהט דיר מעהר ניט אפ, מענדעל, צו דיינע זיידענע קליידער, אז דו אליין זאלסט נאך ווערען א קארטיאזשניק אויף דער עלטער! נא דיר גאר וועלדער! ווי קומסט דו צו וועלדער? האסט דען געזעהען אמאל, ווי א בוים וואכסט? ווי זאגט די מאמע זאל לעבען: „ווי קומט א רב האנדלען מיט חזירים?"... איך האב מורא, אז פון דיינע וועלדער זאל זיך ניט אויסלאזען א בוידעם,

גלייך ווי פון אַלע דיינע גילדענע געשעפטען, ווי עס ווינשט דיר פיעל גוטס און אימער גליק

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

די גאַנצע וועלט טראָגט דיך אויפ'ן קאָפּ! יענע וואָך איז זיך מיישב דיין קרובה קריינדעל, די כפּרה זאָל זי דיר זיין פאַר מיר, און בענגענט זיך מיט דער מאַמע מיינער אין מארק ביי די פיש און הויבט־אָן מיך צו בעוויינען און צו בעקלאָגען, אַ מכה איהר אַ גרויסע! פאַר וואָס, זאָגט זי, נעם איך ניט קיין גט ביי דיר, און איין עק לאָז דאָס האָבען? מאָהל דיר, זי האָט זיך פון דער מאַמע ניט געגאַרט. די מאַמע האָט זיך חלילה מיט איהר ניט געקריעגט, ניט געזידעלט, נאָר גלאַט אזוי דערלאַנגט מיט ווערטער, ווי זי קאָן: „דאָרטען, וואו צוויי זענען אויף איין קישען, טאָר זיך דער דריטער ניט מישען, און איידער אַ נייער שאַרבען, איז גלייכער איין אַלטער טאָפּ... גוטע פריינד זענען ווי קראָפּיווע, וואַכסען אָהן רעגען... פאַר וואָס קוקסט דו בעסער ניט אויף אַ נעהענטערען?... איט־ליכער דערהערט, ווי יענער האָט געגעסען קנאָבעל... איין אָכס האָט אַ לאַנגע צונג און קאָן קיין שופר ניט בלאָזען"... וכדומה אזעלכע ווערטלעך האָט איהר די מאַמע דערצעהלט אזוי לאַנג, ביז קריינדעל איז אוועק, עס האָט איהר אָפּגענומען דאָס לשון.

## XV.

מנחם־מענדעל פון יעהופעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה החכמה הצנועה מרת שיינה־שיינדעל שתחי׳ עכב״ב.

ראשית בין איך דיר מודיע, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פונ׳ם אנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

והשנית זיי וויסען, אז פונ׳ם וואלד האָט זיך אויסגעלאָזט א סטעפּ; ס׳איז לא דובים ולא יער, ניט קיין וואלד, ניט קיין בוימער, ניט קיין טייך, א נעכטיגער טאָג! אומזיסט געדולט א קאָפּ אי יענעם, אי זיך; אומזיסט געבראָכען פיס, גע־ריסען שטיוועל. איך האָב ארויסגעזעהן, זוגתי היקרה, אז וועלדער איז ניט פאַר מיר, און מיט אזעלכע ליגנערס האנדלען איז ניט פאַר מיין קאָפּ. זיי קאָנען דיר אויסטראַכטען אויפ׳ן הימעל א ירידה, און מע קאָן דורך זיי אין דער שאול תחתיה אריין! וואָס זשע האָב איך געטהאָן? האָב איך מיך בעצייטענס א נעם געטהאָן צו איין אנדער געשעפט, צו זאַוואָדלעך (דאָס הייסט, פאַבריקען, וואָס מע מאַכט צוקער). דאָס איז היינט דאָס בעסטע פון אלע געשעפטען; אידען קויפען זאַוואָדען, און די מעקלערס פערדיענען געלד, זענען מאָסף ממון! פאַרהאַן דאָ א מעקלער פון שדה־לבן, ער האָט זיך אריינגעכאַפּט צו די ראַדאָמישלער און מאַכט זיי אלע וואָך א צוויי־דריי זאַוואָדלעך, כאַפּט א צעהן־פופצעהן טויזענד און פאָהרט אוועק אויף שבת אהיים! וואָס דאַרפסט דו מעהר — משרתים, פאַקטוירים זענען היינט געוואָרען מאַכערס פון זאַוואָ־

דען, טראָגען נילדענע זייגערס, רעדען דייטש, האָבען שוין גאָר „מאָגען־קאַטאַר“, שיקען זייערע ווייבער אין די בעדער אריין, גע־וואָרען מורא'דיגע סטיקראַטען! הכלל, איין געשעפט איז היינט געבליבען אין יעהופּעץ אויף דער בערזע — זאַוואָדען! אַלע מעק־לערס מאַכען זאַוואָדען, און איך אויך בתוכם. ווערסט דו דאָך מסתמא וועלען וויסען, ווי קום איך מיך צושלאָגען צו אזא פונדאַ־מענטאַלנע געשעפט, וואָס איך וויים גאָר ניט מיט וואָס מע עסט דאָס? ווערסט דו האָרכען, ווי אזוי גאָט פיהרט מיט אַ מענשען: שוין פון אַ צייט, אז איך האָב אויפגעהערט געהן צו סעמעדעני'ן (נים, אזוי ווי דו רופסט איהם, סימע־דינה! ס'איז גאָר אַ זכר, ניט קיין נקבה, און נאָך אַ רשע דערצו!). און אויפגעהערט צו געהן האָב איך, ניט ווייל איך האָב מיך מיט איהם געקריעגט, נאָר פּשוט, ווייל ס'איז מיר נמאס געוואָרען די קאַווע מיט די בולקע־לעך, און אגב האָב איך טאַקי ניט ביי זיך קיין קליין־געלד, האָב איך מיך אָנגעהויבען ארומדרעהען גלייך מיט אַלע אידען אויף דער גאַס. אזוי לאַנג און אזוי ברייט, ביז איך האָב מיך בעקענט מיט איינעם אַ מעקלער פון זאַוואָדען, ווייזט אויס, אַ גאַנץ עהרליכער און האָט גרויס קענטשאַפט. ער קומט אריין, זאָגט ער, צו אַלע גרעסטע, אפילו צו די בראָצקים. „פון וואַנען, מאַכט ער צו מיר, איז אַ איד?“ — פון כתרילעווקע, זאָג איך. אַליין בין איך, הייסט דאָס, אַ יאַמפּעלער, זאָג איך, אַ נכתב בין איך אין מאַזעפּעווקע, איין איידעם בין איך פון כתרילעווקע, און האַנדלען האַנדעל איך אין יעהופּעץ. „וואָס איז אַזעלכעס, מאַכט ער צו מיר, אָט דאָס כתרילעווקע, אַ דאָרף, צי אַ שטעדטעל?“ — וואָס איז שייך, זאָג איך, אַ שטעדטעל? אַ גאַנצע שטאָדט! „מעגען דאָרטען אידען וואָהנען?“ — נאָך אַ מין מעגען! „נו, און אַ טייך, מאַכט ער, איז ביי אייך פאַרהאַן?“ — נאָך אַ מין טייך, זאָג איך, שטינקיילאָ הייסט דער טייך. „נו און פון אַ באַהן, מאַכט ער, איז עפּיס וויים?“ — סך־הכל, זאָג איך, אַ ווערסט עטליכע און זיעבעציג. וואָס איז, זאָג איך, אַקעגען וואָס פרעגט איהר דאָס? „גיט מיר,

מאַכט ער צו מיר, די האַנד תּקיעת־כּף, אַז צווישען אונז וועט דאָס בלייבען; איך קאָן אייך אָנזאָגען אַ בשורה, רב מנחם־מענדעל, אַז מיר וועלען, אם ירצה השם, אין גיכען ביידע פערדיענען געלד, און אַ סך, אַ פולע היטעל! ס'איז מיר נאָר־וואָס, זאָגט ער, אריינ־געפאַלען אַ מחשבה, וואָס טרעפט איין מאָל אין הונדערט יאָהר, היינו: כּפי אַזוי ווי קונים אויף זאַוואָדען איז היינט פאַרהאַן לרוב, און קיין זאַוואָדען איז ניטאָ; וויפיעל ס'איז געווען זאַוואָדען האָבען די ראַדאָמישלער אויסגעקויפט, און מעהר וויל מען נישט פערקוי־פען; לכן האָט זיך דער עולם אַ נעם געטהאָן צו בויען פרישע צאַפּעלדיגע זאַוואָדען, און מחמת אין די דערפער טאָרען דאָך קיין אידען ניט אריין, לכן זוכט מען ערטער אויף זאַוואָדען נאָר אין די קליינע שטעדטלעך, דאָרטען, וואו אידען מעגען וואָהנען; היינט פערשטעהט איהר שוין, אַז אייער כתרילעווקע איז בעשאַפען געווארען משׁשת ימי בראשית, אַז ס'זאָל דאָרט זיין אַ זאַוואָדעל? און אַזוי ווי איהר זעהט מיך, האָב איך גראַדע אַ קונה אויף צו בויען אַ זאַוואָדעל אויף אַ האַלבען מיליאָן קערבלעך, נאָר קיין אָרט איז ניטאָ: מע האָט פערהאַפּט אַלע ערטער! ווייסט איהר ניט. מאַכט ער צו מיר, מיט וועמען רעדט מען, און צי קריגט מען דאָרט בורעקעס און אַ פּלאַץ אויף צו בויען אַ זאַוואָדעל?" — אַך, מאַך איך, מיט'ן גרעסטען כּבוד! איך האָב דאָרטען, זאָג איך, אַ ווייב ביז הונדערט צוואַנציג יאָהר, מיט שווער און שוויעגער, מיט אַ גאַנצער משפּחה. איך קאָן באַלד אָוועקשרייבען אַהינצו אַ בריוועל, און איהר מעגט, זאָג איך, זיין זיכער, אַז מע וועט מיר תּיכף ומיד אָפּענטפערען מכּל־דבר־שורש! לכן, זוגתי היקרה, שרייב איך דיר וועגען דעם און בעט דיך טאַקי, זאָלסט זיך זעהן מיט עזריאל דעם סטאַרעסטע און מיט מאַשקע דעם רויטען, ער רייבט זיך צווישען פּריצים, לאָז ער אויסטאַפּען ביי זיי, צי קאָן מען האָבען אַ פּלאַץ, און וויפיעל קאָן מען האָבען בורעקעס, און ווי טייער, און טאַקי באַלד מיר אָפּענטפערען דורך אַ בריוועל, כּי נחוץ מאד, מע קאָן דאָ, פערשטעהסט דו מיך, חאַפּען אַ גראָבס, טאַקי אַ צעהן־פופצעהן

טויזענד! און מחמת איך בין פערנומען און האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ'ם אַנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לעת־עתה זאָל גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. גריס איטליכען בעזונדער גאָר פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

עיקר שכחתי. איך האָב מיך צעפרעגט ביי מיין איצ־טיגען שותף, ווער איז דער קונה, און בין געוואָהר געוואָרען, אַז דער קונה איז טאַקי איינער פון די ראַדאָמישלער, זעהר אַ הייסער קונה, מחמת די ראַדאָמישלער זענען אַלע זעהר הייסע קונים, ברע־נען צו זאַוואָרלעך, עס מעג זיין אַ ווינד־מיהל, אבי ס'איז מיט אַ קוימען און סע פייפט! לכן האָף איך צו גאָט, אַז דאָס געשעפט איז, אם ירצה השם, געוויס אַ געשעפט, און מיר וועלען מיט גאָט'ס הילף געוויס פערדיענען געלד, האָטש אפילו מיר זענען דערביי היבשע עטליכע שותפים. איך האָב מורא, אויב ניט אַ גאַנצער מנין. נאָר לאָז גאָט געבען, דאָס געשעפט זאָל נאָר זיין אַ גע־שעפט — דו ווייסט דאָך, אַז איך בין ניט קיין אָץ להעשיר!

ה נ " ל.

## XVI.

שיינה־שיינדעל פון כתרילעווקע צו איהר מאן מנחם־מענדעל אין יעהופעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ערשטענס קום איך דיר צו מעלדען, אז מיר זענען אלע גאָט צו דאנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטענס שרייב איך דיר, אז איך האָב דיין מגילה געלייענט און געלייענט און האָב ניט פערשטאַנען איין וואָרט, וואָס דו ווילסט! דו פרעגסט זיך נאָך, צי ס'איז דאָ פּלאַץ? שרייב איך דיר, אז אויף דעם נייעם בית־עולם איז פאַרהאַן געננג, עס וועט קלעקען פאַר האלב יעהופעץ! און וואָס פרעגסט דו זיך אלץ נאָך אויף בורעקעס? פאַר וואָס פרעגסט דו זיך שוין ניט אָן אין איין־וועגס אויף קרויט, אויף חריין און אויף פּאַסטערנאַק? און דער טייך? אזא מזל אויף דיינע שותפים, וואָס פאַר א וואסער ביי אונז איז! קומט ערב פסח, טרינקט מען יאַשטשערקעס, און זומער ווערד דער טייך גרין ווי גראָז; איך וואָלט וועלען, אז דיינע יעהופּעצער פיינע בריות, וואָס האָבען צו טהון מיט די מאָ־גענס, זאָלען פערזוכען אונזער וואסער ארום תמוז... ניין, מענדעל, לאָזען זיי דיר קרענקען דאָרטען אין יעהופּעץ, מיר וועלען זיך שוין בעגעהן אזוי, אָהן זייערע זאַוואָדלעך, ווי זאָגט די מאַמע מיינע: „ראש־חודש אלול געהט אוועק, און בעל־הבית בלייבט בעל־הבית"... שלאָג דיר ארויס פון קאָפּ די דאָזיגע אלע נארישקייטען, דו וועסט אזוי מאַכען זאַוואָדלעך, פּונקט אזוי ווי דו האָסט געמאַכט וועלדער, אימעניעס, הייזער און צוקער! איך בין דיר ערב, אז איידער דו

וועסט זיך אַרומקוקען, וועלען דיך דיינע שותפים בענעמען פון קאָפּ ביז פיס, וואָרום דו ביזט געווען אַ שלים־מזל און וועסט בלייבען אַ שלים־מזל, ווי עס ווינשט דיר פיעל גוטס און אימער גליק

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

יאָ, זאָג נאָר, מענדעל, וואָס איז דאָס פאַר אַ נייעס, וואָס מע דערצעהלט ביי אונז? מע זאָגט, אַז דאָרט, אין יעהופּעץ, פערשרייבט מען זיך שוין קיין ארץ־ישראל? ווער עס פערשרייבט זיך פערציג קאָפּיקעס, דער פאָהרט. וואָס איז דאָס פאַר אַ מין? ביי אונז האָט מען שטאַרק אָנגעהויבען דערפון צו שמועסען; יונגע לייט קלויבען זיך צענויף אַלע נאַכט ביי יוסיל משה־יאָסי׳ס און מע רעדט פון ארץ־ישראל. — הכלל, עס טהוט זיך חושך, ווי זאָגט די מאַמע: „שוין לאַנג שטיל געווען!“...

## XVII.

**מנחם־מענדעל פון יעהופעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.**

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי׳ עכב״ב.

ר א ש י ת  בין איך דיר מודיע, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פונ׳ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת  זיי וויסען, אז דער עסק פון זאַוואָדען איז שטאַרק אָפּגעקיהלט געוואָרען. עס איז געקומען אויף זיי אַ קריזיס, ממש עס וואַלגערען זיך זאַוואָדלעך אין גאַס, נישטאָ קיין קונים! דער עולם, פערשטעהסט דו מיך, האָט זיך אָנגעגעסען מיט זאַוואָדען, אַביסעל איבערגעכאַפּט די מאָס, געלד איז טייער און צוקער איז בזיל הזול, וואָרום מע האָט אָנגעמאַכט אַזוי פיעל צוקער, אַז ס׳איז נישטאָ וואו זיך אַהינצוטהון מיט איהם, חאַטש נעם וואַרף איהם אַרויס! ס׳איז אין דער ערד דאָס געשעפט, די זאַוואָדטשיקעס שטאַרבען נאָך אַ גראָשען, די קאַפּיטאַליסטען האַלטען זיך איין און די מעקלערס געהען אַרום בטל, אָהן אַ שטאָך אַרבייט, און איך אויך בתוכם. מיינסט דו דאָך אַוודאי, אַז ס׳איז עק וועלט? זאָלסט זיך גאָר נישט זאָרגען, זוגתי היקרה, גאָט איז גאָט און יעהופּעץ איז אַ שטאָדט. אַזעלכע מענשלעך, ווי איך, ווערען חלילה נישט פערפאַלען; אדרבה, איך האָב ערשט אַ האָפנונג, אז היינט, אם ירצה השם, בעדאַרף איך ערשט אויפקומען, וואָרום איך פיהר איצט אַזאַ געשעפט, וואָס איך בעדאַרף פערדיענען אויף מיין חלק כמעט

ביז אַ מאה אלף! דאָס געשעפט, וואָס איך פיהר, טרעפט אָן אַ צעהן מיליאָן, און אפשר נאָך מעהר פון צעהן מיליאָן, עס האָט גאָר ניט קיין שיעור און קיין ערך. ס'איז אַ סברא, אַז גאָלד אַליין זאָל דאָרטען זיין אין די אלפים; היינט וואו איז זילבער, וואו איז אייזען, וואו איז קופּער, וואו איז בליי, וואו איז קוועק־זילבער? פון ערדקויהלען און פון שטיינער רעד איך שוין ניט! היינט געפינען זיך דאָרטען וועלדער מיט פעלדער מיט כל טוב — ס'איז, זאָגט מען, עפרות זהב, און ווילען וויל מען דערפאַר סך־הכל דריטהאַלבען מיליאָן, עס איז אַ מציאה פון אַ גנב! איין חסרון איז נאָר, וואָס ס'איז אַביסעל צו ווייטליך, היינו, סע שטעקט אַזש אין סימביר, און פאָהרען בעדאַרף מען אַהינצו אפשר דריי וואָכען כסדר, וואָרום אַהין געהט נישט קיין באַהן. וועמען לעגט מען פיר אַזאַ גרויס געשעפט? געוויינטליך, בראָצקי'ן! איז אָבער די צרה, ווי אַזוי דערשלאָגט מען זיך צו בראָצקי'ן אין דער קאָנטאָר? ראשית חכמה, שטעהט ביי דער טהיר אַ שווייצאַר מיט קנעפּ און קוקט אויף דער קאַפּאָטע; ווי באַלד איין אַלטע קאַפּאָטע, אַזוי גיט מען איהר דעם וועג; און אַז גאָט העלפט, מע קומט שוין איבער דעם שווייצאַר, שטעהט מען אָפּ אַ שעה זעכס אויף די טרעפּ און מע וואַרט, טאָמער וועט גאָט רחמנות האָבען, מע וועט דערזעהן בראָצקי'ן דורכגעהן, און אַז מע דערלעבט איהם שוין יאָ צו זעהן געהן, פליהט ער פאַרביי פייל אויס'ן בויגען, און איידער מע קוקט זיך אַרום, זיצט ער שוין אין דער קאַרעטע — און אַ גוטען טאָג מיט דער קאַפּאָטע! קאָן מען ניט זיין אַזוי גראָב און מע מוז קומען מאָרגען נאָך אַ מאָל. אויף מאָרגען איז ווידער די אייגענע געשיכטע; אַ קלייניגקייט, אַ מענש האָט אַזוי פיעל געשעפטען?! מע קאָן ניט אַזוי גיך זיך דערשלאָגען צו בראָצקי'ן! נאָר צו גאָט אַ האָפנונג, איך וועל מיך מסתמא אַ מאָל דערשלאָגען, און דעמאָלט וועט שוין זיין גימל! און מחמת איך בין פערנומען און האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ'ם אַנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באַריכות. לעת־עתה לאָז גאָט גע־

בען מיט געזונט און מיט הצלחה. גריס די קינדער און אלעמען בע־
זונדער גאר פריינדליך.

ממני בעלך מנחם־מענדעל.

עיקר שכחתי. וואס דו פרעגסט זיך נאך אויף „ארץ־ישראל“, קעהרסט דו אוודאי מיינען „ציניזם“? דאס איז זעהר א הויכער ענין, האטש אין יעהופּעץ אויף דער בערזע האלט מען עפּיס נישט דערפון. איך בין געווען א פּאר מאל ביי די היגע „ציניסטען“ אויף די „זאסעדאניעס“ און האב געוואלט וויסען, וואס דאס איז, האט מען אבער אלץ גערעדט אויף רוסיש, און דוקא א סך גערעדט. דאכט זיך, וואס װאלט זיי געאהרט, זיי זאלען זיך דורכרערען מיט אידען אויף אידיש?... איך האב אפילו א פּאר מאל א רעד געטהאן מיט מיינע חברה־לייט אויף דער בערזע וועגען דעם, האבען זיי מיך אויסגעלאכט: „ווייס איך וואס? ציניזם! דאקטאר הערצעל! אויך מיר א געשעפט!“...

הנ"ל.

## XVIII.

שיינה־שיינדעל פון כתרילעווקע צו איהר מאַן מנחם־מענדעל אין יעהופּעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ע ר ש ט ע נ ס קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער גיט ערגער.

צ ו ו י י ט ע נ ס שרייב איך דיר, אַז מיין גיטעל איז גע־בליבען איין אַלמנה מיט זיעבען קינדער יתומים, איינס קלענער פון'ם אַנדערען! געשטאָרבען איז דער שוואָגער מיינער, מיר צו לענגערע יאָהר, פון אַ צאָהן, דאָס הייסט, אַז מע וויל, איז ער אפילו תמיד געווען נישט קיין געזונדער; ער פלעגט, נישט פאַר מיר געדאַכט, גאַנץ אָפטליך אונטערהוסטען מיט בלוט. פון דעסטוועגען האָבען מיר געמיינט, אַז ער וועט זיך נאָך מוטשען. צום סוף געהט ער און נעמט זיך ארויס אַ צאָהן ביי שמעלקע דעם רופא, לעגט זיך אַנידער און שטאַרבט אוועק. ווי זאָגט די מאַמע, איהר צו לענגערע יאָהר: „קיינער ווייסט נישט, וועמענס מאָרגען עס איז"... און דערווייל־ע נעבאַך גיטעל לעגט איין די וועלט, ס'איז איהרע טרערען גאָר נישט צו פערשרייבען! אוודאי ווען חלילה פערקעהרט, מיין שוועסטער, איהר צו לענגערע יאָהר, זאָל חס ושלום שטאַרבען, און זלמן־מאיר זאָל בלייבען איין אַלמן, וואָלט ער געווים אַזוי פיעל טרערען נישט פערגאָסען און וואָלט מסתמא באַלד נאָך שלשים געבראַכט צו פיהרען פון באַרדיטשעוו אַ שטיפ־מאַמע פאַר זיינע קינדער. איך זאָג דאָס טאַקי אָקעגען אַלע מאַנס־בילען, די כפרה מעגט איהר זיין פאַר אייערע ווייבער. וואָרום וואו

איז דאָס געהערט געוואָרען, אַז אַ טאַטע פון קינדער זאָל זיך אַריינ־נעמען אַ משוגעת אין קאָפּ אַריין — מיליאָנען! אַ גליק האָט איהם געטראָפען: ער שטעהט ביי בראָצקי'ן ביי דער טהיר! איך האָב מורא, אַז ווייטער פון דער טהיר וועסט דו נישט געהן. איין עבירה די שטיוועל, כלעבען! אָט באַלד טאַקי חאַפּט בראָצקי אַרויס די מיליאָנען און פליהט אַוועק קיין סימביר — וואָס איז? מנחם־מענדעל אַליין האָט געהערט, אַז דאָרטען ערגיץ אין אַלדי שוואַרצע יאָהר וואַלגערט זיך גאָלד מיט קוועק־זילבער! ווי זאָגט די מאַמע מיינע: „אַ טויבער האָט געהערט, ווי אַ שטומער האָט דערצעהלט, אַז אַ בלינדער האָט געזעהן, ווי אַ קרומער איז געלאָפען“... נאָר איך וויים פריהער, אַז אינ'ם אַנדערען בריעף וועסט דו מיר גע־ווים שרייבען, אַז פונ'ם גאָלדענעם געשעפט האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. עס וועט זיך אָבער געפינען אַ שלאַק מיט אַ נייעם חלום און וועט דיר דערצעהלען, אַז אַ קוה איז געפלויגען איבער'ן דאַך און געלעגט איין איי, וועסט דו צעלאָזען די פּאָלעס און וועסט ווידער לויפען, ווי אַ משוגענער. דו זאָלסט אָבער נעמען אויפ'ן קאָפּ, אַז דו האָסט אין דער היים אַ ווייב ביז הונדערט און צוואַנ־ציג יאָהר מיט קליינע קינדער, וואָס קוקען אויף דיר אַרוים, ווי אויף משיח'ן, וואָלט זיך דיר ניט גלוסטען אַרומשלעפען זיך איבער פרעמדע הייזער און אַרומטראָגען זיך מיט אַזעלכע נאַרישקייטען, וואָס עס שלאָגט צו דער גאַל הערענדיג! נאָך האָט דיך ניט אָנגע־לערנט יעהופּעץ, ברענען זאָל דאָס אויפ'ן פייער, ווי עס ווינשט דיר פיעל גוטס און אימער גליק

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

א שענע מעשה, נאָר אַ קורצע: מאיר משולם'ס געדענקסט דו? האָט ער אַ טאָכטער שפּרינצעל, געווען אַ נעזונדע מויד איין איי־זערנע, שוין אַפילו אַביסעל איין איבערגעוואַכסענע, נאָר זעהר אַ געראָטענע! האָט זיך צו איהר פערנאַדעט אַ מוכר־ספרים'ניק, וואָס

טראָגט ארום איבער די הייזער מעשה־ביכלעך מיט ראָמאַנסען אויף פּראָקאָט. האָט זיך נעבאך שפּרינצעל צוגעחאַפּט צו די דאָזיגע מעשה־ביכלעך און ראָמאַנסען, ווי צו עפּיס רעכטס, און זי האָט זיי דורכגעלייענט, זאָגט מען, אַ שטיקלעך הונדערט, און זי איז גע־וואָרען, ניט פאַר מיר גערעכט, עפּיס אַזוי ווי צעמישט; זי רעדט מיט אַ משונה־מאָדנע לשון, אַלץ אַזעלכע ווערטער, וואָס מע קאָן ניט פערשטעהן; זי זאָגט, אַז מע רופט זי ניט שפּרינצעל, נאָר „בערטע", און זי קוקט ארויס אַלע מינוט, אַלע רגע, אַז אָט־אָט קומט עפּיס איינער, וואָס מע רופט איהם „לאָרד", איהר „בעשיצער", און גנבה'ט זי ארויס דורך אַ פענסטער, און פערפיהרט זי ערגיץ אין אַלדי שווארצע יאָהר אַזש קיין לאָנדאָן, און פון לאָנדאָן קיין סטאַמבול... זאָל נישט קומען איין אויסחאַפּעניש אויף די פּוסטע קעפּ, וואָס טראַכטען אוים אַזעלכע ווילדע זאַכען, וואָס נישט גע־שטויגען, נישט געפלויגען?...

## XIX.

מנחם־מענדעל פון יעהופּעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתריליעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי׳ עכב״ב.

ר א ש י ת בין איך דיר מודיע, אַז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פון׳ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת זיי וויסען, אַז מיר האָבען אַ גרויסען גאָט. הער אַ מעשה: אַז איך האָב אָנגעהויבען ווערען איין אַריינגעהער צו די בראָצקים, בין איך געוואָרען אַ גרויסער חשוב אויף דער בערזע, און עס האָבען זיך צו מיר אָנגעהויבען צושאַרען מעקלערס פון דער וועלט מיט טויזענדער געשעפטען: הייזער און אימעניעס און וועל־דער און באַהנען און פּאַראַחאָדען און פאַבריקעס אויף מיליאָנען, און אַלץ פון בראָצקי׳ס וועגען! צווישען די דאָזיגע מעקלערס זע־נען פאַרהאַן אַ פּאָר שותפים, ניט קיין היגע, איינער טראָגט אַ טענ־דעווערענדע מיט אַ ענגקאָלנער, און דער אַנדערער הייסט מיט אַ משונה מאָדנע נאָמען, וואָס איך שעם זיך דיר איהם אַרויסשריי־בען... אָט די צוויי מעקלערס האָבען מיך געפּאַקט איינמאָל בשעת איך בין געגאַנגען פון בראָצקי׳ן, און טענדעווערענדע האָט זיך אָנ־געריפען צו מיר בזה הלשון: „הערט זשע אוים, רב מנחם מענדעל, וואָס מיר ווילען אייך זאָגען. די מעשה דערפון איז אַזוי: מיר האָבען געהאָרכט, אַז איהר דרעהט זיך דאָרט אַרום די בראָצקים, מהכתיתי, לאָז אייך גאָט העלפען, וואָס האָבען מיר צו אייך?״ — אם כן, זאָג איך, וואָס זשע ווילט איהר? „וואָס, זאָגט ער, זאָלען

מיר ווילען? מיר ווילען דאָס, וואָס יעדער מעקלער וויל, מיר ווי־לען פערדיענען, מיר זענען אויך מעקלערס, מיר האָבען אויך גע־שעפטען, אַ קשיא אויף אַ מעשה, אַביסעל אין אייער זכות, אַביסעל אין אונזער זכות, טאָמער ווילען מיר עפּיס מאַכען, ווילען מיר מאַ־כען אינאיינעם, עס וועט זיין „יחלוקו", ווינציגער פערדיענט, אַבי פערדיענען, ווי זאָגט מען: פון אַ קריוודע קאָכט מען וועטשע־רע..." — על כל פּנים, זאָג איך, צו וואָס טויג אונז לאַנגע דבורים? זאָגט בעסער, וואָס האָט איהר? שעמט זיך ניט. „מיר האָבען, זאָגט ער, געשעפטען זעהר אַ סך מיט גאָט'ס הילף. מיר האָבען קויהלען אין פּאָלטאַווער גובערניע, מיר האָבען אייזען אין קאַניעווער אור־יעזד, מיר האָבען אַ מיהל איין אָפּגעברענטע אין פּערעיאַסלאַוו, מיר האָבען מאַשינעס אַזעלכע גאָר נייע, אַ פּינסקער איד האָט זיי אויס־געטראַכט, היינט האָבען מיר אַ פּריץ, וואָס וויל אויסבייטען אַ וואַלד אויף אַ „גוראַלנע", און אַ אידען האָבען מיר, וואָס וויל קוי־פען אַ גרויס הויז אין יעהופּעץ אָהן געלד, היינט אימעניעס! וועל־דער! טאָמער האָט איהר קונים, ווילען מיר אייך געבען אימעניעס, אָדער טאָמער האָט איהר אימעניעס, ווילען מיר אייך געבען קונים". — ניין, זאָג איך, מיט קיין אימעניעס און וועלדער האַנ־דעל איך שוין מעהר ניט — איין עק! איך האָב מיך, זאָג איך, מיט אימעניעס שוין אָפּגעבריהט און האָב געגעבען זיך דאָס וואָרט, אַז איך זאָל קיין אימעניעס מיט קיין וועלדער מעהר אין די הענד אריין ניט נעמען! „עט, מאַכט צו מיר די טענדעווערענדע, אַלע געשעפטען זענען דען גלייך? אָט האָבען מיר איצט אַ אימעניע אויף קאַווקאַז, אַ אימעניע מיט נאַפט, דאָס הייסט, אַזאַ מין ערד, וואָס עס שפּריצט פון דאָרט נאַפט, סע שפּריצט און סע שפּריצט און עס הערט גאָר ניט אויף צו שפּריצען! ס'איז גאָר אַ סברה, אַז די ערד קאָן דאָרט אַרויסוואַרפען אַ מיליאָן פוד נאַפט אין איין טאָג!"... — אויב אַזוי, זאָג איך, זענט איהר פון מיינע מענשען; אָט דאָס, זאָג איך, איז אַ געשעפט! אָט דאָס גיט אַהער! און מיר זענען אַוועק אַלע דריי אין דער „אידישער מאַלאָטשנע" (איך

געה שוין מעהר ניט צו סעמעדעני'ן, ווייל דאָרט טרייבט מען אַרויס, געה איך שוין אין דער „אידישער מאַלאַטשנע", פאָרט היימליכער, צווישען אידען, מע קאָן זיצען און רעדען און טהון וואָס מע וויל), און דאָרט האָבען מיר אַרומגערעדט דאָס געשעפט און געשלאָסען שותפות, און אַז ס'איז געקומען צום צעשרייבען זיך, האָבען זיי מיר מגלה געווען דעם סוד, אַז ביי דעם געשעפט אַרבייטען נאָך עטליכע שותפים: איינער מיט גראָבע ליפּען, דער אַנדערער אַ געלער, ער האַנדעלט מיט זייגערלעך, אַ מורא'דיגער בעל־מגזם, גאָט זאָל שומר ומציל זיין, און איינער מיט אַ רויטער נאָז מיט ווייט־פּערלעך, אויך אַ ווילדער בעל־מגזם, און נאָך איינער, איין אַלמן. אַז איך האָב דערהערט אַזוי פיעל שותפים, איז דאָס מיר אפילו ניט אַזוי געפעלען. טענדערווערענדע האָט אָבער איבער מיר אַזוי לאַנג גערעדט און דערצעהלט משלים, אַז איך האָב געמוזט מוסכם ווע־רען, מיר זאָלען זיך אַלע צעשרייבען אויף פּאַפּיער. געוויינטליך, צווישען שותפים מוזען דאָך זיין טענות; איטליכער האָט געדרונ־גען, אַז איהם קומט אַ גרעסערער חלק. גאָט זאָל מיר נאָר מצליח זיין, איך זאָל שוין מיט'ן אַנדערען צד זיין אַזוי פּאַרטיג, ווי איך בין פאַרטיג מיט די מעקלערס, וועט, אם ירצה השם, זיין גאָרניט שלעכט, וואָרום ביי אַט אַזאַ מין געשעפט ווי אַזוי פּערדיענט מען ניט חאָטש אַ מיליאָן קאַרבען? עס איז ביי מיר געבליבען, אם ירצה השם, בלי נדר, טאָמער ווערד דאָס געשעפט, דינג איך מיר באַלד אַ קאַנטאָרעל אויף ניקאָלאַיעווסקי און איך ווער מיט גאָט'ס הילף אַ גרויסער מעקלער. און מחמת איך בין פערנומען און האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ'ם אַנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לעת־עתה זאָל גאָט געבען, עס זאָל זיין מיט געזונד און מיט הצלחה. לאָז גריסען די קינדערלעך זאָלען לעבען און איטליכען בעזונדער גאָר פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

עיקר שכחתי. איך האָב אין זינען געהאַט דיר שרייַבען עפּיס זעהר אַ נויטיגס, האָב איך פערגעסען וואָס. לאָז איך שוין, אם ירצה השם, אויפ'ן צווייטען מאָל.

הנ"ל.

## XX.

שיינה־שיינדעל פון כתרילעווקע צו איהר מאַן מנחם־מענדעל אין יעהופּעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ע ר ש ט ע נ ס קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד. געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צ ו ו י י ט ע נ ס שרייב איך דיר אין קורצען, וואָרום איך האָב שוין קיין כח ניט מיט דיר צו רעדען. ס'איז ווי איין ארבעס אין דער וואַנד. ווי זאָגט די מאַמע: „שפּיעל דעם חתן ווייגענדינגס, ער האָט זיך זיינס אין זינען"... ביזט טאַקי אוודאי אַ גרויסער חשוב אין יעהופּעץ, וואָרום דו שטעהסט דאָך ביי בראָצקי'ן ביי דער טהיר, און סע קישעט ביי דיר מיט מיליאָנען, נאָר נאָך אַלעמען זאָלסט דו ניט זיין ביי זיך אַזוי גדול'דיג. די מילאָנען זענען נאָך לעת־עתה ביי בראָצקי'ן, ניט ביי דיר, און עס קאָן זיך אויסלאָזען, אַז די ערד, וואָס שפּריצט מיט שמן־זית, זאָל גאָר שפּריצען מיט „מים־אחרונים־וואַסער", און אַז עס וועט קומען צו עפּיס, וועט זיך אויסלאָזען מיט פּעטש, און ווענען וועט מען פּאַטשען? — דיך! על כן איז מיין עצה, אַז דו זאָלסט זיך בעצייטענס ארויסחאַפּען פון דאָרטען און קומען אַהיים. זאָלסט פערגעסען, וואָס ס'איז געווען ביז אַהער, טאָמער האָב איך דיך אַמאָל אָנגעריהרט מיט אַ וואָרט. ווי זאָגט די מאַמע: „בעסער אַ פּאַטש פון אַ פריינד, איידער אַ קוש פון אַ פיינד"... און קלאַפּ אַ טעלעגראַם און קום צו פאָהרען

וואָס גיכער, און לאָם איך פּטור ווערען, ווי עס ווינשט דיר פּיעל גוטס און אימער גליק

דיין באמת געטרייע פרוי שיינה־שיינדעל.

איך קאָן דיר דערצעהלען אַ נייעס, וואָס ביי אונז האָט זיך פּערלאָפּען, עס קלינגט מיט דעם די וועלט! דו קענסט דאָך מאיר־מאָטעל משה־מאיר'ס. האָט ער אַ טעכטערעל ראַצעל, איז דאָס אַ ראַצעל פון גאָט, אַ גאַנצע געיורענע, אַ געבילבעטע מאמזעל, שיט מיט פראַנצויזיש, קלאָפּט אויפ'ן טאַפּטשאַן, געהט זיך ניט צענויף מיט קיינעם. אַ קלייניגקייט, זי קומט אַרוים אַזש פון קצבים! ווי זאָגט די מאַמע: „זכות אָבות איז קיין קאַטאָוועס"... הכלל, מע רעדט איהר שדוכים פון דער וועלט, און זי פּערעבענדיוועט נאָך; וואָס מע ווייזט איהר, געפעלט איהר ניט. זי וויל אַ חתן דוקא מיט אַלע מעלות; ער זאָל זיין אי שען, אי קלוג, אי רייך — דאָס טע־לערעל פונ'ם הימעל! שדכנים האָבען געאַרבייט אויף אַלע כלים און מע האָט איהר אַראָפּגעבראַכט אַ חתן, איין אַנטיק, זאָגט מען, אַ קאַרעפּירער אתרוג, און דוקא פון אַ קליין שטעדטעל, פון אוו־ריטש! צענויפגעפּאָהרען זיך, האָט מען, געוויינטליך, אַריינגעלאָזט חתן־כלה אין אַ בעזונדער חדר, זיי זאָלען זיך אָנקוקען. רופט זיך אָן די כלה צום חתן: „וואָס האָרכט מען ביי אייך מכח דריי־פוס'ען?" מאַכט ער צו איהר: „מכח וואָסער דרייפוס'ען?" רופט זי זיך אָן צו איהם: „איהר ווייסט ניט וואָסער דרייפוס?" מאַכט ער: „ניין. מיט וואָס האַנדעלט ער?"... איז זי באַלד אַרויסגע־לאָפען פונ'ם חדר און איז געפאַלען חלשות, און דער חתן האָט נעבאָך בחרפה געמוזט אָוועקפּאָהרען צוריק קיין אָווריטש — אַ מכה איהם, אַ מכה איהר, אַ מכה זיי ביידען! איך בעט דיך, מאַך מיר קלאָר, ביזט דאָך צווישען מענשען: ווער איז אָט דער דריי־פוס, וואָס עס קאָכט מיט איהם אַזוי די וועלט?

## XXI.

מנחם־מענדעל פון יעהופּעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי׳ עכב״ב.

ר א ש י ת בין איך דיר מודיע, אַז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פונ׳ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת זיי וויסען, אַז מיט בראָצקי׳ן האָב איך מיך צע־גאַנגען. דאָס הייסט, מיר האָבען זיך חלילה נישט געקריעגט, נאָר איך האָב אויפגעהערט געהן אַהין — וואָס איז מיר בראָצקי, אַז איך שפּאַר שוין גאָר אָן צו רויטשילד׳ען קיין פּאַריזש? ! וועסט דו דאָך מסתמא פרעגען, ווי קום איך, מנחם-מענדעל, צו רויטשילד׳ען אַזש קיין פּאַריזש? איז דער תירוץ טאַקי: ווייעדער קאַווקאַז און וויע־דער נאַפּט! אַלע נאַפּטען, וואָס אויף קאַווקאַז, זענען זיינע, און אַליין זיצט ער אין פּאַריזש. בלייבט דאָך די קשיא, ווי קומט די קאַץ איבער׳ן וואַסער? פּאַלט מיר איין אַזאַ מין געדאַנק: פּאַר־האַן ביי אונז אויף דער בערזע אַ פויגעל, וואָס ער הייסט טודרוס. אַט דער טודרוס איז געווען אַמאָל גאָר אַ גרויסער שפּעגעלאַנט, אַ הייסער, אַ פייעריגער שפּעגעלאַנט. אַז דער עולם האָט זיך אָפּ־געשאָקעלט מיט די עטליכע גילדען, זענען אַלע גרויסע שפּעגע־לאַנטען (און איך אויך בתוכם) געוואָרען מעקלערס, און טודרוס האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין פּאַריזש און דרעהט דאָרטען די גרעס־טע געשעפטען אויף מיליאָנען! אויף מיין גליק בעדאַרף אַצינד טודרוס זיין היע אין יעהופּעץ. האָב איך מיך נישט געפּוילט און

בין אוועקגעלאָפען צו איהם אהיים און האָב איהם גאַנץ פיין איבער־געגעבען, אז איך האָב אָנגעשמעקט איין ערטעל אויף קאַווקאַז, וואָס שפּריצט מיט נאַפט, און ווערליג מע הייסט זיך געבען דערפאַר אַ סך געלד, ווייזט אויס, אז דאָס געשעפט פּאַסט גאָר קיין פּאַריזש. רופט זיך אָן צו מיר טודרוס: „איך האָב אַ קונה!“ פרעג איך: ווער איז דער קונה? מאַכט ער: „רויטשילד“! — איהר קענט זיך, זאָג איך, מיט רויטשילד'ען? „צי איך קען זיך, מאַכט ער, מיט רוטשילד'ען? לאָמיר דאָס, זאָגט ער, ביידע פערמאָגען, וויפיעל געשעפטען איך האָב שוין מיט איהם געמאַכט און וויפיעל געלד איך האָב ביי איהם פערדיענט!“ — האָט קיין פּאַראיבעל ניט, זאָג איך, אפשר וואָלט איהר זיך מטריח געווען, זאָג איך, אוועקשרייבען צו רויטשילד'ען קיין פּאַריזש? „אוועקשרייבען, מאַכט ער, איז קיין קונץ ניט! אך בין טאַקי מיט איהם ווי אַנדערע צוויי, נאָר איינס צום אַנדערען געהער זיך נישט אָן; מע בעדאַרף האָבען איין אָפּים מיט אַ פּלאַן, אַנדערש קאָן מען ניט“. בקיצור, איך בין אוועק צו מיינע שותפים און האָב איהם געבראַכט פון זיי איין אָפּים מיט אַלע זיעבעצעהן זאַכען. נו, ווי געפעלט דיר, זוגתי היקרה, ווי אַזוי מנחם־מענדעל שטעלט צענויף מיט גאָט'ס הילף אַ געשעפט? השם יתברך זאָל נאָר העלפען, עס זאָל אָנקומען די גוטע תשובה פון רויט־שילד'ען, פערשטעהסט דו שוין, וואָס פאַר אַ פּנים עס וועלען דע־מאָלט האָבען ביי מיר אַלע יעהופּעצער גרויסע מעקלערס? ס'איז נאָר שלעכט דערווייל, וואָס סע פעהלט דאָס מזומנ'ע דרייערעל. זאָלסט זעהן, וואָס עס טהוט זיך ביי אונז, ווי אַזוי די וועלט איז געענגט אין געלד. ממש מע געהט אוים, מע שטאַרבט נאָך אַ קער־בעל! מע קוקט אַרוים אַלע טאָג אויף גרויסע אָנזעצען. נאָר זאָרג נישט, זוגתי היקרה, ס'איז אַלץ ביז אַ צייט; פאַר אונזער עגמת־נפש וועלען מיר, אם ירצה השם, האָבען גרוים נחת. לאָז נאָר אָנ־קומען די גוטע בשורה פון פּאַריזש, וועל איך מיך שוין אַריינכאַ־פּען אין קלייט אַריין, וועל איך שוין אין זינען האָבען, אם ירצה השם, אי זיך, אי דיך, אי די קינדערלעך אַלע, זאָלען געזונד זיין.

און מחמת איך בין פערנומען און האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ׳ם אַנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לעת־עתה לאָז גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. גריס די קינדערלעך און איטליכען בעזונדער גאַר פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר ש כ ח ת י. וואָס דו פרעגסט זיך נאָך אויף דרייפוסען, איז דאָס זעהר אַ שענע מעשה. אַזוי איז געווען די געשיכטע: אין פּאַריזש איז געווען דרייפוס אַ קאַפּיטאַן, דאָס הייסט, ס׳איז געווען אַ קאַפּיטאַן, וואָס האָט געהייסען דרייפוס. און עסטערהאַזי איז געווען אַ מאַיאָר (אַ מאַיאָר איז עלטער פון אַ קאַפּיטאַן, און אפשר, פערקעהרט, אַ קאַפּיטאַן איז עלטער). איז ער געווען, דאָס הייסט דרייפוס, אַ איד, און עסטערהאַזי דער מאַיאָר איז אַ כריסט. האָט ער אָנגעשריבען די באָרדעראָ. דאָס הייסט, דער מאַיאָר עסטערהאַזי האָט אָנגעשריבען די באָרדעראָ, און האָט אַרויפגעלעגט די גאַנצע באַד אויף איהם, אויף דרייפוס׳ען. איז געגאַנגען דרייפוס און האָט זיך געוואָלט פערענטפערען. האָט מען איהם גע׳משפט, ער זאָל זיצען אייביג אויף איין אינזעל אין מיטען ים איינער אַליין פערשפאַרט. איז געגאַנגען זאָלאַ און האָט געמאַכט אַ גוואַלד, און האָט אויסגעוויזען מיט ראיות, אַז סטייטש, ער ווייסט פאַר קלאָר, אַז ס׳איז ניט דרייפוס האָט געשריבען די באָרדעראָ; וואָס האָט איהר צו איהם, ס׳איז גאָר דעם מאַיאָר׳ס אַרבייט, עסטערהאַזי׳ס! איז מען געגאַנגען און מע האָט איהם גע׳משפט, ער זאָל אויך זיצען. האָט ער זיך מיישב געווען, טאַקי זאָלאַ, און איז גאָר אַנטלאָפען. איז געגאַנגען נאָך איינער, פּיקער, אַ פּאָלקאָווניק, און האָט אויך אָנגעהויבען שרייען און ליאַרעמען. איז אַרויסגעשפּרונגען מערסי, דוקא אַ גענעראַל, און נאָך איינער ראָזשע, אויך אַ גענעראַל, און נאָך אַ סך גענעראַלען, און האָבען

געזאָגט פאַלשע עדות אויף דרייפוס'ען. איז געוואָרען אַ געפילדער צווישען די פראַנצויזלעך, מע זאָל איהם אַראָפּברענגען, טאַקי דרייפוס'ען. האָט מען איהם געבראַכט צו פיהרען קיין רען אויפ'ן משפט. איז געקומען צו פאָהרען איין אַדוואָקאַט פון פאַריזש. האָט מען איהם געוואָלט שיסען. האָט מען איהם געשאָסען פון הינטען. האָט ער געמאַכט פון אַלע גענעראַלען אַ פלעדערוויש. און דרייפוס'ען האָט מען פון דעסטוועגען ווידער אַ מאָל פער'משפט. נאָר מע האָט איהם אָבער באַלד אַרויסגעלאָזט. דאָס הייסט, יאָ שולדיג, און פאָרט ניט שולדיג — און רוף אונז קנאַקניסעל!... הײנט פערשטעהסט דו שוין די מעשה מיט דרייפוס'ען?

הנ"ל.

## XXII.

שיינה־שיינדעל פון כתריעלווקע צו איהר מאַן מנחם־מענדעל אין יעהופּעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ע ר ש ט ע נ ס קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צ ו ו י י ט ע נ ס שרייב איך דיר, אַז דו ביזט ניט ווייט פון אַ משוגענעם, עס געהט דיר אָפּ נאָר איין זאַך — נעמען אַ שטעקען און לויפען איבער די גאַסען! האָסט דו געהערט אַביסעל אַ גדולה: ער שפּריצט מיט גאַז, פליהט קיין פּאַריזש, וואַרפט מיט מיליאָנען! ער גלייכט זיך צו די יעהופּעצער נגידים. ז י י האָבען קיין געלד ניט, און ע ר האָט קיין געלד ניט. ווי זאָגט די מאַמע: „בין איך מיר אויך אַ בהמה און פּגר אין דער טשערעדע"... געדענק מיין וואָרט, מענדעל, אַז מע וועט דיך ברענגען אַהיים אָדער אין קייטען, אָדער אין אַ ליילעך, אַזוי ווי דו ביזט ווערטה, בכדי דו זאָלסט געדענקען, אַז דו האָסט אַ ווייב ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר, וואָס פערשטעהט מעהר פון דיר. און פאַר דיינע מתנות, מענדעל, וואָס דו ווילסט מיר אָננעמען, דאַנק איך דיר זעהר. לאָז זיי גאָט העלפען אַזעלכע קונים אַ סך ווי דו מיט דיינע שותפים די ליגנערס, וואָס פערדיענען מילי־מיליאָסען און פּגר'ען פאַר אַ גראָשען, הלואי ווייטער ניט ערגער, ווי עס ווינשט דיר פיעל גוטס און אימער גליק

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

די מעשה פון דרייפוס'ען, וואָס דו האָסט מיר בעשריבען, זאָל איך אזוי וויסען בייז, ווי איך פערשטעה אפילו איין וואָרט! ווי קומט א איד זיין א קאפיטאַן, און וואָס פאַר א מין  באַנדערא, וואָס איינער לעגט אַרויף אויף דעם אַנדערען? צו וואָס האָט דער זאָלע בעדאַרפט אנטלויפען, און וואָס האָט מען איהם געוואָלט שיסען, און פאַר וואָס עפּיס פון הינטען, נישט פון פאָרענט?... ווי זאָגט די מאַמע: „ציעגען זאָלען אזוי וויסען פון פרעמדע געדט־נער, ווי ער ווייסט וואָס סע טהוט זיך מיט איהם“...

## XXIII.

מנחם־מענדעל פון יעהופּעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי' עכב"ב.

ר א ש י ת בין איך דיר מודיע, אַז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד הערכען איינס פונ'ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת זיי ווּיסען, אַז דאָס קאַווקאַז האָט געמעגט אריין אין דער ערד אריין איידער איך האָב דאָס דערקענט! איך טאָר מיך גאָר נישט בעווייזען אויף דער בערזע! וואָס איז די מעשה? די מעשה איז אַ פּשוטע מעשה: נעכטען קום איך אַרויס אויף דער בער־זע, געהט מיר אַקעגען ט ו ד ר ו ס און מאַכט צו מיר: „הערט נאָר, רב איד, וואו איז ערגיץ אייער קאַווקאַז?" — קאַווקאַז, זאָג איך, איז אויף קאַווקאַז, וואָס איז דען? „איך האָב, מאַכט ער, נאָכגע־דאַכט אויף דער לאַנדקאַרט, וואו געפינט זיך ערגיץ אייער געשעפט, לאָזט זיך אויס, אַז די שטאָדט, וואָס איהר האָט דאַרטען אָנגערו־פען, איז אַ נעכטיגער טאָג". — וואָס הייסט, זאָג איך, אַ נעכטיגער טאָג? „אָט דאָס הייסט, זאָגט ער, ס'איז גאָר אַזאַ שטאָדט נישטאָ אויף דער וועלט. עפּיס אַ נאָמען פון דער הגדה... ווי נעמט דאָס אַ איד, זאָגט ער, און לעגט פּאַר אַ געשעפט, וואָס ניט געשטויגען, ניט געפלויגען? און נאָך וועמען? רויטשילד'ען! איהר ווייסט, זאָגט ער, ווער רויטשילד איז?!" — פאַר וואָס, זאָג איך, זאָל איך ניט ווּיסען? איך ווייס זעהר גוט, זאָג איך, ו ו ע ר ר ו י ט־ ש י ל ד א י ז , נאָר וואָס בין איך, זאָג איך, שולדיג? מע האָט

מ י ר  געזאָגט, האָב איך  אַ י י ך  געזאָגט. און איך האָב מיך באַלד געלאָזט לויפֿען זוכען די  ט ע נ ד ע ו ו ע ר ע נ ד ע  און האָב איהם געפֿונען אין דער „אידישער מאַלאַטשנע“, דאָרט, וואו אַלע אידען זיצען, און האָב איהם גענומען אויף׳ן צימבעל: — זאָגט מיר נאָר,  ט ע נ ד ע ו ו ע ר ע נ ד ע  סערדצע, וואו געפֿינט זיך ערגיץ דאָס געשעפֿט אונזערס? „ס׳אַ משל, מאַכט ער, דאָס געשעפֿט איז דאָך ביי אייך,  אַ י ה ר  האָט דאָך דעם קונה!“ — ניין, זאָג איך, ניט דאָס מיין איך; איך מיין דאָס געשעפֿט גופֿא, וואו שטעקט דאָס ערגיץ, אין וואָסערע מקומות, ווי אַזוי פֿאָהרט מען אהינצוצו, דורך וואָס פֿאַר אַ שטאָדט? „דאָס, מאַכט ער, ווייס איך גראָד נישט, דאָס בעדאַרף וויסען דער שותף מיינער“. זענען מיר געגאַנגען ביידע זוכען דעם שותף. זאָגט אָבער דער שותף, אַז איהם האָט געזאָגט דער, וואָס מיט דער  ר ו י ט ע ר  נ אָ ז. און די  ר ו י ט ע  נ אָ ז  זאָגט, אַז ער ווייסט ניט פֿון קיין פֿותר און פֿון קיין חלום; ער האָט געהאָרכט, זאָגט ער, פֿון יענעם מעקלער, וואָס מיט די  ג ר אָ ב ע  ל י פּ ע ן,  אַז די  ט ע נ ד ע ו ו ע־ ר ע נ ד ע  האָט אַ געשעפֿט אויף  ק אַ ו ו ק אַ ז,  נאָר  ו ו אַ ו  ק אַ ו ו ק אַ ז  און  ו ו אָ ס  ק אַ ו ו ק אַ ז — ווייסט ער ניט. ער זאָל אַזוי ניט וויסען פֿון קיין שלעכטס! הקיצור, מע האָט זיך געוואָלט דערגרונטעווען, פֿון וואַנען שטאַמט דאָס געשעפֿט און ווער האָט דאָס אויפֿגעגעבען, האָט איינער אָנגעוויזען אויף׳ן אַנדערען, דער אויף יענעם און יענער אויף דעם, אַזוי לאַנג אַזוי ברייט, ביז ס׳איז געבליבען מסתמא, אַז דער גאַנצער חייב בין איך; איך האָב שוין אַזאַ גליק, משטיינס געזאָגט, אַז אומעדום בין איך דאָס כפּרה־היהנדעל!... הערסט דו, זוגתי היקרה, וואָס איך בין דערגאַנ־ גען? אַז ס׳איז נישטאָ קיין מזל, זאָל מען זיך בעסער בעגראָבען אַ לעבעדיגער! צו וואָס איך זאָל מיך נישט נעמען, איז לכתחילה, דאַכט זיך, אַלסדינג גוט און שען און פֿיין, אָט־אָט חאַפּ איך דאָס גליק, אָט־אָט איז דאָס ביי מיר אין קעשענע — צום סוף טהוט זיך דאָס רעדעל אַ דרעה־איבער, און עס לאָזט זיך אויס אַ נעכטיגער

טאָג! ניט בעשערט, אפנים, אז איך זאָל אויפקומען פון מעקלע־ריי, האַפּען אַ גראָבס און אַנטלויפען! ניט בעשערט, אַז מנחם־מענדעל זאָל אויפקומען, ווי אַנדערע מעקלערס אין יעהופּעץ! אַלע טראַסקען, נאָר איך איינער שטעה און קוק, ווי די וועלט מאַכט גע־שעפטען און פערדיענט געלד, און איך דרעה מיך אַרום, ווי אַ פרעמ־דער. איך זעה פאַר זיך מיליאָנען מיט מיליאָנען, און קאָן זיי נישט האַפּען... איך בין שטענדיג עפּיס ווי אין דרויסען... אפּנים, איך האָב מיך נאָך ניט אַרויפגעשלאָגען אויפ'ן ריכטיגען וועג? קיין מענש ווייסט ניט, וואו זיין מזל געפינט זיך... מע דאַרף עס לאַנג זוכען, און אַז מע זוכט, געפינט מען... און מחמת איך בין זעהר דערשלאָגען, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ'ם אַנדע־רען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לאָז גריסען שווער און שוויעגער און שרייב מיר, וואָס מאַכסט דו עפּיס אין געזונד, און קוש די קינדער זאָלען לעבען און געזונד זיין, און שרייב מיר, וואָס הערט זיך עפּיס ביי אייך אין כתרילעווקע?

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר ש כ ח ת י. צרות רבים חצי נחמה. אז מע זעהט זיך אָן יענעמס צרות, ווערד אביסעל גרינגער אויף דער נשמה. אַט נעם, למשל, דעם אורח, וואָס שטעהט מיט מיר אין איין חדר. גע־ווען אַמאָל אַ פּאָדראַטשיק, זאָגט ער, אַ גביר, אַ בעל־הבית פון היי־זער און קלייטען אייגענע, און היינט לאָדט ער זיך מיט „קאַזנא“, ער האָפּט אויפמאָנען אַ סך געלד, גאָר אַ סך געלד. נאָר מחמת ער האָט נישט אַ גראָשען ביי דער נשמה, האַלט ער זיך אויף לעת־עתה ביי מיר. אם ירצה השם, אז ער וועט אויסלאָדען זיין געלד, וועט ער מיך, זאָגט ער, ניט פערגעסען... און נאָך איינער שטעהט מיט מיר צוזאַמען, נאָך אַ גרעסערער אָרעמאַן פון יענעם: ער איז אַ שרייבער. ער שרייבט אין די בלעטער און מאַכט אַ בוך! דערוויייל, ביז זיין בוך וועט פאַרטיג ווערען, האַלט ער זיך אויף מיט אונז

אינאײנעם, און פאַר רחמנות גיט איהם די בעל־הבית'טע אַמאָל אַ גלעזעל טיי. און נאָך איינער האַלט זיך אויף ביי אונז אויף דער אכסניה, אַ מין עני ואביון, דער שרייבער איז אַ הונד קעגען איהם! ווער און וואָס ער איז — ווייס איך אַליין ניט: עפּיס אַ שטיקעל אַגענט, אַ שטיקעל שדכן, אַ שטיקעל אַקטיאָר, זינגט ליעדלעך און טרייבט אַרויס מייז, — זעהר אַ פריילּיך אידעל, האָט נישט קיין העמד אויפ'ן לייב און געהט אוים ממש פאַר אַ שטיקעל ברויט! הכלל, מען זעהט זיך אָן אַזוי פיעל צרות אויף דער וועלט, אַז מע פערגעסט אָן די אייגענע!... געדענק זשע, למען השם, שרייב מיר פון דיין געזונד און פון די קינדער זאָלען געזונד זיין און פון שווער און שוויעגער און פון איטליכען בעזונדער.

הנ"ל.

## XXIV.

שיינה־שיינדעל פון כתריעלווקע צו איהר מאן מנחם־מענדעל אין יעהופעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ערשטענס קום איך דיר צו מעלדען, אז מיר זענען אלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטענס שרייב איך דיר, וואָס האָב איך דיר געזאָגט, דו אָפּגעריסענער נאַר? קושען בעדאַרפסט דו דאָך די ווערטער מיי־נע, ווי זאָגט די מאַמע: „קוש דעם קאַנטשיק, וואָס שמייסט דיך!"... האָסט זיך שוין אויסגעהאַנדעלט דאַרטען, וואָס טויג מיר גרויס, און האָסט זיך צענויפגעסקאָמפּאַניעט מיט אַ פיינער חברה שלעק, פּאַדראַטשיקעס, שלעפּערס, מחברים, ליעדעלמאַכערס, מיי־זענטרייבערס — ניטאָ ווער ס'זאָל לאַכען און גענוג! אוודאי דאַרף מען זיצען צוליעב דעם אין יעהופּעץ אויף איין אכסניא און טרענצ־לען קערבלעך! מיר געפעלט נאָר, וואָס דו ביזט געקומען צום שכל: אַפנים, זאָגסט דו, ס'איז דיר ניט בעשערט אויפצוקומען דאָרטען, ווערען אַ מיליאָנשטשיק? ביזט נאָך מסופק, מענדעל? איך שריי שוין פון לאַנג, אז דו זאָלסט זיך אַרויסשלאָגען פון קאָפּ די דאָזיגע נאַרישע געדאַנקען. לאָם איך שוין אַזוי זיין בעוואָהרענט פון אַל־דאָס בייז און דו פונ'ם נאַר דיינעם, ווי דו ביזט בעוואָהרענט פון מיליאָנען! פערגעס, מענדעל, אָן די מיליאָנען, פערגעס, אז ס'איז גאָר פאַראַהן ערגיץ אַ בראָצקי אויף דער וועלט, וועט זיין אז וואָהל צו דיר און צו דיין נשמה! „קוק ניט וואָס העכער פון דיר, קוק וואָס נידעריגער פון דיר", — אַזוי, דאַכט זיך, שטעהט געשריבען

אין די ספרים? און זיי נישט מקנא די יעהופּעצער פּיינע מענש־לעך, וואָס טראַסקען. לאָזען זיי טראַסקען, לאָזען זיי טרישטשען, לאָזען זיי ברעכען רוק און לענד, ווי עס ווינשט דיר היינט און אַלע מאָל

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

זאָג מיר נאָר, וואָס האָסט דו זיך עפּים פּלוצים דערמאַנט, מיין טייערער מענדעל, זיך נאָכפּרעגען אויף אונזער כתרילעווקע? און וואָס בין איך דיר עפּים געוואָרען אַזוי טייער, וואָס דו זאָרגסט זיך אַזוי פּאַר מיין געזונד? אפנים, דו האָסט זיך טאַקי פּאָרט פער־בענגט נאָך אונז?... ווי זאָגט די מאַמע: „לאָז דאָס קאַלב לויפען, עס וועט זיך אויסהונגערען, וועט דאָס אַליין קומען אהיים“... איך וואַרט אויף אַ דעפּעש פון דיר. אַז דו פאַהרסט. שוין צייט, שוין לאַנג צייט — הלואי זאָל דאָס זיין מיין לעצטער בריעף...

סוף פונ׳ם דריטען בוך.

# א בכבוד'ע פרנסה

## (מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל — א ש ר י י ב ע ר).

---

### I.

מנחם־מענדעל פון יעהופעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי' עכב"ב.

ר א ש י ת בין איך דיר מודיע, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד הערכען איינס פונ'ם אנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת הנה זיי וויסען, אז איך האָב אוועקגעוואָרפען אַלע געשעפטען, איין עק, אוים בערזע, אוים סעמעדעני, אוים מעק־לעריי — ס'איז גאַלע שווינדעל מיט האפעריי, מיט בזיונות, מיט דער שוואַרציאָהר ווייסט וואָס! איך האָב שוין היינט א נייע פרנסה, א שפּאָגעל־נייע פרנסה, אביסעל א שענערע און א לייטי־שערע פרנסה — איך בין געוואָרען למזל א שרייבער. איך שרייב! וועסט דו דאָך מסתמא פרעגען, ווי קום איך צו שרייבעריי? — ס'איז מן השמים.

אויב דו געדענקסט פון מיין לעצטען בריעף, האָב איך מיך דאָ אויף דער אכסניא, וואו איך האלט סטאַנציע, בעקענט מיט איינעם

א שרייבער, וואָס שרייבט אויף די גאַזעטען, און דערפון מאַכט לעבט ער. דהיינו, ווי אַזוי? ער זעצט זיך אַוועק און שרייבט אָן א זאַך און שיקט עס אַוועק, און מע דרוקט עס אָפּ, און אַז מע דרוקט עס אָפּ, בעקומט ער בעצאָהלט פון דער שורה, א קאָפּיקע א שורה, וויפיעל שורות, אַזוי פיעל קאָפּיקעס. האָב איך מיך מיישב געווען: גוואַלד, רבונו־של־עולם, מיט וואָס בין איך ערגער פון איהם? די גרויסע תורה וואָס דאָ איז? דאַכט זיך, איך האָב אויך געלערענט אין א חדר, און א האַנד צום שרייבען האָב איך א שענערע ווי ער, — אפשר וואָלט איך מיך א פּרוב טהון און געבען א שרייב־אַריין אין א אידיש בלאַט? וואָס קומט מיר דערפאַר? קעפּען וועט מען דאָך מיך ניט! ממה נפשך, יאָ — יאָ, ניין — ניין! — און גנה און שרייב אַוועק א בריעף גלייך אין דער רע־דאַקציע אַריין, אַזוי און אַזוי, און איך דערצעהל זיי אויס מיין גאַנ־צע בעגריפיע. ווי אַזוי איך האָב אַמאָל געקנאַקט אויף דער בער־זע, אין אדעס און אין יעהופּעץ, איבערגעדיענט כל העבודה־זרות, געהאַנדעלט און געמעקלערט מיט „לאָנדאָן“ און מיט „פּאַפּיערלעך“ און מיט „יקנה“ז“ אין די מיליאָנען אַריין, געווען זיעבען און זיעבע־ציג מאָל אָט א נגיד און אָט א קבצן, אָט א גביר און אָט איין אביון. הקיצור, איך האָב נישט געזשאַלעוועט מיין טרחה און האָב זיי אַרויסגעשריבען אַלסדינג באריכות, אפשר אויף צעהן זייטלעך. און געבעטען האָב איך זיי, זיי זאָלען מיר ענטפערען, אויב עס געפעלט זיי מיין שרייבעכץ, וועל איך זיי שרייבען און שרייבען. קומט מיר נישט אָן, מיינסט דו, אין אַנדערהאַלבען חדשים אַרום פון דער רעדאַקציע איין ענטפער? זיי שרייבען מיר, אַז מיין שריי־בעכץ געפעלט זיי דוקא זעהר גוט, און לעגען מיר פאָר, איך זאָל זיי אַרויסשרייבען די אַלע מיינע בעשרייבעכצען באריכות; און אויב מיינע בעשרייבעכצען וועלען זיין גוט בעשריבען, וועלען זיי מיינע בעשרייבעכצען מיט פערגעניגען אָפּדרוקען אויפ'ן בלאַט און וועלען מיר בעצאָהלען פאַר דער שורה, א קאָפּיקע א שורה. דו פערשטעהסט? וויפיעל שורות, אַזוי פיעל קאָפּיקעס. האָב איך

באלד געגעבען א חאפ אויף דער פען, וויפיעל, למשל, קאן איך אנשרייבען? צום אלעם מינדעסטען רעכען איך, אז איך קאן אין א לאנגען זומערדיגען טאג אנשרייבען גוטע טויזענד שורות. מאכט דאס ניט א צעהנערעל א טאג? האבען מיר א קיימא־לן, הייסט דאס, פון כמעט דרייהונדערט רובעל א חודש. נישקשה פון א זשא־לאוואניע, ווי מיינסט דו? און נישט לאנג געטראכט, האב איך מיר געקויפט א פלעשעל טינט מיט א ריז פאפיער און האב מיך אוועק־געזעצט צו דער ארבייט. און מחמת איך האלט סאמע אין רעכטען שרייבען, מאך איך דאס בקיצור. אם ירצה השם, אין די ווייטער־דיגע בריעף וועל איך דיר ארויסשרייבען אלסדינג באריכות. לעת־עתה זאל גאט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. גריס די קינ־דערלעך זאלען לעבען, און שווער און שוויעגער, און איטליכען בע־זונדער גאר פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר ש כ ח ת י. אז דער אויבערשטער וועט העלפען און איך וועל פארטיג מיט מיין בעשרייבעכץ, דאס הייסט, מיט'ן נאמען פונ'ם בעשרייבעכץ, מחמת איך האב נאך ניט קיין נאמען, אזוי שיק איך עס אוועק באלד אהין אין דער רעדאקציע, און בעט, מע זאל דיר ארויסשיקען אויף דיין נאמען קיין כתרילעווקע עט־ליכע קערבלעך עד לחשבון. איך וויל, זוגתי היקרה, אז דו זאלסט אויך הנאה האבען פון מיין איצטיגער פרנסה. ס'איז א ביסעל לייט־ישער פון מעקלעריי: ביי מעקלעריי הייסט עס „קארטאזש", און ביי שרייבעריי רופט מען דאס „גאנעראר"... א זים קערבעל אט דאס גאנעראר, א גרינגס און א בכבוד'יגס...

הנ"ל.

## II.

שיינה־שיינדעל פון כתרילעווקע צו איהר מאַן מנחם־מענדעל אין יעהופעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ע ר ש ט ע נ ס קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צ ו ו י י ט ע נ ס שרייב איך דיר, מיין ליעבער און מיין בע־שערטער, וואָס וועט זיין פון דיר? עס נעמט דאָך דיך קיין קויל נישט! ניט מיט גוטען, ניט מיט בייזען! שיס אין דער וואַנד אריין! די מאַמע זאָל לעבען — איהרע ווערטער מעג מען פער־שרייבען: „אַ קראַנקער, זאָגט זי, וועט געזונד ווערען, אַ שכור וועט זיך אויסניכטערען, אַ שוואַרצער וועט וויים ווערען, און אַ נארר וועט בלייבען אַ נארר"... און זאָג אפשר, אַז זי איז אומגע־רעכט! בערעכען זיך, וואָס דו האָסט אָפּגעטהאָן, זינט איך קען דיך פאַר אַ מאַן, אַז אָך און וועה איז מיר, — איז דיר נאָך קאַרג, געהסט דו אויף דער עלטער און פערשטעלסט זיך פאַר אַ מאַרשע־ליק! אַ „רייבער" געוואָרען און „רייבט"! און סע געפינען זיך נאָך אַזעלכע נאַראָנים, וואָס זיי צאָהלען דערפאַר. ווער ווייסט, וואָס דו קאָנסט מיט דיינע בעשרייבעכצען אָנארבייטען חלילה. איך בין שוין אַ נעלערענטע. ווי זאָגט די מאַמע זאָל לעבען: „פאַר אַ געשלאָגענעם הונד טאָר מען קיין שטעקען ניט ווייזען"... בראָש קלויבט ער זיך אוים אַלע מאָל גרינגע פּרנסות, לופטיגע פויגעלעך. גאָר ניט. ער וועט זיך זיצען אין יעהופעץ אויף דער סטאַנציע און וועט „רייבען", און איך וועל זיך וואַלגערען דאָ אין כתרילעווקע

מיט זיינע קינדער און קרענקען אויף דער „פלענציע“! שוין א וואָך דריי, אַז זי האָט זיך אריינגעחאַפּט צו אונז, די „פלענציע“, און וויל גאָר נישט ארויס. אויסגעקוויקעלט פון קליין ביז גרויס... און וואָס דו ביזט מיר מנדר דאָס געלד פון דיינע שרייבעכצען, דאַנק איך דיר בעצייטענס. דיינע יעהופּעצער פיינע בריות מעגען עס פערמאָגען אויף איין ווארעמעס, וואָס דו ווערסט זיך שוין דאַר־מען אָננעמען „גאָלענאַר“. דו ביזט אליין א ג אָ ל ע נ אַ ר, דאָס הייסט, פון אויבען ביז אראָפּ — נארר... און אויב דו ווילסט, איך זאָל ניט געהן יונגערהייד פון דער וועלט, און דיינע קינדער זאָלען חלילה ניט בלייבען קיין יתומים, זאָלסט דו זיך ארויסשלאָגען פון'ם קאָפּ אלע דיינע לופטיגע פּרנסות מיט דיינע זיסע שריי־בעכצען, און קומען צו פאָהרען אמאָל אהיים, צו דיין ווייב און קינדער, צו דיינע שווער און שוויגער, וועסט דו זיין, אם ירצה־שם, א גאַסט, ווי די מאַמע זאָגט: „באַדיי דעם אויוועון צעוואָל־גערען“... ווי עס ווינשט דיר פיעל געזונד און אימער גליק היינט און אלע מאָל

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

משה דוד דעם קאָלעקטאָר געדענקסט דו, צי ניין? האָט ער זיך מיישב געווען און האָט שוין לאַנג געוואָרפען איין אום־חן אויף זיין ווייבעל, געוואָלט פּטור ווערען פון איהר, ניט געוואוסט ווי אזוי; נעמט ער און פאָהרט אוועק אין אמעריקע. האָט זי איהם געפּאַקט ביי דער גרעניץ און געמאַכט אזא שקאַנדאָל, אַז ער וועט דאָס פערזאָגען א צעהנטען. א ליטוואַק קאָן! מיינע צרות אויף זיין קאָפּ!

## III.

מנחם־מענדעל פון יעהופעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי׳ עכב"ב.

ר א ש י ת בין איך דיר מודיע, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאל העלפען, מע זאל תמיד הארכען איינס פונ׳ם אנדערען נאר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אמן.

ו ה ש נ י ת הנה זיי וויסען, אז עס וועט, אם־ירצה־השם, זיין רעכט. איך שטעה שוין, דאנקען גאט, אפגעדרוקט אויפ׳ן בלאט גלייך מיט אלע שרייבערס און איך פיהל מיך איצטער עפיס גאר איין אנדער מענש. די ערשטע מינוט, אז איך האב דערזעהן מיין נאמען אויפ׳ן בלאט אפגעדרוקט: מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל — האב־בען זיך מיר אזש געשטעלט טרערען אין די אויגען. דו מיינסט, מחמת וואס? נאר מחמת גוטסקייט, וואס סע געפינען זיך אזעל־כע גוטע, פיינע, לייטישע מענשען אויף דער וועלט. איך מיין טאקי די רעדאקציע. על־פי שכל דארף מען פערשטעהן, אז איך בין מסתמא ביי איהר נישט קיין בן יחיד, ס׳איז דא געגוג שרייבערס אהן מיר אויך. פון דעסטוועגען, האט זי זיך ניט געפוילט און האט זיך אוועקגעזעצט און האט איבערגעלייענט מיין בעשרייבעכץ, ווי עס זעהט אויס, פון טאוועל ביז טאוועל, און ענטפערען ענטפערט זי מיר אין בלאט, דאס הייסט, אין ב ר י ע פ ק א ס ט ע ן, אז מיין בעשרייבעכץ איז איהר געפעלען, נאר ס׳איז אביסעל צו לאנג — איז נומער איינס. והשנית, פערלאנגט זי פון מיר, איך זאל איהר ניט אויסטראכטען מעשיות פונ׳ם קאפ; זי וויל נישט מעהר בלתי איך

זאָל איהר **שילדערען** (אזוי טאַקי מיט דעם לשון) דאָס לעבען פון דער שטאָדט יעהופּעץ מיט אַלע איהרע טיפּען. די משמעות, אַז זי וויל וויסען, וואָס ביי אונז אין יעהופּעץ טהוט זיך, וואָרום וואָס דען איז דער פּשט „טיפּען“?... איאָ, איין איידעלקייט פון א רעדאַקציע? קאָן מען דאָך שוין אזוי גראָב ניט זיין און ניט אָפּלעגען אויף מאָרגען. האָב איך אויסגעטהאָן די קאַפּאָטע און איך האָב מיך אַוועקגעזעצט און איך שרייב איהר — שוין דער דריטער טאָג, אַז איך שרייב און שרייב, און סע הערט זיך גאָר ניט אויף צו שרייבען! און מחמת איך בין זעהר פערנומען מיט מיין שרייבען און האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ'ם אַנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לעת־עתה לאָז גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. גריס די קינדער, און שוועր און שוויעגער, און איטליכען בעזונדער גאָר פריינדליך.

ממני בעלך **מנחם־מענדעל**.

**עיקר שכחתי**. איך בעט דיך, שרייב מיר, צי האָסט דו מקבל געווען עפּיס מעות פון דער רעדאַקציע? מחמת איך האָב זי געבעטען, אַז זי זאָל דיר שיקען דערוויילע, עד לחשבון, עפּיס אַזעלכע עטליכע קערבלעך. ממה־נפשך, א רענדעל אַראָפּ, א רענדעל אַרויף — מיר וועלען זיך מיט איהר אויסרעכענען.

**הנ"ל**.

## IV.

**שיינה־שיינדעל פון כתרילעווקע צו איהר מאַן מנחם־מענדעל אין יעהופּעץ.**

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ע ר ש ט ע נ ס קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צ ו ו י י ט ע נ ס שרייב איך דיר, אַז איך שפּיי שוין מיט בלוט פון דיינע זיסע בריוולעך. ווער איז דאָס דאָרטען אָט די יפהפיה דיינע, וואָס דו האָסט אויסגעטהאָן צוליעב איהר די קאַפּאָטע און ביזט געוואָרען מיט איהר קוצעניו־מוצעניו? לאָז זי דיר ברענען אויפ'ן פייער אינאיינעם מיט איהר געלד. איך דאַרף זי אויף סים־סאָט כפּרות, ווי זאָגט די מאַמע זאָל לעבען: „שענק מיר ניט דיין האָניג און געב מיר ניט דיין בים"... מאָהל דיר, דיין רעדאַקציע מעג שוין דעמאָלט קרענקען, ווען זי וועט מיר שיקען מעות — מיאוס און מאוס זענען מיר שוין געוואָרען דיינע שרייבעב־צען, וואָס דו שרייבסט מיר. און אויב אפילו ס'איז מיר שוין בע־שערט, אַז מיין מאַן זאָל זיין אַ שרייבער, פערשטעה איך ניט, וואָס דאַרף מען צוליעב דעם זיצען אין יעהופּעץ? ניטאָ קיין טינט אין כתרילעווקע? נאָר מסתמא מוז דאָך דאָ זיין עפּיס אַ הינטער־פּיסעל, אַ שמד־שטיק, ווי זאָגט די מאַמע: „צעביים דעם עפּעל, וועסט דו געפינען אַ וואָרעם"... לכן, בעלי היקר, נעם צענויף דיינע שרייבעכצען און קום צו פאָהרען אהיים גאָר אָהן אַ שום תירוץ, וואָרום איך קאָן ניט צוזעהן דעם צער פון די קינדער. זיי פרעגען זיך נאָך אַלע מאָל: ווען קומט דער טאַטע? לעג איך זיי אָפּ פון:

פסח אויף סוכות און פון סוכות אויף פסח. ווער שמועסט, משה־הערשעלי, מיר זאָל זיין וואָס פאַר א חכם דאָס איז, קליגער פונ'ם טאַטען, ווי עס ווינשט דיר פיעל גוטס און אימער גליק היינט און אלע מאָל

דיין באמת געטרייע פרוי שיינה־שיינדעל.

וואָס זאָגסט דו אויף מיין ברייגדלען? זי גט זיך שוין מיט'ן צווייטען מאַן. קיינער ווייסט ניט, איבער וואָס. נאָר בסוד האָט ער מיר בעוויזען א האַנד פול מיט בלויע צייכענס. ער איז איהר מוחל, זאָגט ער, דעם נדן מיט איהר ציערונג, אַבי פּטור ווערען פון א שלאַק. ווי זאָגט די מאַמע: „בעסער א לויט מזל איידער א פונט גאָלד"... אונזער גאַנצע משפּחה האָט נישט קיין גליק צו מאַנען...

## V.

מנחם־מענדעל פון יעהופּעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי' עכב"ב.

ר א ש י ת  בין איך דיר מודיע, אַז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פונ'ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת  הנה זיי וויסען, אַז איך האָב שוין אויסגעשריבען צוויי פּלעשלעך טינט, איך האָלט שוין ביי'ם דריטען. אַ קלייניג־קייט — בעשרייבען אַזאַ שטאָדט, ווי יעהופּעץ! אָנהויבען האָב איך אָנגעהויבען פון דער אכסניא, דאָרט וואו איך האַלט סטאַנציע, און האָב זיך גענומען, ראשית חכמה, צו דער בעל־הבית'טע. ווערסט דו דאָך פרעגען: וואָס עפּיס צו דער בעל־הבית'טע? ווייל ס'איז ניטאָ קיין בעל־הבית; זי איז איין אלמנה שוין פון דרייצעהן יאָהר. דער מאַן איהרער איז געווען אַ סאָלדאַט, און זי איז געווען ביי איהם דאָס אַנדערע ווייב. גענומען האָט זי איהם, זאָגט זי, צו־ליעב דעם, זי זאָל מעגען נאָכדעם, אינ'ם זכות פון איהר מאַן, וואָה־נען דאָ אין יעהופּעץ, און האָט געהאַט מיט איהם, זאָגט זי, אַ לע־בען — אַז אָך און וועה אויף אַלע שונאים, וואָרום זי איז געווען סך־הכל יונגער פון איהם מיט גוטע צוואַנציג יאָהר, און זי איז גע־ווען, זאָגט זי, אַ בילד־פּאַרשוין מיידעלווייז; אַלע מאַנסבילען, אי־דען און כריסטען, זענען געווען נאָך איהר די כפּרה... און איצט דאַרף זי אַרויסקוקען, טאָמער וועט זיך מנחם־מענדלען פערגלוס־טען אַ מאָל עסען אַ באָרשט, אָדער אַ שטיקעל פלייש מיט חריין,

און דערפון אויסהאַלטען אַ זוהן אַ גימנאַזיסט און אַ טאָכטער אַ גימנאַזיסטקע, וואָס טהון טהוען זיי גאַרנישט, העלפען איהר ניט פון דאַנען אַהין, און מע קוקט אַרוים, אַז די מאַמע זאָל צוטראָגען דאָס גרייטע גלייך אין מויל, אין דער פריה דאָס גלעזעל קאַווע אין בעט אַריין, און שפּעטער, געקומען פון דער גימנאַזיע, איז נישט געפרעגט, צי ס'איז דאָ פּאַר וואָס, צי ס'איז ניטאָ פּאַר וואָס — דער אָנבייסען מוז שטעהן אויפ'ן טיש, און טאָמער נישט אַזוי גיך — איז הימעל עפען זיך. אַט אַזעלכע קינדער זענען דאָס. אַנומעלטען האָט זיך דאָס מיידעל, די גימנאַזיסטקע, אין דער פריה צעשריגען, למאַי ס'איז ניטאָ קיין זייף, און איז אַריינגעלאָפען האַלב נאַקעט, מיט'ן גאַנצען האַלז אין דרויסען, אין שטוב אַריין צו די אורחים, וואָס זענען געזעסען ביי'ם טיש און געטרונקען טיי, און האָט זיך צעלאָזט אויף דער מוטער מיט אַ גוואַלד: „שטאָ זאַ סווינסטווע!“ האָבען מיר זיך שוין ניט געקאָנט איינהאַלטען און האָבען זי גענומען שטראָפען: סטייטש, אַט דערויף שטודירט מען אין די גימנאַזיעס? „לאַ־די, זאָג איך, וואָס די מאַמע דיינע האָרעוועט אַזוי, פּוצט דיר די שיכלעך בשעת דו שלאָפסט...“ אַזוי רוף איך מיך אָן צו דער טאָכטער און וויל ערשט אָנהויבען זאָגען מוסר, אַז סע פאַלט ניט אָן אויף מיר דאָס בחור'על: „אַ וואָס קאַקאַיאַ דיעלאָ!“... און האָט מיך גענומען באַדען, ווי אַ רעכטער עזות־פּנים! האָט דאָס מיך שוין גוט פערדראָסען און איך האָב אַרומגעשריבען די דאָזיגע אלמנה נעבאַך מיט איהרע שענע קינדער, און איך פער־האָף, אַז ס'וועט זיך אָפּדרוקען, וועט דאָס זיין דער בעסטער מוסר. די וועלט איז געגוג גרוים! ס'איז פאַרהאַן מסתמא נאָך אַזעלכע אָרעמע אלמנות און נאָך אַזעלכע קינדער גימנאַזיסטען און גימנאַזיסטקעס, וואָס טהוען זייערע מוטערס צום טוידט... היינט פערשטעהסט דו שוין, זוגתי היקרה, פּאַר וואָס מע צאָהלט מיר געלד? און מחמת איך בין פערנומען און האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ'ם אַנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לעת־עתה

לאָז גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. גרים די קינדערלעך זאָלען לעבען, און שווער און שוויגער, איטליכען בעזונדער גאָר פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר ש כ ח ת י. וואָס דו פרעגסט זיך נאָך, ווער איז די רעדאַקציע, האָסט דו, אפנים, ניט פערשטאַנען, וואָס דאָס איז. א רעדאַקציע איז ניט איין מענש, נאָר עטליכע מענשען, וואָס האָבען זיך צענויפגעלעגט און געבען־ארוים אלע אינאיינעם א גאַזעט. די גאַזעט צעשיקט מען אין אלע שטעדט און מע לייזט פאַר איהר געלד. נאָר אזוי ווי א גאַזעט דאַרף האָבען שטאָף, בעט אונז די רעדאַקציע, אז מיר זאָלען שרייבען, און צאָהלט אונז דערפאַר געלד. טהוען מיר איהר צוליעב, דאָס הייסט, מיר שרייבען, און זי דרוקט. היינט פערשטעהסט דו שוין, וואָס דאָס איז פאַר א געשעפט?

הנ״ל.

## VI.

שייגה־שיינדעל פון כתרילעווקע צו איהר מאן מנחם־מענדעל אין יעהופעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ע ר ש ט ע נ ס קום איך דיר צו מעלדען, אז מיר זענען אלע גאָט צו דאנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צ ו ו י י ט ע נ ס שרייב איך דיר, אז איך האָב געלייענט דיין בריעף און נישט געגלויבט מיינע אויגען. א בייזער חלום און גענוג. געפונען א נויטיגע זאך צו בעשרייבען! איין אלמנה האָט איהם גאָט בעשערט מיט קינדער, דער רוח ווייסט וואָסערע — און ער לעגט אויף איהר רחמנות און מאכט פון איהר א גאנצען צימעס. ווען איך בין אויף דיין אָרט אין יעהופעץ, וואָלט איך דאָס בחור'על אנדערש בעשריבען, און די מויד מיט די נאקעטע פלייצעס וואָלט איך אוועקגעזעצט אין קיך, אויף דער פליישיגער באנק, לאָז זי שיילען קארטאָפלים, ניט איך זאָל זיי זאָגען מוסר. א מוסר־זאָגער געוואָרען מיין מאן, א בעל־דרש'ער, און מע צאָהלט איהם, זאָגט ער, דערפאר געלד, ווי זאָגט די מאמע זאָל לעבען: „פארהאן אלערליי משוגעים אויף דער וועלט"... מיר דאכט, אז איידער ארייננקוקען אין פרעמדע טעפ און מישען זיך צו יענעמס קינדער, איז גלייכער, עס זאָל דארען דער קאָפּ פאר אייגענע. דו קעהרסט, דאכט זיך, אָן דיינע קינדער א טאטע, צי ניין? זאָלסט הערען, ווי משה־הערשעלי לערענט שוין קמץ־אלף — מעג דיין יעהופעצער אלמנה מיט דער רעדאקציע אינאיינעם זיין פאר איהם די כפרה. ס'זאָל מיר זיין גוט אויפ'ן הארצען, וואָלט איך איהם אראפּגענומען א פּאָטאָ־

גראַפיע מיט די איבעריגע קינדער און וואָלט דיר אַוועקגעשיקט אַהין, זאָלסט האָטש זעהן, וועמען דו האָסט פערביטען אויף אַלמנות מיט רעדאַקציעס, מיט צרות און מיט שלעק. ווי עס ווינשט דיר פיעל געזונד און אימער גליק היינט און אַלע מאָל

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

## VII.

מנחם־מענדעל פון יעהופּעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי' עכב"ב.

ר א ש י ת בין איך דיר מודיע, אַז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פון'ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת הנה זיי וויסען, אַז איך בין שוין מיט דער בעל־הבית'טע פאַרטיג און האָב מיך גענומען צו די אורחים פון דער אכסניא, דאָס הייסט, איך בעשרייב אַלע שלים־מזל'ען, וואָס שטע־הען מיט מיר אויף איין סטאַנציע. איך קאָן מיך בעריהמען, אַז ס'איז מיר, קיין עין־הרע, געראָטען. איין שלים־מזל גרעסער פון'ם אַנ־דערען. נאָר דער גרעסטער פון אַלע איז דער, וואָס מע רופט איהם ביי אונז „דער מוצלח". פון איהם איז דאָ אַזוי פיעל צו שרייב־בען, אַז ס'וועט ניט קלעקען ניט קיין פּאַפּיער, ניט קיין טינט. אַליין איז דער יונגערמאַן פון „שוואַנעץ, איין איידעם איז ער גע־ווען פריהער אַ לאַדיזשינער און נאָכדעם אַ סאַראַקער, בעזעצט האָט ער זיך אין קאַטערינעסלאַוו, און דאָרט איז ער אַרויסגעפּאָהרען מיט'ן ערשטען געשעפט, אַנגעהויבען האַנדלען מיט גאָלד, דאָס הייסט, חברה האָבען איהם פערקויפט עטליבע זעקלעך גאָלד, צו־גענומען דאָס גאַנצע ביסעל מזומנ'ס, און ס'האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז געהאַנדעלט האָט ער זאַמד. איז איהם געוואָרען שלעכט, חאַטש

ווארף זיך אַ לעבעדיגער אין ניעפּער אַריין, האָט ער גענומען דאָס שטעקעל, אַרויס אויף דער בערזע, צענויפגעפיהרט אַ וואַנד מיט אַ וואַנד, געמאַכט עטליכע קערבלעך און מודיע געווען אין די גאַזעטען, אַז ער זוכט אַ געשעפט מיט אַ שותף. ס'האָט לאַנג ניט גערויערט, האָט זיך אָפּגעזוכט אַ שותף מיט איין אייזענגעשעפט, דאָס הייסט, ער האָט געקויפט מיט'ן שותף אַ שטיקעל ערד ביי קריוואָראָג, עפּרות זהב. מע האָט זיי געוואָלט געבען דערפאַר כמה אלפים אָפּ־טרעט־געלד. האָט ער געזאָגט: אָדער אַ האַלבען מיליאָן, אָדער גאָרניט. איז געוואָרען גאָרניט. האָט ער זיך אַ וואָרף געטהאָן צו ערד־קויהלען, דערטאַפּט אַ אינזשינער אַ דייטש, דאָס הייסט, אַ איד וואָס רעדט דייטש, און האָט געדונגען מיט איהם אַ שאַכטע, און דוקא אין גלייכען געלד, און מע האָט זיך אָוועקגעשטעלט צו דער אַרבייט, גראָבען קויהלען. האָט זיך געעפענט אַ קוואַל, מע ווייסט ניט פון וואַנען, אַ מבול. האָט מען אָוועקגעשטעלט צוויי מאַשינעס אויף אויספּאָמפּען דאָס וואַסער. אָט פּאָמפּעט מען, אָט קומט אָן נאָך — אַ מעשה אָהן איין עק. האָט ער אַ שפּיי געטהאָן אויפ'ן דייטש און האָט זיך בעקענט מיט אַ אידען, וואָס קויפט צענויף אייער, אָנגעשלאָגענע, ניט קיין פרישע, און מאַכט פון די נעלעכ־לעך עפּים אַ מין זאַך, איך האָב פערגעסען ווי אַזוי מע רופט דאָס. דאַרף זיך טרעפען, אויף זיין גליק פּלאַצט אַ מאַשינע, און דער איד מאַכט פּליטה און לאָזט איהם איבער איינעם אַליין מיט די צע־שפּאָלטענע אייער. האָבען זיי בעקומען אַזאַ ריח, אַז מע האָט איהם געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל. האָט ער געמוזט איינמאָל ביי־נאַכט אַרויס־שפּרינגען דורך אַ פענסטער און מאַכען אַ ויברח — און לאָז זיך קאַטערינעסלאַוו האַלטען מיט די אייער. אַביסעל געלד האָט ער געהאַט, איז ער אָוועק פון דאָרטען קיין קרעמענטשוק און האָט גע־עפענט מיט איינעם בשותפות אַ פאַבריקע פון גילזעס. בעדאַרף ער אָנטרעפען אויף אַ שותף, וואָס איז אַ גרויסער ליעבהאָבער פון שאַך, און אַזוי ווי ער אַליין איז אויך אַ ליעבהאָבער פון שאַך, ער קאָן אָוועקזיצען, זאָגט ער, אַ טאָג מיט אַ נאַכט, ניט עסען, ניט

טרינקען, ניט שלאָפען, אבי שפּיעלען אין שאָך, האָבען זיי ביידע אזוי לאַנג געשפּיעלט אין שאָך, ביז זיי זענען געבליבען ביי די לעצ־דיגע קעסטלעך אָהן גילזעס. וואו זענען אהינגעקומען די גילזעס — ווייסט מען ניט. דערווייל האָט ער דערהערט, אז איינער איין אפּ־טייקער אין א קליין שטעדטעל ניט ווייט פון קרעמענטשוק פער־קויפט־אויס א גאַנצע קראָם מיט פערשיעדענע סחורות בזיל הזול, טאָקי א כשר'ע מציאה. איז ער אוועק און האָט אָפּגעהאַנדעלט בחצי־חנם דאָס גאַנצע ראַמשעל און האָט זיך גענומען פּאַקעווען די סחורה, און ס'איז איהם געשטאַנען דערביי פערדריעגע א מטמון מיט געלד. דאַרף זיך טרעפען איין אומגליק, אז צווישען די סחורה זאָל זיך געפינען א קעסטעל פּולווער. האָט זיך מיישב געווען דאָס קעסטעל פּולווער, פאַהרענדיג אין וואַגאָן, און טהוט א שאָס און צעשיסט דעם וואַגאָן און שיסט אָפּ א פוס דעם קאָנדוקטאָר — ער איז קוים אַרויס מיט'ן לעבען. וואָס זאָגסט דו אויף דעם „מוצלח"? ער זאָגט אַליין אויף זיך, אז ער טהוט א קוק אריין אין טייך אריין — פּגר'ען אויס אַלע פיש. ווי דו קוקסט איהם אָן, איז ער צו די צרות נאָך א ווערטעל־זאָגער אויך. אַליין איז דאָס א קליינטשיקס און א ריהרעוודיגס, מיט ברענענדיגע אויגעלעך. דאָס קאָפּעלישעל איז ביי איהם פעררוקט אהינטער, די הענד אין די קעשענים, און דער מוח ארבייט — קאָנבינאַציעס, אָהן א שיעור קאָנ־בינאַציעס! ער זאָגט, אז ער מוז „נעפּרעמעננאָ" זיין א מיליאָנער, אניט — הויבט ער זיך אויף און פאָהרט אוועק קיין אמעריקע. דאַרט האָט ער שוין גאָר קיין דאגה ניט. מיך רעדט ער צו, איך זאָל מיט איהם אויך פאָהרען קיין אמעריקע. ער זאָגט, אז אזעלכע מענשען ווי מיר ווערען אין ערגיץ ניט פערפאַלען. נאָר משוגע וועל איך ווערען — אוועקוואַרפען אזא בכבוד'ע פרנסה, ווי דאָס שרייבעריי, און פאָהרען זוכען גליקען! און מחמת איך בין זעהר פערנומען און האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ'ם אנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לעת־עתה זאָל גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. גריס די

קינדערלעך, און שווער און שוויעגער, און איטליכען בעזונדער נאָך פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם - מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר ש כ ח ת י. איך פערשטעה ניט, פאַר וואָס איך האָב ניט קיין שום ענטפער פון דער רעדאַקציע אויף מיינע ערשטע אַר־ בייט, וואָס איך האָב איהר אָוועקגעשיקט. נישט קיין ענטפער, נישט קיין געלד. איך האָב איהר שוין געשריבען דריי בריעף. איך רעכען, אם־ירצה־השם, היינט — מאָרגען האָבען פון איהר תשובה.

הנ״ל.

## VIII.

**שיינה־שיינדעל פון כתרילעווקע צו איהר מאן מנחם־מענדעל אין יעהופעץ.**

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ע ר ש ט ע נ ס קום איך דיר צו מעלדען, אז מיר זענען אלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צ ו ו י י ט ע נ ס שרייב איך דיר, בעלי היקר, אז ווי דו וועסט נאָר בעקומען דאָס דאָזיגע בריוועל, זאָלסט דו, למען־השם, קומען צו פאָהרען אהיים, ווארום מיין טאַטע נעבאַך איז מסוכן קראַנק. ס'איז שוין געווען א קאָנסיליום פון דאָקטוירים, האָבען זיי געפור־נען, אז ער האָט, אז אָך און וועה, וואסער אין בויך. די וועהטיגען, וואָס ער טראָגט איבער, איז נישט צו צוזעהן. קאָנסט פערשטעהן, אז די מאַמע זאָל לעבען איז גאָר נישט צו דערקענען! מע קאָן זאָגען, אז זי איז זיך מפקיר צוליעב איהם. זי זאָגט: „מיט א שכן אז מע איז אָפּ דרייסיג יאָהר אין איין שטוב איז אויך א רחמנות"... און דו זיצסט דאָרטען אין דעם שענעם יעהופעץ און בע־שרייבסט שלים־מזל'ען, די כפרה זאָלען זיי זיין פאר מיין טאַטענ'ס יאַרמעלקע, ווי עס ווינשט דיר פיעל געזונד און אימער גליק היינט און אלע מאָל

דיין באמת געטרייע פרוי ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.

גערענק זשע, למען־השם, באַלד ארויספאָהרען און קלאַפּען א דעפּעש.

## IX.

מנחם־מענדעל פון יעהופּעץ צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי׳ עכב״ב.

ר א ש י ת  בין איך דיר מודיע, אַז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד האָרכען איינס פון׳ם אַנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת  הנה זיי וויסען, אַז דיין בריעף איז געוועזן פאַר מיר ווי אַ פּיסטויל אין הארצען. איך זאָל האָבען פליגלען, וואָלט איך, ווי איין אָדלער, געפלויגען צו אייך קיין כתרילעווקע, האָב איך אָבער ניט מיט וואָס צו ריהרען זיך. דער בעל־הבית׳טע פון דער אכסניא בין איך שולדיג, אַז די האָר זענען ניט מיינע. אַ חוץ וואָס איך האָב איהר אָפּגעגעסען דעם קאָפּ, האָב איך ביי איהר נאָך אַלע מאָל איבערגעהאַפּט אויף פּאַפּיער און אויף טינט. איך האָב אַלץ געמיינט — אָט־אָט. אַזוי פיעל פּאַפּיער און טינט אויסגענוצט, אַזוי פיעל שענע זאַכען אויסגעטראַכט, אָפּגעשריבען זיך אַלע פינגער — און די רעדאַקציע זאָל עס מיר אפילו ענטפע־רען! זי האָט אָנגענומען אַ פול מויל מיט וואַסער און שווייגט. זעהר ניט שען פון איהר זייט! ממה־נפשך: געפעלט אייך ניט מיין שרייבען, דאַרפט איהר מיר שרייבען, וועל איך אויפהערען שרייבען. יענעמ׳ס טרחה איז ביי זיי, אַפּנים, בלאָטע. ס׳זאָל זיין

איין אנדערער אויף מיין אַרט, וואָלט ער זיי אויסגעזידעלט אויף אַלע זייטען. אָדער איך זאָל האָבען געלד, וואָלט איך זיי געקלאַפּט אַ דעפּעש: טוידט אָדער רויט!... איך בין גאָר ניט אימשטאַנד דיר איבערגעבען דאָס עגמת־נפש מיט דעם הארצוועהטיג, מיט דעם אַראַפּפּאַלען, וואָס מע איז ביי זיך; עס לעגט זיך גאָר ניט די פּען אויף צו שרייבען מעהר. וואָס דאַרפסט דו אַ סך? איך האָב געבעטען, מע זאָל מיר חאָטש שיקען די גאַזעט אומזיסט, ענטפערט מען מיר אויך נישט. איך זאָל אין דער צייט געווען האַקען האָלץ, וואָלט איך, דאַכט זיך, אויך מעהר פערדיענט. איך ווייס ניט, ווי אַזוי מיט אנדערע שרייבערס — מיט מיר האָבען זיי זיך בעגאַנגען ערגער, ווי מיט'ן לעצטען שבלעצטען. צו די בערג טהו איך מיינע אויגען: מ א י ן י ב ו א ע ז ר י — אפשר וועט דער אויבערשטער העלפען, וואָרום ס'איז באו מים עד נפש, ערגער קאָן שוין גאָר ניט זיין!... און מחמת איך בין זעהר דערשלאָגען, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינ'ם אנדערען בריעף וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לעת־עתה זאָל גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה און זאָל צושיקען דעם שווער אַ רפואה שלמה. גאָט זאָל העלפען, מע זאָל זיך זעהן געזונד אַלע מיט די קינדערלעך, נאָך וועלכע איך בענג זעהר שטאַרק, ממש ער געהט מיר אוים דאָס חיות.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר ש כ ח ת י. דער בריעף ליגט שוין ביי מיר דעם אנדערען טאָג, מחמת איך האָב ניט אויף קיין מאַרקע. איך האָב איבערגעטראַכט די גאַנצע צייט, צו וואָס נעמט מען זיך, וואָס טהוט מען און וואָס הויבט מען אָן צו טהון? דאַכט זיך מיר, ס'איז שוין גאָר נישטאָ אַזאַ פּרנסה אויף דער וועלט, וואָס איך זאָל מיך אויף איהר ניט ווארפען. איין זאַך נאָר האָב איך דורכגעלאָזט: שדכנות. עס שטעהט ביי אונז אויף דער אַכסניא אַ איד אַ שדכן, און ווער־ליג ער דערצעהלט, איז ער מאסף ממון. און אַ פּרנסה איז דאָס

אפשר ניט אזא בכבוד'ע, ווי שרייבעריי, אָבער שענער פון מעק-
לעריי איז דאָס געוויס. דער עיקר, אבי דער אויבערשטער גיט אַ
שטיקעלע הצלחה.

ה נ " ל.

## X.

**שיינה־שיינדעל פון כתריעלעווקע צו איהר מאַן מנחם־מענדעל אין יעהופּעץ.**

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י.

ע ר ש ט ע נ ס קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטען געזונד. געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער.

צ ו ו י י ט ע נ ס שרייב איך דיר, אַז איך האָב דיר ניט וואָס צו שרייבען. איך האָב געוויזען דיין בריעף דער מאַמען, זאָגט זי, אַז איך בין אַליין שולדיג. „ווי אַזוי מע בעט זיך, זאָגט זי, אַזוי ליגט מען... זאָלסט געווען, זאָגט זי, מיך לאָזען זיך מיט איהם אי־בערשרייבען, מיט'ן שענעם „געניידעם", וואָלט איך איהם שוין לאַנג, זאָגט זי, אַראָפּגעבראַכט. איך וואָלט זיך ניט געפּוילט, זאָגט זי, און וואָלט אַליין זיך דורכגעפאָהרען נאָך איהם. אויף דיין גליק, זאָגט זי, דאַרף דער טאַטע ליגען אויפ'ן טוידטען־בעט און מיר ביידע דאַרפען זיך קוים האַלטען אויף די פיס". דאָס געלד, וואָס איך שיק דיר דאָ, איז מיין מאַמע'ס — און וויים איהר גוטסקייט. איך בעט גאָט, אַז מעהר זאָל איך פון דיר שוין קיין בריוולעך ניט האָבען, און ווי־נאָר דו וועסט אַרויספאָהרען פון יעהופּעץ, אַזוי זאָל זיך עפענען די ערד און איינגעזונקען זאָל ווערען די דאָזיגע שטאָדט, אַזוי ווי סדום, מיט אַלע איהרע גאָלדענע געשעפטען, גליקען, מעק־לערס, שדכנים, אכסניות, בעלי־בית'טעס, רעדאַקציעס, ווי עס ווינשט דיר פיעל געזונד און אימער גליק היינט און אַלע מאָל

דיין באמת געטרייע פרוי **ש י י נ ה ־ ש י י נ ד ע ל.**

סוף פונ'ם פיערטען בוך.

# עס פיעדעלט נישט

## (מנחם־מענדעל — א שדכן).

מנחם־מענדעל פון וועג צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתרילעווקע.

**לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה־שיינדעל שתחי' עכב"ב.**

ר א ש י ת בין איך דיר מודיע, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד הערכען איינס פונ'ם אנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

ו ה ש נ י ת הנה זיי וויסען, אז עס פיעדעלט נישט, עס געהט נישט, האָטש צעריים זיך. תיכף ומיד ווי איך האָב מקבל געוועזן פון דיר די צוגעשיקטע עטליכע קערבלעך, האָב איך זיך קודם צע־צאָהלט אויף דער סטאַנציע און האָב מיך באלד אָנגעהויבען פאַ־קעווען אין וועג אריין. וואָס דארפסט דו מעהר? איך בין שוין אפילו געזעסען אין וואַגאָן, גענומען א בילעט ביז חוואסטעוו, און פון חוואסטעוו האָב איך גערעכענט פאָהרען גלייך אהיים, קיין כתרילעווקע הייסט עס. האָבען מיר דאָך אָבער א שטאַרקען גאָט, וועסט דו הערען, וואָס ער טהוט אָפּ. אנומעלטען האָב איך דיר געהאַט געשריבען, אז אויף דער אכסניא, דאָרט וואו איך האָב געהאלטען סטאַנציע, האָט זיך געפונען א איד א שדכן, לייבע לע־בעלסקי הייסט ער, וואָס בעריהמט זיך, אז ער טראָגט ארום ביי זיך אין בוזעם די גאַנצע וועלט און פערדיענט שטיקער גאָלד. דער־וויי'ל האָט ער בעדאַרפט אָפּפאָהרען אויף א פּאָר טעג מכח א גרויי־

סען שידוך; ער האָט בעקומען, זאָגט ער, א „סטראַטשנע דעפּעש", ער זאָל ניט מעדליוועון, האָט ער איבערגעלאָזט דאָס גאַנצע פּעקעל זיינס ביי דער בעל־הבית'טע, געבעטען, זי זאָל עס בעהאַלטען ביז ער וועט קומען צוריק פון'ם שידוך, וועט ער זיך שוין צערעכענען. און אזוי ווי דו זעהסט איהם, אזוי האָבען מיר איהם געזעהן. פאַר'ן אוועקפאָהר מאכט צו מיר די בעל־הבית'טע: „איהר פאָהרט דאָך אויף יענער ליניע, נאָט אייך דעם שדכן'ס פּעקעל, טאָמער וועט איהר זיך בעגעגענען ערגיץ מיט'ן שלים־מזל, מיט דעם לע־בעלסקי'ן, וועט איהר איהם אָפּגעבען זיינע שפּאַרגאַלען". זאָג איך: „וואָס דאַרף איך פרעמדע פּעקלעך?" זאָגט זי: „האָט קיין מורא ניט; ס'איז ניט קיין געלד, ס'איז פּאַפּיערען, שמות". כך הוה. שוין זיצענדיג אין וואַגאָן, בינד איך אויף דאָס פּעקעל אויף א טשיקאַוועסט און טהו א קוק אריין — א גאַנצער אוצר: בריעף פון שדכנים, רשימות פון מחותנים, און גלאַט כתבים. צווישען די כתבים — א לאַנג צעטעל אויף לשון־קודש פון חתנים און כלות, אויסגערעכענט נאָכ'ן אלף־בית; איך געב דאָס דיר איבער אות באות:

א ו ו ר י ץ — חוה בת הגביר רב לוי טאַנקינאָג... גרויסיר מיוחס... אשתו מרים גיטיל... גם כן מיוחסת... הויכי וואוקס... קראַסאַוויצה... ד' אלפים... רוצה גיקאַנציטין....

ב א ל ט י — פייטעל בן הגביר יוסף היטילמאַכיר... משכיל... ציניסט... גיקאָנציט בוכהאַלטירי... מפּריזעוו אסלאַבאָדעט... דאַווינט אַלע טאָג... וויל מעות...

ג ל ו כ י ו ו — יעפים באָלאָסני... אפּטייקיר גלוח... האָט ליב יודין... מלוה ברבית... רוצה ברענעטקה...

ד ו ב נ א — לאה בת הגביר רב מאיר קאָרזיק... משפּחה... קורצי וואוקס... רויטי האָר... מדברת פראַנצויז... יכול ליתן מעות...

ה י י ס י ן — ליפּע בראש... שוואָגיר של איצי קוימין... בעל יועץ בסאַכירני זאַוואָד של רב זלמן ראַדימישליר... בן יחיד... והנער יפת תואר... ממזר אויגין... רוצה שמאַלץ־גרוב...

וויגעצע — חיים העכט... בחור מנגן על הבערזע... פארט בפאיטאנדיל... גרויסיר פארדיניר... שוה 10 אלפים...

זיטאמער — הנגיד שלמה זלמן טאראטייקי... ב׳ בתולות... קראסאוויצות פרימע... הקטנה מעט גישטופילט... פיאנע דייץ פראנצויז... רוצה גישטודירטע... דעפלאם לאו דוקא...

חמעלניק — הנגידה בתי׳ פלעקיל... אלמנה וואבירניצה... חכמה נפלאה... רוצה למדן... מעג זיין בלא מעות...

טאלני — הרבני רב אברעמעלי פיינציק... אלמן... חסיד בעל תנ״ך... זוכט אלמנה עם גישעפט...

יאמפעלי — משה ניסיל קימבאק... נגיד חדש... אשתו מרת ביילה לאה... ווילין א שידוך כלות הנפש... וויפיל דער צד שכנגדו גיט מתחייב צו גיבין ב׳ פעמים... רח״ש לשדכנים תיכף ומיד בשעת טעליר ברעכין... מתנה להשדכן עקסטרי מצד המחותנתטי...

כתרילעווקע — רב נתן קורח... גביר ממון קורח... דבר אחר גדול... בן משכיל יוסף יצחק... קעניר חריף... טערגעניוו ודארוועג... שטיליר ווארים... מבקש אנארימי יתומהלי... קראסא־וויצה שבקראסאוויצה... ניט חולה לשלוח על הוצאות... נ׳ ו ׳ ת ן בצימביל הולך בטענציל...

ליפאוויץ — בן הגביר לייבוש קאפאטי... פארברענטיר חסיד... נותן אקזאמין על 8 קלאסין... יושב באדעס... שפילט על הפידל ויכול לשון קודש... קראסאוויץ...

מעזביש — רב שמשון שעפסיל שימעליש... אלמן... האט ב׳ בתולות עם ג׳ אלפים... רק מוז קודם אליין חתונה האבין... וויל גם כן בתולה...

נעמערעוו — סמיציק... בערנארט מאסעיוויץ... פון די אמתי סמיציקעס... גרוש סאמעסטאיאטעלני... שפיליר מתמיד בפריוויראנץ... תקיף אצל נאצאלסטווי... מן היושר בתולה עם ה׳ אלפים אדיר גרושה עם 10 אלפים...

סמילע — פערילי דאַמה... גרושה עם 10 אלפים... דאַרף א משכיל קאָמעסניר...

ענאַטעוועקע — הבעל הבית רב מענדי לאַפּיטע... זקן אריביר שבעים... רק האַלטצעך קרעפּקי... מקבר גיוועזן ג׳ נשים... וויל בתולה...

פּרילוק — הנומענאַזיסט פּרייטיג... בן הגביר מיכל פּריי־טיג... טראָגט היטיל בבית... שרייבט ניט בשבת... וויל כ׳ אלפים לא פּחות פּרוטה... כנגד חצי...

צאַריצען — רשימה מן גביר אלמן פּישיר... יושב באַסטרעכאַן... צוגעזאָגט ב׳ וויגרעזני בילעטין פּערווע זאַיאָם... חוץ רח״ש... צריך לכתוב עוד א׳ בריוועל... בקשתי לשלוח כ״ה רו״כ אויף הוצאות... לכה״פ מאַרקעס...

קרימענצוק — משכיל וציניסט סכנת נפשות... מאת קאָמיסים... חכם... חריף בשאָך... ש״ס בעל פּה... קעניר ובעל דברן... וויִרטלזאָגיר אש להבה... כתבא רבא... שמעתי אז ער האָט שיִין חתונה גיהאַט...

ראַדימישל — אייניקיל של רב נפתלי ראַדימישליר... שייך לסאַדיגערי... סאַבירני זאַוואָד... גילדיני פּאָן... חצי חסיד חצי דייטש... קורצי פּאה ולאַנגליכי קאַפּאָטי... קעניר בשפּראַך וקלאָר יורה דעה... יש לו פּעטיר מיליאָנציק וזאַצאָטני קוויטאַנצי... זוכט קראַסאַוויצה משפּחה יחוס ר׳ אלפים פּאַרטיפּיאַן אָרנטלעך פּראַנ־צויז פּאַריק טאַנצן לעכטבענצן באַרעשני בלא קאַוואַלירן...

שפּאָלי — הגביר המפורסם אליה מצערנאָביל... יושב ביהופּיץ... מעקליר של צוקיר ואימעניות... בשותפות עם הגביר המפורסם באַבישקע... בת יחידה... פּאַרלאַנגט טעלירל מן השמים... קעניר יותר מדאָקטער... באַוואָרנט מפּריזעוו... שיין כמו יוסף הצדיק... וקלוג כמו שלמה המלך... זינגין ושפּילן על כל הכלים... משפּחה בלא פּלעק... מעות אָהן א שיעור... עם כל המעלות... כמעט בראָצקע... דפּקתי דעפּעש לראַדימישל...

תּאַמאַשפּאָל — ה׳ בתולות... ג׳ קראַסאַוויצות וב׳ פּאַס־קודניצות... און אַלימען אָדיר אַ דאָקטער עם גאַבינעט ומעביל אָדיר אַנאַדוויקאַט עם פּראַקטיקי ביהופיץ... כתבתי כמה בריוולאַך...

---

זיץ איך מיר אַזוי אין וואַגאָן, מיט׳ן שדכן׳ס פּעקעל הייסט עס, און לייען נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל דאָס דאָזיגע לשון־קודש׳דיגע צעטעל פון חתנים און כלות, און טראַכט מיר: רבונו של עולם! וויפיעל פּרנסות דער אויבערשטער האָט בעשאַפען אויף דער וועלט פון זיינע אידען׳ס וועגען! אָט, אַשטייגער, דאָס שדכנות. וואָס קאָן זיין, דאַכט מיר, פיינער און לייטישער, בע־סער און גרינגער דערפון? וואָס איז דאָ פאַרהאַן וואָס צו טהון? מע בעדאַרף נאָר האָבען אַ קלעפּקע אין קאָפּ און קאָנ׳ען אויסמאַר־קירען מיט׳ן שכל, ווער צו וועמען סע פּאַסט. למשל: אַווריטש האָט אַ מיידעל אַ קראַסאַוויצע מיט פיער טויזענד, וואָס וויל אַ געקאָנטשעטען, האָט באַלטע אַ ציוניסט אַ משכיל, וואָס האָט גע־קאָנטשעט בוכהאַלטעריע און וויל געלד — איז דאָך דאָס אָנגע־מאָסטען! אָדער לאָמיר נעמען טאַלנע: זיצט אַ איד איין אַלמן, וואָס זוכט איין אַלמנה מיט אַ געשעפט — פאַר וואָס זאָל ער זיך ניט מטריח זיין קיין חמעלניק, צו דער אַלמנה בתיה פלעקעל, וואָס זוכט איין אַלמן אָהן געלד, אבי אַ למדן? הערסט דו, זוגתי היקרה, מע דאַרף נאָר קאָנען מאַכען קאָנבינאַציעס. ווען איך זאָל געווען געבוירען ווערען אַ שדכן, וואָלט איך אַוועקגעשטעלט דאָס געשעפט גאָר אַנדערש. איך וואָלט זיך אויפגעשריבען מיט אַלע שדכנים פון דער גאַנצער וועלט, צענויפגענומען אַלע זייערע רשימות און וואָלט זיך אַוועקגעזעצט צענויפּאָרען, פריהער אויף פּאַפּיער, געוויינט־ליך, דעם חתן מיט דער כלה, די כלה מיט דעם חתן, און אין יעדער שטאָדט וואָלט איך מיר געהאַט אַ שותף. וויפיעל שטעדט, אַזוי פיעל שותפים. ממה־נפשך, וויפיעל ס׳וועט זיין, וועט מען זיך טיילען, חצי שלי וחצי שלך. עס וואָלט זיך אפשר געלוינט

עפענען אַ קאָנטאָר אין יעהופעץ, אָדער אין אָדעס, האַלטען מענ־שען, זיי זאָלען זיצען שטענדיג און שרייבען בריוולעך און קלאַפּען דעפּעשען — און איך אַליין טהו גאָר ניט, נאָר איך זיץ מיר און פּאָר און מאַך קאָנבינאַציעס!

אָט אַזעלכע מחשבות, פאַנטאַזיעס, קאָנבינאַציעס פליהען ביי מיר אין קאָפּ. טראָגט־אָן דער גוטער יאָהר צו מיר אין וואַגאָן אריין אַ נפש, אַ בעוואַכסענעם מיט האָר פון אויבען ביז אראָפּ, שלעפּט מיט זיך אַ זאַק און סאַפּעט ווי אַ גאַנז און רופט זיך אָן צו מיר מיט אַ מאָדנע בנעימות'דיג לשון, גאָר ניט ווי געוויינטליך: „יונגערמאַן, זאָגט ער, אפשר וואָלט געווען אַ סברא, איהר זאָלט זיך מיט אייער עלטער מטריח זיין, זאָגט ער, אַ רוק טהון זיך בשעת הדחק אַ ביסעלע אראָפּ, בכדי, זאָגט ער, אַז אַזאַ איד, ווי איך, למשל, זאָל האָבען די זכיה בעזעצען זיך אויף אַ רגע מיט אייך בהרחבה אין שכנות?" — „פאר וואָס ניט? אָך, מיט'ן גרעסטען כבוד!" — אַזוי זאָג איך צו איהם און נעם און מאַך איהם איין אָרט און טהו איהם אַ פרעג גלאַט אַזוי, פון יוצא וועגען: „פון וואַנעט איז אַ איד?" — „מאין באתי, הייסט עס? פון קאָרעץ. — ענטפערט ער מיר. — מיין נאָמען איז אָשר, און רופען רופט מען מיך רב אשר שדכן. איך בין שוין פּאַוואָלינקע, זאָגט ער, ווי איהר קוקט מיך אָן, מיט'ן אויבערשטענס הילף, כמעט פערציג יאָהר אַ שדכן". — „אַזוי? — זאָג איך. — זענט איהר, הייסט עס, אויך אַ שדכן?" — „על כן, דאַרפען מיר, זאָגט ער, לערנען דעם פּשט, אַז איהר זענט מסתמא אוודאי אַ שדכן, הייסט דאָס — אָחינו אתה, קומט דאָך אייך, זאָגט ער, על־פּי־דין שלום־עליכם!" — אַזוי מאַכט צו מיר דער דאָזיגער שדכן און רוקט מיר אריין אַ מגושמ'דיגע ווייכע האָריגע האַנד און טהוט מיך אַ פרעג, אפנים, אויך פון יוצא וועגען: „מה שמכם?" — זאָג איך: „מנחם־מענדעל"... „אַ קענטליכער נאָמען, מאַכט ער צו מיר, ערגיץ האָב איך געהערט, נאָר איך וויים ניט וואו. הערט זשע, זאָגט ער, אויס, רב מנחם־מענדעל, וואָס איך וועל אייך זאָגען. וויבאַלד,

זאָגט ער, אַז דער צער פון טראָגען איז יאָ אַזוי גרויס, דאָס הייסט, אַז דער אויבערשטער, זאָגט ער, האָט אַזוי געפיהרט מיט זיין השגחה עליונה, אַז מיר, צוויי שדכנים, זאָגט ער, זאָלען זיך מזדמן זיין לפונדק אחד, וואָלט אפשר, זאָגט ער, געווען אַ סברא, אַז מיר זאָלען טאַקי אָט־אָ־דאָ־אָ, פאָהרענדיג מיט אייך אין איין וואָגאָן, עפּים מתקן זיין?"... „דהיינו, זאָג איך, וואָס זאָלען מיר מתקן זיין?"... „אפשר האָט איהר, זאָגט ער, אַ בעלן אויף גוטען וויין אין אַ שלעכטער כלי?"... „דהיינו, זאָג איך, וואָס ווערד ביי אייך אָנגערופען גוטער וויין אין אַ שלעכטער כלי?"... „לאָזט אייך דיענען, זאָגט ער, תיכף ומיד וועל איך אייך מסביר זיין, וועט אייך דער פסוק ווערען רעכט ארום און ארום. נאָר וואָס דען? איהר דאַרפט צולעגען קאָפּ. איך האָב, זאָגט ער, אין יארמעלינעץ אַ שטיקעל סחורה מן המובחר, אָבער טאַקי פון די אַנטיקען, רב איציקעל טאַשראַץ הייסט ער. מילא יחוס — איז אָפּגערעדט. מע קאָן זאָגען, זאָגט ער, איינגעטונקען אין יחוס. וואָרום אַ חוץ וואָס ער איז אַליין, זאָגט ער, אַ גרויסער מיוחס, איז זי נאָך אַ גרעסערע מיוחסת פון איהם. דער חסרון, זאָגט ער, איז אָבער, וואָס ער הייסט זיך פאַר זיין יחוס משלם זיין מיט מעות מזומנים. וויפעל ער גיט, וויל ער, אַז דער צד שכנגדו זאָל געבען צוויי מאָל אַזוי פיעל"... „שאַט, זאָג איך, מיר דאַכט, אַז ס'איז פאַרהאַן פונקט דער אַרטיקעל, וואָס איהר דאַרפט". און איך טהוּ מיך אַ נעם צו מיין פּעקעל, שלעפּ ארויס דעם ספר הזכרונות פון מיין שדכן לייבע לעבעלסקי און מיש אויף יאַמפּעלי און טהו איהם אַ וויֵיז: „אָט איז ער, זאָג איך, אָט דער, וואָס איהר זוכט איהם. לייענט, וועט איהר זעהן: מ ש ה נ י ס ע ל ק י מ ב א ק, נ ג י ד ח ד ש — איין אויפגעקומענער נגיד הייסט עס; וו י ל אַ ש י ד ו ך כ ל ו ת ה נ פ ש — דאָס הייסט, ער געהט־אויס! און וו י פ י ע ל ד ע ר צ ד ש כ נ ג ד ו ג י ט, א י ז ע ר ז י ך מ ת ח י י ב ג ע ב ע ן ב' פ ע מ י ם — צוויי מאָל אַזוי פיעל הייסט עס. פונקט דאָס, וואָס איהר דאַרפט!"...

דערהערט אַזעלכע דבורים און דערזעהן ביי מיר, אַז אַט דער משה־ניסעל קימבאַק זאָגט נאָך צו רח"ש לשדכנים תיכף ומיד בשעת טעלער־ברעכען, און אַ חוץ אַ מתנה עקסטרע פון דער מחותנת'טע, — טהוט זיך מיין רב אָשר אַ הויב־אויף פונ'ם אָרט, נעמט מיך אָן ביי דער האַנד און מאַכט צו מיר: „מזל־טוב, רב מנחם־מענדעל, מיר האָבען געמאַכט אַ געשעפט. איך האָב געזעהן, זאָגט ער, ביי אייך אין קוישעל, אויב איך בין מיך נישט טועה, אייער־קיכלעך, טיי און צוקער ושאר ירקות, וואָלט אפשר ניט געשאַדט, זאָגט ער, מיר זאָלען דערוויילע מאַכען מזונות, און אם־ירצה־השם, אַז מיר וועלען קומען בשלום קיין חוואַסטעוו, וועט איהר זיך מטריח זיין מחילה נאָך היים וואַסער, איך האָב געזעהן, זאָגט ער, ביי אייך אַ טשייניק, וועלען מיר טרינקען צו גלעזלעך וואַרעמס. און מסתמא, זאָגט ער, וועלען מיר קריגען אויף דער סטאַנציע אַ ביסעל יי"ש אויך, זיעבען און פופציג גראַדאָווער, וועלען מיר שוין אין איינוועגס, זאָגט ער, טרינקען לחיים פאַר מיין יאַרמעלינעצער מיוחס מיט אייער יאַמפּעלער אויפגעקומענעם נגיד, וואָס חלש'ט אַ שידוך, און לאָז זיין, זאָגט ער, אין אַ גוטער שעה, אין אַ מזל־דיגער". „אָמן, זאָג איך, פון אייער מויל אין גאָט'ס אויהערען. נישט אַזוי גיך אָבער טהוט זיך עס, זאָג איך, ווי סע רעדט זיך"... שלאָגט ער מיר איבער די רעד, דער שדכן הייסט עס: „לאָזט אייך דיענען, רב מנחם־מענדעל, זאָגט ער, איהר ווייסט ניט מיט וועמען איהר האַנדעלט. איהר האָט צו טהון נישט מיט קיין יונגעלע. איהר רעדט, זאָגט ער, מיט אַ וועלט־שדכן, וואָס מע רופט איהם רב אָשר און וואָס האָט ניט אַזוי פיעל האָר אין קאָפּ, וויפיעל שידוכים ער האָט שוין בעזרת השם יתברך אויסגעפיהרט. לאָמיר ביידע, זאָגט ער, פערמאָגען די מאות, וויפיעל פּאָר־פּאָלק עס האָבען זיך שוין ביי מיר אָפּגע'גט און נאָך אַ מאָל חתונה געהאַט און וויעדער גע'גט זיך... איך, זאָגט ער, אַז איך טהו אַ קוק אַ רשימה, טאַפּ איך באַלד אָן, צי ס'וועט הולכ'ען, צי ניין. אייער משה־ניסעל, זאָגט ער, געפעלט מיר, דאַרף זיין מיט אַ סרחה, וואָרום לאָמיר

קאָרשט פערשטעהן, זאָגט ער, וואָס איז ער אַזוי להוט נאָך אַ שידוך און וואָס ברענט אַזוי די מחותנת'טע און זאָגט אַזש צו מתנות להשדכן? די משמעות, זאָגט ער, אַז דאָרט ליגט אַ וואָרעם. אַ ווערעמדיגער עפּעל הייסט עס"... — „וואָס זשע, זאָג איך, איז די עצה?" — „די עצה, זאָגט ער, איז דאָ אַ פּשוט'ע עצה: מירביידע דאַרפען טאַקי באַלד צעשיידען זיך, זאָגט ער, אין צוויי בעזונדערע דרכים. איך, זאָגט ער, קיין יאַרמעלינעץ, צו מיין מיוחס רב איציקעל טאַשראַץ, און איהר קיין יאַמפּעלי, צו אייער משה-ניסעל קימבאַק. נאָר וואָס דען? מיר ביידע, זאָגט ער, דאַרפען אַרבייטען אויף אַלע כלים. איהר מצדכם וועט זיך דאַרפען משתדל זיין, אַז אָט דער ווערעמדיגער עפּעל זאָל נתנ'ען וואָס מעהר. און איך מצדי, זאָגט ער, וועל מן הסתם צוהאָרעווען, אַז מיין טאַשראַץ זאָל טאַקי געבען כנגד די גאַנצע העלפט. ווי ער האָט מיר מבטיח געוועזן, וואָרום אַ קשיא, זאָגט ער, אויף אַ אידען, וואָס האַנדעלט מיט יחוס?"

ווי דו זעהסט, זוגתי היקרה, האָט זיך עס אָנגעהויבען כלומרשט מיט אַ שפּאַס, אויף קאַטאָוועס הייסט עס, און אויסלאָזען האָט זיך עס אויסגעלאָזט טאַקי אויף דער רעכטער אמת, וואָרום ביז וואָס-ווען — זענען מיר געקומען קיין חוואַסטעוו. געקומען קיין חוואַס-טעוו, האָבען מיר קודם געטרונקען טיי, פּיינטשיק פערביסען און גענומען שמועסען עסק גאַנץ ערנסט. איז מיר אפילו תחילת געווען פריקרע די גאַנצע מעשה: וואָס פאַר אַ שדכן בין איך? און וואָס פאַר אַ מחותן בין איך מיט פרעמדע רשימות? וואָרום אַז מע וויל, הייסט דאָך דאָס גזילה! עלעהיי יענער האָט פערלאָרען אַ טייסטער מיט געלד, און איך האָב איהם אויפגעהויבען. נאָר אַז מע וויל דאָס אייגענע צוריק — מה רעש? ממה-נפשך, וועט זיך אויספּיקען, איז יחלוקו! איך בין דאָך נישט קיין פעלד-גזלן, וואָס איך זאָל פערלאַנגען פרעמדס. הקיצור, ס'איז ביי מיר געוואָרען רעכט פון אַלע זייטען, און ס'איז געבליבען, אַז מיר לאָזען זיך ביידע אין וועג אַריין, ער קיין יאַרמעלינעץ, איך קיין יאַמפּעלי.

אַפגעשמועסט האָבען מיר אַזוי: אַז איך וועל קומען אויפ'ן אָרט, זאָל איך קודם חוקר ודורש זיין, וואָס איז די מעשה, וואָס אָט דער משה־ניסעל קימבאַק יאָגט זיך אַזוי אַ שידוך טהון, און אַז איך וועל בעטראַכטען די שטוב, און דאָס קרן וועט מיר געפעלען, זאָל איך איהם קלאַפּען אַ דעפּעש קיין יארמעלינעץ כך וכך, וועט ער מיר צוריק קלאַפּען אַ דעפּעש כך וכך, וועט מען זיך צענויפפאָהרען מסתמא קיין זשעמערינקע אָנקוקען זיך, און אויב ס'איז אַ זיווג, וועט זיין אַ שידוך. „דער עיקר, זאָגט ער מיר, דאַרפט איהר זעהן, רב מנחם־מענדעל, ניט זשאַלעווען קיין הוצאות, קלאַפּען דעפּעשען, וואָרום ביי אַ שידוך, זאָגט ער, איז דער עיקר דעפּעשען... אַ מחותן, זאָגט ער, אַז ער דערזעהט אַ דעפּעש, האַפּט איהם אַוועק דער רוח"... ס'איז געקומען צום שפּיץ, ביי'ם נעמען בילעטען — לאָזט זיך אויס, אַז מיין לאַנד־שדכן רב אָשר'ען פעהלט־אויס אויף הוצאות. „ער האָט זיך, זאָגט ער, אויסגעבראַכט ביז דער לעצטער פּרוטה אויף דעפּעשען מיט טעלעגראַמעס. איהר זאָלט עס פער־דיענען, זאָגט ער, אַלע חודש, וואָס מיך קאָסט־אָפּ אַ וואָך דעפּע־שען מיט טעלעגראַמעס". דו פערשטעהסט? אָט אַזאַ פּרנסה איז דאָס שדכנות! בקיצור, דער פּאַיעזד דערוואַרט שטעהט ניט, איך האָב געמוזט אויסלעגען מיינע עטליכע קערבלעך, וואָרום איבער הוצאות צעגעהט זיך קיין געשעפט ניט. מיר האָבען זיך געביטען מיט די אַדרייסים, גאַנץ פיין זיך אָפּגעזעגנט און צעפאָהרען זיך, ער קיין יארמעלינעץ, און איך קיין יאַמפּעלי.

---

געקומען קיין יאַמפּעלי, האָב איך, ראשית חכמה, אָנגעהויבען חוקר ודורש זיין: „ווער איז אָט דער משה־ניסעל קימבאַק?" זאָגט מען מיר: „חוץ זיין שאַדען אויף אַלע אידען געזאָגט געוואָרען"...— „האָט ער עפּיס אַ סך קינדער?" זאָגט מען מיר: „אַ סך קינדער האָט איין אָרעמאַן, און אַ נגיד האָט מעהר נישט ווי איין קינד"...— „וואָס פאַר אַ קינד?" זאָגט מען מיר: „אַ טאָכטער". — „עפּיס

א היבשע טאָכטער?" זאָגט מען מיר: „מע קאָן פון איהר מאַכען צוויי"... — „גיט ער עפּיס א סך נדן?" זאָגט מען מיר: „וויפיעל ער גיט, איז ער נישט קראַנק געבען צוויי מאָל אזוי פיעל"... הויב איך אָן טאַפּען: „פאַר וואָס?" טאַפּ אהין, טאַפּ אהער — סע טאַפּט זיך נים. טהו איך אָן די שבת'דיגע קאַפּאָטע און לאָז מיך געהן גלייך צו דעם דאָזיגען מחותן.

מילא, איך זאָל דיר בעשרייבען א שטוב, איז נים שייך. א נגיד'ישע שטוב פון כל טוב, און מענשען — דימענטען. געזאָגט, ווער איך בין און וואָס איך בין געקומען, האָט מען מיך אויפגע־נומען כיד המלך, מכבד געווען מיט זיסען טיי, מיט צוקער־לעקאַך און מיט שמעקענדיגען אתרוגים־איינגעמאַכטס, און גוטען ווישניק א פלעשעל אוועקגעשטעלט. דער מחותן אליין, משה־ניסעל הייסט עס, איז מיר געפעלען עד אין לשער: א צוגעלאָזטער מענש, א מזג־טוב, מע קאָן זאָגען — א מענש אָהן א גאַל. אויך די מחותנת'־טע,ביילה־לאה הייסט עס, איז מיר געפעלען געוואָרען פונ'ם ער־שטען קוק. א שענע אידינע מיט א גיידער, א שטילע, א צדיקית. ביידע האָבען זיך גענומען אויסטאַפּען ביי מיר, ווער איז דער צד שכנגדו, האָט ער עפּיס א וואָהלען זוהן, און וואָס קען ער? וואָס זאָל איך זיי זאָגען, אז איך וויים אליין אויך נים? נאָר א איד א למדן גיט זיך איין עצה. רופ איך מיך אָן צו זיי: „לאָמיר נאָר פאַרטיג ווערען מיט איין צד, וועלען מיר נאָכדעם שמועסען פונ'ם אנדערען צד; ראשית, זאָג איך, וויל איך וויסען אקוראַט, וויפיעל גיט איהר? והשנית, וואָלט איך וועלען אָנקוקען דאָס קרן". דער־הערט אזעלכע דבורים, רופט זיך אָן דער מחותן, משה־ניסעל הייסט עס, צו דער מחותנת'טע, ביילה־לאה הייסט עס: „וואו איז ערגיץ סאָניטשקע? רופ זי נאָר אריין". — „סאָניטשקע טהוט זיך נאָך אָן", — מאַכט צו איהם די מחותנת'טע, ביילה־לאה הייסט עס, הויבט זיך אויף און געהט אוועק אין צווייטען חדר אריין, און איך מיט'ן מחותן, מיט משה־ניסלען הייסט עס, בלייבען איבער אין צווייען, גענומען צו קאַפּלעך ווישניק, פערביסען מיט אתרוגים־

איינגעמאַכטס און מע שמועסט. פון וואָס שמועסט מען? — לאָ־
מיך אַזוי וויסען בייז, נעכטיגע טעג, אויפ'ן הימעל אַ יריד. „שוין
לאַנג אַז איהר זענט אַ שדכן?" — מאַכט ער צו מיר און גיסט
מיר אָן נאָך אַ גלעזעל ווישניק. „פון נאָך דער חתונה אָן, זאָג איך
איהם, מיין שווער, זאָג איך, איז אַ איד אַ שדכן און מיין טאַטע,
זאָג איך, איז אויך געווען אַ שדכן, אַלע מיינע ברידער זענען
שדכנים, כמעט די גאַנצע משפחה אונזערע, זאָג איך, בעשטעהט
פון שדכנים"... אָט אַזוי האָק איך איהם איין ליגען נאָכ'ן אַנ־
דערען און פערקרים מיך אפילו נישט, נאָר איך פיהל, אַז עס
פלאַמט מיר דאָס פנים. איך וויים אַליין ניט, פון וואַנען עס
האָבען זיך צו מיר גענומען אַזוי פיעל שקרים! אַ ברירה האָב
איך געהאַט? ווי זאָגט די מאַמע דיינע: „אַז מע קריכט אריין
אין אַ בלאָטע, קריכט מען ווייטער"... גע'פועל'ט האָב איך ביי
זיך, ווי איך האָב דיר שוין אויבען געזאָגט, אַז דער אויבערשטער
וועט מיך בעגליקען און איך וועל דורכברעכען אָט דאָס דאָזיגע
געשעפט, וועל איך מיין חלק פערדיענסט, אם־ירצה־השם, גאָר אָהן
אַ שום תירוץ, טיילען אויף דער האַלב מיט יענעם שדכן, מיט דעם
לייבע לעבעלסקי'ן הייסט עס. וואָס האָט פערגעסען אויף דער
אַכסניא זיין פעקעל מיט כתבים. וואָס האָב איך צו איהם? איי,
על־פי יושר קאָן מען אפשר צו'פסק'ענען, אַז מיין חלק רח"ש
געהער אינגאַנצען צו איהם, צו לעבעלסקי'ן הייסט עס? איז דער
תירוץ: און וואו בין איך? איך בין דאָך דאָ, אייגענטליך, דער
גאַנצער גורם. און מיין ארבייט איז שוין גאָרניט ווערטה? און
האַקען שקרים פון יענעמס וועגען בין איך, דאַכט מיר, אויך נישט
מחויב. און ווער ווייסט, אפשר האָט גאָט אַזוי געפיהרט, אַז ער
זאָל פערלירען און איך זאָל געפינען, און אין מיין זכות זאָלען
דריי אידען פערדיענען געלד?

אין די דאָזיגע מחשבות עפּענט זיך די טהיר און עס קומט
אריין די מחותנת'טע, ביילה־לאה הייסט עס, און תיכף נאָך איהר —
סאָניטשקע, די כלה הייסט עס. אַ שענע, אַ הויכע, אַ געזונדע

און איין אסאבע, אזוי ווי די מאמע איהרע. „נו, א וואוכס, און ברייט, קיין עין־הרע! — טראכט איך מיר. — ניט קיין סאניטש־קע, נאר טאקי א גאנצער סאנישטשניק!"... אנגעטהאן געהט זי, די כלה הייסט עס, עפּיס מאדנע, אין א לאנגען קאפּאט, א בונדע אזעלכע, זעהט אוים מעהר ווי א ווייבעל, נישט מחמת אלטקייט, נאר מחמת ברייטקייט, סכנת נפשות! מע וואלט בעדארפט מיט איהר עפּיס א שמועס טהון, זעהן, וואס ס'איז פאר א חיה, — לאזט ער נישט, דער פאטער הייסט עס. ער האלט אין איין רעדען, בעשיט מיך מיט רעד. פון וואס, מיינסט דו, רעדט ער? פון יאמפּעלי. וואס פאר א שטאדט דאס איז, א שטאדט פון בערע־דערס, ניט קיין פערגינערס, שונאים אין לעבען אריין, איינער דעם אנדערען וואלט דערטרונקען אין א לעפעל וואסער! וכדומה אזעלכע פוסטע רעד. א דאנק דער מחותנת'טע, ביילה־לאה'ן הייסט עס, זי מישט זיך אריין און טהוט א זאג צום מאן: „משה־ניסעל, אפשר וואלט געוועזן געגוג רעדען? לאז זיי בעסער סאניטשקע אביסעל שפּיעלען אויפ'ן פּערטיפּיאן". „ביי מיר האסט דו גע'פּועל'ט", — ענטפערט איהר דער מחותן, משה־ניסעל הייסט עס, און גיט א וואונק צו דער טאכטער. געהט־צו די טאכטער צום פּערטיפּיאן, זעצט זיך אוועק, עפענט־אויף א גרויס בוך און קלאפּט מיט די פינגער אויף וואס די וועלט שטעהט. רופט זיך אן צו איהר די מאמע, ביילה־לאה הייסט עס: „סאניטשקע, וואס טויג דיר טיודען? שפּיעל זיי בעסער „יעחאל קאזאק זא דונאיעם", „הייסע באבקע־לעך", אדער נאר „המבדיל"... „פּאזשאלעסטע, מעשאיע ניט", — ענטפערט איהר סאניטשקע און מאכט מיט די פינגער איבער'ן פּערטיפּיאן אזוי גיך, אז דאס אויג איז גארניט אימשטאנד צו חאפּען. און די מחותנת'טע, ביילה־לאה הייסט עס, בעת־מעשה לאזט נישט אראפּ פון איהר קיין אויג, ווי איינער רעדט: „איהר זעהט פינגער?"... און ווי זי שפּיעלט אזוי, גליטשען זיך ארויס פון חדר מיין מחותן מיט דער מחותנת'טע, און איך בלייב אליין מיט דער כלה, מיט סאניטשקע'ן הייסט עס, — אויף פיער אויגען.

„אצינד איז אַ צייט, טראַכט איך מיר, מאַכען מיט איהר אַ שמועס; לאָמיר חאָטש הערען, צי זי קאָן רעדען". נאָר פון וואָס הויבט מען אָן? לאָז מיך אזוי וויסען אַ בייזע וועטשערע! הויב איך זיך אויף פון אָרט און געה־צו און שטעל זיך אַוועק הינטער איהרע פּלייצעס און רוף מיך אָן צו איהר: „האָט קיין פּאַראיבעל ניט, סאָניטשקע, וואָס איך שלאָג אייך איבער אינמיטען דער שפּיעל. איך האָב אייך געוואָלט עפּיס פרעגען"... דרעהט זי זיך אוים צו מיר מיט'ן פּנים און קוקט אויף מיר בייז און מאַכט צו מיר אויף רוסיש: „נאַפּרימער?"... „נאַפּרימער, זאָג איך, איך האָב אייך געוואָלט פרעגען, וואָס איז אייער בעגעהר? דאָס הייסט, וואָס פאַר אַ מין חתן, אשטייגער, וואָלט איהר געוואָלט, מע זאָל אייך געבען?" „ווידיטיע, — מאַכט זי צו מיר שוין אביסעל ווייכער און לאָזט אַראָפּ די אויגען, — סאָבסטווענאָ וואָלט איך געוואָלט אַ געקאָנ־טשעטען, נאָר איך וויים, אַז סע איז פּאָנאַפּראַסנאָ, וואָלט איך וועלען, פּאָ קראַינעי מערע, ער זאָל זיין איין אָבראַזאָוועטער, וואָ־רום חאָטש אונזער יאַמפּעלי סטשיטאַיעט זיך אַ פּאַנאַטיטשעסקי שטאָדט, פון דעסטוועגען האָבען מיר ניעסמאָטריאַ אַלע פּאָלוטשעט רוסישע אָבראַזאָוואַניע, און כאָטיאַ מיר פּאָסיעשטשאַיען ניט קיין אוטשעבנע זאַוועדיעניעס, פון דעסטוועגען וועט איהר נישט גע־פינען ביי אונז איין באַרישניע, וואָס זאָל ניט זיין זנאַקאָמע מיט עמיל זאָליאַ, מיט פּושקינ'ען און אפילו דאַזשע מיט גאָרקי'ן"... אזוי מאַכט צו מיר די דאָזיגע יפהפיה, סאָניטשקע הייסט עס, און רעדט, און רעדט צו מיר האַלב אויף אידיש, האַלב אויף רוסיש, דאָס הייסט, מעהר אויף רוסיש, ווי אוף אידיש. און אין דעם קומט־אָן די מחותנת'טע, ביילה־לאה הייסט עס, רופט אַוועק די כלה, ווי איינער רעדט: „אַלסדינג דאַרף זיין מיט אַ מאָס"... און עס קומט אַריין דער מחותן, משה־ניסעל הייסט עס, און מיר זעצען זיך אַוועק מיט איהם ווידער אין צווייען שמועסען מכח'ן שידוך: וויפיעל גיט ער נדן, וואוהין זאָל מען זיך צענויפפאָהרען מאַכען איין אָנקוקעניש, אויף ווען זאָל מען אָפּשטעלען די חתונה, וכדומה אַזעל־

בע זאבען, וואס זענען שייך צום ענין. און איך הויב מיך אויף און וויל געהן אויף דער סטאנציע קלאפען א טעלעגראם, נעמט ער מיך, משה־ניסעל הייסט עס, פאר א האנד און מאכט צו מיר: „איהר וועט נישט געהן, רב מנחם־מענדעל! איהר וועט פריהער עסען מיט אונז וואַרעמעס, איהר קעהרט אוודאי זיין הונגעריג“. און מע געהט זיך וואשען און מע זעצט זיך אוועק עסען און מע נעמט צו גלעזלעך ווישניק, און ער, דער מחותן הייסט עס, די גאנצע צייט — דאס מויל מאכט זיך איהם ניט צו: יאמפעלי, יאמפעלי און יאמפעלי... „איהר ווייסט ניט, זאגט ער, וואס פאר א שטאדט דאס איז! א שטאדט פון לעדיגגעהערס און בערעדערס. איהר זאלט מיך פאלגען, זאגט ער, וואלט איהר זיך געהאלטען פון דערווייטען, נישט גערעדט מיט קיינעם א ווארט. איהר זאלט זיי, זאגט ער, נישט דערצעהלען קיין מעשיות, ווער איהר זענט און פון וואנען איהר זענט און וואס איהר טהוט דא, און מיין נאמען זאלט איהר זיי אפילו גארניט מזכיר זיין, גלייך ווי איהר קענט מיך גארניט. איהר פערשטעהט, רב מנחם־מענדעל? א י ה ר קענט מיך גארניט!“ — אזוי זאגט ער מיר אן אפשר א מאל צעהן, און איך געה אוועק, קלאפ א דעפעש צו מיין שותף קיין יארמעלינעץ, אזוי ווי מיר האבען אפגערעדט, און שרייבען שרייב איך איהם גאנץ דייטליך, בזה הלשון: „טאוואר אסמאטרעל. פערוויסארט. שעסט טי־סיאטשי. טעלעגראמירוויטע סקאלקא נא־פראטיוו. גדיע סיעבאיעמסיא“. קומט מיר אן פון מיין שותף אויף מארגען א תשובה, מאדנע פערשטעלט: „אופיראלסיא דעסיאט. נאפראטיוו פא־לאווינע שעסט. ראבאטאיטיע נאבאווקע. סאגלאסען זשמערינקע. טאוואר פרימע. טעלעגראמירויטע“. לויף איך אוועק צו מיין מחותן, צו משה־ניסל'ען הייסט עס, און ווייז איהם די דעפעש און בעט איהם, ער זאל מיר פערטייטשען דעם פסוק, ווארום איך פערשטעה

נים איין וואָרט. ליינט ער דורך די דעפּעש און מאַכט צו מיר: „איד! וואָס פערשטעהט איהר דאָ נים? ס'איז דאָך יאַוונע ויאַסנע. ער וויל, פערשטעהט איהר מיך, אַז איך זאָל געבען צעהן, וועט ער מיר געבען אָקעגען די העלפט פון זעכס, דאָס הייסט, דריי טויזענד. שרייבט זשע איהם אַוועק, זאָגט ער, אַז ער איז שוין צו קלוג. ס'איז, זאָגט ער, קורצע דבורים: וויפיעל ער גיט, לעג איך אָקעגען צוויי מאָל אַזוי פיעל. און שרייבט איהם, זאָגט ער, ער זאָל נים מעדליוועז, טאַקי מיט דעם לשון, זאָגט ער, שרייבט איהם, וואָרום עס קאָן זיך אונטערחאַפּען איין אַנדערער". פאָלג איך איהם און קלאַפּ אַוועק מיין שותּף אַזאַ דעפּעש: „קאראַטקי סלאַווא. סקאַלקאַ דאיאַט קלאדו נאפראַטיוו דווא ראזא באַלעיע. נע מעדליוואט. פאַדחוואטיטסיא דרוגאַי".— בעקום איך פון מיין אשר'ען אַ תשובה, ווידער פערשטעלט: „סאַגלאסען דווא ראזא מענעיע וויגאַוואַראַם טיסיאטשא נאזאד. טאַוואר נאחאַדקא". לויף איך ווידער אַוועק מיט דער דעפּעש צו מיין מחותן. זאָגט ער מיר ווידער אַ מאָל: „ס'איז יאַוונע ויאַסנע. אייער שותּף, זאָגט ער, שרייבט, אַז ער איז מסכים צו לעגען פונקט העלפט, נאָר מיט אַ תנאי — טויזענד צוריק, דאָס הייסט אַזוי: ווען איך, למשל, וועל געבען, זאָגט ער, צעהן, דאַרף ער דאָך געבען פינף; וויל ער אָפּציהען איינס צוריק, וועט אויסקומען, זאָגט ער, אַז איך גיב טאַקי צעהן, און ער וועט מעהר נים געבען ווי פיער. אַ איד אַ חכם, זאָגט ער, אייער מחותן; ער וויל מיך אָפּשווינדלען פון קאָפּ ביז פיס. איך בין אָבער, זאָגט ער, אַ סוחר און פערשטעה אַ געשעפט. איך וועל איהם בעסער געבען, זאָגט ער, צוויי מאָל אַזוי פיעל און מיט טויזענד מעהר, איידער ער זאָל מיר געבען די העלפט און מיט טויזענד וועניגער. וועט דאָס אויסקומען, זאָגט ער, אַזוי: וועט ער געבען דריי, גיב איך אָקעגען זיעבען; וועט ער געבען פיער, לעג איך נייען; וועט ער געבען פינף, לעג איך עלף. האָט איהר

עס, זאָגט ער, צעקייעט? געהט זשע, זאָגט ער, טאַקי באַלד און שרייבט איהם אוועק אַ סטראָטשנע, ער זאָל ניט פערציהען אין דער לאַנגער באַנק, און לאָז ער אייך, זאָגט ער, ענטפערען אויך מיט אַ סטראָטשנע, אַז מע פאָהרט זיך צענויף — און איין עק לאָז עס האָבען!"

לויף איך אוועק און קלאַפּ מיין אַשר'ען אַ סטראָטשנע דעפּעש: „דאַסט טרי קלאַדיאָט סעם. דאַסט טשיטע־רע קלאַדיאָט דעוויאַט. דאַסט פּיאַט קלאַ־דיאָט אָדינאַצאַט. נע טיאַנוט דלינע סקאַ־מייקע. סטראָטשיטע וועיעכאַיעם". — קומט מיר אָן צוריק אַ סטראָטשנע דעפּעש, ניט מעהר ווי צוויי ווערטער: „וועיעכאַיעם. וועיעכאַיטע".

---

ווען קומט־אָן אַזאַ וואַזשנע דעפּעש? — מסתמא ביי־נאַכט. און דו דאַרפסט שוין אַליין פערשטעהן, אַז שלאָפען האָב איך די נאַכט נישט געקאָנט. איך האָב גענומען רעכענען, וויפיעל, אַשטיי־גער, וועט זיך אַקאָרשט אָננעמען אויף מיין חלק, ווען, למשל, דער אויבערשטער העלפט מיר, איך פיהר אוים דאָס גאַנצע צעטעל מיט שידוכים, וואָס דער לייבע לעבעלסקי האָט פערלאָרען? ביי גאָט איז דען ניט מעגליך? אָפּגעעקט איז ביי מיר געוועזן פעסט, אם־ירצה־השם, אַז איך פיהר דורך דעם דאָזיגען עסק, שלים איך מיט מיין אַשר'ען אַ שטענדיגע שותפות. וואָרום ער געפעלט מיר פאַר זעהר אַ בראַווען מענשען, און טאַקי אַ מוצלח אויך. און פער־שטעהט זיך, אַז אָט דער לייבע לעבעלסקי וועט אויך ניט זיין גע־קריוודעט. וואָס האָב איך צו איהם? נעבאַך אויך אַ איד אַ איין אָרעמאַן און אַ מטופּל מיט קינדער... קוים דערלעבט טאָג, האָב איך אָפּגעדאַוונט און בין אוועק צו מיינע מחותנים, זיי בעוויזען די דעפּעש. האָבען זיי באַלד געהייסען געבען קאַווע מיט פּוטער־געבעקס, און סע איז געבליבען, אַז טאַקי דעם אייגענעם טאָג פאָה־

רען מיר אַרויס זאַלבעפערט קיין זשמערינקע. נאָר בכדי יאַמפּעלי זאָל ניט זיין קשה, וואָס פּאָהרען מיר עפּיס אַלע פיער אינאיינעם, — האָבען מיר געמאַכט אַזוי, אַז איך זאָל אַרויספּאָהרען מיט אַ פּאַיעזד פריהער, און זיי — מיט אַ פּאַיעזד שפּעטער; און דערווייל זאָל איך פון זייערטוועגען דאָרטען צוגרייטען עפּיס אַ רעכטע סטאַנציע, הייסען מאַכען וועטשערע, ווי גאָט האָט געבאָטען. און כך הוה. איך בין געקומען קיין זשמערינקע פריהער פאַר אַלעמען, פערפּאָהרען אויף דער שענסטער אכסניא, טאַקי די איינציגע אין זשמערינקע, מיט'ן נאָמען „אָדעסקי גאָסטינעץ“, זיך בעקענט, ראשית חכמה, מיט דער בעל־הבית'טע, זעהר אַ וואָהלע אידינע, אַ מכנים־אורח'טע, און איך טהו זי אַ פרעג: „וואָס איז ביי אייך דאָ וואָס צו עסען?“ — זאָגט זי: „וואָס ווילט איהר?“ — זאָג איך: „פיש איז ביי אייך דאָ?“ — זאָגט זי: „מע קאָן קויפען“. — זאָג איך: „נו, און אַ יויך?“ — זאָגט זי: „מע קאָן צושטעלען אַ יויך אויך“. — זאָג איך: „מיט וואָס? מיט לאָקשען, צי מיט רייז?“ — זאָגט זי: „אַפילו מיט מאַנדלען“. — זאָג איך: „נו, און אַשטייגער, כדומה למשל, געבראָטענע קאַטשקעס?“ — זאָגט זי: „פאַר געלד קריגט מען קאַטשקעס אויך“. — זאָג איך: „נו, און טרינקען?“ — זאָגט זי: „וואָס טרינקט איהר?“ — זאָג איך: „ביער איז דאָ?“ — זאָגט זי: „פאַר וואָס זאָל ניט זיין?“ — זאָג איך: „נו, און ויין?“ — זאָגט זי: „אַבי געלד“. — „אויב אַזוי, זאָג איך, טאָ זייט זיך מטריח, מיין ליעבע אידינע, און קאָכט וועטשערע אַזוי גרויס ווי אויף אַכט פּאַרשוין“. — זאָגט זי: „פון וואַנען האָבען זיך ביי אייך גענומען אַכט, אַז איהר זענט בסך־הכל איינער?“ — זאָג איך: „אַ מאָדנע אידינע! וואָס געהט אייך אָן? מע זאָגט אייך אַכט, איז אַכט“. און אַזוי ווי מיר רעדען, קומט־אָן מיין שותף, רב אָשר הייסט עס, און פאַלט אַרום קושען מיך און האַלזען, ווי איין אייגענער טאַטע: „דאָס האַרץ האָט מיר אָבער געזאָגט, זאָגט ער, אַז איך וועל אייך טרעפען דאָ, אינ'ם „אָדעסקי גאָסטינעץ“! געפינט זך דאָ עפּיס, זאָגט ער, וואָס צו נעמען אין מויל

אריין?" — „אַט נאַר־וואָס, זאָג איך, האָב איך בעשטעלט אַ וועטשערע ביי דער בעל־הבית'טע אויף אכט פּאַרשוין". — „וואָס איז שייך וועטשערע? — זאָגט ער. — וועטשערע איז זיך וועטשערע, נאַר ביז די מחותנים פון ביידע צדדים וועלען אמאָל זיך אויסקראַצען קומען, זענען מיר, זאָגט ער, נישט מחויב דערווייל צו פאַסטען. איך זעה, זאָגט ער צו מיר, איהר זענט דאָ אַ היימישער, הייסט זשע, זייט מוחל, מע זאָל אונז גרייטען צום טיש און מע זאָל אונז געבען אביסעל בראָנפען מיט עפּיס פליישיגס צו פערבייסען. עס חלש'ט מיר, זאָגט ער, דאָס הארץ מסוכן נפש!" — אזוי זאָגט צו מיר רב אָשר און מאכט נישט קיין שהיות און געהט אין קיך אריין זיך וואשען, בעקענט זיך מיט דער בעל־הבית'טע, הייסט געבען צום טיש וואָס ס'איז דאָ, און מיר זעצען זיך אוועק ביידע צו דער סעודה גאַנץ ברייטליך, און רב אָשר דערצעהלט מיר עסענדיג די נסים ונפלאות, ווי אזוי ס'איז איהם געראָטען, ער האָט געשפּאָלטען דעם ים, קוים גע'פּועל'ט ביי דעם דאָזיגען מיוחס, ער זאָל געבען די ג' אלפים ר"ך. „וואָס הייסט, זאָג איך, ג' אלפים? מיר האָבען דאָך געשמועסט נישט ווינציגער פון פיער טויזענד?" — „לאָזט אייך דיענען, זאָגט ער, רב מנחם־מענדעל, איך ווייס, וואָס איך האָב צו טהון. איך הייס רב אָשר! איהר דאַרפט וויסען, זאָגט ער, אז מיין מיוחס האָט בסך־הכל חשק געהאט לעגען כנגדו גאָרנישט מיט גאָרנישט, וואָרום ער איז אליין אַ גרויסער מיוחס, זאָגט ער, און האָט אַ ווייב נאָך אַ גרעסערע. און אז ער זאָל וועלען, זאָגט ער, אַ שידוך טהון מיט אבי וועמען, וואָלט מען איהם נאָך, זאָגט ער, צוצאָהלען אין בייטעל אריין... בקיצור, איך האָב, זאָגט ער, גענוג געהאָרעוועט, געהאַקט האָלץ, און קוים מיט צרות, מיט אנגסטען, גע'פּועל'ט, ער זאָל געבען לכל־הפחות ב' אלפים". „וואָס הייסט, זאָג איך, ב' אלפים? איהר האָט דאָך נאַר־וואָס, זאָג איך, געזאָגט ג' אלפים?" — זאָגט ער מיר ווידער: „לאָזט אייך דיענען, רב מנחם־מענדעל, איך בין איין עלטערער שדכן פון אייך און איך הייס רב אָשר. לאָזען זיך נאַר די צדדים צענויפפאָהרען, און

חתן־כלה װעלן זיך אָנקוקען, װעט אם־ירצה־השם אַלסדינג זײַן אָגיל ואשמח. איבער אַזעלכע טױזענד קראַפּען צעגעהט זיך, זאָגט ער, בײַ מיר קײן שידוך נישט. איך הײס, פערשטעהט איהר מיך, רב אָשר! אײן פּרט, זאָגט ער, איז דאָ יאָ פאַרהאַן, װאָס סע קװעטשט מיך". — „דהײנו װאָס, זאָג איך, קװעטשט אײַך?" — „מיך קװעטשט, זאָגט ער, דער פּריזיװ. איך האָב אײַנגערעדט, זאָגט ער, דעם מחותן מײַנעם, אַז בײַ אײַער משה־ניסל'ען איז טאַקי נאָך גאָר אַ יונג קינד, בלוט און מילך, נאָר ער הערט דעם פּריזיװ פאַר דרײַ גראָשען, שױן גע'פּטר'ט דעם פּריזיװ"... „װאָס בעבעט איהר, רב אָשר? — רוף איך מיך אָן צו מײַן שותף. — װאָסער פּריזיװ? װאָסערע לאָקשען?" — זאָגט ער צו מיר װידער אַ מאָל: „לאָזט אײַך דיענען, רב מנחם־מענדעל, איך הײס רב אָשר!"... „איהר מעגט אײַך הײסען אַכטצעהן מאָל רב אָשר, זאָג איך, פערשטעה איך אַלץ ניט. װאָס איהר רעדט! עפּיס בעלעבע־טשעט איהר מיר: „פּריזיװ", „שמיזיװ" — פון װאַנען האָט זיך גענומען צו מײַן משה־ניסל'ען אַ פּריזיװ? אַ נקבה האָט שױן דען אױך אױף זיך אַ פּריזיװ?"... מאַכט צו מיר אָשר: „װאָס הײסט — אַ נקבה? און װאו איז אײַער משה־ניסעל'ס בחור?"... „פון װאַ־נען, זאָג איך, האָט זיך גענומען צו משה־ניסל'ען אַ בחור, אַז ער פערמאָגט בסך־הכל זײַן אײגענס אַ טאָכטער אַ בת יחידה, אײן און אײנציגע הײסט עס?" — „איז די משמעות, זאָגט ער, אַז בײַ אײַך איז אױך אַ בתולה? ס'טײַטש, זאָגט ער, מיר האָבען דאָך גאָר געשמועסט עפּיס װעגען אַ חתן!"... „אװדאי, זאָג איך, אַ חתן! איך האָב אָבער גאָר אַנדערש ניט גערעכענט, זאָג איך, אַז חתן'ס צד — דאָס זענט איהר!"... „פון װאַנעט איז געדרונגען, זאָגט ער, אַז חתן'ס צד — דאָס בין איך?"... „פון װאַנעט איז געדרונגען, זאָג איך, אַז חתן'ס צד — דאָס בין איך?"... „פאַר װאָס זשע, זאָגט ער, האָט איהר מיר ניט מזכיר געװען, אַז בײַ אײַך איז אַ בתולה?"... זאָג איך: „נו, און איהר האָט מיר מזכיר געװען, אַז בײַ אײַך איז אַ בתולה?"... װערד ער אײַן כעס און

מאכט צו מיר: „ווייסט איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען, מנחם־מענדעל? איהר זענט אזוי א שדכן, ווי איך בין א רב!“ זאָג איך: „און איהר זענט אזוי א שדכן, ווי איך בין א רביצין!“ א וואָרט פאר א וואָרט — ער מיר: „מלמד!“ איך איהם: „שקרן!“ ער מיר: „שלים־מזל!“ איך איהם: „זולל־וסובא'־ניק!“ ער מיר: „מנחם־מענדעל!“ איך איהם: „שכור'ניק!“... פערדריסט דאָס איהם, געהט ער און לאָזט מיר אראָפּ א פּאטש. געה איך און פאָהר איהם אריין אין באָרד — א שקאנדאל, זאָל גאָט שומר ומציל זיין!...

דו פערשטעהסט? אזוי פיעל הוצאות און צייט און טרחה. היינט די בזיונות! דאָס גאנצע שטעדטעל איז זיך צענויפגעלאָפען אָנקוקען די דאָזיגע שדכנים, וואָס האָבען בעוויזען א בריה'שאפט צענויפפאָרען צוויי מיידלעך. איז אָבער אָט דער אָשר, פערחאפּט זאָל ער ווערען, באלד אנטרונען געוואָרען, און מיך האָט ער אי־בערגעלאָזט איינעם אליין זיך צערעכענען מיט דער בעל־הבית'טע פאר דער וועטשערע, וואָס איך האָב בעשטעלט אויף אכט פּארשוין. א גליק, וואָס איך האָב מיך חאָטש בעצייטענס ארויסגעמאכט, איידער די מחותנים מיט די צוויי כלות זענען אָנגעקומען קיין זשמערינקע. וואָס מיט זיי האָט זיך דאָרט אָפּגעטהאָן — ווייס איך נִיט. נאָר איך שטעל מיר פאָר די בזיונות!... היינט געה זיי א נביא, אז אָט דער שדכן, ימח שמו זאָל ער ווערען, איז אזא פוסטע זאך, א ווינדמיהל, צו אלדי שווארצע יאָהר, וואָס רעדט און פאָהרט און פליהט און קלאָפּט דעפּעשען — און וואָס לאָזט זיך אוים? צוויי בתולות!... איין מאָל פאר אלע מאָל, זוגתי היקרה, עס פיעדעלט נישט, חאָטש וואַרף זיך א לעבעדיגער אין וואסער אריין! און מחמת איך בין זעהר דערשלאָגען פונ'ם דאָזיגען שידוך, מאך איך דאָס בקיצור; אם ירצה השם, אינ'ם אנ־דערען בריעף וועל איך דיר ארויסשרייבען אלסדינג באריכות. לעת־עתה לאָז גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. גרים די קינ־

דערלעך זאָלען לעבען, וואָס איך בענג נאָך זיי שטאַרק, און שווער און שוויגער, און איטליכען בעזונדער גאָר פריינדליך.

ממני בעלך מנחם-מענדעל.

עיקר שכחתי. גאָט שיקט צו די רפואה פאַר דער מכה. פאָהרענדיג פון זשמערינקע, האָב איך געמיינט, אַז דער הימעל איז שוין אויף מיר געפאַלען. נעהאַי־בי וואָלט איך געהאַט געגוג אויף הוצאות, וואָלט איך שוין ווי־עס־איז דערשלעפּט זיך אַהיים, קיין בתרילעווקע הייסט עס. האָב איך מיך אָבער אויסגערעכענט, אַז איך וועל מוזען בלייבען שטעקען ערגיץ אין וועג, חאָטש נעם, אַל תפתח פה לשטן, און ציה זיך אוים אויף די רעלצען! איז דאָך אָבער פאַרהאַן אַ גאָט אויף דער וועלט, בעקען איך מיך אין וואַגאָן מיט עפּים איינעם אַ שלאַק, איין אַגענט אַ אינספּעקטאָר, וואָס שטראַפירט מענשען פון'ם טוידט, און ער הויבט מיך אָן צורעדען און זאָגט מיר צו הרים וגבעות, אַבי איך זאָל ווערען איין אַגענט. וואָס איז דאָס אַזעלכעס איין אַגענט און ווי אַזוי שטראַפירט מען מענשען פון'ם טוידט — איז אַ סך צו שרייבען, און איך האָב שוין איצטיגס מאָל אַזוי אויך איבערגעחאַפּט די מאָס, לאָז איך עס איבער אויף איין אַנדערש מאָל.

הנ"ל.

סוף פונ'ם פינפטען בוך.

# שְׁלִים־שְׁלִים־מַזָל

## (מנחם־מענדעל — איין אגענט).

---

מנחם־מענדעל פון וועג צו זיין ווייב שיינה־שיינדעל אין כתריליעווקע.

לזוגתי היקרה החכמה הצנועה מרת שיינה־שיינדעל שתחי׳ עכב״ב.

ראשית בין איך דיר מודיע, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל תמיד הערכען איינס פון׳ם אנדערען נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

והשנית הנה זיי וויסען, זוגתי היקרה, אז איך האָב געמוזט עוקר זיין, אַנטלויפען הייסט עס. איך האָב מיך נאָר־וואָס ארויס־געחאַפּט פון איין אומגליק, פון א גרויסען אומגליק! איך מעג בענשען גומל. שיער־שיער בין איך אריין אין חד־גדיא אריין, און נאָט ווייסט, מיט וואָס איך וואָלט אָפּגעשניטען. פון רעסטאַנסקי ראָטע איז גאָר ניטאָ וואָס צו רעדען, און אפשר נאָך קאַטאָרזשנע סיביר, חאָטש איך בין אין דעם שולדיג גלייך מיט דיר. ווי זאָגט די מאַמע דיינע: „שלים־שלים־מזל דורך טיר און דורך טויער״... איצט, אז דער אויבערשטער האָט מיר געהאָלפען, איך האָב מיך בעציייטענס ארויסגעחאַפּט ווי פון א שרפה, האָב איך מיך אוועק־

געזעצט ארויסשרייבען דיר אין א בריעף אלסדינג באריכות, פונ׳ם אנהויב ביז׳ן סוף.

פון מיין פריהערינגען בריעף געדענקסט דו דאך מן הסתם, אין וואס פאר א פאלאזשעניע איך בין געווען נאך דעם שענעם שידוך מיט די צוויי בתולות, ניט היינט געדאכט. איך האב דעמאלט גערעכענט, ס׳איז איין עק. אוים מנחם־מענדעל. בעדארף איך מיך בעגעגענען מיט איינעם א פארשוין, איין אגענט א אינספעק־טאר פון „אקוויטעבל״, וואס שטראפירט מענשען פונ׳ם טוידט און האט דערפון פרנסה מיט׳ן פולען מויל. ער האט מיר ארויסגענומען א ביכעל און האט מיר בעוויזען, וויפיעל מענשען ער האט שוין פערשטראפירט פונ׳ם טוידט און וויפיעל מענשען עס זענען שוין ביי איהם געשטארבען. און דאס איז אזא געשעפט, וואס, אדרבה, וואס מעהר מע שטארבט, איז אלץ בעסער, סאי פאר די טוידטע, סאי פאר די לעבעדיגע. וועסט דו דאך פרעגען: וואס איז דער שכל? דער שכל איז א פראסטער שכל. אשטייגער, נאפרימער, „אקוויטעבל״ האט גענומען און האט מיך אפגעשטראפירט פונ׳ם טוידט אויף צעהנטויזענד קארבען. דארף איך צאהלען פאר דעם סך־הכל אזעלכע צוויי־דריי הונדערטער א יאהר ביז׳ן טוידט. איז ממה־נפשך, שטארב איך אוועק, חלילה, דאס ערשטע יאהר — איז דיין גליק: צעהנטויזענד קארבען איז א מטבע. אלא וואס דען, איך לעב? איז „אקוויטעבל׳ס״ גליק. דארטען דיענען אהן א שיעור מענשען, אגענטען, צום מיינסטען — אידען, וואס האבען אויך וויייב־און־קינדער און דארפען אויך לעבען אויף דער וועלט. וואס זשע אהרט דאס מיך? דער חסרון איז, וואס ניט א יעדער קאן זיין איין אגענט. איין אגענט דארף, ראשית חכמה, נעהן אנ־געטהאן פיין, אבער טאקי וואס פיין הייסט: א שענעם גארניטער, א קאלנער מיט מאנקעטען, מעג זיין פאפיערענע, אבי ווייסע, א שניפס א שענעם, נו און א קאפעליש — שמועסט מען ניט. דער עיקר אבער איז — שפראך. איין אגענט מוז קאנען שפראך. דאס הייסט, ער דארף קאנען רעדען, צורעדען, איינרעדען, איבעררעדען

און פערררעדען, אזוי לאנג רעדען, ביז יענער זאל זיך שוין מוזען שטראפירען פונ׳ם טוידט — און מעהר דארף מען נים. הקיצור, מיין פארשוין דער אגענט־אינספעקטאר האט ארויסגעזעהן אין מיר, אז איך בעדארף זיין א גוטער אגענט, איין אויסגעצייכענטער אינ־קוויזיטאר.

איצט, זוגתי היקרה, דארף מען דיר קלאר מאכען, זאלסט פער־שטהען דעם חילוק צווישען איין אגענט א אינספעקטאר און איין אגענט א אינקוויזיטאר. איין אגענט א אינקוויזיטאר הייסט גלאט איין אגענט, וואס שטראפירט מענשען פונ׳ם טוידט, און איין אגענט א אינספעקטאר הייסט שוין איין עלטערער אגענט, וואס מאכט אגענטען. היינט איז פארהאן א „קרוזשנאי“ אגענט־אינ־ספעקטאר, וואס מאכט אגענטען־אינספעקטארעס, און איבער די אלע אגענטען, אינקוויזיטארעס, אינספעקטארעס און „קרוזשנאי“ אינספעקטארעס איז פארהאן איינער, איין אויבערהאר איבער אלע, וואס מע רופט איהם גענעראל־אינספעקטאר. קיין עלטערער פון איהם איז שוין נישטא אויף דער גאנצער וועלט. פערשטעהסט זיך, אז צו ווערען א גענעראל מוז מען פריהער זיין א אינקוויזיטאר, נאכדעם א אינספעקטאר, נאכדעם א „קרוזשנאי“ אינספעקטאר, און אזוי ווייטער. און אז גאט העלפט, מע דערדיענט זיך און מע ווערד א גענעראל — איז מען שוין בעוואהרענט מיט פרנסה אויפ׳ן גאנצען לעבען. עס איז פארהאן, זאגט מיין פארשוין, גענעראלען אזעלכע, וואס פערלעבען א יאהר נים ווייניגער פון דרייסיג טויזענד. הכלל, ער האט מיך אנגעהויבען צורעדען, איך זאל ווערען איין אגענט. האב איך מיך מיישב געווען: וואס האב איך דא איינצור־שטעלען? ממה־נפשך, וועט עס געהן, וועט עס געהן; אלא נים — איז אינה מקודשת. קיין פוטער, זאגט ער, לעג איך נים אריין. אדרבה, איך בעקום נאך, זאגט ער, איין אוואנץ, דאס הייסט, מע גיט מיר איין אדערויף פאר מיין ארבייט עטליכע קערבלעך, איך זאל האבען דערווייל אויף הוצאות און אויף אויסקליידען זיך און אויף צו קויפען זיך א פארטעפעל. אויב אזוי, איז דאך עס טאקי

גאַר נישקשה פון אַ קאָנבינאַציע! און איך האָב מיך געלאָזט אי־בעררעדען און בין געוואָרען למזל איין אַגענט.

נאָר נישט אַזוי גיך טהוט זיך עס, ווי סע רעדט זיך. ווערען איין אַגענט דאַרף מען זיך זעהן קודם מיט'ן גענעראַל, וואָרום ביז דער גענעראַל שרייבט ניט אונטער — איז בלאָטע. און ער האָט מיך גענומען, דער אינספּעקטאָר הייסט עס, און האָט מיך טאַקי אויף זיינע אייגענע הוצאות געבראַכט צו פיהרען קיין אָדעס צו זייער גענעראַל אין „אקוויטעבל". וואָס האָט צו שאַפען אויף עט־ליכע און צוואַנציג גובערניעס און האָט אונטער זיך, זאָגט מען, כמעט אַכטצעהן הונדערט אַגענטען. מילא, איך זאָל דיר בעשרייבען די גרויסקייט פון'ם דאָזיגען גענעראַל, איז ניט שייך. דאָס הייסט, ער אַליין איז דוקא ניט אַזאַ גרויסער, ווי דער טאַרעראַם איז גרויס, און אויגען האָט ער גרויסע, שאַרפע אויגען, און אַ פּנים'ל אַ ליכטיגס, און בעקלעך רויטע, און רופען רופט מען איהם: יעווו־זערעל. דעם גענעראַל'ס קאַנטאָר פערנעמט אַ גאַנצע שטוב. חדרים, חדרים און חדרים. אַ סך טישען מיט בענקלעך, מיט ביכער, מיט פּאַפּירען, און אַגענטען דרעהען זיך אַרום, און סע גריבעלט און סע שוויבעלט, און דעפּעשען לויפען הין און צוריק — עס טהוט זיך חושך! איידער מע דערשלאָגט זיך צום גענעראַל אַליין, דאַרף מען דורכגעהן שבעה מדורי גיהנם. אַ טוידטער בין איך געווען, אַז מע האָט מיך אַריינגעפיהרט צו דעם דאָזיגען יעווו־זערעל, חאָטש אפילו ער האָט מיך דוקא געבעטען זיצען, מכבד געווען מיט אַ פּאַפּיראָס, אויסגעפרעגט ביי מיר, ווער איך בין און וואָס איך בין און וואָס איז מיין געשעפט? בין איך געגאַנגען און איהם אויסדערצעהלט אַלסדינג, פון'ם אָנהויב ביז'ן סוף, ווי אַזוי איך בין געפאָהרען קיין קעשענעוו און פערבלאָנזעט קיין אָדעס, גע־האַנדעלט מיט „לאָנדאָן", און פון דאָרטען קיין יעהופּעץ, זיך גע־דרעהט אַרום דער בערזע, געקויפט און פערקויפט „יקנה"ז" און „פּוטיוויל" און „לילעפּוטען" און אַנדערע „פּאַפּיערלעך" אין די מיליאָנען אַריין, און נאָכדעם, ווי איך בין, ניט היינט געדאַכט,

געוואָרען אַ מעקלער פון צוקער און פון געלד, פון הייזער און פון אימעניעס, פון וועלדער און פון זאַוואָדלעך, און ווי אַזוי איך בין נאָכדעם געוואָרען אַ שדכן, אַפילו אַ שרייבער אויך, געדרעהט, געברענט, געפּלאַקערט און געטראַסקעט מיט דער גאַנצער וועלט, און דער סוף איז געווען, זאָג איך איהם, נישט גוט — שלים־שלים־מזל דורך טיר און דורך טויער... אויסגעהערט מיך, שטעהט־אויף דער גענעראַל, יעווזערעל הייסט עס, לעגט אַרויף אויף מיר די האַנד און רופט זיך אָן צו מיר: „ווייסט איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען, גאָספּאָדין מנחם־מענדעל? איהר געפעלט מיר; אַ נאָמען האָט איהר אַ שענעם, און רעדען, ברוך השם, קאָנט איהר. איך זאָג אייך נביאות, אַז מיט דער צייט וועט איהר זיין אַ גרויסער אַגענט, טאַקי גאָר אַ גרויסער! דערווייל בעקומט איהר איין אַוואַנץ, פאָהרט אַרויס אויף דער וועלט, אין די אידישע שטעדט און שטעדטלעך, דאָרט קען מען אייך אויסגעבונדען, און ויִיט מצליח“...

און כך הוה. איך האָב נאָר בעקומען פון זיי די עטליכע קערב־לעך, אַזוי האָב איך מיך באַלד אויסגעקליידט בגדי־מלכות. זאָלסט מיך זעהן, וואָלסט דו מיך ניט דערקענט. און אַ פּאָרטעפעל האָב איך מיר געקויפט אַ גרויסען, האָט מען מיר אָנגעפּאַקט אהין ביכ־לעך מיט פּאַפּיערען אַ גאַנצען טראַנספּאָרט, און איך האָב מיך גע־לאָזט אויף גאָט'ס וועלט. קודם קיין בעסאַראַביע, אַ ווינקעל פון פּרנסה! דאָרט, זאָגט מען, קאָן מען מאַכען געשעפטלעך, שטראַ־פּירען און שטראַפּירען. דאַרף זיך מאַכען אַזוי, אַז איך האָב יאָהר־צייט, חאַפּ איך מיך אַראָפּ מפּאָיעזד לפּאָיעזד אין אַ קליין שטעד־טעל, עפּיס אַ העק צו אַלדי שוואַרצע יאָהר. איך האָב גאָר ניט געוואוסט, אַז דאָס שטעדטעל האָט אַ שם אויף דער וועלט מיט איהרע שקצים, עזות־פּנים'ער, מוסרים און יאַבעדניקעס. פער־ברענט וואָלט עס געמעגט ווערען איידער איך האָב עס דערקענט! נאָר אַז סע איז בעשערט איין אומגליק — דאַרף איך אַקוראַט אָט דאָ, אין דעם שטעדטעל, האָבען יאָהרצייט, און פאַל אַריין אין אַ בלאָטע, זאָל דער אויבערשטער שומר ומציל זיין! דאָס האַרץ האָט

מיר אָבער מאַקי געזאָגט, אַז איך וועל דאָ גוט ניט אָפּשניידען. נאָר אַז מע דאַרף זאָגען קדיש, איז עפּיס אַ תּירוץ? בין איך אוועק גלייך אין בית־מדרש אריין און קום אָן פונקט צו מעריב. אָפּגע־דאַווענט מעריב, געהט־צו צו מיר דער שמש און רופט זיך אָן צו מיר: „יאָהרצייט?" — זאָג איך: „יאָהרצייט". — מאַכט ער צו מיר: „פון וואַנעט איז אַ איד?" — זאָג איך: „פון דער גאַרער וועלט". — „מה שמכם?" — זאָג איך: „מנחם־מענדעל". — „קומט דאָך אייך שלום!" — און ער שטעקט מיר אָפּ אַ שלום־עליכם, און נאָך איהם דער גאַנצער מנין. אַלע געבען מיר אָפּ שלום, און עס ווערד ארום מיר אַ רעדעל, און מע הויבט־אָן אויסטאַפּען ביי מיר, ווער איך בין און פון וואַנען איך בין און וואָס איז מיין טהועכץ? זאָג איך זיי: „איך בין איין אַגענט". — פרעגען זיי: „פון וואָס איין אַגענט? פון מאַשינעס?" — זאָג איך: „דוקא ניט. איך בין איין אַגענט אַ אינקוויזיטאָר פון „אַקווימעבל". — זאָגען זיי: „וואָס איז דאָס פאַר אַ שלאַק?" — זאָג איך: „איך בעוואָהרען מענשען נאָכ'ן טוידט". און איך געב זיי צו פערשטעהן דעם שכל, ווי אַזוי מע שטראָפירט מענשען פונ'ם טוידט. שטעהען זיי ארום מיר מיט אָפענע מיילער, גלייך ווי מע וואָלט זיי דערצעהלט — אויפ'ן הימעל אַ יריד. נאָר צוויי חברה־לייט האָב איך בעמערקט צווישען זיי, איינער אַ הויכער, אַ דאַרער, איין אויסגעבויגענער, מיט אַ נאָז אויך איין אויסגעבויגענער און אַ גלאַנצענדיגער; אַ טבע האָט ער, אַז ער רעדט, צופּט ער די האָר פונ'ם בערדעל איינ־ציגווייז. דער אַנדערער — אַ נידעריגער אַ ברייטער, אַ שוואַרצער, ווי אַ ציגיינער, מיט איין אויג אַ שעלמיש, וואָס קוקט ביי איהם קיין פּצון זייט. ער מעג רעדען ווי ערנסט, ווייזט זיך אויס, אַז ער שמייכעלט. די דאָזיגע צוויי חברה־לייט האָבען, אַפּנים, יאָ פערשטאַנען, וואָס הייסט שטראָפירען מענשען פונ'ם טוידט, מחמת זיי האָבען זיך עפּיס מאָדנע איבערגעקוקט מיט די אויגען און האָבען אַ זאָג געטהאָן איינס צום אַנדערען אונטער דער נאָז: „סע וועט געהן אַ גאַנג"... איך האָב באַלד פערשטאַנען אָן די צוויי פּאַר־

שוינען, אז זיי זענען ניט גלייך צו אנדערע; זיי פערשטעהען איין עסק, און מיט זיי קאָן מען שוין עפּיס מאַכען. און כך הוה. איך בין נאָר ארויס פון בית־מדרש, געהען זיי מיר נאָך, די צוויי חברה־לייט, פון הינטען, און מאַכען צו מיר: „וואָס לויפט איהר אזוי, רב מנחם־מענדעל? שטעהט א ווײלע, מיר ווילען אייך עפּיס פרעגען. אָט דאָ ביי אונז, אין דער בלאָטע, ווילט איהר מאַכען געשעפטען?“... — זאָג איך: „פאַר וואָס ניט?“ — מאַכט צו מיר דער לאַנגער, דער וואָס מיט דער אויסגעבויגענער נאָז: „צווישען אחינו בני־ישראל?“... און דער וואָס מיט'ן אויגעל העלפט איהם אונטער: „מיט אידען איז גוט קוגעל עסען“. — זאָג איך: „וואָס זשע איז דערצו די עצה?“ — זאָגט דער לאַנגער: „האַנדלען זאָל מען מיט א פּריץ“. — „לעבען זאָלען די גויים“... — העלפט איהם אונטער דער וואָס מיט'ן אויגעל. און אָט אזוי געהען מיר און רעדען, און אז מע רעדט, דעררעדט מען זיך. עס לאָזט זיך אויס א מעשה, אז אָט די צוויי חברה־לייט האָבען זייער אייגענם א פּריץ א מאָל־דאַוואַן, א רייכען בעל־הגוף, וואָס זיי פערדיענען ביי איהם אָפט א קערבעל. מיינען זיי, אז איהם וואָלט מען געקאָנט זעהר שען פערשטראַפּירען... זאָג איך: „אָך, פאַר וואָס ניט? מיט'ן גרעסטען כבוד! אדרבה, זאָג איך, נעמט זיך צום עסק, און לאָמיר עס מאַכען יחדיו. איך בין, זאָג איך, נישט קיין אָץ להעשיר“... און עס איז געבליבען, אז מאָרגען, אם־ירצה־השם, אין בית־מדרש צום ערשטען מנין דאַרפען זיי מיר ברענגען תשובה פון זייער פּריץ דעם מאָל־דאַוואַן. נאָר וואָס דען? איין זאַך האָבען זיי מיך געבעטען — ס'זאָל זיין בסוד־סודות, דאָס הייסט, איך זאָל זיך ניט אויסרעדען אויף דער אכסניא, אז איך האָב מיך מיט זיי געזעהן און אז מיר האָבען אָפּגעשמועסט אינאיינעם מכח א געשעפט.

הבוקר אור — ס'איז נאָר טאָג געוואָרען, האָב איך מיך גע־פערערט אין בית־מדרש אריין דאַוונען מיט'ן ערשטען מנין. אָפּ־געדאַווענט — נישטאָ מיינע חברה־לייט. איבערגעוואַרט דעם אנ־דערען מנין — נישטאָ מיינע פאַרשוינען. פאַר וואָס האָב איך זיי,

שוטה, נישט געפרעגט, ווי אזוי רופט מען זיי ביי׳ם נאָמען און וואו זיצען זיי? צוגעהן צום שמש און א פרעג טהון ביי איהם — האָב איך מורא: איך האָב דאָך געגעבען זיי דאָס וואָרט, ס׳זאָל זיין בסוד! ערשט העט נאָך אלע היום׳ס האָבען זיי זיך בעוויזען מיט די טלית־ותפילין. אז איך האָב זיי דערזעהן, האָט מיר א טיאָך געטהאָן דאָס הארץ פאַר שמחה. נאָר צוגעהן צו זיי און פרעגען, וואָס הערט זיך — האָב איך מיך איינגעהאלטען, ס׳איז נישט מעשה מענש. אָפּגעדראָוועט פאַר זיך אויף איין פוס, חאַפּען זיי די טלית־ותפילין און לאָזען זיך געהן געשווינד. איך נאָך זיי. — „נו?“ — מאַך איך צו זיי. מאַכען זיי צו מיר: „יהודי בלאַ, דבר׳ט נישט אויף דער גאַס, איהר קענט נישט אונזער שטאָדט, ברענען זאָל זי אייך! איהר געהט אונז בעסער נאָך פון הינטען און קומט צו אונז אהיים. דאָרט מאַכען מיר דאָס געשעפט, און טאַקי אין איינוועגס עפּים צובייסען“... אזוי מאַכט צו מיר דער וואָס מיט דער אויסגעבויגענער נאָז און טהוט א וואונק צו דעם וואָס מיט׳ן אויגעל, און יענער וואָס מיט׳ן אויגעל ווערד נעלם. און מיר אין צווייען לאָזען זיך געהן איבער ענגע פינסטערע חושכ׳דיגע געסלעך, ער אויף צופריהער און איך נאָך איהם, אזוי לאַנג, אזוי ברייט, ביז גאָט האָט געהאָלפען, מיר זענען בשלום געקומען.

אריינגעקומען אין א קליין פינסטער פעררויכערט שטיבעל מיט א סך פליעגען אויף די ווענד און אויף דער סטעלי, מיט א גע־מאָהלטען מזרח, א רויטען טישטוך אויפ׳ן טיש און מיט א לאָמפּ, פערהאָנגען מיט פּאַפּיערענע אָפּגעבליאַקעוועטע קווייטען, האָבען מיר געטראָפען ביי׳ם אויווען א קליין, אויסגעשמירט ווייבעלע מיט א בלייך־איבערגעשראָקען פּנים. דאָס קליינע ווייבעלע האָט א קוק געטהאָן מיט׳ן איבערגעשראָקען פּנים אויפ׳ן מאַן, און דער מאַן האָט א זאָג געטהאָן צו איהר פאַרבייגעהענדיג: „עסען!“ — און ס׳איז בעשאַפען געוואָרען אין איין כהרף־עין א טישטוך מיט א בולקע, מיט בראָנפען און מיט פערבייסען. עס האָט נישט לאַנג געדויערט, און יענער וואָס מיט׳ן אויגעל איז אריינגעקומען, און

נאָך איהם האָט זיך אריינגעקאַטשעט אַ נפש פון אַ פּוד צוועלף מיט אַ גרויסער בלויער נאָז, מיט פעטע האָריגע הענד און מיט צוויי מאָדנע פיס, וואָס אָנהויבען הויבען זיי זיך אָן דוקא גראָב, נאָר וואָס ווייטער געהען זיי דינער און דינער. עס דאַרף זיי זיין שווערליך צו טראָגען אויף זיך אַזאַ גרויסען, אַזאַ שווערען גוף.

אָט דער דאָזיגער נפש איז געווען דער פּריץ דער מאָלדאַוואַן. דערזעהן דאָס פלעשעל בראָנפען אויפ'ן טיש, האָט ער אַרויסגע־לאָזט פון זיין פעטען בויך אַ פעטע שטימע אויף גוייש: „אָצע דאָברע דילאָ!“... געגומען צו ביסלעך בראָנפען (דער פּריץ דער מאָלדאַוואַן האָט גענומען צוויי ביסלעך), האָבען די צוויי חברה־לייט פערבונדען מיט איהם אַ שמועס מכח ווייץ און מכח קאָרן, און בשעת מעשה טהוט מיר יענער וואָס מיט'ן אויגעל אַ זאָג אויפ'ן אויהער: „דער אָדון איז אָנגעשטאָפּט!... האָט אפשר טויזענד טשעטווערט ברויט, אַ חוץ האָבער... קוקט ניט אויף איהם, וואָס ער געהט אַזוי אָרעם געקליידט; ער איז נאָר אַ קאַרגער“... און יענער, דער לאַנגער, גיט איהם אַלץ עצות, ער זאָל נישט פערקויפען דאָס ברויט, וואָרום עס וועט זיין טייער ווייץ; ער זאָל בעסער אָפּלעגען דאָס גאַנצע ברויט אויפ'ן ווינטער. „אָצע דאָברע די־לאָ!“ — זאָגט איהם אַלע מאָל דער פּריץ דער מאָלדאַוואַן, האַקט־אַריין איין כוסה נאָך דער אַנדערער און פערבייסט מיט אַפּעטיט, ווי נאָך אַ תענית, און בלאָזט מיטביידע ליפּען און מיט דער נאָז. נאָכ'ן עסען רופט זיך אָן צו מיר דער לאַנגער: „אַצינד קאָנט איהר דבר'ען מיט'ן אָדון מכח אייער עסק“... האָב איך מיך אַוועקגע־זעצט מיט'ן אָדון בעזונדער אין אַ ווינקעלע און האָב איהם אַני־דערגעלעגט אַ דרשה, איך ווייס ניט, פון וואַנען עס האָט זיך צו מיר גענומען! איך האָב איהם געגעבען צו פערשטעהן, ווי נויטיג דאָס איז פאַר איטליכען מענשען דאָס שטראָפירען זיך, ער מעג זיין רייך, ווי קורח; אדרבה, וואָס דער מענש איז רייכער, זאָג איך, איז אַלץ נויטיגער, ער זאָל זיך פערשטראָפירען, וואָרום אַ רייכער מענש, זאָג איך, אַז ער ווערט־אָן דאָס געלד אויף די על־

מערע יאָהרען, איז איהם טויזענד מאָל ערגער ווי דעם קבצן; אַ קבצן, זאָג איך, איז שוין געוואָהנט געוואָרען מיט'ן דלות, און אַ נגיד, זאָג איך, אַז ער בלייבט חלילה אָהן געלד, איז ערגער ווי געשטאָרבען. „יאַק נאַפּיסאַנאָ או נאַס — זאָג איך צו איהם — עני חשוב כמת, זנאַטשיטסאַ, ביעדני חוזשע יאַק מערטווי. אַ פּאָטאָמו, זאָג איך, וואַשע בלאַהאָראָדיע, זאָג איך, זאַשטראַפּיראָי־טי סובי, זאָג איך, אָט סמערטי טשרעז סטאָ דוואַדצאַט ליעט, זאָג איך, נאַ דעסיאַט טיסיאַטשי"... „אָצע דאָברע דילאָ!" — מאַכט צו מיר דער אָדון און בלאָזט מיטביידע ליפּען, ווי אַ בלאָז־זאַק. איך פּיהל, אַז דער כח פון רעדען האָט זיך אין מיר צעבראָכען מיט סכנת־נפשות, וויל איך רעדען ווייטער, רופט זיך אָן צו מיר דער לאַנגער: „גענוג אייך צו דבר'ען; נעמט אַרויס דעם נייער און כתב'עט־אָן וואָס מע בעדאַרף"... און יענער וואָס מיט'ן אויגעל טראָגט מיר אונטער אַ טינט און פּעדער, און איך טהו־אָפּ אַלסדינג, וואָס מע בעדאַרף, און אַז עס קומט צו חתמ'ענען, שוויצט דער פּריץ דער מאָלדאַוואַן נעבאַך שטאַרק ביז ער „לעגט דעם טאַטען". נאָכדעם געה איך מיט איהם צום דאָקטאָר, ער זאָל איהם בעטראַכ־טען, איך נעם איין אַדערויף, גיב אַרויס אַ קוויטאַנציע — און דאָס געשעפט איז געמאַכט.

געקומען פאַר־נאַכט אויף דער אַכסניא פריילין און געהייסען זיך קאָכען וועטשערע, רופט זיך אָן צו מיר דער בעל־הבית פון דער אַכסניא: „וואָס הערט זיך עפּיס ביי אייך?" — „וואָס זאָל זיך הערען?" — זאָג איך. — „מעג מען אייך, זאָגט ער, אָפּגעבען מזל־טוב?" — „וואָס פאַר אַ מזל־טוב?" — פרעג איך איהם. — „דאָס געשעפטעל, זאָגט ער, וואָס איהר האָט אָפּגעאַרבייט"... — „וואָסער געשעפטעל?" — זאָג איך און מאַך מיך תמ'עוואַטע. — „מיט'ן פּריץ", — מאַכט ער צו מיר. — „מיט וואָסער פּריץ?" — „מיט'ן גראָבען פּריץ". — „פון וואַנען ווייסט איהר, זאָג איך, אַז איך האָב געמאַכט אַ געשעפטעל מיט אַ פּריץ?"... „ס'איז אַזוי, זאָגט ער, אַ פּריץ, ווי איך בין אַ רביצין"... — „וואָס זשע דען איז ער?" —

„ער איז אַ פּיפּערנאָטער“, — מאַכט צו מיר דער בעל־הבית און צעלאַכט זיך מיר גלייך אין פּנים אַריין. זעץ איך מיך צו צום בעל־הבית און הויב איהם אָן בעטען, חלש'ען, ער זאָל מיר זאָגען, וואָס בעדייט דאָס „פּיפּערנאָטער“ און פון וואַנען ווייסט ער, וואו איך בין געוועזען און וואָס איך האָב געטהאָן? הקיצור, ער האָט, אַפּנים, אַרויסגעזעהן פון מיינע רעד, אַז איך בין דאָ גאָט די נשמה שולדיג, האָט ער אויף מיר רחמנות געהאַט און האָט זיך פערשפּאַרט מיט מיר בעזונדער אין אַ חדר און האָט מיר גענומען דערצעהלען אויף מיינע צוויי שותפים אַזעלכע זאַכען, אַז די האָר האָבען זיך מיר געשטעלט קאַפּויר. לאָזט זיך אויס אַ מעשה, אַז די צוויי חברה־לייט זענען בסך־הכל פּראָסטע שווינדלערס, מזיקים, זאָגט ער, וואָס די וועלט האָט דאָס נישט. „זיי האָבען שוין, זאָגט ער, אָפּגעטהאָן אויף זייער לעבען אַזעלכע קרימינאַל־זאַכען, וואָס ווען מע חאַפּט זיי, זאָגט ער, געהען זיי אַוועק ווייט... זייער טרפה'נער גליק, זאָגט ער, איז, וואָס תמיד שטעלען זיי אַרויס אַ דריטען, און אַליין, זאָגט ער, בלייבען זיי שטענדיג פון דרויסען... דער דאָזיגער פּריץ, זאָגט ער, וואָס מע האָט אייך איהם אַרויסגעשטעלט פאַר זעהר אַ רייכען מאָלדאַוואַן, איז בסך־הכל אַ פּראָסטער לאַפּאַצאַן, זאָגט ער, אַ שכור הגדול הגבור והנורא, און דער, זאָגט ער, וואָס איהר האָט איהם פערשטראַפירט, — איז אָדער ער האַלט ביי אָפּזאָגען די עטליכע גילדען, זאָגט ער, אָדער ער איז שוין אַ שוכן־עפר... איהר פערשטעהט, זאָגט ער, מיט וואָס דאָס שמעקט?“...

דערהערט אַזעלכע דבורים, איז מיר פרחה נשמתי געוואָרען. עס געהט מיר מעהר נישט אָפּ צו מיינע זיידענע קליידער, אַז איך זאָל מיך נאָך אַריינחאַפּען אויף אַ מינוט אין אַ טורמע אַריין! האָב איך נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און געלאָזט זיך גלייך צו דער באַהן, לויפען וואוהין די אויגען טראָגען, גאָר נישט געוואָלט אפילו זעהן זיך שוין מעהר מיט מיינע צוויי חברה־לייט. לאָזען זיי געהן כפּ־הקלע מיט זייער מאָלדאַוואַן און מיט דער שטאָדט און מיט גאַנץ בעסאַראַביע און מיט'ן גאַנצען עסק פון

שטראַפירען מענשען פונ'ם טוידט, וואָס מע קאָן דורך דעם אומ־
גליקליך ווערען... לאָז גאָט געבען בעסערע פּרנסות. הלואי איך
זאָל שוין קומען אויפ'ן אָרט בשלום. און מחמת איך האָלט ביי
פאָהרען אַ ווייטען וועג, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם,
פון האַמבורג וועל איך דיר אַרויסשרייבען אַלסדינג באריכות. לעת־
עתה לאָז גאָט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. גריס די קינ־
דערלעך זאָלען לעבען. גאָט זאָל העלפען, זיי זאָלען זיין געזונד
און שטאַרק, און מע זאָל זיך זעהן מיט פריילעכע הערצער. גריס
שווער און שוויגער און איטליכען בעזונדער גאָר פריינדליך.

ממני בעלך מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל.

ע י ק ר ש כ ח ת י. איך האָב דיר גאָר פערגעסען שרייבען,
וואוהין איך פאָהר. זוגתי היקרה, איך פאָהר קיין אַמעריקע. נישט
אַליין — אַ גאַנצע קאָמפּאַניע פאָהרען מיר. דאָס הייסט, פאָהרען
פאָהרען מיר, אייגענטליך, קיין האַמבורג, און פון דאָרטען שוין
קיין אַמעריקע. וואָס עפּיס קיין אַמעריקע? ווייל אין אַמעריקע,
זאָגט מען, ווערען אידען גליקליך. גאָלד, זאָגט מען, וואַלגערט זיך
דאָרט אין די גאַסען. געלד רעכענט זיך דאָרטען אויף טאָלערס,
און מענשען זענען דאָרטען בחשיבות גדול — אַ רענדעל אַ מענש!
און ווער שמועסט, אידען — די זענען גאָר דאָס אויבערשטע פון
חריין! אַלע זענען מיר מבטיח, אַז אין אַמעריקע וועל איך, אם־
ירצה־השם, מאַכען גוט, טאַקי וואָס גוט הייסט. די גאַנצע וועלט
פאָהרט איצט קיין אַמעריקע, מחמת דאָ איז נישטאָ וואָס צו טהון.
לחלוטין נישט. סע האָבען זיך אויסגעלאָזט אַלע געשעפטען. הייגט
וויבאַלד אַז די וועלט פאָהרט, פאַר וואָס זאָל איך אויך ניט פאָה־
רען? וואָס האָב איך איינצושטעלען?... רק זאָלסט גאָר קיין
יסורים ניט האָבען, זוגתי היקרה, און נישט איבערטראַכטען אויף
מיר חלילה קיין שלעכטס. גלויב מיר בנאמנות, אַז איך וועל דיך,
חס ושלום, נישט פערגעסען, נישט דיך, נישט אונזערע קינדערלעך,
זאָלען געזונד זיין. איך וועל אַרבייטען טאָג ווי נאַכט, קיין זאַך

וועט מיר ניט זיין שווער, און אז דער אויבערשטער וועט מיר העל־פען, איך וועל, אם־ירצה־השם, בעגליקען, און בעגליקען וועל איך געוויס, דאס איז ביי מיר זיכער, ווי ס'איז טאג אויף דער גאנצער וועלט, וועל איך דיר צושיקען שיפסקארטען, פאר דיר און פאר די קינדער, און וועל דיך ארויסנעמען אהין, און וועסט ביי מיר לעבען בכבוד, ווי די גרעסטע שררה'טע, פונ'ם שענסטען און פונ'ם בעס־טען, קיין שפרענקעלע וועל איך אויף דיר נישט לאזען פאלען. און עס איז שוין טאקי צייט, כלעבען, אז דו זאלסט אויך וויסען פון א וועלט צו זאגען! רק נישט געזארגט און נישט גענומען זיך צום הארצען — מיר האבען א שטארקען גאט!...

הנ"ל.

סוף פונ'ם זעכסטען בוך.